# אינהאלט

# דער פער'כשופ'טער שניידער

(ארויסגענומען פון איין אלטען פנקס און בעפוצט).

געשריבען אין יאהר 1900.

# דער פער'כשופ'טער שניידער

---

## קאפיטעל א.

איש היה בזלאָדיובקי — א מענש איז געווען אין זלאָדייעווקע, א שטעדטעל, וואָס ליגט אין דער סביבה פון מאזעפעווקע, נישט ווייט פון האפּלאפּאָוויטש און קאָזאָדאָיעווקע, צווישען יאמפּעלי און צווישען סטרישטש, פּונקט אויף דעם וועג, וואָס מע פאָהרט פון פּישי־יאבערע דורך פּעטשי־חוואָסט קיין טעטרעוועץ און פון דאָרטען קיין יעהופּעץ; ושמו שמעון אליהו — און זיין נאָמען איז געווען שמעון־אלי, און גערופען האָט מען איהם „שמעון־אלי שמע־קולנו", מחמת ביי'ם דאווענען אין שוהל האָט ער געהאט א טבע שרייען, ארבייטען, זינגען און ציקלען זיך אויף קולי־קולות. והיה האיש חייט — און געווען איז דער מענש א שניידער, נישט חלילה פון די געהויבענע שניידערס, וואָס נייהען נאָכ'ן „טאבעלטיר", וואָס מע רופט דאָס „זשורנאל", נאָר א שניידער א לאטניק, א גרויסער מומחה, הייסט דאָס, אויף לעגען א לאטע, פערצירעווען א לאָך, מע זאָל נישט דערקענען, אָדער איבערניצעווען וואָס פאָר א מלבוש איהר ווילט אויף דער לינקער זייט, ממש מאכען פון אלט ניי. נעמען, למשל, איין אלטען חאלאט און איבערמאכען איהם אויף א קאפּאָטע, פון א קאפּאָטע — א פּאָר תחתונים, פון די תחתונים אויסשטיקעווען א לייבעל, און פונ'ם לייבעל נאָכדעם עפּיס אנדערש — מיינט נישט, אז דאָס איז אזא גרינגע ארבייט! און אויף דעם איז „שמעון־אלי שמע־קולנו" געווען איין בריה אין דער וועלט, און

מחמת זלאַדייעווקע איז זעהר אַיין אָרעם שטעדטעל, וואָס דאָרטען מאַכען נייע מלבושים איז עפּיס נישט אַזאַ געוויינטליכע זאַך, האָט מען דעריבער געהאַלטען פון שמעון־אלי׳ן אין זלאַדייעווקע איין עולם ומלואו. איין חסרון נאָר, וואָס ער האָט נישט געקאָנט אויסקומען מיט די נגידים, ליעב געהאַט אריינקוקען אין קהל׳שע זאַכען, זיך אָננעמען אָן דער קריוודע פון די אָרעמע לייט, רעדען גאַנץ אָפּענטליך אויף די בעלי־טובות, וואָס זענען זיך עוסק אין צרכי־צבור, און דעם בעל־טאַקסע מאַכען מיט דער בלאָטע בפרהסיה, זאָגען אויף איהם, אַז ער איז אַ געלדצאַפּער, אַ בלוטזויגער, אַ מענשענפרעסער, און אויף די שוחטים מיט די רבנים, וואָס האָבען געשלאָגען בלאָט מיט׳ן בעל־טאַקסע — אַז ס׳איז איין כנופיא, אַ כתה פון גנבים, רמאים, קוילערס, רוצחים, גזלנים, אַ רוח אין זייער טאַטענ׳ס טאַטען אריינגעפלויגען געוואָרען ביז דעם זיידען תרח, מיט׳ן פעטער ישמעאל אונטערגעשלאָגען!...

צווישען בעלי־מלאכות, חברה „פּועל־צדק“, האָט זיך „שמעון־אלי שמע־קולנו“ געררעכענט פאַר אַ „יודע־נגן“; אויף זייער שפּראַך האָט דאָס געהייסען: אַ מענש, וואָס פערשטעהט אין די קליינע אותיות׳לעך, מחמת שמעון־אלי פלעגט שיטען מיט פּסוקים, מיט גאַנצע שטיקער גמרא און מיט מדרשים, וואָס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען: „עמך“... „קטנתי“... „אָגיל ואשמח“... „היום הרת עולם“... „ויתרוצצו ויתפוצצו“... „וואָט טיבע יוצר המאורות“... „ככתוב, ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען“... וכדומה אַזעלכע לשון־קודש׳דיגע ווערטער, וואָס זענען ביי איהם תמיד געווען גרייט. און דערצו האָט ער נאָך געהאַט נישקשה פון אַ קול׳כעל, אפילו אביסעל צו אַ הילכיגס און אַ גאַרגעלדיגס. נאָר ער איז געווען קלאָר אין אַלע נוסחאות מיט אַלע ניגונים מיט אַלע תפילות אויף אויסוועניג, און האָט ליעב געהאַט דעם עמוד מיט סכנת־נפשות, און איז געווען גבאי אין שניידערשען שוהלכען, געהאַפּט פעטש ווי האָלץ, צום מיינסטען שמחת־תורה צו „אתה־הראית“, ווי געוויינטליך.

„שמעון־אלי שמע־קולנו", האָט ער איז געווען כל ימיו אַ ביטערער אָרעמאַן, מע קאָן זאָגן — כמעט אַיין אביון, נאָר אָראָפּ־פּאַלען בײַ זיך דערמיט האָט ער פֿיינט געהאַט. „אדרבה, — האָט ער געזאָגט — וואָס מעהר קבצן מעהר לעבעדיג, וואָס מעהר הונגעריג מעהר געזונגען, ווי די גמרא זאָגט: יאה עניותא לישראל כטשערוויטשקע קראסני לדיווקע חיורא"...

הקיצור הדבר: שמעון־אלי איז געווען דאָס, וואָס מע רופט אָן אַיין „אָרעמס און אַ פּריילִיכם". געווען איז ער אַ נידעריגער, אַ פּערזעהעניש, אַרומגעשטעקט מיט נאָדלען און מיט שטיקלעך וואַטע אין די געקרײַזעלטע שוואַרצע האָר; געהאַט האָט ער אַ קליין צאַפּען בערדעל, אַביסעל אַ צוגעפּלעטשטע נאָז, די אונטער־שטע ליפּ אַביסעל צעשפּאָלטען, און אויגען גרויסע, שוואַרצע און שטענדיג שמייכלענדיגע, און געגאַנגען איז ער תמיד מיט אַ טענ־צעל און מיט אַ ליעדעל אונטער דער נאָז: „היום הרת עולם — נאָר נישט געזאָרגט!"...

ויהי לו בנים ובנות — און ער איז געווען אַ מטופּל מיט קינדער פֿון אַלערלײַ וואוקס, צום מיינסטען טעכטער, צווישען זיי עטליכע דערוואַכסענע; ושם אשתו — און זיין ווייב האָט געהייסען ציפּה־ביילה־רייזה, און זי איז געווען זיין „כנגדו", דאָס הייסט, פּונקט דער היפּך פֿון איהם: אַ הויכע, אַ רויטע, אַ געזונדע, אַ אידינע אַ קאָזאַק. פֿון דעם ערשטען טאָג אָן, וואָס נאָך דער חופּה, האָט זי איהם גענומען אין די הענד אַריין און נישט אַרויסגעלאָזט איהם, און איז געגאַנגען אין ספּאָדעק, דאָס הייסט: זי איז געווען דער מאַן, נישט ער! ער האָט פֿאַר איהר געהאַט גרויס דרך־ארץ. זי פּלעגט אויף איהם עפּענען אַ מויל, פּלעגט ער פֿערציטערט ווערען; און אַמאָל, אונטער פֿיער אויגען, אַז ס'איז אויסגעקומען, פּלעגט זי איהם אָפּשטעקען אַ פּאַטש אויך... דעם פּאַטש פּלעגט שמעון־אלי בעהאַלטען אין קעשענע און זאָגען בשעת מעשה אַ ווערטעל מיט אַ פּסוק.

— היום הרת עולם — נאָר נישט געזאָרגט! אין דער הייליגער תורה שטעהט געשריבען: „והוא — און ער, דער מאַן הייסט דאָס, ימשול — זאָל טהון טהאָן געוועלטיגען, בך — אין דיר“, איז פאַרפאַלען! עס מעגען קומען כל מלכי מזרח ומערב, וועט זיך זיי נישט העלפען!...

ויהי היום — טרעפט זיך אַ מעשה. ציפּה־בײלה־רייזה קומט צו געהן איינמאָל זומער מיט׳ן קאָשעק פונ׳ם מארק, טהוט אַ שמיץ דאָס בינטעל קנאָבעל מיט׳ן ביסעל פּעטרישקע מיט די קאַרטאָפלים, וואָס זי האָט איינגעקויפט, און רופט זיך אָן מיט כעס:

— לאָז דאָס געהן אין דער ערד אריין! שוין נמאס ומאוס געוואָרען אַלע טאָג, אַלע טאָג זיך ברעכען דעם מוח, צו־טראַכטען, וואָס קאָכט מען וואַרעמעס. מע באַדאַרף האָבען אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער! וויעדער אַ מאָל טייגלעך מיט פאַסאָלים און אָבער אַ מאָל טייגלעך מיט פאַסאָלים, גאָט זאָל נישט שטראָפען פאַר די רעד! אָט, למשל, נחמה־ברכה, אַזאַ קבצנ׳טע, אַזאַ עני׳טע, אביונ׳טע, אַזאַ דלפונ׳טע, באַדאַרף זי האָבען אַ ציעג! פאַר וואָס? וואָרום זי האָט אַ מאַן לייזער־שלמה, טאַקי אַ שניידער, נאָר פאָרט אַ מענטש! אַ קלייניגקייט אַ ציעג? פאַרהאַן אַ ציעג אין שטוב, איז פאַרהאַן אַ גלעזעל מילך פאַר די קינדער; מע קאָן אָפּקאָכען אַ מאָל אַ קאַשע מיט מילך, אָפּשטופען אַ וואַרעמעס, יוצא זיין מיט אַ וועטשערע, אַ מאָל אַ קריגעל פּיד־סמעטענע, אַ שטיקעל קעז און פּוטער — אַ חיות!

— ביזט נעבאַך אודאי זעהר גערעכט! — מאַכט שמעון־אלי געלאַסען. — פאַרהאַן אַ מדרש: כל ישראל יש להם חלק — איטליכער איד באַדאַרף האָבען אַ ציעג. ככתוב, ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען...

— וואָס טויג מיר דיין פּסוק? — צעשרייט זיך ציפּה־בײלה־רייזה. — איך זאָג אַ ציעג, זאָגט ער נאָר אַ פּסוק! מיר דאַכט, אַז איך וועל דיר געבען אַ פּסוק, וועט דיר ווערען פּסוק׳דיג אין

די אויגען! מיט פסוקים נאָך האָדעוועט ער מיך, דער שענער ברויטגעבער מיינער, דער שלים־מזל! הערסט דו? איך וועל דיר די גאַנצע תורה דיינע אוועקגעבען פאַר איין באָרשטש א מיל־כיגען!...

וכדומה נאָך אַזעלכע מינים „אַנצוהערענישען" האָט איהם געגעבען ציפה־ביילה־רייזה עטליכע מאָל אין טאָג, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז שמעון־אלי האָט איהר צוגעזאָגט און געגעבען האַנד תקיעת־כף, אַז זי מעג שלאָפען רוהיג, עס וועט שוין זיין, מיט גאָט׳ס הילף, א ציעג. דער עיקר — בטחון. „היום הרת עולם — נאָר נישט געזאָרגט!...

פון דעמאָלט אָן האָט שמעון־אלי אָנגעהויבען קלויבען א גראָשען און א גראָשען. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון א סך נויטיגע זאַכען, פער׳משכונ׳ט די שבת׳דיגע קאַפּאָטע אויף אויסצאָהלען וואָכגעלד און צונויפגעשלאָגען זיך עטליכע קערבלעך, און ס׳איז געבליבען, אַז ער נעמט די ממתקים און געהט זיך דורך קיין קאָזאָ־דאָיעווקע קויפען א ציעג. וואָס עפּיס קיין קאָזאָדאָיעווקע? איז דערינען געווען צוויי טעמים: ראשית, איז קאָזאָדאָיעווקע איין ערטעל פון ציעגען, וואָס דער נאָמען אַליין בעווייזט שוין דערויף: קאָזאָדאָיעווקע איבערגעזעצט אויף אידיש קומט אויס „ציעגמעל־קענדיגע". והשנית, האָט ציפה־ביילה־רייזה געהערט דערצעהלען פון איהרער א שכנה, וואָס זי רעדט נישט מיט איהר שוין פון עטליכע יאָהר, אַז יענע האָט געהערט פון איהר שוועסטער, וואָס איז נישט לאַנג געווען ביי איהר צו גאַסט פון קאָזאָדאָיעווקע, אַז דאָרט איז פאַרהאַן א איד א מלמד, רופט מען איהם „חיים־חנה דער קלוגער" בלשון סגי־נהור, דערפאַר, וואָס ער איז א גרויסער שוטה; האָט דער חיים־חנה דער קלוגער א ווייב, רופט מען זי „טעמע־גיטעל די שטילשווייגענדיגע", דערפאַר וואָס זי האָט אין זיך נייען מאָס רעד; האָט די טעמע־גיטעל די שטיל־שווייגענדיגע צוויי ציעגען, און ביידע מעלקען זיך. פרעגט זיך א קשיה: פאַר וואָס קומט איהר צוויי ציעגען, און נאָך מעלקענ־

דיגע דערצו? א גרויסער אומגליק וואָלט געווען, כלעבען, זי זאָל נישט האָבען איינע אפילו! פארהאַן, ברוך השם, אידען, וואָס פערמאָגען נישט קיין האַלבע ציעג אפילו — נו, אם כן? שטאַרבען זיי דען?

— ביזט זעהר גערעכט! — זאָגט שמעון־אלי צו זיין ווייב. — הערסט דו, דאָס איז שוין איין אַלטע טענה, ככתוב, ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען: אַ ס ק אַ ק ו ר ד ע, ד ב אַ ר ב אַ נ ט ע...

— שוין! ער איז שוין ווידער דאָ מיט זיין פּסוק! — שלאָגט איהם איבער זיין ווייב. — מע רעדט פון אַ ציעג, קומט ער מיט אַ פּסוק! דו געה זיך דורך בעסער אהינצו, צום קאַזאַ־דאָיעווקער מלמד, און זאָג איהם אזוי און אזוי: מיר האָבען געהערט, אז ס'איז ביי אייך פארהאַן צוויי ציעגען און ביידע מעל־קען זיך. וואָס באַדאַרפט איהר צוויי מעלקענדיגע ציעגען? אויף כפרות? ווילט איהר דאָך מסתמא איינע פון זיי פארקויפען — פארקויפט זי מיר! וואָס וועט אייך אהרען?... אזוי טאַקי זאָלסט דו מיט זיי רעדען, דו פארשטעהסט?

— איך פארשטעה, וואָס דען, איך פארשטעה נישט? — זאָגט שמעון־אלי. — פאַר מיין געלט באדאַרף איך זיך נאָך בעטען? פאַר געלט קריגט מען אַלץ אין דער וועלט — כ ס ף ו ז ה ב מ ט ה ר ח ז י ר י ם. שלעכט איז נאַר, זעהסט דו, אז ס'איז חלילה נישטאָ די מטבע, דעמאָלט איז עני חשוב כמת, מאַכט רש"י: גיטאָ פּאַפּע — געה ליולי; אָדער ווי מע זאָגט: אָהן פינגער קאָן מען קיין פייג ניט שטעלען, ככתוב, ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען: אַ ס ק אַ ק ו ר ד ע, ד ב אַ ר ב אַ נ ט ע, י ד פ אַ ר ש מ אַ כ ט ע...

— ווידער אַ מאָל אַ פּסוק, און אָבער אַ מאָל אַ פּסוק! עס פּסוק'ט מיר שוין אין קאָפּ! איינגעזונקען זאָלסט דו ווערען! — זאָגט צו איהם ציפּה־ביילה־רייזה און בעגראָבט איהם נייען איילען אין דער ערד, און טייטשט מיט איהם איין אַ מאָל הונדערט, אז ער זאָל זיך פריהער פּרובען ביי חיים־חנה דעם מלמד, טאָמער וועט דאָס געהן. אַי וואָס. טאָמער וויל יענער נישט? פאַר וואָס

זאָל ער נישט וועלען? פאַר וואָס קומט איהם צוויי ציעגען, און נאָך מעלקענדיגע דערצו? פאַרהאַן, ברוך השם, אידען אויף דער וועלט, וואָס פאַרמאָגען נישט קיין האַלבע ציעג אפילו — נו, אם כן? שטאַרבען זיי דען?...

און אַזוי ווייטער, אַלץ די אייגענע טענות.

---

## קאַפּיטעל ב.

הבוקר אור — ס׳איז נאָר טאָג געוואָרען, האָט זיך אונזער שניידער געפּעדערט, אויפגעשטאַנען און אָפּגעדאַוונט, גענומען מיט זיך דאָס שטעקעל מיט׳ן גאַרטעל און איז אַוועק אין וועג אַריין בשלום צו־פוס.

געווען איז דאָס זונטאָג, אין אַ שענעם, ליכטיגען, לויטערען, וואַרעמען זומערטאָג. שוין לאַנג געדענקט נישט שמעון־אלי אַזאַ איין אויסגעצייכענטען, אויסגעשפּיעלטען טאָג. שוין לאַנג איז שמעון־אלי נישט געווען אין פעלד, אויף דער פרייער לופט. שוין לאַנג האָבען זיינע אויגען נישט געזעהען פאַר זיך אַזאַ איין אויס־געצוואָגענעם גרינעם וואַלד, אַזאַ שענע גרינע קאָלדרע, וואו דאָס פעלד איז בעשאָטען מיט אַלערליי קאָלירענדיגע שפּריינקעלעך. שוין לאַנג האָבען זיינע אויהערען נישט געהערט אַ פּישטשען פון פויגעלעך, אַ פלאַטערען פון קליינע פערכלעך. שוין לאַנג האָט זיין נאָז נישט געשמעקט אַזאַ געשמאַקען ריח פון גרין גראָז, פון רויהער ערד. שמעון־אלי שמע־קולנו האָט פערבראַכט כל ימיו אין איין אַנדער וועלט; זיינע אויגען האָבען געזעהען פאַר זיך תמיד אַנדערע בילדער: אַ פינסטערע גרוב, ביי דער טיר איין אויוועץ, קאַטשערעס מיט לאַפּעטעס, און אַ פּאַמעניצע אַ פולע ווי איין אויג; ביי׳ם אויוועץ, ביי דער פּאַמעניצע — אַ בעט פון דריי ברעטלעך; אויפ׳ן בעט — קינדערלעך אַ סך, קיין עין־הרע, איינס קלענער פונ׳ם אַנדערען, האַלב־נאַקעטע, גאַנץ־באָרפיסע,

נישט קיין געצוואָגענע, שטענדיג הונגעריגע... זיינע אויהערען האָבען געהערט פאַר זיך שטענדיג אַנדערע קולות: „מאַמע, ברויט! מאַמע, בולקע! מאַמע, עסען!“... און איבער אַלע קולות — אַ קול פון ציפּה־ביילה־רייזה: „עסען? נישט עסען זאָלען אייך ווערעם, ליעבער גאָט, אינאַיינעם מיט'ן טאַטען אייערען דעם שלים־מזל! פאַרהאַפּט זאָלט איהר נישט ווערען, רבונו של עולם, מיט איהם אינאַיינעם!“... וכדומה אַזעלכע זיסע קולות. זיין נאָז איז געוועהנט געווען צו אַנדערע ריחות: אַ ריח פון נאַסע ווענד, וואָס ווינטער נעצען זיי און זומער שימלען זיי; אַ ריח פון זויערטייג מיט קלייען, פון ציבעלעס און פון קרויט, פון רויהע לעהם, פון געשאָבענע פישלעך און פון קישקעלעך; אַ ריח פון אַלטע בגדים, וואָס לאָזען זיך הערען אונטער'ן הייסען פּרעסעל מיט אַ געדיכטער פּאַרע און מיט אַ מאָדנעם טשאַד...

ארויסגעריסען זיך אויף אַ ווײַלע פון יענער אָרעמער וויס־טער פינסטערער וועלט אויף דער דאָזיגער נייער, פרייער, ליכ־טיגער, שמעקענדיגער שיין, האָט זיך אונזער שמעון־אלי געפיהלט ווי אַ מענש, וואָס איז אין אַ הייסען זומערטאָג אַריינגעשפּרונגען אַ נאַקעטער אין ים אַריין; דאָס וואַסער טראָגט איהם, די חוואַ־ליעס שלאָגען איהם, ער טוקט זיך, ער טוקט זיך, ער ציהט אין זיך די לופט מיט דער פולער ברוסט — ס'איז מחיה נפשות, ממש אַ גן־עדן!...

— למשל, וואָס וואָלט גאָט געאַהרט — קלערט זיך שמעון־אלי — וואָס וואָלט גאָט געאַהרט, ווען איטליכער בעל־מלאָכה, אַשטייגער, זאָל זיך קאָנען אַלע טאָג, לאָז זיין האָטש איין מאָל אין דער וואָך, ארויסגעהן אַהערצו־צו, אויפ'ן פרייען פעלד, אַ ביסעל געניסען פון גאָט'ס וועלטעל? אי אַ וועלטעל, אַ וועל־טעל!... — און שמעון־אלי הויבט־אָן אונטערזינגען און פערטיי־טשען אויף זיין שטייגער: — אַ ת ה י צ ר ת — דו האָסט, גאָט, באַשאַפען, ע ו ל מ ך — דיין וועלטעל, מ ק ד ם — אויף יענער זייט שטאָדט; ב ח ר ת ב נ ו — האָסט אונז אויסדערוועהלט,

די אידעלעך, מיר זאָלען זיצען דאָרטען אין זלאָדייעווקע אין דער ענגשאפט, קאָפּ־אויף־קאָפּ, אין אַ דערשטיקעניש; ו ת ת ן ל נ ו — און דו האָסט אונז געטהאָן געבען... אוי, צרות האָסט דו אונז געגעבען מיט וועהטיגען, מיט דלות, קדחת מיט רביעית האָסט דו אונז געגעבען, ב ר ח מ י ך ה ר ב י ם ־ ב י ם ־ ב י ם !...

אַזוי זינגט זיך שמעון־אלי שטילערהייד אונטער דער נאָז, און עס גלוסט זיך איהם אַ וואָרף טהון זיך דאָ, ווי ער שטעהט און געהט אין פעלד, אויפ'ן גרינעם גראָז, חאָטש אַ ביסעלע געניסען פון גאָט'ס וועלטעל, — דערמאַנט ער זיך, אַז ער האָט איין ארבייט, און זאָגט צו זיך אַליין: — „ע ד כ א ן א ו מ ר י ם ב ש ב ת ה ג ד ו ל — געגוג, שמעון־אלי, צו זינגען. ה ל ך ל ע ו ל מ ו — שפּאַן, ברודער, שפּאַן! אָפּרוהען וועסט דו זיך שוין, אם ירצה השם, אין דער דעמבענער קרעטשמע. דאָרט האָסט דו אַ שטיקעל שאר־בשרי, דאָדי רענדאַר. דאָרט קריגט מען צו יעדער צייט אַ ביסעל משקה, ווי אין פסוק שטעהט: ו ת ל מ ו ד ת ו ר ה כ נ ג ד כ ו ל ם — אַ ביסעל מהכתיתי איז בילכער פון אַלץ"... און שמעון־אלי שמע־קולנו שפּאַנט ווייטער.

---

## אַ פּ י ט ע ל ג.

ב א מ צ ע ה ד ר ך — פּונקט אין דער מיט וועג, צווישען די צוויי שטעדט זלאָדייעווקע און קאָזאָדאָיעווקע, שטעהט אַ פעלד־קרעטשמע, וואָס מע רופט זי „די דעמבענע". די דאָזיגע קרעטשמע האָט אין זיך אַ כח, עפּיס נאָר אַ מאַגניט, וואָס זי ציהט צו זיך אַלע בעלי־עגלות מיט אַלע פאַרשוינען, סאַי די וואָס פאָהרען פון זלאָדייעווקע קיין קאָזאָדאָיעווקע, סאַי די וואָס פאָהרען פון קאָזאָדאָיעווקע קיין זלאָדייעווקע -- מע מוז זיך אָפּשטעלען אין דער „דעמבענער" חאָטש אויף עטליכע מינוט! קיינער ווייסט ניט דעם סוד דערפון נאָך עד היום. אַ טייל זאָגען, אַז ס'איז דערפאַר,

ווייל דער בעל־הבית פון דער קרעטשמע, דאָרי דער רענדאַר, איז זעהר אַ ליעבליכער פּאַרשוין און אַ גרויסער מכניס־אורח, דאָס הייסט, פאַר געלד האָט איהר געקאָנט קריגען דאָרטען תמיד אַ רעכט גלעזעל משקה מיט די שענסטע פאַרבייסענס; און אַ טייל זאָגען, אַז ס'איז דערפאַר, ווייל דאָרי איז געווען פון יענער חברה, וואָס מע רופט זיי „טרעפערס", אָדער „נביאים", וואָס אליין האַנד־לען זיי נישט מיט קיין גנבות, נאָר זיי קעהרען זיך אָן מיט אַלע בעריהמטע גנבים אַ נאָהענטער רב שמעלקע... און מחמת קיינער ווייסט דאָס נישט פאַר קלאָר, לכן בעדאַרף מען מאַכען דערפון אַ שווייג...

דאָרי איז געווען אַ איד אַ מוכסן, אַ גראָבער, אַ האָריגער, מיט אַ גרויסען בויך און מיט אַ בולבעוואַטער נאָז, און אַ קול האָט ער געהאַט פון אַ שור־הבר. איהם איז אָפּגעגאַנגען, ווי מע זאָגט, קאָפּוועהטיג; פּרנסה האָט ער געהאַט מיט'ן פולען מויל, בהמות עטליכע, אויף דער עלטער געבליבען איין אַלמן און געווען אַ לעדיגער מענש. אַ גראָבער נפש: אַ סליחה און אַ הגדה און אַ בענטשערעל איז ביי איהם געווען אַלץ איינס. און דערפאַר פלעגט זיך מיט איהם שמעון־אלי דער שניידער שעמען: ס'איז איהם נישט אָנגעשטאַנען די מעשה, וואָס ער, שמעון־אלי, אַ יודע־נגן און גבאי אין שוהלכען, זאָל האָבען אַ מוכסן, איין עם־הארץ פאַר אַ קרוב... און דאָרי פון זיין זייט פלעגט זיך שעמען, וואָס ער האָט אַ „שניידער אַ פאַלגע" פאַר אַ קרוב... זיי האָבען זיך געשעמט איינער מיט'ן אַנדערען. פון דעסטוועגען, אַז דאָרי האָט דערזעהן שמעון־אלי'ן, האָט ער איהם אָפּגעגעבען אַ גאַנץ ברייטען ברוך־הבא, מחמת דאָרי דער רענדאַר האָט פשוט מורא געהאַט, נישט אַזוי פאַר'ן קרוב אליין, ווי פאַר'ן קרוב'ס פּיסק.

— אָ, אַ גאַסט, אַ גאַסט! וואָס מאַכט עפּיס אַ איד שמעון־אלי? וואָס מאַכט עפּיס דיין ציפּה־ביילה־רייזה? וואָס מאַכען עפּיס דיינע קינדער?

— עט, מה אנו מה חיינו — וואָס זאָלען מיר מאַכען? — האָט איהם דער שנײדער געענטפערט מיט אַ פּסוק, ווי זיין שטייגער איז. — מי ברעש ומי במגפה — אמאָל אַזוי, אמאָל אַזוי, אַבי מען איז געזונט, ככתוב, ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען: אסקאָקאָרדע, דבאַרבאַנטע, דפּאַרשמאַכטע, דקאַרנאָסע... וואָס מאַכט איהר עפּים, מיין טייערער קרוב? וואָס הערט זיך עפּים ביי אייך אין דאָרף? זכרנו את הדגה — איך געדענק נאָך אייערע וואַרעניקעס פון פאַראיאָהרען מיט׳ן ביסעל משקה, דאָס איז דאָך ביי אייך דער עיקר. אַריינקוקען אין אַ ספר האָט איהר דאָך פיינט. למה רגשו גויים — וואָס טויג אייך אַ אידיש וואָרט! ע, רב דאָדי, רב דאָדי! ווען דער טאַטע אייערער, דער פעטער גדליה־וואָלף עליו השלום, זאָל איצטער אויפשטעהן און אַ קוק טהון אויף זיין דאָדיקען, ווי ער זיצט זאָס אַ ביסעל אין דאָרף צווישען אַלע גויים, להבדיל, וואָלט ער נאָך אַ מאָל איבעראַניים געשטאָרבען. אַי, האָט איהר געהאַט אַ טאַטען, רב דאָדי! געווען אַ כשר׳ער איד, לאָז ער מיר מוחל זיין: ער פלעגט טרינקען פון אַ פינסטערער כלי... הקיצור, אין לך אדם שאין לו פעקעל — פון וואָס מע זאָל נישט רעדען — אויפ׳ן טוידט מוז מען אַרויף... גיט שוין אַהער אַ ביסעל בראָנפען, ווי דער תנא רב פימפּאָם זאָגט: קאַפּאָטע במשכנתא שוויינקייף בגרונם — פאַרזעץ די קאַפּאָטע און נעם אַ ביסעל בראָנפען"...

— שוין? דו האָסט שוין אָנגעהויבען מיט דיין לאָקשען־קוילעטש? — מאַכט דאָדי און טראָגט איהם אונטער אַ ביסעל בראָנפען. — דו זאָג בעסער, שמעון־אלי, וואוהין פאָהרט דאָס אַ איד?

— אַ איד פאָהרט נישט, — זאָגט שמעון־אלי און מאַכט אַ כוסה — אַ איד געהט צו פוס. ווי מיר זאָגען אין הלל: רגליהם ולא יהלכו — האָסט פיס, ביזט דו נישט קראַנק צו שפּאַנען"...

— אויב אזוי, — מאכט דאָדי — זאָג זשע מיר, סערדצע, וואוהין שפּאַנט אַ איד?

— אַ איד שפּאַנט — זאָגט שמעון־אלי און מאכט נאָך אַ כוסה — קיין קאַזאַדאַיעווקע שפּאַנט ער, האַנדלען ציעגען, ככתוב, ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען: עזים תעשה לך — ציעגען זאָלסט דו קויפען...

— ציעגען? — פרעגט איהם דאָדי פער'חידוש'ט. — ווי קומט אַ איד אַ שניידער האַנדלען מיט ציעגען?

— עס רעדט זיך אזוי „ציעגען"! — מאכט שמעון־אלי. — מיינען מיין איך אַ ציעג, טאַמער וועט מיר גאָט צושיקען, הייסט דאָס, אַ ציעג אַ רעכטע. נישט טייער. דאָס הייסט, איך וואָלט קיין ציעג נישט געקויפט; נאָר מיין ווייב זאָל לעבען, ציפּה־ביילה־רייזה הייסט דאָס, איהר קענט דאָך זי, אַז זי שפּאַרט זיך איין! זי האָט זיך פאַר'עקשנ'ט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: הכצעקתה — זי וויל אַ ציעג! און אַ ווייב, זאָגט איהר דאָך, באַדאַרף מען פאָלגען, דאָס איז דאָך אַ בפירוש'ער „מדרש־פּליאה", האַ? איהר געדענקט דעם „מדרש־פּליאה"?

— אין די זאַכען — זאָגט דאָדי — ווייסט דו שוין בעסער פון מיר; דו ווייסט דאָך, אַז איך בין מיט... מיט... מדרש אַ קנאַפּער מחותן!... איך פאַרשטעה נישט, מיין טייערער קרוב, נאָר איין זאַך: ווי קומסט דו זיין אַ מבין אויף ציעגען?

— וואָס טיבע יוצר המאורות! — זאָגט שמעון־אלי שוין מיט פערדראָס. — ווי קומט אַ רענדאר זיין אַ מבין אויף אַ סדיל־קיוועך סליחה? פון דעסטוועגען קומט פּסח צום סדר, קלאַפּט איהר מיט גאָט'ס הילף דעם ריינעם „ברכי־נפשי" און זאָגט „זה כפּרתי זה חליפתי", ווי עס געהער צו זיין... וואָס? אפשר נישט אזוי?...

דאָדי דער רענדאר האָט פערשטאַנען דעם שטאָך; ער האָט פערביסען אַ ליפּ און האָט זיך געטראַכט: „וואַרט, וואַרט, דו שניידערוק, דו פאַלגע! ביזט מיר עפּים היינט צו גייציג, און דו

בעוויייזט זיך מיר היינט צו פיעל אַרוים מיט דיין תורה! וועסט שוין ביי מיר האָבען אַ ציעג, וועסט זיך קראַצען!"... און שמעון־אלי האָט זיך געהייסען אָנגיסען נאָך אַ מאָל פון יענעם ביטערען טראָפּען, וואָס איז אַ רפואה צו אַלע צרות.

פון אמת קאָן מען נישט אַוועקגעהן: שמעון־אלי האָט ליעב געהאַט אַ ביסעל בראָנפען, נאָר קיין שכור איז ער נישט געווען — חס וחלילה! ווען האָט ער דען געהאַט אויף אַ טרונק בראָנפען?... איין חסרון האָט ער נאָר געהאַט, וואָס קוים האָט ער גענומען אַ ביסעל בראָנפען, אַזוי האָט ער באַלד געמוזט נעמען נאָך איין ביסעל, און פון אַזעלכע צוויי ביסלעך פלעגט ער שוין ווערען מבוסמ׳דיג־פריילִיך, די בעקלעך רויטליך, די אויגעלעך מיט אַ גלאַנץ, און די צונג — די צונג האָט זיך ביי איהם אויפגעבונדען און געקלונגען אָהן איין אויפהער.

— אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט „צעך", — מאַכט שמעון־אלי — „צעך", שער און אייזען. אונזער פאָלק עמך האָט אין זיך אַ מעלה, וואָס איטליכער האָט ליעב כבוד, און כבוד איז דאָך, זאָגט איהר, לעבער... אַ ליאַדע שוסטערעל וואָלט אַ בעלן געווען זיין גבאי־ראשון האָטש איבער אַ פאָמעניצע... זאָג איך צו זיי: ברידערלעך, קטנתי מכל החסדים — איך דאַרף עס אויף כפּרות, קלויבט אייך אויס אַ שוסטער פאַר אַ גבאי: לא מעוקצך ולא מדוקצך — איך בין אייך מוחל דעם כבוד, איך וויל נישט קיין פעטש!... זאָגען זיי: בלאָטע! אַז צעך טהוט אָפּ, איז פאַרפאַלען!... זאָג איך: עס קומט אוים ווי אין פסוק שטעהט: שמלך לך קצין תהיה לנו — פעטש זאָלסט דו חאַפּען און גבאי זאָלסט דו זיין... נאָר שאַ, איך האָב מיך אַ ביסעל פאַררעדט, און האָב גאָר פאַרגעסען, אַז איך האָב אויף זיך אַ ציעג. עוד היום גדול — דער טאָג שטעהט נישט! אַ גוטען טאָג, רב דאָדי, חזק, חזק ונתחזק — זייט מיר געזונד און שטאַרק און מאַכט וואַרעניקעס!

— פאַרגעס זשע ניט, — מאַכט צו איהם דער רענדאַר — אם ירצה השם, צוריקוועגס, אז גאָט וועט שענקען דאָס לעבען, למען השם, זיך אָפּשטעלען ביי מיר.

— אם ירצה השם, אם ירצה השם, בלי נדר ומסקנא! — זאָגט שמעון־אלי. — אודאי, ווי דען איז אַנדערש? מען איז דאָך נישט מעהר ווי א „בשר־ודאָם". ווי זאָגט איהר: „אָדם א מענטש, צפור א פויגעל, קאַטשקע רוק זיך"... איהר גרייט נאָר צו, רב דאָדי, א רעכט ביסעל משקה מיט פאַרבייסען, דאָס הייסט מאַהריטש, ווי אונז שטעהט אָן — אונזער פאָלק שער און אייזען עמך!

---

## קאַפּיטעל ד.

ויצא שמעון־אליהו מדעמבינע — און „שמעון־אלי שמע־קולנו" איז אַרויסגעגאַנגען פון דער דעמבענער קרעטשמע בגילופין, גאַנץ פריילאַך, ויבוא — און ער איז גע־קומען בשלום, געזונדערהייד, קיין קאַזאַדאָיעווקע. און אז ער איז געקומען קיין קאַזאַדאָיעווקע, האָט ער זיך אָנגעהויבען צו פרעגען, וואו זיצט דאָ ערגיץ רב חיים־חנה דער קלוגער, וואָס האָט א ווייב טעמע־גיטעל די שטילשווייגענדיגע מיט צוויי מעלקענדיגע ציגען? נאָר לאַנג נאָכפרעגען זיך האָט ער נישט בעדאַרפט, ווארום דאָס שטעדטעל קאַזאַדאָיעווקע איז נישט אזא כרך פון די כרכי הים, וואָס מע זאָל דאָרטען קאָנען, חלילה, פערבלאָנזעט ווערען. דאָס גאַנצע שטעדטעל ליגט פאַר די אויגען, ווי אויף א טעלער: אָט זענען די יאַטקעס מיט די קצבים, מיט די העקערס און מיט די יאַטקע־הינד; אָט איז דער מאַרק, וואו ווייבער דרעהען זיך אַרום אין זאָקען פון איין גוי'ע צו דער אַנדערער, טאַפּען אַלע איין האָהן:

— טשועש, טשועש! א שאָ טאָבי זא קורקע?

— יאַקא קורקא? צע פּיוועז, א נע קורקא!

— נעהיי באודע פיווען! א שא טאבי זא קורקע? *

אט נאך צוויי שפאן איז דער שולהויף, וואו אלטע ווייבער זיצען איבער מולטערלעך און פערקויפען בארלעך, סעמעטשקעס און בעבלעך, וואו מלמדים קנעלען, קינדער שרייען און ציעגען, ציעגען אהן א שיעור, שפרינגען, שלעפען שטרוי פון די דעכער, אדער זיי זיצען איוף דער ערד מיט די אויסגעגלעטע בערדלעך, ווארעמען זיך אקעגען דער זון און מעלה־גרה'ן. און אט איז שוין די באד מיט די שווארצע פעררויכערטע ווענד. אט איז דער טייך, וואס אויבען איז ער בעדעקט מיט גרינס, ווי מיט א סכך, פול מיט פיאווקעס און מיט זשאבעס, וואס קוואקען. דער טייך שיינט אקעגען דער זון, בלישטשעט ווי מיט דימענטען און שטינקט מיט סכנת־נפשות... און דארט, אויף יענער זייט טייך, איז נישטא גארנישט, א חוץ ערד און הימעל — אוים קאזאדאיעווקע!

אז דער שניידער איז אריינגעקומען צו רב חיים־חנה דעם קלוגען, האט ער איהם געטראפען ביי דער ארבייט, וואו ער איז געזעסען מיט'ן גרויסען טלית־קטן און מיט דער שפיצעכיגער יאר־מעלקע איבער דער גמרא און געלעהרענט מיט די תלמידים מיט א ניגון אויף קולי־קולות די גמרא בבא־קמא: ה ה ו א ב ר ח א — ד י ד א ז י ג ע צ י ע ג, ו ו א ס ז י ה א ט ד ע ר ז ע ה ע ן א מ י ן ע ס ע נ ו ו א ר ג פ ו ן א ו י ב ע ן א ו י פ'ן פ ע־ ס ע ל, ה א ט ז י ך ד י צ י ע ג צ ו ג ע ח א פ ט צ ו ם ע ס ע נ ו ו א ר ג"...

— צ פ ר א ט ב א ל מ א ר י ה ד ח י ט ה ד ק ו פ א ד מ ח ט א! — רופט זיך אן שמעון־אלי שמע־קולנו אויף תרגום־לשון און זעצט דאס באלד איבער אויף פראסט אידיש: א גוטער מארגען זאל זיך ארייננחאפען, רבי, צו אייך און צו אייערע

---

* — הער נאר, וואס ווילסט דו פאר דער הוהן?
— וואסער הוהן? ס'איז ניט קיין הוהן, ס'איז א האהן!
— לאז זיין א האהן! וואס ווילסט דו פאר דער הוהן?

תלמידים! איהר האלט מיט זיי, הער איך, סאמע ביי אזא עניז, וואס איך אליין טאקי האב מיך מטריח געווען אהער צו אייער זוגתי מרת טעמע-גיטעל, מכח א ציעג הייסט דאס; דהיינו, איך וואלט קיין ציעג נישט געקויפט, נאר מיין ווייב זאל לעבען, ציפה-ביילה-רייזה הייסט דאס, האט זיך איינגעשפארט, איין מאל פאר אלע מאל: הכצקעתה — זי וויל א ציעג! און א ווייב, זאגט איהר דאך, באדארף מען פאלגען, ס'איז דאך א בפירוש'ע גמרא: אסקאקורדע, דבארבאנטע, דפארשמאכטע, דקארנאסע... וואס קוקט איהר מיך אן? אל תסתכל בגלעזעל אלא בפלעשעל — קוקט נישט דערויף, וואס איך בין א איד א בעל-מלאכה; יגיע כפיך אשריך! מסתמא האט איהר געהארכט פון מיר, איך בין שמעון-אלי חייט מק"ק זלאדייעווקע, חברה-מאן אין צעך און גבאי אין שוהלכען, חאטש איך דארף עס אויף כפרות, לא מעוקצך ולא מדוקצך — איך בין אייך מוחל, זאג איך צו זיי, דעם כבוד און איך וויל נישט קיין פעטש! זאגען זיי: בלאטע! אז צעך טהוט אפ, איז פארפאלען; שמלך לך קצין תהיה לנו — פעטש זאלסט דו חאפען און גבאי זאלסט דו זיין!... איך האב מיך א ביסעל פארערדט און שיער נישט פארגעסען אייך אפגעבען שלום. שלום עליכם אייך, רבי! שלום עליכם אייך, קינדער, צאן-קדשים, שקצים ורמשים, קונדייסים, עכברושים! סע זאל זיך אייך אזוי וועלען טאנצען, ווי איהר ווילט לערנען — איא, איך האב געטראפען?...

דערהערט אזעלכע דבורים, האבען חברה תלמידים אנגעהויבען קנייפען איינס דאס אנדערע אונטער'ן טיש און שיסען מיט די נעזער. זיי זענען דוקא געווען העכסט צופריעדען מיט'ן גאסט; זיי וואלטען זיך מחיה געווען, אז גאט זאל זיי צושיקען אפט אזעלכע געסט. נאר חיים-חנה דער קלוגער איז נישט געווען צופריעדען; ער האט פיינט געהאט, מע זאל איהם איבערשלאגען אין מיטען. האט ער אריינגערופען זיין ווייב טעמע-גיטעל און האט זיך אומ-געקעהרט צוריק מיט זיינע תלמידים צו דער ציעג, וואס זי האט

זיך צוגעחאפט צום עסענוואַרג, און מע האָט געזונגען אויף אַ קול: „חיבא רבא — האָט רבא גע׳פּסק׳ענט, אַז זי דאַרף באַצאָהלען פאַר׳ן עסענוואַרג און פאַר׳ן פּעסעל דעם גאַנצען היזק“...

שמעון־אלי שמע־קולנו האָט אַרויסגעזעהען, אַז מיט׳ן מלמד האָט ער נישט וואָס צו רעדען, האָט ער זיך גענומען צו דער מלמד׳קע, און בשעת דער מלמד האָט דאָ געלעהרענט מיט זיינע תלמידים מכח דער ציעג פון דער גמרא, האָט שמעון־אלי דער שניידער געהאַלטען אַ שמועס מיט טעמע־גיטעל די מלמד׳קע מכח איהר ציעג.

— איך בין, ווי איהר זעהט מיך, אַ איד אַ בעל־מלאָכה. — האָט צו איהר געזאָגט שמעון־אלי דער שניידער. — אפשר האָט איהר געהאָרכט פון מיר — איך בין שמעון־אלי חייט מק״ק זלאָ־דייעװקע, חברה־מאַן אין צעך און גבאי אין שניידערשען שוהלכען. חאָטש איך דאַרף דאָס אויף כפּרות! לא מעוקצך ולא מדוקצך — איך בין אייך מוחל, זאָג איך, די פּעטש, איך וויל נישט קיין כבוד!... געקומען בין איך, הייסט דאָס, צו אייך טאַקי מכח איינער פון אייערע ציעגען, דאָס הייסט, איך וואָלט קיין ציעג נישט געקויפט, נאָר אזוי ווי מיין ווייב זאָל לעבען, ציפּה־ביילה־רייזה הייסט דאָס, האָט זיך איינגעשפּאַרט: הכצעקתה — איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ ציעג! און אַ ווייב, זאָגט איהר דאָך, באַדאַרף מען פאָלגען, ס׳איז אַ בפירוש׳ע גמרא...

טעמע־גיטעל, אַ קליין ווייבעלע מיט אַ נעזעל ווי אַ פּאַסאָלי, וואָס זי טהוט דאָס אַלע מאָל אַ וויש מיט צוויי פינגער, האָט איהם אויסגעהערט אַ ביסעל, און באַלד איבערגעשלאָגען אין מיטען:

— זענט איהר געקומען, הייסט דאָס, צו מיר אָפּהאַנדלען ביי מיר איינע פון מיינע ציעגען? וועל איך אייך זאָגען אזוי, מיין ליעבער איד: ערשטענס, האַלט איך נישט ביי פאַרקויפען קיין ציעג, וואָרום, לאָמיר זיך נישט נאַרען, צו וואָס זאָל איך דאָס טהון? צוליעב געלט? וואָס איז געלט? געלט איז קיילעכיג!

געלט געהט אוועק און א ציעג בלייבט א ציעג, ובפרט נאך אזא ציעג! ס'איז דען א ציעג? א מאמע, זאג איך אייך, נישט קיין ציעג! קיין עין־הרע, איהר גרינג מעלקען זיך! איהר מילך־געבען! היינט איהר עסען, וואס זי עסט! זי עסט דען עפּיס? איין מאל א טאג א „פּילע" פון קלייען, און דאס איבעריגע שטרוי פון'ם דאך פון בית־המדרש... נאר גאר נישט, אויב מע זאל מיר באצאהלען א רעכטען מקח, בין איך מיך מיישב: געלט איז, ווי זאגט איהר, א יצר־הרע, פאר געלט קאן איך קויפען איין אנדער ציעג, חאטש אזא ציעג ווי מיין ציעג איז שווער צו קריגען. ס'איז דען א ציעג? א מאמע, נישט קיין ציעג... נאר שא! וואס טויג ווערטער? אט פיהר איך אייך אריין די ציעג, וועט איהר זעהן!...

און טעמע־גיטעל לויפט־אוועק, פיהרט־אריין די ציעג און ווייזט א פול קריגעל מיט מילך, וואס זי האט ערשט היינט אנגעמאלקען.

דערזעהענדיג מילך, האט זיך דער שניידער אזש אנגעהויבען בעלעקען, און רופט זיך אן:

— זאגט זשע מיר, מיין ליעבע אידינע, מה יקר? דאס הייסט, כמה מעלות טובות — וויפיעל קאנט איהר זיך הייסען אנמעסטען פאר אייער ציעג, אשטייגער? מחמת ווי באלד נישט אין גלייכען געלט, וועל איך נישט קויפען. ווייסט איהר, פאר וואס? ווייל, ערשטענס, באדארף איך זי אויף כ־כ־כפּרות, נאר אזוי ווי מיין ווייב זאל לעבען, ציפּה־ביילה־רייזה הייסט דאס, האט זיך איינגעשפּארט איין מאל פאר אלע מאל: הכצעק...

— וואס איז שייך וויפיעל? — האקט איהם איבער טעמע־גיטעל אין מיטען דעם „הכצעקתה" און טהוט א וויש דאס נעזעל. — זאגט איהר אייער מקח, לאמיר הארכען! דאס קאן איך אייך זאגען: הערט איהר? אז וויפיעל איהר וועט באצאהלען, חאבדעלט איהר א מציאה! ווייסט איהר, פאר וואס? ווארום אז איהר קויפט אוועק ביי מיר די ציעג, האט איהר א ציעג...

— הערסט דו! — שלאָגט איהר איבער דער שניידער אין מיטען. — אָט דערפאַר וויל איך דאָך זי קויפען, וואָס זי איז אַ ציעג, נישט קיין פּיפּערנאָטער! דאָס הייסט, איך וואָלט קיין ציעג גאָר נישט געקויפט, איך באַדאַרף זי אויף נייען און נייענציג כפרות, נאָר אַזוי ווי מיין ווייב זאָל לעבען, ציפּה־ביילה־רייזה הייסט דאָס, האָט זיך איינגעשפּאַרט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: הכצעק...

— הערסט דו! אָט דאָס זאָג איך דאָך! — פאַלט איהם אריין טעמע־גיטעל אין די רעד אריין און הויבט אָן ווידער אַ מאָל אויסרעכענען די מעלות פון איהר ציעג. לאָזט זי נישט דער שניידער און שלאָגט איהר איבער אין מיטען, און אַזוי שלאָגען זיי איבער איינס דאָס אַנדערע אַזוי לאַנג, ביז זייערע טענות גיסען זיך צונויף אינאיינעם, און עס קומט־אויס אַ מישמאַש, אַ קאַשע מיט באָרשטש און מיט לאָקשען: „אַ ציעג? אַ מאַמע, נישט קיין ציעג... איך וואָלט קיין ציעג נישט געקויפט... אַ „פּילע“ פון קלייען... זי האָט זיך איינגעשפּאַרט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: הכצעקתה... געלט איז קיילעכיג... אָהן עין־הרע, איהר גרינג מעלקען זיך... ציפּה־ביילה־רייזה הייסט דאָס... זי עסט דען עפּיס... איין מאָל פאַר אַלע מאָל: הכצעקתה... דאָס איבעריגע — שטרוי פונ'ם דאַך פון בית־המדרש... אַ ווייב באַדאַרף מען פאָלגען... אַ ציעג? אַ מאַמע, נישט קיין ציעג!“...

— טאָמער וואָלט שוין געווען גענוג אייך צו ציעגען, טאָמער? — שלאָגט זיי איבער חיים־חנה דער קלוגער אין מיטען און דרעהט זיך אויס מיט'ן פּנים צום ווייב. — האָסט דו געהערט אַ ביסעל? מע האַלט אין מיטען איין ענין האַלט מען, מכח „נזיקין“, און זיי: ציעג־ציעג! ציעג־ציעג! ממה־נפשך, אָדער פאַרקויף זיי די ציעג, אָדער פאַרקויף זיי נישט די ציעג. ציעג־ציעג! ציעג־ציעג! סע ציעגט מיר שוין אין קאָפּ ציעגט מיר!

— גערעכט! — רופט זיך אָן שמעון־אלי. — וואו תורה, דאָרט איז חכמה! ממה־נפשך, וואָס באַדאַרף מען דאָ לאַנג רעדען? לי הכסף ולי הזהב — מיין געלט, אייער סחורה. זאָגט

שלשה דברים, א ווארט און צוויי און א מאריטש, ווי אין מחזור שטעהט געשריבען: מחספס מפצפצים — איז דער פשט...

— וואס טויג מיר אייער פשט? איהר זאגט מיר בעסער, וואס גיט איהר מיר פאר דער ציעג? — מאכט טעמע־גיטעל שטילערהייד, בויגט זיך איין, ווי א קעצעלע, און טהוט א וויש די ליפען היין און צוריק.

— א משל כחרס הנשבר! — זאגט שמעון־אלי אויך שטילער־הייד. — וואס הייסט, איך זאל זאגען? וואס בין איך פאר א זאגער וואס? איך זעה, אז ס'איז אל תקשו לבבכם — ארויסגעווארפען מיין טרחה; איך וועל ביי אייך, אפנים, היינט קיין ציעג נישט קויפען! האט קיין פאראיבעל נישט, וואס איך האב אייך דעקוטשעט!...

און שמעון־אלי דרעהט זיך אוים מיט'ן פנים צו דער טהיר און האלט כלומר'שט ביי אוועקגעהן.

— זעהט נאר זעהט! — מאכט טעמע־גיטעל און טהוט איהם א נעם ביי'ם ארבעל. — וואס האט איהר אזוי קיין צייט נישט, דער טייך ברענט? ממה־נפשך, עפים האט איהר דאך אנגעהויבען רעדען מכח א ציעג...

בקיצור, די מלמד'קע האט געזאגט איהר מקח, דער שניי־דער האט געזאגט זיין מקח; זי האט אראפגעווארפען, ער האט ארויפגעווארפען, א רענדעל אראפ, א רענדעל ארויף — מע האט זיך אויסגעגלייכט. שמעון־אלי האט אויסגעצעהלט די ממתקים, גענומען די ציעג אויפ'ן גארטעל, טעמע־גיטעל האט בעשפיגען דאס געלד, וואס זי האט געלייזט פאר דער ציעג, צוגע־ווינשעוועט דעם שניידער, ס'זאל זיין מיט מזל־ברכה, בשעת מעשה עפים געשעפטשעט שטילערהייד און געקוקט אלע מאל אויפ'ן געלד און אויף דער ציעג און האט ארויסבעגלייט דעם שניידער מיט א סך ברכות:

— געהט געזונט, און זייט געזונט, און פארנוצט געזונט, און לאז גאט געבען, זי זאל זיין אזוי ווי זי איז געווען ביז אהער,

נישט ערגער — בעסער האָט קיין שיעור נישט, און זי זאָל זיך ביי אייך האַלטען און האַלטען, מעלקען און מעלקען, נישט אויפ־הערען זיך מעלקען!...

— אָמן, גם אתם! — מאַכט דער שניידער און וויל זיך לאָזען געהן צו דער טהיר, וויל די ציעג נישט געהן, דרעהט מיט די הערנער, שפּאַרט זיך איין מיט די הינטערשטע פיסלעך און מאַכט אויף אַ הילכיג קול׳כעל און ציקעלט זיך, ווי אַ יונג חזנ׳־דעל, וואָס געהט דעם ערשטען מאָל צום עמוד: מההההההה פשעי! ומההההההה חטאתי!... ווי איינער רעדט: וואוהין שלעפּט איהר מיך?...

דעמאָלט איז שוין אויפגעשטאַנען רב חיים־חנה דער קלוגער מיט זיין כבוד, און מיט׳ן קאַנטשיק אונטערגעהאָלפען אַרויספיה־רען די ציעג פון שטוב. און די חברה תלמידים האָבען זי אונטער־געטריבען:

— היי, קאָזע! קאָזע! פּאַשאָל, קאָזע!...

און דער שניידער איז אַוועק אין זיין וועג אַריין.

---

## קאַפּיטעל ה.

ותמאן — און זי האָט נישט געוואָלט, די ציעג הייסט דאָס, געהן מיט׳ן שניידער קיין זלאָדייעוועקע, בשום אופן ואופן! זי האָט זיך געריסען צוריק אַהיים מיט אַלע כחות! עס האָט איהר אָבער גאָר נישט געהאָלפען. שמעון־אלי האָט זי געשלעפּט פאַר׳ן גאַרטעל און האָט איהר געגעבען צו פערשטעהן, אַז ס׳איז אַרויס־געוואָרפען איהר דרעהען זיך און איהר בריקען זיך און איהר מעקען, וואָס זי מעקעט. ער האָט צו איהר אַזוי געזאָגט:

— עס שטעהט ביי אונז: בעל כרחך אתה חי — איבער נויט שלעפּסט דו אויף זיך דעם גלות, מעגסט יאָ וועלען, נישט וועלען — מע פרעגט ביי דיר קיין עצות נישט. איך בין

אויף אמאָל, נישט היינט געדאַכט, געווען אַ פריי פויגעלע, אַ בחור כהלכה — אַ פיינער, אַ יונג מיט אַ קאַמזויל און מיט סקריפּ־קעס, טשאַקענדיג און קנאַקענדיג; וואָס איז מיר אָפּגעגאַנגען? קאַפּוועהטיג? האָט גאָט געזאָגט: לך לך מארצך — קריך, שמעון־אלי, אין זאַק אַריין! האָב חתונה פאַר ציפּה־ביילה־רייזה׳ן! האָב קינדער! ווער פאַרשוואַרצט אויף דיינע יאָהר און טעג! כי לכך נוצרת — דערויף ביזט דו אַ שניידער!...

אַזוי האָט שמעון־אלי גע׳טענה׳ט צו דער ציעג און איז גע־גאַנגען געשווינד, כמעט געלאָפען. אַ וואַרעם ווינטעל האָט איהם צעבלאָזען די פּאָלעס פון דער געלאַטעטער קאַפּאָטע און האָט פער׳גנבה׳ט זיך איהם אונטער די פּאות און אַ גלעט געטהאָן איהם ביי׳ם בערדעל, צוגעטראָגען איהם צו דער נאָז אַ געשמאַקען ריח פון מיענטע, פון ראָמאַשקעס און פון אַנדערע פעלדבלומען און קרייטער, וואָס האָבען אַ ריח פון בשמים, און וואָס זיין נאָז איז צו זיי כלל נישט געוועהנט געוואָרען; און פאַר גרויס התפּעלות האָט ער אָנגעהויבען צו דאַוונען מנחה, זאָגען „פּטום־הקטורת“, אויסרעכענען אַלע גוטע זאַכען: „הצרי והצפּורן, החלבנה והלבונה“, און אַלע איבעריגע געווירצען, גאַנץ פיין, מיט זעהר אַ שענעם ניגון, און ער האָט פערקאַטשעט זיך „אָפּשטעפּען“ אַ מנחה, אויפ׳ן חזנ׳ישען שטייגער, גאָר אויף איין אַנדער אופן! פּלוצים... פון וואַנען נעמט זיך דער שטן מקטרג, דער יצר־הרע, און רוימט איהם איין אַ סוד אין אויהער אַריין:

— הער נאָר אויס, שמעון־אלי, דו יאָלד איינער! וואָס האָסט דו זיך דאָ אַזוי צעזונגען אויפ׳ן ניכטערען האַרצען? שוין באַלד נאַכט, און דו האָסט נאָך אין דיין מויל נישט געהאַט, אַ חוץ צוויי גלעזלעך בראָנפען! היינט האָסט דו דאָך עפּיס געגעבען דיין קרוב דאָס הייליגע וואָרט, אַז צוריקוועגס, אם ירצה השם, מיט דער ציעג, וועסט דו זיך אָפּשטעלען ביי איהם עפּיס צו־בייסען! געזאָגט אַ וואָרט — איז פערפאַלען. אַ מויל איז נישט קיין חאַליאַווע!

און שמעון־אלי האָט אָפּגעהאַפּט די שמונה־עשרה גאָר בקיצור, זיך אָפּגעקלאָפּט תחנון, און איז אריין צו דאָדי רענדאר מיט א שמחה:

— א גוטען אָוונד אייך, מיין ליעבער קרוב רב דאָדי, איך קאָן אייך אָנזאָגען א בשורה, מזל טוב, עם לבן גרתי — איך האָב שוין איינגעהאַנדעלט א ציעג, אָבער א ציעג פון ציעגענלאנד, א ציעג אשר לא ציעגונו אבותינו! איהר מעגט זי אָנקוקען און זאָגען אייער מבינות — איהר זענט דאָך עפּיס יאָ א יודע־ספר! אנו, טרעפט, כמה לקו במצרים — וויפיעל האָב איך באַדארפט משלם זיין?

דאָדי האָט זיך גענומען מיט דער האַנד ביי'ם קאָזעראָק, זיך פערשטעלט פון דער זון, וואָס האָט געהאַלטען ביי אונטערגעהן מיט א גאָלדענעם פּאַס אין עק הימעל, און האָט בעטראַכט די ציעג, ווי א גרויסער מבין, און האָט זי אָפּגעשאַצט פּונקט צוויי מאָל אזוי פיעל, וויפיעל דער שניידער האָט בעצאָהלט. דערפון איז שמעון־אלי געוואָרען אזוי אויפגעלעגט, אז ער האָט דערלאַנגט דעם רענדאר א זעץ אין פּלייצע:

— רב דאָדי סערדצע! געזונט זאָלט איהר מיר זיין, צדקת כדבריך — איהר האָט היינטיגס מאָל דוקא נישט געטראָפען. אזוי פיעל גליקליכע יאָהר אונז ביידען!

דאָדי דער רענדאר האָט אויפגעשטעלט א פּאָר ליפּען און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אָהן ווערטער: מפּו־פּו־פּו! ווי איינער רעדט: „א מציאה! א מציאה פון א גנב!“

און שמעון־אלי האָט איינגעבויגען דאָס קעפּעל אויף א זייט, זיך א חאַפּ געטהאָן מיט'ן מיטעלסטען אויסגעבויגענעם פינגער ביי'ם זשילעט, גלייך ווי ער וואָלט בעדאַרפט ארויסחאַפּען פון דאָרט א נאָדעל און אריינזעצען אין איהר אין דער גיך א פאָדעם.

— נו, רב דאָדי? וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען, עמך? פאַרשטעהען מיר איין עסק? הא? איהר זאָלט נאָך זעהן, קיין

עין־הרע, ווי זי מעלקט זיך, וואָלט איהר א מיתה משונה איינגע־נומען דאָ אויפ'ן אָרט!

— א מיתה משונה נעם שוין בעסער איין אליין! — רופט זיך אָן צו איהם דאָדי.

— אָמן, גם אתם! — זאָגט שמעון־אלי. — אויב איך בין יאָ ביי אייך אזא־נ־אָנגעלעגטער גאַסט, נעמט זשע, זייט מוחל, רב דאָדי, די ציעג. און באַשטאַט זי ערגיץ אין שטאַהל, מע זאָל זי חלילה נישט אוועק'לקח'ענען, און איך וועל דערווייל א דאַווען טהון מעריב, מנחה האָב איך געחאַפּט אין וועג, און נאָכדעם וועלען מיר מאַכען „שהכל נהיה בדברו", און טאַקי עפּים צו־בייסען אויך, ככתוב, ווי אין דער מגילה שטעהט: א י ן ק ו צ י ם ב פ ר ו צ י ם — פאַר'ן עסען געהט קיין טאַנץ נישט. שטעהט אזוי געשריבען אין דער מגילה, צי ניין?

— וואָס איז שייך? — מאַכט דאָדי. — מסתמא אז דו זאָגסט, סע שטעהט — שטעהט דאָס; יערעריך ביזט דו דאָך עפּים א איד פון תורה.

אָפּגעדאַווענט מעריב און אויסגעשפּיגען צו „עלינו", רופט זיך אָן דער שניידער צום רענדאַר:

— אז דער צער פון טראָגען איז יאָ אזוי גרויס, איז ה ל ע י ט נ י ־ נ א מ ן ה א ד ו ם ה א ד ו ם ה ז ה — גיסט אָן, זייט מוחל, פון יענעם גרינעם פלעשעל, און לאָמיר נעמען צו קאָפּעלעך שפּירעט, און לאָמיר זיין געזונט. געזונט דאָס איז ראשית חכמה, ווי מיר זאָגען אלע טאָג אין דאַווענען: ה ש כ י ב נ ו ל ש ל ו ם...

גענומען א ביסעל בראָנפען און פערביסען, האָט זיך אונזער שניידער צערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער, מכח זלאַדייעווקע, מכח קהל, שוהלזאכען, צעך, שניידעריי, שער און אייזען אונזער פאָלק עמך, בשעת מעשה געמאַכט א תל פון זלאַדייעווקער גבאים מיט די נגידים, מיט זייערע „פּאַראַדקעס", געשוואָרען, אז זיין

נאָמען זאָל נישט הייסען שמעון־אלי, אויב מע קאָן זיי נישט אוועקגעבען אַלע „אויף סימביר״...

— הערט איהר, רב דאָדי? — אַזוי האָט ער אויסגעלאָזט זיין דרשה מיט אַ תורה, ווי זיין שטייגער איז: — ב ו ר כ ר ה ו י פ ר פ ר ה ו — עס וועט אַ רוח אין זייער פאָטער און מוטער אריין, די בעלי־טובות אונזערע מיין איך!... זיי ווייסען גאָר צאַפּען בלוט, שינדען דעם אָרעמאַן, אראָפּנעמען די הויט! פאַר דריי קאָרבען צאָהל איך, הערט איהר, אַ פערטעלע אַ וואָך! נאָר גאָר נישט, איך בין נישט קיין „קופּץ בהאָץ״, ווי זאָגט איהר, לאָזען זיי איבערגעהן אויף אַנדערע הענד! י ב ו א י ו נ ה — עס וועט קומען אויף זיי אַ צייט! נישקשה, זיי האָבען נאָך ביי גאָט קיין קוויטעל נישט ארויסגענומען! מיין ווייב זאָל לעבען, ציפּה־ביילה־רייזה הייסט דאָס, זאָגט מיר אפילו, אַז איך בין אַ שלים־מזל׳ניק, אַ לעמעשקע אַ צעקוועטשטע, וואָרום איך זאָל וועלען, האָב איך אויף זיי אַ בייטש... נאָר ווער הערט אַ ווייב? עפּים האָב איך דאָך אויך אַ שטיקעל דעה! ביי אונז אין דער הייליגער תורה שטעהט בפירוש: ו ה ו א י מ ש ו ל ב ך — איהר ווייסט דעם פּשט פון די דאָזיגע ווערטער? ס׳איז דאָך צוקער־זים! הערט זיך איין אַקאָרשט אין איטליכם וואָרט: ו ה ו א — און ער, דער מאַן הייסט דאָס, י מ ש ו ל — זאָל טהון טהאָן געוועלטיגען!... נאָר וואָס דען? ה ח י ל ו ת ל נ פ ו ל נ פ ו ל ת פ ו ל — איהר האָט אָנגעהויבען ניסען, גיסט שוין אָן נאָך אביסעל בראָנפען, ככתוב, ווי אין פּסוק שטעהט: אַ ס ק אַ ק ו ר ד ע, ד ב אַ ר־ ב אַ נ ט ע . . .

וואָס ווייטער־ווייטער האָט ביי שמעון־אלי׳ן די צונג אָנגעהויבען זיך פּלאָנטען, די אויגען קלעפּען זיך, אַזוי לאַנג און אַזוי בּרייט, ביז ער האָט זיך צוגעשפּארט צו דער וואַנד אויף אַ ווײַלע חאַפּען אַ דרימעל, און דאָס קעפּעל האָט זיך איהם אָנגעבויגען אַ ביסעל אויף אַ זייט, די הענד האָט ער צונויפגעלעגט אויפ׳ן הארצען, צוגעהאַלטען דאָס צאַפּען־בערדעל מיט דריי פינגער,

און האָט אויסגעזעהן ווי אַ מענש, וואָס איז פערטיעפט אין זעהר־זעהר טיעפע מחשבות. ער זאָל בשעת מעשה נישט געווען צו־פייפען מיט דער נאָז, אונטערהאָרחלען מיט׳ן האַלז און בלאָזען דורך די צייהן: טצ־טצ־טץ! — וואָלט קיינער אין דער וועלט נישט געזאָגט אויף איהם, אַז ער שלאָפט. און דאָטש ער האָט נעדרימעלט, פון דעסטוועגען האָט דער מח ביי איהם געאַרבייט גאַנץ געשמאַק, און עס האָט זיך איהם גע׳חלומ׳ט, אַז ער איז אין דערהיים ביי זיין וואַרשטיק. אויפ׳ן טיש ליגט אויסגעשפּרייט פאַר זיינע אויגען אַ מין מלבוש, וואָס ס׳איז שווער צו טרעפען, וואָס דאָס איז. זאָל איך זאָגען, ס׳איז אַ פּאָר תחתונים — וואו איז דער קראַק? קיין סימן פון קראַק! זאָל איך זאָגען, ס׳איז אַ לייבעל אַזעלכעס — פון וואַנען האָבען זיך גענומען אַזעלכע לאַנגע אַרבעל? אלא וואָס דען? מוז איך לערנען דעם פּשט, אַז, ס׳איז לא הא ולא הא, נישט קיין לייבעל און נישט קיין הויזען — וואָס זשע דען איז דאָס? עפּיס מוז דאָך עס זיין!... שמעון־אלי קעהרט דאָס איבער אויף דער לינקער זייט — ס׳איז גאָר אַ קאַ־פּאָטע, און נאָך וואָסער אַ קאַפּאָטע! אַ שפּאָגעל־נייע, אַ גלאַטע, איין אַטלעסענע, ער האָט נאָך אויף זיין לעבען אַזאַ קאַפּאָטע אונטער דער נאָדעל נישט געהאַלטען! נאָר ס׳איז נישט זיין עסק; ער נעמט־אַרויס דאָס מעסערעל פון זשילעט־קעשענע און זוכט אַ נאָט און וויל אָנהויבען טרענען די קאַפּאָטע. אַ גליק, וואָס סע בעוויזט זיך ציפּה־ביילה־רייזה און הויבט איהם אָן שעלטען, בע־גראָבען אין דער ערד אריין.

— דעם בויך, די קישקעס זאָל מען דיר שוין טרענען, דו שלים־מזל איינער, דו גרינע אוגערקע, דו שענע פּאַסאַלי מיינע! דאָס איז דאָך דיין קאַפּאָטע די שבת׳דיגע, וואָס איך האָב דיר געמאַכט פון מיין געלט, וואָס איך האָב אָנגעקליבען פון דער ציעג!...

און שמעון־אלי דערמאַנט זיך, אַז ער האָט אַ ציעג מיט גאָט׳ס הילף, און עס קומט איהם צו אַ שטיק געזונד! ער האָט אויף זיין

לעבען נישט געזעהן אזוי פיעל קריגלעך מיט מילך! אזוי פיעל וואַרעטשקעס מיט קעז! און פוטער, פוטער גאַנצע מאַקרעטעס! היינט מאַסלינקע, פידסמעטענע, זויערמילך מיט גאַנצע שטיקער „קריהע", און פוטערגעבעקס עפּיס אָהן א שיעור, פּלעצלעך אזעלכע מילכיגע, געבאַקען אויף פּוטער און פון אויבען בעשאָטען מיט זאַמד־צוקער און מיט צימערינג. און דער ריח, דער ריח! עפּיס א מאָדנער ריח, א בעקאַנטער ריח, פּע!... ער פיהלט, ווי עפּיס קריכט איהם אויפ'ן האלז צווישען קאָלנער, און אונטער'ן אויהער, און אויפ'ן פּנים, און עפּיס קיצעלט איהם און שטינקט איהם גלייך אין נאָז אריין... ער טאַפּט מיט די פינגער און טאַפּט אָן א וואַנץ... ער עפענט אויף איין אויג, דאָס אַנדערע אויג, ער חאַפּט א קוק אין פענסטער — אוי־וועה, א צרה, א שלאַק, עס שאַריעט אויף טאָג!...

— וואָט טיבע יוצר המאורות! גוט געחאַפּט א דרימעל! — מאַכט שמעון־אלי צו זיך אַליין און טהוט א רייב מיט די פּלייצעס. ער וועקט־אויף דעם רענדאר, פליהט־ארוים אין הויף אריין, עפענט די שטאַהל, נעמט די ציגע אויפ'ן גאַרטעל און לאָזט זיך געהן אַהיים געשווינד, פּייל אויס'ן בויגען, ווי א מענש וואָס האָט מורא, ער זאָל חלילה נישט פערשפּעטיגען מי יודע וואָס!....

---

## קאַפּיטעל ו.

**והאשה** — און דאָס ווייב ציפּה־ביילה־רייזה, אז זי האָט געזעהן, אז דער מאַן זוימט זיך אזוי לאַנג, האָט זי נאָר נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס דאָס איז. זי האָט אָנגעהויבען איבער־צוטראַכטען, אפשר האָט זיך חלילה געטראָפען איין אומגליק, גזלנים זענען אָנגעפאַלען אויף איהר מאַן אין וועג, צוגענומען ביי איהם די עטליכע קערבלעך, איהם געקוילעט און פערוואָרפען ערגיץ אין א גרוב, און זי איז געבליבען, חס ושלום, איין אייביגע עגונה

מיט, קיין עין־הרע, אזוי פיעל קינדער, חאטש נעם וואַרף זיך אריין, שונאי־ציון, מיט זיי אין טייך אריין!... אזעלכע, און כדומה אזעל־כע, מחשבות האָט נעבאַך ציפּה־ביילה־רייזה יענע נאַכט איבער־געטראַכט, און האָט אפילו נישט צוגעמאַכט מיט קיין אויג; און אַז עס האָט אויסגעקרעהט דער ערשטער האָהן אויף טאָג, האָט זי געחאַפּט אויף זיך דאָס קליידעל און איז ארויס אין דרויסען און האָט זיך געזעצט אויף דער שוועל ארויסקוקען אויף איהר מאַן, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבען, ער וועט קומען... „אַ שלים־מזל געהט אוועק!“ — האָט זי זיך געקלערט און זי האָט זיך צו־געגרייט איהם אָפּשפּיעלען אַ פריהמאָרגען, ווי ער איז ווערטה געוועזען. נאָר אַז זי האָט דערזעהען ביי איהם הינטען צוגעבונדען ביי׳ם גאַרטעל אַ ציעג, איז איהר באַלד אָפּגעגאַנגען דאָס האַרץ, און זי האָט זיך אָנגערופען צו איהם מיט גוטען:

— וואָס אזוי לאַנג, דו קאַנאַריקעל מיינס, מאַנדעלבייגעלע? איך האָב דאָך געמיינט, ביזט שוין חלילה אין דער ערד אריין, שענער תכשיט מיינער, אָדער אזוי עפּיס איין אומגליק געטראָפען, חס ושלום.

און שמעון־אלי האָט זיך צעגאַרטעלט, אוועקגעשטעלט די ציעג אין הויז, און האָט אָנגעהויבען שיטען מיט ווערטער, ווי פון אַ זאַק; ער האָט איהר פערערדט די צייהן.

— הערסט דו, מיין ווייב, האָב איך דיר געקויפט אַ ציעג — פון ציעגענלאַנד; דאָס איז אַ ציעג אשר לא ציעגונו אבותינו! ווי לאַנג שמייסט מען זיי, די היגע בעל־הבית׳טעס, ווי לאַנג זיי האָבען נאָך אזאַ ציעג נישט געזעהען אין חלום אפילו! אַז עסען עסט זי מכות, סך־הכל איין מאָל אין טאָג אַ „פּילע“ פון קלייען, און דאָס איבריגע — אַ ביסעל שטרוי פונ׳ם דאַך פון בית־המדרש; און מילך גיט זי, קיין עין־הרע, ווי אַ קוה, מעלקט זיך צוויי מאָל אין טאָג — איך האָב אליין געזעהען אַ פול מעלק־שעפעל, איך זאָל אזוי זעהען ביי דיר אַלדאָס גוטס! ס׳איז דען אַ ציעג? ס׳איז אַ מאַמע, נישט קיין ציעג! אזוי זאָגט זי, טעמע־גיטעל הייסט

דאָס. אַ מציאה פון אַ גנב, כלעבען, קוים־קוים, אויסגעדונגען פאַר זיעבענטהאַלבען קאַרבען! וויפיעל, מיינסט דו, האָב איך זיך גע־דונגען, איידער איך האָב זי אויסגעדונגען? אַז סך־הכל האָט זי גאָר נישט געוואָלט פאַרקויפען קיין ציעג, קוים איינגערעדט! אַ גאַנצע נאַכט געהאַקט האָלץ...

און ציפּה־ביילה־רייזה האָט זיך געטראַכט בשעת מעשה: „נחמה־ברכה — אַ מכה איהר אַ גרויסע! זי מיינט, אַז נאָר זי איז אַ בעל־הבית׳טע, נאָר זי האָט אַ ציעג, און ווייטער קיינער נישט! איך האָב מורא, אַז עס וועט איהר אַרוים די אויגען, אַז זי וועט דערזעהען, אַז ציפּה־ביילה־רייזה שמעון־אלי׳ס ווייב האָט אויך אַ ציעג... און בלומע־זלאַטע? און חיה־מייטע? כלומרשט גאָר גוטע שוועסטער! עס זאָל זיי אָנגעהן חאָטש האַלב, וואָס זיי ווינשען מיר, רבונו של עולם!“... אַזוי האָט זי זיך געטראַכט און האָט איינגעהייצט אין אויווען, גענומען דערוויילע צוגרייטען רע־טשעני לאָקשען אויף אָנבייסען, און שמעון־אלי האָט אָנגעטהאָן טלית ותפילין און האָט זיך אָנגעטהאָן טלית ותפילין און האָט זיך וועקגעשטעלט דאַווענען, און געשמאַק, מיט הארץ — ער האָט שוין לאַנג נישט געדאַווענט אַזוי ווי אַצינד! ער האָט געזונגען די הללויהס, געמאַכט חזנ׳ישע שטיק, צוגעקנאַקט מיט׳ן פינגער און האָט אויפגעוועקט מיט׳ן זינגען אַלע קינדער. די קינדער זענען געוואָהר געוואָרען פון דער מאַמען, אַז דער טאַטע האָט געבראַכט אַ ציעג, און מע קאָכט לאָקשען מיט מילך, איז געוואָרען ששון ושמחה, און מען איז אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטלעך אין איינע העמדלעך און מע האָט זיך גענומען פאַר די הענטלעך, און מע האָט געחאַפּט אַ טענצעל, בשעת מעשה צוגע־זונגען אַ ליעדעל, וואָס איז ביי זיי נאָר־וואָס בעשאַפען געוואָרען:

אַ ציעג, אַ ציעג, אַ ציעגעלע!
דער טאַטע האָט געבראַכט אַ ציעגעלע!
דאָס ציעגעלע וועט געבען מי־לעך!
די מאַמע וועט קאָכען לאָק־שען!...

געקוקט אויף די קינדער, ווי זיי זינגען און טאַנצען, איז שמעון־אלי געוואָרען ברייטער ווי לענגער. ער האָט זיך געטראַכט: „קינדער געבאַך, זשערנע אַ ביסעל מילך... נישקשה, איהר וועט שוין היינט, אם ירצה השם, זיין זאַט... אַלע טאָג אַ גלעזעל מילך, און קאַשע מיט מילך, און צו דער טיי מילך — אַ ציעג איז טאַקי אַ געזונד אין די ביינער!... וואָס איז מיר אַצינדערט פישעל בעל־טאַקסע? איך הער איהם, ווי דעם קאָטער! ער וויל נישט געבען קיין פלייש, נאָר ביינער? לאָז ער זיך וואַרגען מיט די ביינער! וואָס דאַרף איך זיין פלייש, אַז איך האָב, קיין עין־הרע, מילך?... אַי, שבת? — אויף שבת קויפט מען פיש. וואו שטעהט דאָס, אַז אַ איד מוז עסען פלייש? איך האָב אין ערגיץ נישט געזעהען אַזאַ דין!... אַלע אידען זאָלען מיך וועלען פאָלגען, וואָלטען זיי אַלע געקויפט ציעגען; דעמאָלט וואָלט אונזער בעל־טאַקסע שוין אויסגעזעהען מיט'ן בייכעל! עס וואָלט שוין דעמאָלט אַ רוח אין זיין טאַטענ'ס טאַטען אריין!"...

אַזוי האָט זיך געטראַכט „שמעון־אלי שמע־קולנו" און האָט צונויפגעלעגט די תפילין, און האָט זיך געוואַשען, געמאַכט המוציא און צוגעגרייט זיך צו דער מילכיגער סעודה. עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין ציפּה־ביילה־רייזה מיט אַ לעדיג טעפּעל, רויט ווי פייער, אין כעס מיט סכנת־נפשות, און אַ רעגען פון קללות און חרמות האָט זיך אָנגעהויבען שיטען אויף שמעון־אלי'ס קאָפּ! נישט קיין קללות זענען דאָס געווען — שטיינער זענען געפאַלען פונ'ם הימעל, פעך און שוועבעל האָט זיך געגאָסען פון ציפּה־ביילה־רייזה'ס מויל:

— דעם טאַטען דיינעם דעם שכור זאָל עס אַרויסוואַרפען, דיך אריינוואַרפען! אַ שטיין, אַ ביין זאָל פון דיר ווערען! כּפּ־הקלע זאָלסט דו געהן! געשאָסען זאָלסט דו ווערען פון אַ ביקס! הענגען און טרינקען, ברענען און בראָטען, שניידען און בראָקען! געה זעה, דו גזלן, דו רוצח, דו משומד איינער, וואָס פאַר אַ ציעג דו האָסט מיר געבראַכט! אַ וויסטער, אַ פינסטערער חלום אויף

דיין קאָפּ און אויף דיינע הענט און פיס, רבונו של עולם, זיסער פאָטער, האַרציגער־געטרייער!...

דאָס איבעריגע האָט שוין שמעון־אלי נישט געהערט. ער האָט אָנגערוקט דאָס היטעל און איז אַרויס פון הויז אָנקוקען דאָס אומגליק, וואָס איהם האָט געטראָפען.

אַרויסגעגאַנגען אין דרויסען צו דער ציעג און דערזעהען דעם שענעם תכשיט, ווי ער שטעהט צוגעבונדען צום פלעקעל פון דער טהיר און מעלה־גרה׳ט זיך קאַלטבלוטיג, איז ער געבליבען שטעהן אין דער הינהערפּלעט, נישט געוואוסט, וואָס טהוט מען? וואוהין געהט מען? געשטאַנען, געטראַכט, געטראַכט, און אַ זאָג געטהאָן צו זיך אליין: „תמות נפשי עם פלשתים — עס וועט אַ רוח אין זייער טאַטענ׳ס טאַטען אריין, דעם מלמד מיט דער מלמד׳קע! זיי האָבען געפונען, מיט וועמען צו טרייבען קאַטאָ־וועס! איך וועל זיי געבען אַ קאַטאָוועס, וועט זיי זיין וויסט און פינסטער! דאַכט זיך, גאָר אַ נעבאַכעל אָט דער מלמד, מישט זיך כלומרשט נישט אין געשעפט, און צום סוף אַזאַ מעשה! נישט אומזיסט האָבען די תלמידים געחיחיקעט בשעת דער רבי האָט מיך אַרויסגע׳משלח׳ט מיט דער ציעג און די רבי׳צין האָט מיר צוגע־ווינשעוועט, זי זאָל זיך ביי מיר מעלקען און מעלקען... איך וועל זיי געבען אַ מעלקען! איך וועל ביי זיי אַרויסמעלקען דאָס דם־התמצית פון די קאַזאַדאָיעוועקער כלי־קודש, טונעיאַדצעס, קאַטאָ־וועסטרייבער!...

אַזוי האָט זיך געטראַכט „שמעון־אלי שמע־קולנו" און האָט זיך געלאָזט געהן צוריק קיין קאַזאַדאָיעווקע מיט דער דעה, ער זאָל זיי אָפּשפּיעלען אַ וויוואַט, ווי זיי זענען ווערטה!

געגאַנגען פערביי דער דעמבענער קרעטשמע און דערזעהען דעם רענדאַר אויף דער טהיר מיט׳ן לולקעציבעקעל אין די ציינער, האָט זיך אונזער שניידער צעלאַכט נאָך פון דערווייטען.

— וואָס איז פאַר אַ שמחה אויף דיר, — פרעגט איהם דאָדי — וואָס דו לאַכסט אַזוי?

— טהוט אַ קוק, זייט מוחל, אפשר וועט איהר אויך לאַכען? — זאָגט צו איהם דער שניידער און הויבט אָן לאַכען נאָך שטאַרקער, גלייך ווי צעהן שדים וואָלטען איהם געקיצעלט. — נו, ווי געפעלט אייך, אשטייגער, רב דאָדי, אַזאַ שלאַק? כ ל ה א ד ם כ ו ז ב — וואו ערגיץ אַ צרה דאַרף עס טרעפען מיך! איהר פאַרשטעהט אַ מעשה? איך האָב דאָס געהאַט אַ פּסק פון מיין ווייב זאָל לעבען, ציפּה־ביילה־רייזה הייסט דאָס; זי האָט מיר געגעבען ב ר כ ב ו ב ס ו ס י ם — אויף שיסעל און אויף טעלער, און דוקא אויפ'ן ניכטערען האַרצען, עס זאָל נאָר פאַלען אויפ'ן מלמד מיט דער מלמדקע! מאָהלט אייך, איך וועל זיי נישט שווייגען, עס וועט זיין ע י ן ת ח ת ע י ן — אַ פּאַטש פאַר אַ פּאַטש! איך האָב פיינט, אַז מע טרייבט מיט מיר אַזעלכע קאַטאָוועסלעך. אַנו, גיט נאָר לעת־עתה, רב דאָדי, פאַר האַרצוועהטיג אַ גלעזעל שפּירעט, דורכשווייענקען דעם האַלז, איך זאָל האָטש כח האָבען צו רעדען און די נשמה זאָל נישט קליאַקנען... לחיים, רב דאָדי, לאָמיר זיין אידען, דאָס איז דער עיקר, ככתוב, ווי עס שטעהט געשריבען: ה י ו ם ה ר ת ע ו ל ם — נאָר נישט געזאָרגט! זייט זיכער, איך וועל זיי שוין אָפּשפּיעלען אַ פּריהמאָרגען. איך וועל זיי באַווייזען, ווי אַזוי מע טרייבט קאַטאָוועס מיט צעך, שער און אייזען אונזער פאָלק עמך!

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ס'איז אַ קאַטאָוועס? — מאַכט דער רענדאַר גאַנץ תמ'עוואַטע און פּיפּקעט מיט'ן לולקעלע. — אפשר איז ביי אייך דאָרט אַרוים אַ טעות אין די רעד?

שמעון־אלי איז אַזש אונטערגעשפּרונגען פאַר כעס.

— משל כחרס הנשבר! וואָס רעדט איהר? איהר ווייסט, וואָס איהר רעדט? איך קום צו זיי לכתחילה קויפען אַ ציעג, און רעד מיט זיי ברחל בתך הנאָקעטע: אַ ציעג! זאָגט איהר נאָר דאָס!...

דאָרי פּיפּקעט מיט'ן לולקעלע, קנייטשט מיט די פּלייצעס און צעפּיהרט מיט די הענד, ווי איינער רעדט: „וואָס בין איך שולדיג? איך בין דאָך אודאי גאָט די נשמה שולדיג!"...

און שמעון־אלי חאַפּט די ציעג און לאָזט זיך געהן קיין קאָזאַ־דאָיעווקע, ו ח מ ת ו ב ע ר ה ב ו — און עס ברענט אין איהם א פייער.

---

## קאַפּיטעל ז.

ו ה מ ל מ ד — און דער מלמד האָט זיך געטהאָן זיין מלאכה, דאָס הייסט, ער איז געזעסען און געקנעלט מיט זיינע תלמידים, געלעהרענט אַלץ יענעם ענין פון „נזיקין", און זייער געשריי האָט זיך געלאָזט הערען איבער'ן גאַנצען שוהלהויף: כ ש כ ש ה ב ז נ ב ה — זי האָט א זעץ געטהאָן מיט'ן וויידעל, די בהמה, ו ש ב ר ה א ת ה כ ד — און זי האָט צעבראָכען דאָס קריגעל"...

— על ישראל ועל רבנן ועל תלמידיהון — א גוטער מאָרגען זאָל אייך זיין, רבי, מיט אייערע תלמידים! — זאָגט שמעון־אלי. — איהר מעגט מפסיק זיין אויף א מינוט, נישקשה, די בהמה וועט נישט אַנטלויפען און דאָס צעבראָכענע קריגעל וועט שוין במילא גאַנץ נישט ווערען. וואָס טויג מיר גרוים — איהר האָט מיר אָפּגעטהאָן א רעכט שפּיצעל, טאַקי אויף קאַטאָוועס, נאַר וואָס דען? א ה ב ת י כ י י ש מ ע ל י — איך האָב פיינט אַזעלכע קאַטאָוועסלעך! איהר האָט דאָך געהערט מסתמא די מעשה פון יענע צוויי אידען, וואָס זענען געווען ערב שבת אין מרחץ אויף דער אויבערשטער באַנק? רופט זיך אָן איינער צום אַנדערען: „נאַ דיר מיין בעזעמעל און שמייס מיך אָפּ". איז זיך מיישב יענער און טיילט איהם איין, ווי עס געהער צו זיין, צעקאָרדאַשעט דאָס לייב ביז'ן בלוט אריין. זאָגט צו איהם דער געשמיסענער: „די מעשה דערפון איז אזוי. אויב דו האָסט זיך געוואָלט מיט

מיר אַפּרעכענען דאָ, אויף דער אויבערשטער באַנק, בשעת איך ליג אַ נאַקעטער און דו האָסט אַ בעזעמעל אין האַנד, — מהכתיתי, ביזט דו גערעכט; נאָר טאָמער מיינסטו דו דאָס אויף קאַטאָוועס, זאָג איך דיר, אַז איך האַלט נישט פון אַזעלכע קאַטאָוועסלעך!"...

— אַקעגען וואָס איז דער משל? — פרעגט איהם דער מלמד, טהוט־אויס די ברילען און קראַצט זיך מיט זיי אין אויהער.

— דער משל — מאַכט שמעון־אלי — איז טאַקי אַקעגען אייך אַליין מיט דער שענער ציעג, וואָס איהר האָט מיר אַריינגערוקט בשגגה, דאָס הייסט אויף אַ געלעכטער. פון אַזאַ געלעכטער, הערט איהר, קאָן אייך אַרויסוואַכסען אַ געלעכטער אויפ'ן פּופּיק! מיינט נישט, אַז איהר האָט צו טהון מיט גלאַט עפּיס אַ פּאַלגע; איך בין שמעון־אלי חייט מק"ק זלאָדייעווקע, חברה־מאַן אין צעך און גבאי אין שניידערשען שוהלכען, שער און אייזען אונזער פּאַלק עמך!

ביי די לעצטע ווערטער איז שמעון־אלי אַזש אונטערגעשפּרונגען, און דער מלמד האָט אָנגעטהאָן צוריק די ברילען און האָט בעטראַכט דעם שניידער, ווי אַ מענשען, וואָס רעדט פון היץ, און דער גאַנצער חדר האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער.

למה הרעות לעם הזה — וואָס קוקט איהר מיך אָן, ווי אַ בייזער מאַרשעלעק? — רופט זיך אָן דער שניידער שוין מיט כעס. — איך קום צו אייך צו געהן און קויף ביי אייך אַ ציעג, געהט איהר און רוקט מיר אַריין דער רוח ווייסט וואָס!

— סע געפעלט אייך נישט די ציעג? — פרעגט איהם דער מלמד בתמימות.

— די ציעג, זאָגט איהר? ס'איז אַזוי אַ ציעג, ווי איהר זענט גובערנאַטאָר!

דער גאַנצער חדר שיסט־אויס אַ געלעכטער, און עס קומט אָן טעמע־גיטעל די שטילשווייגענדיגע, און דאָ הויבט זיך ערשט אָן די רעכטע חתונה: שמעון־אלי רעדט און טעמע־גיטעל רעדט איהם איבער; דער רבי זיצט און קוקט, די תלמידים לאַכען;

זיי רעדעןביידע אזוי לאנג, ביז טעמע־גיטעל ווערד אין כעס, חאפט דעם שניידער פאר׳ן האנד און שלעפט איהם.

— קומט, קומט צום רב! לאזען חאטש אידען זעהן, ווי א זלאדייעוועקער שניידער טשעפעט זיך! טראכט אוים א בלבול!

— קומט! — זאגט שמעון־אלי. — אדרבה, לאזען מענטשען זעהען, ווי עהרליכע אידען, כלי־קודש כלומרשט, דערטאפען א פרעמדען מענטשען און מאכען פון איהם א האנטשירקע, ווי מיר זאגען אין לאנג־והוא־רחום: ל ל ע ג ו ל ק ל ע מ ע נ י ש... קומט טאקי איהר אויך, רבי־לעבען! — מאכט ער צום מלמד׳. און רב חיים־חנה טהוט אן דעם פליסעענעם קאשקעט אויף דער יאר־מעלקע און עס בלייבט, אז זיי געהען צום רב אלע פיער, דאס הייסט: דער שניידער, די מלמד׳קע, דער מלמד און די ציעג.

אז די קאמפאניע איז געקומען צום רב, האבען זיי געטראפען דעם רב אין א ציצען חאלאטעל ווישען די הענד און זאגען „אשר יצר״ פאוואלינקע, מיט כונה, נישט געחאפט, געקוועטשט איט־ליכם ווארט בעזונדער: נקבים, נק־בים! חלולים, חלו־לים!... און אז ער האט זיך אפגעפארטיגט מיט אלסדינג ארום און ארום, האט ער צונויפגענומען דאס האלאטעל און האט זיך בעזעצט אויף זיין שטוהל, וואס איז געווען אהן א געזעסעל, נאר פיסלעך מיט פערענטשעס אלטע, גלאנצענדיגע און שאקלענדיגע, ווי אלטע צייהן ביי איין אלטען מענשען, וואס וואלטען שוין לאנג בעדארפט ארויספאלען, נאר זיי האלטען זיך אויף נסים.

אויסגעהערט ביידע צדדים, וואס האבען נישט געלאזט רעדען איינער דעם אנדערען, האט דער רב געשיקט רופען דעם דיין מיט׳ן שוחט, מיט די איבעריגע פארנעמסטע לייט פון שטאדט, די „שבעה טובי העיר״, און האט זיך אנגערופען צום שניידער בזה הלשון:

— דערצעהל, זיי מוחל, נאך א מאל די מעשה פון אנהויב ביז׳ן סוף, און נאכדעם וועט זי דערצעהלען.

און שמעון־אלי דער שניידער האָט זיך נישט געפּוילט איבער־חזר'ען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל די אייגענע מעשה פונ'ם אָנהויב אָן, אַז ער הייסט שמעון־אלי חייט מק"ק זלאָדייעווקע, חברה־מאַן אין צעך און גבאי אין שוהלכען, חאָטש ער טענה'עט מיט זיי: קטנתי מכל הצרות — איך דאַרף עס אויף כפּרות, לא מעוקצך ולא מדוקצך — איך בין אייך מוחל די פּעטש און וויל נישט קיין כבוד! זאָגען זיי: שמלך לך קצין תהיה לנו — פּעטש זאָלסט דו האָפּען און גבאי זאָלסט דו זיין... הקיצור, ער האָט זיך אוועקגעלאָזט אהער קיין קאָזאָדאָיעווקע נאָך אַ ציגעל; דאָס הייסט, ער וואָלט קיין ציגע נישט געקויפט — ער בעדאַרף זי אויף גייען און נייענציג כפּרות; נאָר אַזוי ווי ער האָט אַ ווייב זאָל לעבען, ציפּה־בײלה־רייזה הייסט דאָס, האָט זי איהם נישט געלאָזט אָטהעמען: הכצעקתה — זי וויל אַ ציגע... און אַ ווייב, זאָגט איהר, בעדאַרף מען פאָלגען, איז ער געקומען צו רב חיים־חנה דעם גמרא־מלמד און דינגט ביי איהם אַ ציגע און רעדט אויס „ברחל בתך הנאַקעטע": אַ ציגע. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז מע האָט ביי איהם צוגענומען די עטליכע קערבלעך און מע האָט איהם אריינגערוקט דער רוח ווייסט וואָס, אויף קאָטאָוועס הייסט דאָס, און ער, שמעון־אלי, האָט פיינט אַזעלכע קאָטאָוועס־לעך!... איהר האָט דאָך געהערט מסתמא די מעשה מיט יענע צוויי אידען, וואָס זיינען פּרייטאָג אין באָד...?

און שמעון־אלי דער שניידער חזר'ט־איבער דעם משל פון דער באָד נאָך אַ מאָל, און דער רב מיט די דיינים מיט די שבעה טובי העיר לאַכען.

— האָבען מיר אַ'סגעהערט איין צד. — רופט זיך אָן דער רב. — אצינד לאָמיר האָרכען דעם אַנדערען צד.

שטעהט־אויף רב חיים־חנה דער קלוגער, רוקט־אָן דאָס היטעל אויף דער יאַרמעלקע און הויבט־אָן בזה הלשון:

— שמעו־נא, רבותי! די מעשה איז אַזוי געווען די מעשה: איך בין געזעסען און געלעהרענט מיט די תלמידים בין איך גע־

זעסען, סדר נזיקין האָב איך געלעהרענט, בבא־קמא — יאָ, בבא־קמא... קומט־אריין אָט דער איד פון זלאַדייעװוקע אָט דער, און זאָגט, אז ער איז א זלאַדייעװוקער, פון זלאַדייעװוקע זאָגט ער, און גיט אָפּ שלום גיט ער מיר אָפּ, און דערצעהלט מיר א גאַנצע מעשה דערצעהלט ער מיר, אז ער איז אַליין א זלאַדייעװוקער, פון זלאַדייעװוקע, הייסט דאָס, איז ער, און האָט א װײב האָט ער, הייסט זי ציפּה־ביילה־רייזה הייסט זי — יאָ, ציפּה־ביילה־רייזה הייסט זי... אזוי, דאַכט זיך?

דער מלמד בויגט זיך אָן צום שניידער, און דער שניידער, וואָס האַלט זיך די גאַנצע צייט ביי'ם בערדעל, שטעהט מיט צוגעמאַכטע אויגען, דאָס קעפּעל אביסעל אויף א זייט, און שאָקעלט זיך און זאָגט אויף זיין לשון:

— א מ ת ו י צ י ב ו נ כ ו ן! זי הייסט אַלע דריי נעמען: ציפּע און ביילה און רייזה. אזוי האָט מען איהר א נאָמען געגעבען, און אזוי רופט מען זי פון זינט איך קען זיך מיט איהר שוין פּאַוואָלינקע א יאָהר דרייסיג. נאָר לאָמיר האָרכען, וואָס וועט איהר װײטער זאָגען, ידידי? איהר פאַררעדט נאָר נישט די צייהן! איהר רעדט בעסער עסק, ע ל ה ר א ש ו נ י ם ו ע ל ה א ח ר ו נ י ם — וואָס איך האָב גערעדט און וואָס איהר האָט גערעדט, ווי שלמה המלך זאָגט: „א י ן ח ד ש ת ח ת ה ש מ ש" — קיין חכמות געהט נישט אָן...

— איך וױיס גאָר נישט איך! — מאַכט דער מלמד דערשראָקען און בעוויזט אויף דער מלמד'קע. — זי האָט מיט איהם גערעדט זי, זי האָט מיט איהם געהאַנדעלט זי. איך וױיס גאָר נישט איך!

— אצינד — זאָגט דער רב — לאָמיר האָרכען, וואָס וועט זי עפּיס זאָגען?

און דער רב בעוויזט מיט'ן פינגער אויף דער מלמד'קע, און טעמע־גיטעל די שטילשוויגענדיגע ווישט זיך אָפּ די ליפּען, שפּאַרט זיך אונטער מיט איין האַנד, און מיט דער אַנדערער האַנד הויבט

זי אָן צו טענה׳ן גיך, אָהן איין אָפּשטעל, און דאָס פּנים בשעת מעשה פלאַמט איהר ווי א פייער.

— הערט זשע אויס, אידישע קינדער, די מעשה דערפון איז אזוי: אָט דער איד, דער זלאָדייעווקער שניידער הייסט דאָס, זאָל מיר מוחל זיין, איז... איז אָדער א משוגענער, אָדער א שכור, אָדער איך וויים אליין נישט וואָס! איהר האָט געהערט א מעשה? א איד קומט צו מיר צו געהן אזש פון זלאָדייעווקע אָט דער דאָזיגער, און טשעפּעט זיך צו ווי א קלעק, איין מאָל פאַר אלע מאָל, איך זאָל איהם פאַרקויפען א ציעג, איך האָב געהאַט צוויי, און דערצעהלט מיר דערביי א פּזמון, אז ער וואָלט קיין ציעג נישט געקויפט, ער באַדאַרף זי אויף כ״ב־כפּרות, נאָר אזוי ווי ער האָט א ווייב, ציפּה־ביילה־רייזה הייסט זי, האָט זי זיך איינגעשפּאַרט איין מאָל פאַר אלע מאָל — א ציעג! און א ווייב, זאָגט ער, באַדאַרף מען פאָלגען, איהר פאַרשטעהט א משל? טענה איך: וואָס געהט דאָס מיך אָן? איהר ווילט ביי מיר אָוועקקויפען א ציעג, פאַרקויף איך אייך, דאָס הייסט, איך וואָלט קיין ציעג גאָר נישט פאַרקויפט פאַר קיין געלט, וואָרום וואָס איז געלט? געלט איז קיילעכיג. געלט געהט אַוועק און א ציעג בלייבט א ציעג, ובפרט נאָך אזא ציעג — ס׳איז דען א ציעג? ס׳איז א מאַמע, נישט קיין ציעג! קיין עין־הרע, איהר גרינג מעלקען זיך, איהר מילך געבען, היינט איהר עסען משטיינס געזאָגט, זי עסט דען עפּים? איין מאָל אין טאָג א „פּילע״ פון קלייען, דאָס איבעריגע א ביסעל שטרוי פונ׳ם דאַך פון בית־המדרש. נאָר צוריק שמועסענדיג, האָב איך מיך מיישב געוועזן אזוי: איך האָב דאָך, קיין עין־הרע, צוויי ציעגען, און געלט איז א יצר־הרע... בקיצור, דאַ האָט זיך שוין אריינגעמישט מיין מאַן, זאָל לעבען, און מיר זענען דורכגעקומען מיט׳ן שניידער פאַר׳ן מקח — מיינט איהר, וויפיעל? נישט מעהר זאָלען מיינע שונאים פאַרמאָגען, רבונו של עולם! און איך האָב איהם אָפּגעגעבען די ציעג, אויף אלע מיינע ליעבע געזאָגט געוואָרען אזא ציעג. ס׳איז דען א ציעג? א מאַמע,

נישט קיין ציעג! קומט ער צו געהן, דער שניידער, מיט א בלבול, ס׳איז נישט קיין ציעג, זאָגט ער! שאַ, ווייסט איהר וואָס? אָט שטעהט זי. גיט, זייט מוחל, אהער א מעלקשעפעל, וועל איך זי אויסמעלקען פאַר אייך אין די אויגען!

און זי האָט אנטליהען ביי דער רבי׳צין דאָס מעלקשעפעל און האָט אויסגעמאָלקען די ציעג פאַר אלעמען אין די אויגען, צוגעטראָגען דאָס שעפעל מיט מילך איטליכען בעזונדער, פריהער, געוויינטליך, דעם רב, נאָכדעם די דיינים, און נאָכדעם די שבעה טובי העיר, און דעם איבעריגען עולם, און ס׳איז געוואָרען ביי׳ם רב אין שטוב א ליאַרעם, א געפילדער — הימעל עפען זיך! דער האָט געזאָגט: מע בעדאַרף קנס׳ענען דעם זלאַדייעוועקער שניידער, ער זאָל שטעלען משקה! דער האָט געזאָגט: קנס׳ענען אליין איז נאָך ווינציג — מע בעדאַרף ביי איהם צונעמען די ציעג! און דער האָט געזאָגט: ניין, די ציעג איז א ציעג, לאָז ער זיך עלטערען מיט איהר אין עושר און אין כבוד; מע בעדאַרף איהם מכבד זיין מיט גוטע עטליכע פאַנטאָפעל און ארויסוואַרפען מיט דער ציעג אינאיינעם צו אלדי שוואַרצע יאָהר!

דערזעהען אזא מעשה, האָט זיך שמעון־אלי פּאַוואָלינקע ארויסגערוקט פונ׳ם רב׳ס שטוב און האָט געמאַכט פּליטה.

---

## קאַפּיטעל ח.

וישא החיט את רגליו — און דער שניידער האָט גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און איז אוועק מיט דער ציעג אהיים גיך און געשווינד, ווי א מענש, וואָס לויפט פון א שרפה. ער האָט זיך ארומגעקוקט, צי מע יאָגט איהם חלילה נישט נאָך, און האָט געדאַנקט גאָט, וואָס ער איז ארויס „חנם אין כסף — טרוקען אָהן פעטש“...

דורכגעגאַנגען פאַרביי דער דעמבענער קרעטשמע, האָט זיך שמעון־אלי געקלערט: „מכות וועסטו דו ביי מיר וויסן דעם אמת!" און ער האָט פאַרלייקענט פאַר דאָדי'ן די גאַנצע מעשה.

— נו, וואָס הערט זיך? — פרעגט איהם דאָדי כלומרשט נייגיעריג.

— וואָס זאָל זיך הערן? — זאָגט שמעון־אלי. — פאַר מיר האָט מען דרך־ארץ! מיט מיר טרייבט מען נישט קיין קאַטאָוועס, כי אָדם אני ולא פאַרך — איך בין דאָך עפּיס נישט קיין יונגעלע! איך האָב דאָס אַ ביסעל געעפענט אויף זיי אַ פּה־קדוש, זיך פאַרהערט אַ ביסעל מיט'ן מלמד אין תורה, לאָזט זיך אויס, אַז איך וויים בעסער פון איהם, וואָס אין די קליינע אותיות טהוט זיך... בקיצור הדבר, זיי האָבען מיך איבערגעבעטען און געגעבען מיר די ציעג, וואָס איך האָב געקויפט. אָט איז זי. נאָט אייך זי אויף אַ מינוט, ככתוב, ווי אין פּסוק שטעהט: הנפש קח לך והרכוש תן לי — נעמט אייך דעם נפש און מיר גיט אַ ביסעל בראָנפען.

„געגנוג ער איז אַ גדלן, איז ער נאָך אַ ליגנער אויך!" — טראַכט זיך דאָדי דער רענדאַר. — „מע בעדאַרף מיט איהם מאַכען נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע שפּיעל און הערען, וואָס וועט ער זאָגען ווייטער?"

און צום שניידער האָט ער געזאָגט:

— איך האָב פון דיינעטוועגען, שמעון־אלי, אַ גלעזעל אַלטען „ווישניק", אויב דו האָסט חשק.

— פונ'ם יין המשומר? — מאַכט שמעון־אלי און בעלעקט זיך אַזש. — מהכתיתי, ווייזט אַהער, וועלען מיר אייך זאָגען אַ מבינות; איך וויים, אַז ביי אייך דאַרף זיין אַ גוט גלעזעל ווישניק, נאָר לאו כל אדם כוזב — נישט איטליכער איז דערויף אַ מבין.

אויסגעטרונקען דאָס ערשטע גלעזעל, האָט זיך ביי אונזער שניידער אויפגעבונדען די צונג און ער רופט זיך אָן צום רענדאַר:

— זאָגט נאָר, מיין ליעבער קרוב, איהר זענט דאָך עפּיס א איד, וואָס קאַטאָרי איהר זענט נישט קיין נאָר, כלעבען, און איהר קעהרט זיך אָן מיט אַלערליי מענטשען; זאָגט מיר נאָר, איהר גלויבט אין כשוף? פארבלענדעניש?

— דהיינו? — פרעגט איהם דאָדי תמ׳עוואַטע.

— דהיינו — זאָגט שמעון־אלי — א דבוק, א לץ, א נישט־גוטער, א גלגול?...

— אַקעגען וואָס זאָגסט דו דאָס? — מאַכט דאָדי מיט א תמ׳עוואַטען פּנים און פּיפּקעט מיט׳ן לולקעלע.

— איך שמועס עס גלאַט אַזוי אַקעגען דרינען. — זאָגט „שמעון־אלי שמע־קולנו" און הערט נישט אויף צו רעדען פון גלגולים, פון מכשפים, פון מכשפות, שדים און רוחות, לצים, שרע־טעלעך, וואָווקעלאַקעס. דאָדי הערט־צו כלומרשט מיט קאָפּ, פּיפּ־קעט מיט׳ן לולקעלע; נאָכדעם שפּייט ער אויס און רופט זיך אָן צום שניידער:

— דו ווייסט, שמעון־אלי, וואָס איך וועל דיר דערצעהלען? איך וועל היינטיגע נאַכט, דאַכט מיר, מורא האָבען שלאָפען. איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, פאַר מתים האָב איך תמיד מורא גע־האַט, נאָר פון היינט אָן הויב איך שוין אָן גלויבען אין גלגולים און אין לצים אויך...

— א ברירה האָט איהר? — מאַכט צו איהם דער שניי־דער. — פּרובט נישט גלויבען! אַנו, לאָז זיך נאָר אריינחאַפּען צו אייך עפּיס א רעכטער לץ און אָנהויבען פּראַווען זיינע רעכטע שטיק: איבערקעהרען אייך די דייזשע באַרשטש, אויסגיסען דאָס וואַסער, אויסטרינקען אַלע קריגלעך, איבערברעכען אייך אַלע טעפּ־לעך, פאַרקניפּען די ציצית פונ׳ם טלית־קטן, אריינוואַרפען אייך א קאָץ אין בעט אריין, און די קאָץ זאָל ליגען ביי אייך אויפ׳ן הארצען, ווי צעהן פּוד משא, און איהר זאָלט זיך נישט קאָנען ריהרען, און אַז איהר וועט אויפשטעהן, זאָל אייך די קאָץ קוקען גלייך אין די אויגען אריין, ווי א זינדיגער מענטש...

— גענוג! גענוג! — מאכט דער רענדאר, שפּייט־אויס און פערוואָרפט מיט די הענד. — גענוג דיר שוין צו דערצעהלען אקעגען נאַכט אזעלכע מעשיות!

— זייט מיר געזונט, רב דאָדי, האָט קיין פאראיבעל נישט, וואָס איך האָב אייך אַ ביסעל דערקוטשעט; איהר ווייסט אליין, אז איך בין נישט שולדיג, ככתוב, ווי אין פּסוק שטעהט: ל א היו דברים — ניע מיעלאַ באבאַ חלאָפּאָטע... אַ גוטע נאַכט!

---

## קאַפּיטעל ט.

**כשבא החיט** — אז דער שניידער איז געקומען אהיים, איז ער אריין אין שטוב אריין מיט אַ ירגזון, גאַנץ ברייטליך, און האָט געוואָלט געבען אַ פּעטשאַטעק זיין ווייב, ווי זי איז ווערטה; נאָר ער האָט זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע כחות. ער האָט זיך געטראַכט: „עט, אַ אידינע בלייבט אַ אידינע! לאָז מיינם איבער־געהן!“ און פון דרך־שלום וועגען האָט ער דערצעהלט פאר זיין ווייב אַ שענעם ליגען.

— הערסט דו, ציפּה־ביילה־רייזה מיין ברודער? פאַר מיר האָט מען, אפּנים, פאָרט דרך־ארץ. מילא, וואָס דער מלמד מיט דער מלמד׳קע האָבען פון מיר געהאַט — בין איך דיר מוחל; איך האָב זיי געגעבען, וויפיעל עס איז אין זיי אריין! און חוץ לזה האָב איך זיי אוועקגעשלעפּט צום רב, האָט דער רב אָפּגע־פּסק׳ענט, אז זיי באַדאַרפען צאָהלען קנס, ווארום אז אַזאַ איד, ווי שמעון־אלי, קומט צו זיי האנדלען אַ ציעג, באַדאַרף זיין ביי זיי דער גרעסטער כבוד, ווארום אַט דער שמעון־אלי, זאָגט דער רב, איז אַ איד קאַטאָרי וועלכער...

ציפּה־ביילה־רייזה האָט אָבער מעהר נישט געוואָלט אויס־הערען די שבחים, וואָס מע לעגט אויף איהר מאַן. זי האָט שוין געוואָלט אָנקוקען וואָס גיכער די אמת׳ע ציעג, וואָס איהר מאַן

האָט געבראַכט; האָט זי געחאַפּט דאָס טעפּעל און איז אַוועק
אין הויז אויסמעלקען די ציגע. און עס האָט נישט לאַנג געדויערט
און ציפּה־ביילה־רייזה איז אַריינגעלאָפען אין שטוב אַריין שוין
אָהן ווערטער; זי האָט אָנגענומען שמעון־אלי'ן מחילה פון הינ־
טען ביי'ם קאָלנער און האָט איהם מיט דריי גוטע סטוסאַקעס
אַרויסגעוואָרפען מיט דער שענער ציגע אינאיינעם „צו אַלדי שוואַר־
צע וויסטע פינסטערע יאָהר!"...

געבליבען אין דרויסען מיט דער שענער ציגע, האָבען זיך
ארום דעם שניידער צונויפגעקליבען אַ גאַנץ רעדעל אידען, ווייבער
און קינדער, און האָבען אויסגעהערט די חדושים, וואָס שמעון־אלי
האָט זיי דערצעהלט, אַז די דאָזיגע ציגע, וואָס ער האַלט אויפ'ן
גאַרטעל, איז נאָר דאָרט, אין קאָזאָדאָיעווקע, אַ ציגע, וואָס מעלקט
זיך און גיט מילך, נאָר קוים קומט ער מיט איהר אַהער, אַזוי ווערד
זי אויס ציגע... שמעון־אלי האָט געשוואָרען מיט כל השבועות,
מע מעג גלויבען אַ משומד, אַז ער אַליין האָט געזעהען מיט זיינע
אויגען, ווי מע האָט זי אויסגעמאָלקען ביי'ם רב אין שטוב און
אָנגעמאָלקען אַ פול מעלקשעפעל מיט מילך... אַ סך מענשען האָבען
זיך אָפּגעשטעלט, בעטראַכט די ציגע גאַנץ ערנסט, איבערגעפרעגט
די מעשה נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, און שטאַרק גע'חדוש'ט
זיך... אַנדערע האָבען געלאַכט, געמאַכט חוזק און געזאָגט ווערט־
לעך, און אַנדערע האָבען געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אויסגעשפּיגען
און אַ זאָג געטהאָן:

— אַ שענע ציגע! ס'איז אַזוי אַ ציגע, ווי איך בין אַ רביצין.

— וואָס דען איז דאָס?

— אַ גלגול! איהר זעהט ניט, אַז ס'איז אַ גלגול?...

— דאָס וואָרט „גלגול" ווערד אונטערגעחאַפּט פונ'ם גאַנצען
עולם; עס ווערען דערצעהלט אַלערליי מעשיות פון גלגולים, וואָס
האָבען זיך געטראָפען דאָ אין זלאָדייעווקע, אין קאָזאָדאָיעווקע,
אין יאַמפּעלי, אין פּישי־יאַבעדע, אין חאַפּלאַפּאָוויטש, אין פּעטשי־
חוואָסט — אויף דער גאַנצער וועלט! ווער ווייסט נישט די מעשה

מיט לייזער־וואָלפ׳ס פערדעל, וואָס מע האָט דאָס געמוזט אַרויס־פיהרען הינטער דער שטאָדט, הרג׳ענען און מקבר זיין אין תכריכים?... צי, אַשטייגער, ווער האָט נישט געהערט די מעשה מיט׳ן פערטעל עוף, וואָס בשעת מע האָט דאָס דערלאַנגט שבת צום טיש, האָט דאָס אָנגעהויבען צו ריהרען מיט׳ן פליגעלע?... וכדומה אזעלכע אמת׳ע מעשיות.

אַז שמעון־אלי האָט זיך געלאָזט געהן ווייטער, האָבען איהם אַ גאַנצע קאָמאַנדע פון חדר־יונגלעך בעגלייט מיט כבוד. זיי האָבען איהם נאָכגעשריגען:

— הוררא, שמע־קולנו! הוררא, מעלקענדיגער שניידער!

דער גאַנצער עולם האָט זיך געהאַלטען ביי די זייטען פון געלעכטער.

דאָ האָט שוין שמעון־אלי׳ן אָנגענומען פאַר׳ן הארצען; געגנוג ער האָט אַזאַ איין אומגליק, מאַכט מען נאָך פון איהם חוזק! איז ער אַוועק מיט דער ציעג איבער דער שטאָדט, האָט געמאַכט אַ גוואַלד צווישען חברה „פּועל־צדק": סטייטש, וואָס שווייגט מען? ער האָט זיי דערצעהלט די גאַנצע מעשה, וואָס מע האָט איהם אָפּגעטהאָן אין קאַזאַדאָיעווקע, זיי בעוויזען די ציעג... האָט מען באַלד געשיקט נאָך בראָנפען, און ס׳איז געבליבען, מע זאָל געהן צום רב, צו די דיינים און צו די איבעריגע „שבעה טובי העיר", מע זאָל שרייען פאַר זיי, איינלעגען די וועלט: סטייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אַזאַ רציחה, מע זאָל דערטאַפּען איין אָרעמען אידען אַ שניידער, ביי איהם אויסנאַרען די לעצטע עטליכע קערבלעך, איהם פערקויפען כלומרשט אַ ציעג און אַריינ־שטופּען איהם דער רוח ווייסט וואָס? און נאָך מאַכען פון איהם חוזק שוין דאָס אַנדערע מאָל? אַזאַ מעשה האָט זיך דאָך נישט פערלאָפען אפילו אין סדום!

און חברה „פּועל־צדק" זענען געקומען צום רב, צו די דיינים און צו די איבעריגע „שבעה טובי־העיר", האָבען געשריגען

פאר זיי, איינגעלעגט די וועלט: סטייטש, וואו איז דאס געהערט געוואָרען אזא רציחה, מע זאָל דערטאפּען איין אָרעמען אידען א שניידער, אויסנארען ביי איהם די לעצטע עטליכע קערבלעך, איהם פערקויפען כלומרשט א ציעג און אריינשטופען איהם דער רוח ווייסט וואָס שוין דאָס אנדערע מאָל? אזא מעשה האָט זיך דאָך נישט פערלאָפען אפילו אין סדום!...

און דער רב מיט די דיינים מיט די איבעריגע „שבעה טובי העיר" האָבען אויסגעהערט די טענות, האָבען זיך צונויפגעקליבען אויף דער נאכט אלע ביי'ם רב אויף איין אסיפה, און ס'איז גע־בליבען, מע זאָל טאקי דא אויפ'ן אָרט אָנשרייבען א רעכטען בריעף צו די קאָזאָדאָיעווקער רבנים, דיינים און די איבעריגע „שבעה טובי העיר". און די זלאָדייעווקער רבנים, דיינים און די איבעריגע „שבעה טובי העיר" האָבען זיך אוועקגעזעצט און האָבען אָנגעשריבען א בריעף צו די קאָזאָדאָיעווקער רבנים, דיינים און די „שבעה טובי העיר" אויף לשון־הקודש אין זעהר א שענער מליצה. אָט איז דער בריעף אות באות:

„לכבוד צו די רבנים, דיינים, חכמים, גאונים מפורסמים, זיילען פון דער וועלט, וואָס דאָס גאנצע הויז פון ישראל איז אָנ־געלעהנט אויף זיי. פריעד זאָל זיין צו אייך און פריעד זאָל זיין צו אלע אידען פון דער הייליגער קהלה אין קאָזאָדאָיעווקע און אלדאָס גוטס זאָל טהון רוהען אויף זייערע קעפּ, אָמן.

„היות כפי אונזערע אויהערען האָבען געטהאָן הערען, אז ס'איז געטהאָן געוואָרען זעהר א גרויסע עולה צו איינעם פון אונ־זערע שטאָדט־לייט, רב שמעון־אלי ב"ר בענדיט־לייב חיט, וואָס מע רופט איהם שמעון־אלי שמע־קולנו, היינו: צוויי פון אייערע לייט, המלמד רב חיים־חנה מיט זיין פלונית מרת טעמע־גיטעל שתחיה, האָבען אויסגענארט מיט קלונשאפט ביי אונזער שניידער געלד, סך זיבעטהאלבען רובעל זילבער, וואָס זיי האָבען אריינגע־טהאָן צו זיך אין די כלים און האָבען אָפּגעווישט די ליפּען און

זאָגען: מיר האָבען נישט געטהאָן קיין אומרעכט — און אַזוי טהוט זיך ניט ביי אידען! מיר אַלע, וואָס שטעהען אונטען גע'חתמ'עט, זאָגען עדות, אַז דער דאָזיגער שניידער איז איין אָרע־מער בעל־מלאכה און אַ מטופל מיט קינדער, וואָס איז זיך מפרנס עהרליך מיט אייגענער האָרעוואַניע, און דוד המלך האָט דאָך שוין לאַנג געזאָגט אין תהלים: יגיע כפיך כי תאכל — די מידעקייט פון דיינע הענד, אַז דו וועסט טהון עסען, וועט דיר זיין אַז וואויל און גוט, זאָגען אונזערע חכמים: דער פשט איז: וואויל אויף דער וועלט און גוט אויף יענער וועלט. בכן, טהוען מיר אייך בעטען, איהר זאָלט באַלד חוקר ודורש זיין דערויף, וואָס ס'איז געטהאָן געוואָרען, און אייער משפט זאָל אַרוים ווי די זון, און איהר זאָלט מקיים פסק זיין איינס פון די צוויי: אָדער מע זאָל אומקעהרען דעם שניידער זיין געלד בשלימות, אָדער מע זאָל איהם אַרויסגעבען זיין ציעג, וואָס ער האָט געקויפט, מחמת די ציעג, וואָס ער האָט געבראַכט צו פיהרען, איז נישט קיין ציעג!... דאָס קאָן אייך די גאַנצע שטאָדט געהן שוועהרען אַ שבועה דאורייתא... און לאָז זיין שלום צווישען אידען, ווי אונזערע חכמים האָבען געזאָגט: נישטאָ נאָך אַזאַ געבענשט כלי פאַר אידען ווי שלום. שלום זאָל זיין צו אייך, שלום צום ווייטערסטען און צום נאָהענ־סטען, שלום צו אַלע אידען, אָמן!

„פון אונז אייערע קנעכט, וואָס אייער מינדסט פינגערעל איז גרעבער פון אונזערע לענדען.

„נ א ו ם ה ר ב ב ה ר ב ז"ל... ו נ א ו ם
ה ר ב ב ה ר ב ז"ל... ו נ א ו ם ב ר ו ך
ק א פ א ט ע, ז ר ח פ ו פ י ק, פ י ש ע ל
ו ו י ק י ד י י ל א, ח י י ם ק ו ו י ט ש, נ י ס ל
ק א ט ש ע ן, מ א ט ע ל ש א ל ע כ ץ, י ה ו ש ע־
ה ע ש ע ל ק י ש ק י ש."

## קאפיטעל י.

בלילה ההוא — אין יענער נאכט האט געשיינט די לבנה און האט אראפגעקוקט אראפ אויף זלאָדייעווקע מיט איהרע פינ־סטערע האלב־איינגעפאלענע הייזלעך, וואס שטעהען צונויפגע־קוועטשט, אהן הויפען, אהן בוימלעך, אהן פארקאנס. ווי א בית־עלמין זעהט אויס ביי נאכט די שטאָדט, איין אלטער בית־עלמין מיט אלטע מצבות, וואס א סך פון זיי שטעהען אנגעבויגען כורעים, און א סך וואלטען שוין לאנג איינגעפאלען, ווען זיי זאלען נישט זיין אונטערגעשפארט מיט קלעצער. און חאָטש די לופט איז דאָרט נישט אזוי פויגעלדיג, און די ריחות פונ'ם מארק און פונ'ם שוהלהויף זענען עפּיס נישט אזוי געשמאק, און דער שטויב איז געדיכט און שטעהט הויך ווי א מויער, — פון דעסטוועגען זענען אלע מענשען ארויס, ווי טאראקאנעס פון די לעכער, אידען און ווייבער, אלטע לייט און קליינע קינדער, „חאפען א לופטעל“ נאך דעם הייסען ברענענדיגען טאג. דער עולם האט זיך אויסגע־זעצט אויף די שוועלען א ביסעל שמועסען, פלאפלען דברים בטלים, אָדער גלאט אזוי קוקען ארויף אין הימעל אריין, בעטראכטען די צורה פון דער לבנה, מיט די מילי־מילאסען שטערען, וואס אז מע זאל זיין מיט אכצעהן קעפ, איז אוממעגליך זיי איבערצוציעהלען!

אין יענער נאכט האט זיך שמעון־אלי דער שניידער ארומ־געדרעהט איינער אליין אין אלע הינטערגעסלעך מיט'ן תכשיט, וואס ער האט איינגעהאנדעלט אין קאזאדאיעווקע, זיך געהיט פאר די ווייסע־חברה'ניקעס, מע זאל איהם נישט דערזעהען. ער האט גערעכענט, אז עס וועט ווערען טאג, זאל ער זיך ווידער לאזען אין וועג אריין, און דערווייל האט ער זיך ארייננעחאפּט צו האדעל דער אקציזניטשקע אין שענקעל, נעמען פאר הארצוועהטיג א ביסעל בראנפען און אויסרעדען זיך א ביסעל דאס הארץ, זיך האלטען מיט איהר איין עצה מכח דעם אומגליק, וואס ער האט אויף זיך גענומען.

הארעל די אקציזניטשקע איז געווען א ווייבעל איין אלמנה, א „מאנסבילשער קאפ“, אויסגעבונדען מיט גאנץ „נאטשאלסטווע“ און א גוטע שוועסטער מיט אלע בעלי־מלאכות אין שטאדט. פון וואנען נעמט זיך דער נאמען „אקציזניטשקע“? איבער א מעשה, וואס זי איז מיידעלווייז געווען זעהר א שענע, א יפת־תואר; האט איין אקציזניק, זעהר א רייכער, זי דערזעהען איינמאל דורכ־פאהרענדיג פארביי זלאדייעווקע, בשעת זי האט געטראגען געגז צום שוחט; האט זי דער אקציזניק אפגעשטעלט און א פרעג געטהאן:

— מיידעל, וועמענ׳ס ביזט דו?

האט זי זיך פערשעמט, צעלאכט און איז אנטלאפען גע־ווארען; האט מען איהר פון דעמאלט אן א נאמען געגעבען „די אקציזניטשקע“... אנדערע זאגען, אז דער אקציזניק איז געווען ביי איהר נאכדעם אין דער היים, געדעדט מיט איהר טאטען, נחמיה ווינאקור, געוואלט פאר איהר חתונה האבען, זי נעמען ווי זי שטעהט און געהט און נאך צוצאהלען איהר טאטען אין בייטעל אריין. איז שוין כמעט געווען „תנאים“, האט דאס שטעדטעל זי גענומען אין די מיילער אריין, איז צעקראכען געווארען דער שידוך, און זי האט גאר חתונה געהאט נאכדעם א שטילע חתונה פאר עפים א שלים־מזל, א חולה־נופל׳דיגען; האט זי שטארק געוויינט, נישט געוואלט געהן צו דער חופה, האט זיך דעמאלט די גאנצע שטאדט געוויעגט. מע האט געזאגט, אז זי איז גאר געווען פערקאכט אינ׳ם אקציזניק, און מע האט געמאכט א ליעדעל אויף איהר, וואס ווייבלעך און מיידלעך זינגען דאס נאך עד היום אין זלאדייעווקע: דאס ליעדעל הויבט זיך אן מיט די ווערטער:

„די לבנה האט געשיינט,
האלב נאכט איז געווען —
און הארעלע זיצט ביי דער טיר...“

און עס לאָזט זיך אויס מיט די ווערטער:

„איך האָב דיך ליעב, דושינקע,
גאָר אָהן איין עק,
איך קאָן אזש ניט לעבען אָהן דיר!“

אָט דאָס איז געווען האָדעל די אקציזניטשקע, און פאַר איהר האָט דאָס אונזער שניידער אויסגעגאָסען זיין ביטער הארץ: דער־צעהלט אַלסדינג, וואָס ביי איהם אויף דער נשמה טהוט זיך, און געבעטען, זי זאָל איהם געבען איין עצה: וואָס טהוט מען?

— וואָס טהוט מען? איהר זענט דאָך עפּיס יאָ, ווי דוד המלך זאָגט אין שיר־השירים: ש ח ו ר ה א נ י ו נ א ו ה — ווער ס'איז שען, איהר זענטביידע זאַכען... גיט מיר איין עצה: וואָס טהוט מען?

— וואָס זאָל מען טהון? — זאָגט צו איהם האָדעל און שפּייט־אויס. — איהר זעהט דען נישט, אז ס'איז א גלגול? וואָס וועט איהר זיך האַלטען מיט דער באָמבע? נעמט און וואַרפט איהם אַרויס צו אַלדי שוואַרצע יאָהר! איהר קאָנט נאָך האָבען, חס ושלום, דעם אייגענעם פּסק, וואָס מיין מוהמע פערעל האָט געהאַט, לאָז זי זיין ווייט אָפּגעשיידט פון מיר, זי איז שוין אויף דער אמת'ער וועלט.

— דהיינו? — פרעגט שמעון־אלי דרעשראָקען.

— דהיינו, — זאָגט האָדעל מיט א זיפץ — מיין מוהמע פערעל, עליה השלום, איז געווען איין עהרליכע אידינע, א כשר'ע. אונזער משפחה זענען אַלע עהרליכע... חאָטש דאָ, אין דעם וויסטען זלאָדייעווקע, פאַרברענט זאָל דאָס ווערען, האָט מען ליעב באַרעדען איטליכען באַזונדער, געוויינטליך, הינטער די אויגען, וואָרום אין די אויגען זענען זיי גרויסע חליפת'ניקעס, קוצעני־מוצעני... בקיצור, מיין מוהמע פערעל, עליה השלום, איז איינמאָל געגאַנגען אין מארק, זעהט זי: עס ליגט א קניילעכין בייוועל אויף דער ערד. איז זי זיך מיישב: א קניילעכין בייוועל קומט צו־נוטץ; בויגט

זי זיך אָן און הויבט דאָס אויף. זי נעמט דאָס קנײלעכין בײװעל און לאָזט זיך גײן, טהוט דאָס איהר אַ שפּרונג אין פּנים אַרײן און אַ פאַל אויף דער ערד. בויגט זי זיך אָן מסתּמא נאָך אַ מאָל און הויבט דאָס אויף, טהוט דאָס איהר װידער אַ שפּרונג אין פּנים אַרײן און אַ פאַל אויף דער ערד. בויגט זי זיך װידער אַ מאָל אָן, נעמט דאָס װידער אַ מאָל, טהוט דאָס איהר װידער אַ שפּרונג אין פּנים און אַ פאַל אויף דער ערד. איז זי זיך מײשב און טהוט אַ שפּײ אויפ׳ן קנײלעכין בײװעל (האַפּט דאָס דער װאַטענמאַכער!), און װיל שױן גײן אַהײם. זי טהוט אַ קוק — דאָס קנײלעכין בײװעל קאַטשעט זיך איהר נאָך; זי פּרובט זיך לויפען — דאָס קנײלעכין בײװעל קאַטשעט זיך. בקיצור, זי איז געקומען אַהײם אַ טױדטע נעבאַך, געפאַלען חלשות, און האָט נאָכדעם אָפּגעקרענקט אפשר אַ יאָהר כּסדר. װאָס, מײנט איהר, איז דאָס געװען, אַשטײגער? אנו, טרעפט?...

— עט! כּולם אהובים, כּולם ברורים — אַלע װײבער זענען אויף אײן שניט! — זאָגט שמעון־אַלי. — ס׳איז באָבסקי מעשׂיות, פּוסטע מיהלען, באַרעס, פּידרוך מיט לאַקריצע! מע זאָל זיך װעלען צו־הערען, װאָס װײבער פּלעטשען, װאָלט מען באַדאַרפט מורא האָבען פאַר׳ן אײגענעם שאָטען, ככּתוב, װי אין פּסוק שטעהט געשריבען: נ ש י ם ד ע ת ן ק ל ו ת — װײבער זענען גענז... נאָר גאָר נישט, היום הרת עולם — נישט געזאָרגט! האָט אײך אַ גוטע נאַכט.

און שמעון־אַלי דער שנײדער לאָזט זיך גײן װײטער.

די נאַכט האָט זיך אויסגעשטערענט. די לבנה האָט געשפּאַציערט צװישען שטיקער װאָלקען, װאָס זעהען־אויס, װי הױכע טונקעלע בערג, בעלעגט מיט זילבער. מיט אַ האַלבען פּנים האָט די לבנה אַראָפּגעקוקט אויף דער שטאָדט זלאַדײעװקע, װאָס האָט געהאַלטען אין רעכטען שלאָף. אַ טײל בעלי־בתּים, װאָס האָבען מורא פאַר װאַנצען, האָבען זיך אַריבערגעפּעקלט מיט׳ן בעט־

געוואַנד אין דרויסען, זיך איבערגעדעקט מיט די געלע לײַלעכער איבער'ן קאָפּ, געחראָפּעט גאַנץ געשמאַק און געזעהען זיסע חלומות: חלומות פון פּדיון אויפ'ן יריד, פון לייזונג א סך, פון א פּער־דיענסטעל א גראַבס; חלומות פון א פריץ זעהר א וואוילען, פון א געשעפטעל א גוטס; חלומות פון א שטיקעל ברויט, פון פּרנסה בכבוד און פון כבוד אליין — פערשיעדענע חלומות!... מע זעהט נישט אויף דער גאַס קיין לעבעדיגען נפש; מע הערט נישט קיין פּיפּס אין ערגיץ, — אפילו די יאַטקע־הינד, וואָס האָבען זיך געגוג אָנגעבילט און אָנגעמאַרדעוועט דורכ'ן טאָג, האָבען זיך איינגע־נאָרעט צווישען די קלעצלעך, בעהאַלטען די מאָרדעס צווישען די לאַפּעס — און שאַ! זעלטען־זעלטען חאַפּט זיך אַרויס ביי זיי א האַלבער „האַו", בשעת עס חלומ'ט זיך זיי עפּיס א ביינדעל, וואָס אַנדערע הינד שאַרפען זיך דערויף די צייהן, אָדער בשעת עס דאַכט זיך זיי, אז א פליעג האָט זיך פערקליבען אין אויהער אַריין און רייסט זיי אײַן א סוד... זעלטען־זעלטען פליהט־דורך א נאַרישער זשוק מיט צעלאָזטע פליגעל, דרעהט זיך און שוועבט אין דער לופטען אויף איין אָרט, זשומעט ווי א סטרונע פון א באַס און מאַכט: זששששששש!!, טהוט א פאַל אָן דער ערד און ווערד אנשוויגען... אפילו דער שטאָדט־שומר, וואָס אַלע נאַכט געהט ער אַרום, היט די קלייטען און קלאַפּט מיט צוויי שטעקלעך: קלאַ! קלאַ!... קלאַ! קלאַ!... האָט היינטיגס מאָל, ווי אויף־צו־להכעיס, אויסגעטרונקען, האָט זיך צוגעשפּאַרט צו א וואַנד און איז גע־שמאַק אנשלאָפען געוואָרען... אין דער דאָזיגער שטילער נאַכט דרעהט זיך אום שמעון־אלי דער שניידער איינער אַליין איבער דער גאַנצער שטאָדט, און ער ווייסט נישט, צי זאָל ער געהן, צי זאָל ער שטעהן, צי זאָל ער זיצען... און ער געהט־אַרום און רעדט צו זיך אַליין שטילערהייד:

— ואתא שונרא ואכלה לגדיא — נע מאַלאַ באַבאַ חלאָ־פּאָטע — קופּילע סאָבי קאָזאַ!... לאָז קומען א פּאָהיבעל אויף דער דאָזיגער ציגע! א ציעג?... ח־ח־ח־חד גדיא! חד גדיא!

ער צעלאכט זיך און שרעקט זיך איבער פאר זיין אייגענעם געלעכטער. בשעת מעשה געהט ער דורך פארביי דער „קאלטער שוהל", וואס האט א שם מיט איהרע מתים, וואס דאוונען דארטען אלע שבת־צו־נאכטס, אנגעטהאן אין ווייסע קיטלען און אין טליתים, און עס דאכט זיך איהם, ווי ער הערט עפּיס א מין געזאנג: או־או־או! ווי א ווינד, וואס בלאזט אין קוימען אריין ווינטער בייגאכט... ער טרעט־אפּ פון דער „קאלטער שוהל", לאזט זיך געהן אין דער גוי'עשער גאס, דערהערט ער א קול „פּ צ ס ס ס!" דאס פייפט א פוהאטש, וואס האט זיך פערקליבען גאנץ אויבען, אויפ'ן שפּיץ קלויסטער... עס פאלט אויף איהם און א שרעקליכע מרה־שחורה, א פחד, מיט סכנת־נפשות! נאר ער שטארקט זיך, ער מאכט זיך א הארץ און וויל זאגען עפּיס א פּסוק, אזעלכען, וואס מע זאגט ביינאכט, אז מע זאל קיין מורא נישט האבען; האט ער אבער פערגעסען דעם פּסוק, ארויסגעפלויגען פונ'ם קאפּ! און מעשה־שטן, קומען איהם אקעגען דוקא אלעריליי מורא'דיגע בילדער פון בעקאנטע, וואס זענען שוין לאנג אויף דער אמת'ער וועלט... און ער דערמאנט זיך אן א סך שרעקליכע מעשיות, וואס ער האט זיך אנגעהערט אויף זיין לעבען: מעשיות מיט שדים, מיט רוחות און מיט לצים אינ'ם געשטאלט פון קעלבלעך... מעשיות מיט שרעטעלעך, וואס לויפען ווי אויף רעדלעך, מיט וואוקעלאקעס, וואס געהען אויף די הענד, מיט מינים בעשעפעגישען, וואס קוקען אויף איין אויג... מעשיות מיט לעבעדיגע מתים, וואס געהען־אום אין עולם התוהו, אנגעטהאן אין תכריכים... שמעון־אלי פועל'ט ביי זיך, אז די דאזיגע ציגע, וואס ער פיהרט זיך מיט איהר ארום, איז נישט קיין ציגע, נאר א גלגול, אדער א לץ, וואס אט באלד שטעלט ער איהם ארויס א צונג אויף צעהן ארשין, אדער ער טהוט א פאטש מיט די פליגעל און טהוט א געשריי איבער דער גאנצער שטאדט: „קו־קא־רי־קו!"... שמעון־אלי פיהלט, אז עס הויבט זיך איהם דער מח; שטעלט ער זיך אפּ אויף א ווייל'ע, בינדט־אפּ דעם גארטעל; ער וויל פטור ווערען פון דער

באַמבע. ווער? וואָס? דער שענער בחור שטעהט, ער וויל נישט אָפּטרעטען פונ'ם שניידער אויף אַ מינוט אפילו! שמעון־אלי פּרובט זיך לאָזען געהן אַ פּאָר טריט — ער געהט איהם נאָך; ער נעמט זיך רעכטס — געהט ער רעכטס; ער נעמט זיך לינקס — ער געהט לינקס...

— שמע ישראל! — שרייט־אויס שמעון־אלי נישט מיט זיין קול און לאָזט זיך לויפען אין דער וועלט אריין. און אַזוי ווי ער לויפט, דאַכט זיך איהם, אַז עמיצער יאָגט איהם און מעקעט איהם נאָך אויף אַ דין ציעגען קול'כעל און רעדט צו איהם, ווי אַ מענש, און זינגט, ווי אַ חזן:

— מ־־־לך ממית ומחיה!... ונ־א־א־א־א־א־מן אתה להחיות מתים!...

---

קאַפּיטעל יא.

בבוקר — אין דער פריה, אַז אידען זענען אויפגעשטאַנען געהן דאַווענען, ווייבער — אין מאַרק אריין, און מיידלעך — צו דער טשערעדע, האָט מען געפונען שמעון־אלי דעם שניידער זיצען אויף דער ערד, און נעבען איהם די שענע ציעג זיצט, די פּיסלעך אונטער זיך, מעלה־גרה'ט און שאָקעלט מיט'ן בערדעל. מע געהט־צו צום שניידער, מע רעדט צו איהם — ער ענטפערט נישט אַ וואָרט; ער זיצט און קוקט, ווי אַ לעהמענער גולם... איז באַלד געוואָרען אַ רעדעל, איין אָנגעלאָף פון דער גאָרער שטאָדט, אַ גערעדעריי, אַ ליאַרעם, אַ געפּילדער ביז'ן הימעל: שמעון־אלי... ציעג... שמע־קולנו... גלגול... לץ... וואָווקעלאַקע... נישט־גוטער... פאַרשטעלט... געפיהרט... געפאַהרען רייטענדיג אַ גאַנצע נאַכט... געמוטשעט... פאַרמוטשעט"... בשעת מעשה זענען גע־פלויגען געגוג ליגענס: איטליכער האָט דערצעהלט, אַז ער האָט אַליין געזעהען איהם פאָהרען רייטענדיג...

— ווער איז געפּאָהרען אויף ווענען? — פרעגט אַ איד און שטעקט־אריין דעם קאָפּ אין רעדעל אריין. — שמעון־אלי אויף דער ציעג, צי די ציעג אויף שמעון־אלי'ן?

דער גאנצער עולם שיסט־אויס אַ געלעכטער.

— אז אָך און וועה איז צו אייך מיט אייער געלעכטער! — רופט זיך אָן אַ איד אַ בעל־מלאכה. — אידען מיט בערד! באַווייבטע! טאַטעס פון קינדער! שעמען מעגט איהר זיך אין אייער ווייטען האלז אריין! וואָס האָט איהר זיך צונויפגעקליבען אהער צו לאַכען? איהר זעהט נישט, אז דער שניידער איז אויס מענטש, נעבאָך טוידט־קראַנק? בעסער פיהרט איהם אָפּ אהיים און שיקט רופען דעם רופא, נישט שטעהן אָט־אַ־דאָ און שטשירען די צייהן, אַ רוח אין אייער טאַטענ'ס טאַטען אריין!!!

די דאָזיגע ווערטער האָט דער בעל־מלאכה אויסגעשאָסען, ווי פון אַ הארמאַט, און דער עולם האָט אויפגעהערט צו לאַכען. דער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן נאָך וואַסער, דער איז אַוועקגעלאָפען צו יודעל דעם רופא. מע האָט גענומען שמעון־אלי דעם שניידער, מחילה, אונטער די הענד און מע האָט איהם אָפּגעפיהרט אהיים און אריינגעלעגט אין בעט אריין. באלד איז געקומען צו לויפען יודעל דער רופא מיט זיין גאַנץ קלאַפּערגעצייג און האָט איהם געגעבען „גרויס ראַטוניק": ער האָט איהם געשטעלט באַנקעס און פּיאַווקעס און געשלאָגען צו דער אָדער, געצאַפּט בלוט אָהן אַ שיעור.

— וואָס מעהר בלוט מע וועט איהם אָפּצאַפּען, — אזוי האָט יודעל אליין געזאָגט — וועט אלץ זיין בעסער, מחמת אלע שלאַפּקייטען, ניט דאָ געדאַכט, נעמען זיך פון אינוועניג, פון די „געבליטען". — אזוי האָט יודעל דער רופא געגעבען צו פערשטעהן די „חכמת הדאָקטאָריע", און האָט צוגעזאָגט, אז אויף דער נאַכט, אם ירצה השם, וועט ער אריינקומען נאָך אַ מאָל. און אז ציפּה־ביילה־רייזה האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר מאַן, ווי ער ליגט נעבאָך, דער שלים־מזל, אויף דעם צעבראָכענעם טופּטשאַן, מיט

א סך שמאטעס איינגעדעקט, די אויגען ארויף, די ליפען פער־שמאכט, רעדט פון היץ, עס קלעפט זיך נישט א ווארט צו א ווארט, — האט זי אנגעהויבען צו ברעכען די הענד, שלאגען זיך קאפ אן וואנד, וויינען, יאמערען און קלאגען מיט דעם נוסח, וואס מע בעוויינט א טוידטען:

— וועה איז מיר, ווינד איז מיר, א דונער איז מיר א גרוי־סער! אויף וועמען לאזט דו מיך אי־בער מיט מיינע קליינע קינ־דער?!...

און די קינדער, נאקעטע און בארוועסע נעבאך, האבען זיך צונויפגעקליבען ארום דער ארעמער מאמע און האבען איהר גע־האלפען וויינען. די עלטערע האבען געוויינט שטילערהייד, בע־האלטען די פנימ'ער, געשלונגען די טרערען; און די קלענערע, וואס האבען נישט פערשטאנען, וואס דא טהוט זיך, האבען גלאט געוויינט אויף א קול, וואס ווייטער אלץ העכער און העכער; און אפילו גאר דאס קליינינטשקע, א יונגעלע פון א יאהר דריי, מיט איין אויסגעמוטשעט געל פנימ'על, האט זיך צוגערוקט צו דער מוטער מיט זיינע אויסגעבויגענע קרומע פיסלעך און מיט'ן גראבען בייכעלע, ביידע הענטלעך אריינגערוקט אין קעפעל און האט גע־נומען גאר א הויכען טאן: „מאמע, וויל עעסען!!!“ דאס אלס־דינג אינאיינעם איז געווען אזא מין געזאנג, וואס א פרעמדער מענש האט נישט געקאנט בשום אופן שטעהן דערביי; ווער ס'איז אריינגעקומען צום שניידער אין שטיבעל אריין, איז ער באלד ארויסגעלאפען פון דארטען א צעטראגענער, מיט א צעבלוטינט הארץ און מיט א צעבראכען געמיט, און אז מע האט איהם א פרעג געטהאן: וואס טהוט עפיס שמעון־אלי? — האט ער א מאך געטהאן מיט דער האנד, ווי איינער רעדט: „אז אך און וועה איז איהם!“... עטליכע ווייבער, נאהענטע שכנות, זענען געשטא־נען די גאנצע צייט מיט פערוויינטע פנימ'ער, מיט רויטע נעזער, געקוקט ציפה־ביילה־רייזה'ן גלייך אין די אויגען אריין, געמאכט בשעת מעשה משונה מאדנע פיסקעס, צוגעשאקעלט מיט די קעפ,

ווי איינער רעדט: „אז אך און וועה איז צו דיר, ציפה־ביילה־רייזה!“

א חידוש נפלא! פופציג יאהר האט שמעון־אלי שמע־קולנו אפגעלעבט אין זלאַדייעווקע אין אָרעמקייט, אין דחקות, געלעגן, ווי א וואָרעם, אין דער פינסטער, קיינער האָט פון איהם נישט געוואוסט, קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס פאר א מענש דאָס איז. אצינד, אז ער איז פערשלאפט געוואָרען, האָט ער זיך מיט א מאָל ארויסבעוויזען מיט אלע זיינע מעלות טובות; מען איז מיט א מאָל געוואָהר געוואָרען, אז שמעון־אלי איז געווען א זעל־טענע, א גוטע, א כשר׳ע נשמה, א גרויסער בעל־צדקה, דאָס הייסט: ער פלעגט רייסען ביי נגידים און טיילען די אָרעמע לייט, זיך קריעגען פאר זיי מיט דער גאַנצער שטאָדט און זיך שלאָגען ביז׳ן בלוט אריין, זיך טיילען מיט יענעם מיט׳ן לעצטען ביסען, און נאָך און נאָך א סך מעלות און שבחים האָט מען נאָכדערצעהלט נאָך דעם אָרעמען שניידער, ווי מע דערצעהלט נאָך, אשטייגער, נאָך א טוידטען בשעת דער לויה, און מען איז איהם געגאַנגען מבקר־חולה זיין כמעט פון דער גאַנצער שטאָדט, און מע האָט איהם געראַטעוועט מיט כל המעגליכקייטען, ער זאָל, חלילה, נישט שטאַרבען פאר דער צייט...

---

## קאַפּיטעל יב.

והפּועלים — און די בעלי־מלאכות פון דער שטאָדט זלאַדייעווקע האָבען זיך צונויפגעקליבען אויף איין אסיפה ביי האָדעל די אקציזניטשקע, געשטעלט בראָנפען, געשריגען, געפּיל־דערט, געאַרבייט מעשים, געזידעלט די נגידים, געוויינטליך, הינ־טער די אויגען, זיי געמאַכט מיט דער בלאָטע.

— זלאַדייעווקע — א שענע שטאָדט, ברענען זאָל זי! וואָס שווייגען זיי, די נגידים אונזערע, א וויסטען סוף זאָלען זיי האָ־

בען ?!... איטליכער באַדט זיך אין אונזער בלוט, און ס׳איז נישטאָ קיינער, ווער ס׳זאָל זיך אָננעמען אונזער קריוודע! געלט אין דער קאָראָבקע ווער צאָהלט ? — מיר! אַ צרה, אַ שלאַק, אַ שוחט, אַ באָד, להבדיל, — ביי וועמען רייסט מען די הויט ? — ביי אונז! וואָס שווייגט איהר, אידען ? לאָמיר געהן צו די רבנים, דיינים און די שבעה טובי העיר זיי טרויבערען די קישקעס! וואָס איז דאָס פאַר אַ הפקרות, מע זאָל לאָזען קוילען אַ גאַנצע משפּחה ?! הבה נתחכמה !!!...

און חברה „פּועל־צדק" זענען אַוועק צום רב און האָבען דאָרט געמאַכט אַ גוואַלד. האָט זיי דער רב איבערגעלייענט דעם ענט־פער, וואָס ער האָט נאָר־וואָס בעקומען דורך אַ בעל־עגלה פון די קאָזאָדאָיעווקער רבנים, דיינים און די שבעה טובי העיר.

אָט וואָס ס׳איז געשטאַנען אין בריעף:

„לכבוד צו די רבנים, דיינים, חכמים מפורסמים, בערג זאָלען אָקעגען טראָגען פריעד צו די גילדענע הענגלייכטער בק"ק זלאָ־דייעווקע, אָמן.

„תיכף ווי מיר האָבען מקבל געווען אייערע רעד, וואָס זענען געווען ווי האָניג צו אונזערע מיילער, האָבען מיר זיך צונויפגעזאַ־מעלט אַלע און חוקר ודורש געווען די זאַך אַקוראַט, און האָבען געפונען, אַז אומזיסט האָט מען געטהאָן חושד זיין איינעם פון אונזערע לייט; נישט מעהר, אַז דער שניידער אייערער איז אַ שאַלקהאַפטיגער מענש, ער האָט אויסגעטראַכט אַ בלבול און אָנ־געפיהרט אַ רכילות צווישען צוויי קהילות. ער איז ווערטה, מע זאָל איהם קנס׳ענען! מיר, וואָס שטעהען גע׳חתמ׳עט אונטען, קאָנען אייך עדות זאָגען און געהן שווערען, אַז מיר האָבען גע־זעהען מיט אונזערע אויגען, ווי די ציעג מעלקט זיך, הלואי זאָלען זיך אַלע אידישע ציעגען אַזוי מעלקען! הערט איהם נישט, דעם שניידער, וואָס ער וועט אייך דערצעהלען פּזמונות! איהר זאָלט זיך נישט קעהרען צו די ווערטער פון די פערדאָרבענע לייט, לאָזען פערשטאָפּט ווערען די מיילער, וואָס רעדען שקרים! שלום זאָל

זיין צו אייך און שלום זאָל זיין צו אַלע אידען פון איצט און ביז אייביג און אייביג.

„די רעד פון אייערע יונגערע ברידער, וואָס וואַלגערן זיך אינ'ם שטויב פון אייערע פּיס:

„נאום הרב בהרב ז"ל... ונאום הרב בהרב ז"ל... ונאום העניך גאַרגעל, יקותיאל שמאַראָוויד־לע, שעפּסעל קאַרטאָפּעל, פּישעל קאַטשאַלקי, בערעל בראָנפּען, ליב וואָרעטשאָק, אלי פּעטעלעליע".

אַז דער רב האָט איבערגעלייענט פאַר די בעלי־מלאכות דעם דאָזיגען בריעף, זענען זיי געוואָרען נאָך מעהר אָנגעצונדען. „אהא! קאַזאַדאָיעווקער שקצים! מע מאַכט נאָך פון אונז חוזק?! באַ־דאַרף מען זיי בעווייזען דרך־ארץ. שער און אייזען אונזער פאָלק — עמך!"... און מע האָט באַלד געמאַכט א נייע אסיפה, געשיקט נאָך בראָנפען, און ס'איז געבליבען, מע זאָל נעמען די שענע ציינג און מען זאָל געהן גלייך קיין קאַזאַדאָיעווקע איבער־קעהרען דעם מלמד מיט דעם חדר מיט דער גאַנצער שטאָדט!

אומר ועושה — געזאָגט און געטהאָן. חברה האָבען זיך צונויפגעקלויבען א שטיק זעכציג בעלי־מלאכות: שניידערס, שוס־טערס, סטאָליערס און קאָוועלים, קצבים, העקערס, אנשי־חיל, גע־זונדע יונגען, איינס אין איינס, אָנגעוואָפּענטע מיט כלי־זיין — ווער מיט א הילצערנעם ארשין, און ווער מיט איין אייזערן פּרע־סעל, ווער מיט א קאָפּיט פון א שטיוועל, ווער מיט א האַק און ווער מיט א האמער, און ווער מיט גלאַט אזוי פון בעל־הבתישקייט: א קאַטשאַלקע, א ריבאייזען, אָדער א קאַלאַדאַטש־מעסער, — און ס'איז געבליבען, מע זאָל געהן גלייך אין קאַזאַדאָיעווקע אויף מלחמה, להרוג, לאבד ולהשמיד — הרג'ענען, פערליערען און פער־טיליגען! איין מאָל פאַר אַלע מאָל — האָבען חברה געזאָגט: —

תמות נפשי עם פלשתים — דער טוידט זאָל זיי זיין און איין עק זאָל דאָס האָבען!

— שאַט, רבותים! — רופט זיך אָן איינער פון דער חברה פועל־צדק. — איהר זענט שוין גרייט אויפ׳ן פידפאַלעק, פּארטיג אָרום און אָרום, ו א י ה ה ש ה — וואו איז די ציעג?

— יאָ, זעהט־נאַר, וואו איז ערגיץ אהינגעקומען דער גלגול?

— אנטרונען געוואָרען!

— נישט קיין נאַרישער גלגול! כלעבען, וואוהין האָט ער געקאָנט אנטלויפען?

— מסתמא אהיים, צום מלמד, וואָס פארשטעהסט דו דאָ נישט?

— משוגע וועט ער ווערען! דו רעדסט, ווי א בהמה!

— ביזט אליין א פערד; וואו דען האָט ער געקאָנט אנט־לויפען?

— בקיצור, וואָס טויגען די טענות? שריי היינט, שריי מאָר־גען, והילד איננו — נישטאָ קיין ציעג...

. . . . . . . . . . . . . . .

---

קאַפּיטעל יג.

כעת — אצינד לאָזען מיר איבער דעם פער׳כישופ׳טען שניידער זיך ראנגלען מיט׳ן מלאך־המות און חברה בעלי־מלאכות זיך גרייטען צו מלחמה, און מיר געהען־אריבער צום גלגול, דאָס הייסט, צו דער ציעג.

דער גלגול, אז ער האָט דערזעהען די בהלה, וואָס איז גע־וואָרען אין שטעדטעל, האָט ער זיך מיישב געווען: וואָס טויג איהם דער מסחר? וואָס נוצט איהם זיין צוגעבונדען צום שניי־דער, ארומשלעפּען זיך מיט דעם שלים־מזל׳ניק הין און צוריק און פּגר׳ען פון הונגער? אמעהר, וועט ער בעסער לויפען אין דער וועלט אריין, וואו די פיס וועלען טראָגען! אבי ניט זיין נע־ונד! און אונזער חברה־מאַן האָט געמאַכט פּליטה גאָר אויף

איין אַנדער אופן, געלאָפען משוגע׳נערווייז, גאָר ניט געפּיהלט די ערד אונטער זיך, נישט געקוקט אויף דרך־ארץ, געשפּרונגען איבער אידען און ווייבער, אַנגעמאַכט איין אומגליק, אַ חורבן אין מארק — סכנת־נפשות! איבערגעקעהרט טישלעך מיט ברויט־לעך און פּלעצלעך, מולטערס מיט ווײנשעל און מיט ווייספּערלעך, געשפּרונגען איבער טעפּ און גלאָזוואַרג, געשליידערט, געשמיצט און געבראָכען — טראַך־טאַרעראַך! צווישען די ווייבער איז גע־וואָרען אַ בהלה, אַ קוויטשעריי: „ווער איז?... אַ שלים־מזל!... אַ ציעג!... אַ באַשעפעניש!... אַ גלגול!... אַ קלאָג צו מיר!... אוי, איין אומגליק!... וואו איז ער?... אָן איז ער!... האַפּט איהם!... לאָז מען איהם האַפּען! האַפּען!“... און אַ גאַנצע חאַליאַסטרע אידען מיט פערקאַטשעטע פּאָלעס און ווייבער מיט אונטערגע־שטעקטע קליידלעך, מחילה, האָבען זיך געלאָזט לויפען איינער איבער׳ן אַנדערען. נאָר אומזיסט: אונזער חברה־מאַן האָט דער־פיהלט וואָס הייסט פ ר י י ה י י ט, האָט ער זיך געלאָזט לויפען וואו די אויגען טראָגען.

און דער שניידער נעבאַך?... און דער היוצא־לנו־מזה?... און דער מאי־קא־משמע־לן פון דער מעשה? — וועט פרעגען דער לעזער. צווינגט מיך נישט, קינדער! דער סוף איז געווען נישט קיין גוטער סוף. אָנגעהויבען האָט זיך די מעשה זעהר פרייליך, און אויסגעלאָזט האָט זי זיך, ווי דאָס רוב פריילינבע געשיכטעס, אוי־וועה, זעהר טרויעריג... און מחמת איהר קענט דעם מחבר פון דער געשיכטע, אַז ער איז בטבע ניט קיין מרה־שחורה׳ניק און האָט פיינד קלאָגעדיגע און האָט ליעב בעסער לאַכענדיגע מעשיות, און מחמת איהר קענט איהם און ווייסט, אַז ער האָט פיינד „מאָ־ראַל“ און זאָגען מוסר איז ניט זיין דרך, — לכן געזעגענט זיך מיט אייך דער פערפאַסער מתוך שחוק, לאַכענדיג, און ווינשט אייך, אַז אידען, און גלאַט מענשען אויף דער וועלט, זאָלען מעהר לאַכען איידער וויינען. לאַכען איז געזונד. דאָקטוירים הייסען לאַכען...

## פינף און זיעבעציג טויזענד

א פעקעל.

געשריבען אין יאהר 1902.

# פינף און זיעבעציג טויזענד

איהר זאָגט „פעקלעך?"... אלץ הייסט ביי אייך „פעקלעך"!... מיר דאכט, אז זינט גאָט האָט באשאפען די וועלט, און זינט אידען זענען א פאָלק, האָט מען נאָך פון אזא „פעקעל" נישט געהערט און נישט געזעהען אין חלום אפילו! אויב איהר האָט צייט, רוקט זיך צו, זייט מוחל, און הערט מיך אוים מיט קאָפּ, וועל איך אייך דערצעהלען פון אלף ביז תיו, מיט אלע ברעקלעך און מיט אלע פישטשעווקעס, א מעשה מיט פינף און זיעבעציג טויזענד. איך פיהל, אז ס'איז מיר ענג אָט־א־דאָ־אָ, סע קוועטשט מיך, סע ברענט אין מיר א פייער, איך מוז, איך מוז דאָס ארויסגעבען פון זיך!... איהר פארשטעהט, צי ניין?... נאָר איין זאַך וועל איך פון אייך בעטען: אז איך וועל זיך אָפּשטעלען, אָדער פארקריכען קיין בויבעריק, זאָלט איהר מיר דערמאָנען וואו איך האלט, וואָרום פון דער חתונה אָן, פון די פינף און זיעבעציג טויזענד הייסט דאָס, האָט מיר אָנגעהויבען, ניט פאר אייך גערעכט, זשומען אינ־וועניג אין קאָפּ, און סע מאכט זיך מיר היינט אָפּט, אז איך פאר־געס וואו איך האלט... איהר פארשטעהט, צי ניין?... זאָגט נאָר, האָט איהר נישט ביי זיך קיין פינף און זיעבעציג טויזענד... טפו! מיין איך א ציגאר טיטון?

קורץ און גוט, וואו האלט איך? ביי די פינף און זיעבעציג טויזענד הייסט דאָס... היינטיגען ערשטען מאי האָב איך, ווי איהר זעהט מיך, געוואונען די פינף און זיעבעציג טויזענד. דאכט זיך, אין פלוג, וואָס איז דאָ פארהאן צו האָרכען? קארג מענטשען פאר האן, וואָס געווינען געלט? למאי אָט האָט איינער א ניקאָלאיע־

ווער, זאָגט מען, אויסגענומען די רי"ש אלפים? צי אַט האָט איין אדעסער יונגערמאַנטשיק, א בוכהאַלטער פון א קאָנטאָר, געוואונען פערציג טויזענד קאַרבען — און שאַ, שטיל, פיין, שען, מהכתיתי... אמת, אויף די גרויסע געווינסען קוקט אַרוים די גאַנצע וועלט, הונדערט זעכס און דרייסיג מיליאָן מענטשען זענען אונז מקנא. איהר פאַרשטעהט, צי ניין? נאָר די מעשה איז, וואָס א געווינס צו א געווינס איז ניט גלייך. די מעשה מיט דעם געווינס איז א מעשה נפלא, א געקייטעלטע מעשה, א מעשה אויף א מעשה, און א מעשה בתוך מעשה, און א מעשה איבער א מעשה. מע באַ־דאַרף זיך, הערט איהר, גוט אונטערצוגאַרטלען, מע זאָל זי אויס־האָרכען ביז׳ן סוף און פאַרשטעהן, וואָס דאָ טהוט זיך.

קודם כל באַדאַרף איך מיך פאַר אייך פאַרשטעלען, ווער איך בין. איך וועל מיך פאַר אייך ניט געהן באַריהמען, אַז איך בין דער גרויסער למדן, מיט׳ן גרויסען עושר, מיט׳ן גרויסען פילאָזאָף. איך בין, ווי איהר זעהט מיך, א איד פון א גאַנץ יאָהר — א איד א בעל־הבית הייסט דאָס, מיט איין אייגענער שטוב, מיט א שטיקעל נאָמען און מיט א שטיק ווערדע ביי זיך אין שטעדטעל. איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... אמת, אמאָל האָב איך געהאַט געלט, טאַקי גאָר א סך געלט, — וואָס איז שייך צו זאָגען א סך? בראָד־סקי האָט אודאי א סך מעהר; נאָר גאָרנישט, עטליכע טויזענד קערבלעך האָב איך געהאַט, האָט זיך, ווי זאָגט איהר, גאָט אַרומ־געקוקט אויף מיר, עס האָט זיך מיר פאַרגלוסט, פאַרשטעהט איהר מיך, מיט א מאָל רייך ווערען, האָב איך א האַנדעל געטהאָן אין די הונגעריגע גובערניעס מיט ברויט, און בין געבליבען, ווי מע זאָגט, אָהן א פיערער. א שטיקעל גליק חאַטש, וואָס נישט דערונ־טער. מיינט איהר דאָך מן הכתם, אַז ווי באַלד איך האָב אָנגע־וואָהרען דאָס געלט, בין איך געוואָרען חלילה ביי זיך נעפאַלען? קענט איהר מיך נישט! איך בין, פאַרשטעהט איהר, אזא נפש, וואָס געלט שפּיעלט ביי מיר אזא ראָלע, ווי וואָס זאָל איך אייך זאָגען? ווי אַט דאָס אש פונ׳ם פאַפּיראָס. לחלוטין גאָרנישט,

אָבער טאקי גאָלע גאָרנישט! וואָס איז שייך צו זאָגען גאָרנישט?
געלט איז אודאי א גוטע זאַך, נאָר געהן זיך שלאָגען איבער דעם,
מפקיר זיין דאָס לעבען — דאָס נישט. שלעכט איז נאָר, אז
ס'איז נישטאָ דאָס, וואָס מע באדארף, אז מע קאָן זיך ניט שטעלען
ווי סע געהער צו זיין, אז מע קאָן נישט געבען די נדבה מיט דעם
נדר, וואָס איך וואָלט וועלען געבען. איהר מעגט מיר זיכער
גלויבען, אז איך זעה בשעת מע געהט־צו צו יענעם בעל־
הבית און מע מאָנט ביי איהם א דרייערל אויף דער שטאָדט,
און ביי מיר נישט, עקט זיך מיר דאָס חיות. איהר פאַרשטעהט,
צי ניין? איך וועל גיכער חאַפּען א פּסק פונ'ם ווייב, פאַר וואָס
ס'איז נישטאָ אויף שבת, איידער אָפּזאָגען איין אָרעמאַן, בשעת
עס באָמבעלט זיך נאָך א פערציגער אין בייטעלע. איהר פאַר־
שטעהט, צי ניין?... אָט אזא מין משוגע'נער בין איך! האָט איהר
ניט ביי זיך א פערציגער... טפו! מיין איך א שוועבעלע אויף צו
פאַררויכערען?

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך? האָב איך אָנגעוואָהרען
די עטליכע גילדען און בין געבליבען, הייסט דאָס, אָהן א פער־
ציגער. אַז איך האָב אָנגעוואָהרען די עטליכע גילדען און בין
געבליבען אָהן א פערציגער, רוף איך מיך אָן איינמאָל אין א
שענעם פריהמאָרגען צו מיין ווייב: „הערסט דו, צפורה, וואָס
איך וועל דיר זאָגען? מיר זענען ריין". מאַכט זי צו מיר: „וואָס
הייסט, מיר זענען ריין?" זאָג איך: „מיר האָבען שוין נישט א
פערציגער!" איז דאָך עס א אידינע, הויבט זי דאָך אָן מסתמא
צו ליארעמען: „וועה איז מיר, וויסט איז מיר, פינסטער איז מיר,
א שלאַק איז מיר, יעקב־יוסיל, וואָס רעדסט דו, וואו איז דיין
געלט?"... „שאַ, שאַ, זאָג איך, וואָס פּילדערסט דו אזוי? וואו
שטעהט דאָס געשריבען, אז ס'איז מיין געלט? ה' נתן וה' לקח,
אָדער, ווי זאָגט איהר: נע בילאָ או מיקיטאַ הראָשי אי נע בודע!
וואו שטעהט דאָס, זאָג איך, געשריבען, אז יעקב־יוסיל באדאַרף
זיצען אין פיער דירות און האַלטען צוויי דיענסטען און ארויסגעהן

מיט דער שענער שבת'דיגער קאפאטע? למאי, זאג איך, אט זענען פארהאן אידען, וואס געהען־אוים פון הונגער, — נו, אם כן, שטארבען זיי דען? אז מע זאל וועלען, זאג איך, געהן מיט דעם גאנג, למאי דאס, למאי יענס, וואלט די וועלט קיין קיום ניט געהאט"... און נאך כדומה אזעלכע ווערטער מיט משלים האב איך איהר געבראכט, און זי, מיין ווייב הייסט דאס, האט פאר־שטאנען, אז איך בין גערעכט, איהר פארשטעהט, צי ניין?... דאס באדארפט איהר וויסען, אז איך האב מיין אייגענס א ווייב, וואס איך באדארף מיך מיט איהר כלל ניט שעמען — זי פארשטעהט איין עסק; לאנג טענה'ן באדארף מען נישט. זי האט באלד אויפגעהערט צו פילדערען און צו ליארעמען און האט נאך, אדרבה, גענומען מיר אויסרעדען דאס הארץ, אז מסתמא איז דאס א באַ־שערטע זאך, אז גאט איז א פאטער, ער וועט מסתמא אויספיהרען... און טאקי נישט־לאנג געטראכט, גענומען און פארדונגען די דירה א שכן, אליין זיך באזעצט אין איין שטיבעל מיט א קיך, די דיענס־טען, מחילה, אפגעשאפט, דאס ווייב, זאל מאריך ימים זיין, האט פארקאטשעט די ארבעל און זיך אליין אוועקגעשטעלט ביי'ם אויוען, און איך האב מיך אליין אויפגערופען חמישי: „יעמוד רב יעקב־יוסיל קבצן!" זיך פארשריבען, ווי זאגט איהר, פאר איין ארעמאן. וואס איז שייך זאגען איין ארעמאן? פארהאן, מאהלט אייך, גרעסערע ארעמע־לייט פון מיר; פארט, ווי זאגט איהר, א שטיקעל נחלה, א שטוב, וואס מע קאן ציהען פון איהר די פרנסה. דער חסרון איז נאר, וואס ס'איז פיער וואכען אין חודש. אין א חודש זאל מעהר ניט זיין ווי צוויי וואכען, וואלט מען מיט דער הוצאה אפשר אויסגעקומען אקוראט; און אזוי בלייבען איבער צוויי וואכען אויפ'ן אנדערען חודש, איז נישט גוט, וואס זאלט איהר קלערען! נאר גארנישט, ווי זאגט איהר: מיט צרות ווערד מען געוואוינט. ס'איז גאר נישטא קיין בעסערס און קיין רוהי־גערס, זאג איך אייך, ווי איין ארעמאן: מען איז פטור, פאר־שטעהט איהר מיך, פון קאפדרעהעניש, פון צאהלעניש, לייהעניש,

באַרגעניש, לויפעניש, עולם־התוהו! איז דאָך אָבער פאַרהאַן אַ גאָט אויף דער וועלט, זאָגט ער: „וואָס טויג דיר, יעקב־יוסיל, לעבען בארוהט, אָהן צרות? אַ בילעט האָסט דו? נאַ דיר פינף און זיעבעציג טויזענד און ווער פארשוואַרצט!"... איהר פאַר־שטעהט, צי ניין?... האָט איהר נישט ביי זיך קיין בילעט... טפו! מיין איך אַ פּאַפּיראָס טיטון?

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך? ביי'ם בילעט הייסט דאָס. אַ בילעט? אָט־אַזוי־אָ האָט זיך מסתמא אַ איד אַ בילעט און נעמט־אויס די פינף און זיעבעציג טויזענד? וואַרט־צו אַ קאַפּעטשקע! ערשטענס, אויף וואָס האַלט אַ איד אַ בילעט? ער זאָל איהם קאָנען פארזעצען און נעמען געלט. גיה זשע, דו שוטה, יעקב־יוסיל, טראָג־אריין דעם בילעט אין אַ באַנק און נעם געלט! איז דער תירוץ: ראשית, איז נישטאָ ביי אונז אין שטעדטעל קיין בענק, והשנית, וואָס איז מיר די באַנק? אַ באַנק קאָן דען ניט אָנזעצען, אַז זי וויל?... די וועלט איז ניט הפקר, מע חאַפּט נישט פון די הענט, און ווער דאַרף עס מיין בילעט? איהר פאַר־שטעהט, צי ניין? אַזוי האָב איך מיר בשעת מעשה געטראַכט, און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאַר ניט געטראַכט, און האָב מיר מיישב געוועזן: איך האָב אַ שכן, וואָס זיצט ביי מיר אין דער דירה טאַקי, אַ יונגערמאַן אַ בעל־הלואה, זעהר אַ פיינער יונגערמאַן, אַ יונגערמאַן, וואָס קען שען לערנען, אַ לייטישער יונגערמאַן — פאַר וואָס זאָל איך ניט אָפּלעגען דעם בילעט ביי איהם? לאָז ער מיר גאַר געבען אויף איהם צוויי הונדערטער, וועל איך אודאי נעמען, — פאַר וואָס זאָל איך ניט נעמען? בין איך אריינגעגאַנגען צו מיין שכן, בירנבוים הייסט ער, און רוף מיך אָן צו איהם: „פּאַני בירנבוים, אפשר וועט איהר מיר געבען צוויי הונדערט קערבלעך אויף מיין בילעט?" מאַכט ער: „איך וועל אייך געבען צוויי הונדערט קערבלעך אויף אייער בילעט". זאָג איך: „וויפיעל וועט איהר מיר רעכענען פּראָצענט?" זאָגט ער: „וויפיעל זאָל איך אייך רעכענען פּראָצענט?" זאָג איך:

„איך ווייס, וויפיעל איהר זאָלט מיר רעכענען פּראָצענט? רעכענט מיר באַנקאָווע פּראָצענט". מאַכט ער: „איך וועל אייך רעכענען באַנקאָווע פּראָצענט"... בקצור, מיר האָבען זיך אויסגעגלייכט מיט'ן פּראָצענט און איך האָב איהם אָוועקגעגעבען דעם בילעט אויף פינף חדשים און האָב גענומען די צוויי הונדערט קערבלעך. איהר פאַרשטעהט, צי ניין? געה זשע, דו שוטה, יעקב־יוסיל, און נעם־אַרוים ביי איהם אַ צעטעל, אַז דו האָסט ביי איהם אַזאַ און אַזאַ בילעט פון אַזאַ און אַזאַ סעריע מיט אַזאַ און אַזאַ נומער! ניין. געהט ער, בירנבוים הייסט דאָס, און נעמט, אדרבה, ביי מיר אַרוים אַ צעטעל, אַז איך האָב ביי איהם אַנטליהען אויף פינף חדשים צוויי הונדערט קאַרבען אויף אָט אַזאַ און אַזאַ בילעט, מיט אַזאַ און אַזאַ נומער, מיט אַזאַ און אַזאַ סעריע; און באַם איך צאָהל איהם ניט אָפּ צום זמן די צוויי הונדערט קערבלעך, איז אַזאַ און אַזאַ בילעט מיט אַזאַ און אַזאַ נומער און מיט אַזאַ און אַזאַ סעריע זיין בילעט, און איך האָב צו איהם קיין טענות ניט... איהר פאַרשטעהט, צי ניין? וואָס האָב איך מיר בשעת מעשה געקלערט? איך האָב מיר געקלערט: וואָס האָב איך דאָ מורא? ממה־נפשך, עס וועט קומען צום זמן און איך וועל אויס־קויפען דעם בילעט, איז דאָך אודאי גוט; אלא ניט, וועל איך איהם באַצאָהלען די עסקא, וואָס איהם קומט, וועט ער מיר וואַר־טען — פאַר וואָס זאָל ער מיר ניט וואַרטען? וואָס אַהרט דאָס איהם, אבי עסקא! איהר פאַרשטעהט, צי ניין?

כך הוה. ס'איז געקומען צום זמן, האָב איך דאָך מסתמא דעם בילעט נישט אויסגעקויפט; ס'איז אַוועקגעגאַנגען די פינף חדשים מיט נאָך פינף חדשים, און אָט אַזוי פאַוואָלינקע האָט זיך אַוועקגעצויגען צוויי יאָהר מיט פינף חדשים; פּראָצענט, גע־וויינטליך, צאָהל איך איהם, דאָס הייסט, אַמאָל געצאָהלט און אַמאָל ניט געצאָהלט, — וואָס האָב איך מורא? ער וועט פאַר־קויפען מיין בילעט? ער וועט ניט פאַרקויפען מיין בילעט! למאי זאָל ער פאַרקויפען מיין בילעט? אַזוי האָב איך מיר בשעת מעשה

געטראַכט, און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאָר ניט געטראַכט...
און די צייט דערווייל איז נישט גוט, קיין געשעפטען איז ניטאָ, וואָכען זענען אין חודש אַלץ איבעריגע, מע מוטשעט זיך, וואָס זאָל מען טהון? אבי, ווי זאָגט איהר, יאָהרען, קיין צרות איז מען ניט זשעדנע... ביז היינטיגען פאַר־פסח...

היינטיגען פאַר־פסח האָט מיר גאָט צוגעשיקט אַ געשעפטעל:
איך האָב געהאַנדעלט עטליכע וואַגאָן הירזש, ס'איז געוואָרען חשוב הירזש, האָב איך פאַרקויפט די הירזש און האָב דוקא פאַרדיענט אויף די הירזש, דאַנקען גאָט, שענע עטליכע קערבלעך, און האָב געהאַט אַ פסח, מעגט איהר מיר גלויבען, אַז בראָדסקי — בראָדסקי איז גאָרנישט אַקעגען מיר! אַ קליינינגקייט, אַ מענטש איז ניט שולדיג קיינעם אַ פּרוטה ניט, און פאַרמאָגט נאָך זיין אייגענס אַ פּאָר הונדערט קערבלעך אויך, היינט ווער איז צו מיר גלייך, איהר פאַרשטעהט, צי ניין? נעם זשע, דו שוטה, יעקב־יוסיל, טראָג־אריין בירנבוים'ען די צוויי הונדערטער און קויף־אויס דעם בילעט! גיין, בין איך מיך מיישב: וואָס האָב איך ניט קיין צייט? בירנבוים וועט ניט אַנטלויפען מיט'ן בילעט; איך וועל נאָך צייט האָבען אויסקויפען דעם בילעט נאָך פסח, אָדער אניט — וועל איך איינצאָהלען פּראָצענט וויפיעל סע קומט און ארויסנעמען אַ קוויטעל אויפ'ן בילעט. אַזוי האָב איך מיר בשעת מעשה גע־טראַכט, און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאָר ניט געטראַכט. איהר פאַרשטעהט, צי ניין? און בין אוועקגעגאַנגען און האָב פאַר'ן געלט געהאַנדעלט זעק, און האָב אָפּגעלעגט די זעק אין איין אמבאַר; האָט גאָט געטהאָן אַ נס, מע האָט אָפּגעשלאָגען דעם שלאָס פונ'ם אמבאַר — ס'איז געווען היינטיגען נאָך־פסח איז דאָס געווען, פונקט דעם דרייסיגסטען אַפּריל, די נאַכט וואָס אקעגען ערשטען מאַי, ווען כע שפּיעלט דער בילעט — און מע האָט אוועקגע'גנב'עט די זעק, און איך בין ווייטער געבליבען אָהן אַ פערציגער.

— צפורה, זאָג איך צו מײַן װײַב, װײסט דו װאָס איך װעל דיר דערצעהלען א נײעס? מיר זענען שױן װידער רײַן.

— װאָס הײסט, זאָגט זי, מיר זענען רײַן?

— מיר האָבען שױן ניט, זאָג איך, אײן זאק אפילו.

— װאָס הײסט, זאָגט זי, װאו זענען אהינגעקומען די זעק?

— מע האָט זײ, זאָג איך, הײנטיגע נאכט ארױסגעטראָגען פונ'ם אמבאר.

הױבט זי דאָך אָן מסתמא צו ליאַרעמען און צו פילדערען, װי דער שטײגער איז פון א אידינע. רוף איך זיך אָן צו איהר:

— שא־שא, צפורה, שרײַ ניט אזױ, ביזט ניט אײנע ביי גאָט! עלעהײ, זאָג איך, לאָז זיך דיר דאכטען, אז ס'איז פאַר־ברענט געװאָרען די שטוב, און מיר זענען ארױס נאקעט־הויל, װי די מאמע האָט אונז געהאט, — װאָלט דיר דעמאָלט געװען בעסער?

— ס'א גוטער משל! — זאָגט זי. — דעריבער באדאַרף מען אװעק'גנב'ענען די זעק?

— װאָס געהער זיך אָן, זאָג איך, דאָס מיט דעם? אָט װעסט דו געדענקען מײַן װאָרט, זאָג איך, עס װעלען זיך געפינען די זעק...

— פון װאנען, זאָגט זי, װעלען זײ זיך צו דיר נעמען? די גנבים װעלען דיר אונטערװאַרפען די גנבה'שע זעק, דערפאַר װאָס דו הײסט יעקב־יוסיל?... זײ האָבען, אפנים, מעהר נישט װאָס צו טהון?...

— ע, ביזט א נארר! — זאָג איך. — װאָס גאָט קאָן טהון, קאָן א מענטש גאָר נישט צוטראַכטען אפילו...

כך הוה. די זעק זענען דאָך מסתמא געװען פאַרפאַלען, װי אין װאסער ארײַן. װער מיר זעק? װאָס מיר זעק? איך בין נאָר ארומגעפלױגען, װי א משוגע'נער, געהאט צו טהון מיט פאָ־ליציע, געזוכט אין אלע װינקעלעך, געגישטערט אין אלע מײזענ־לעכער. נאָר װער? װאָס? גײה זוך דעם פאראיאָהריגען שנײ, דעם נעכטיגען טאָג! איהר פארשטעהט, צי נײן? דער קאָפ איז אין

דער ערד, דאָס האַרץ איז ניכטער, אין מויל איז טרוקען, אויף דער נשמה איז וויסט און פינסטער, — שטעה איך מיר אַזוי אין מאַרק ביי אונז אויף דער בערזע, ביי דער אַפּטייק הייסט עס, און עס פליהט מיר דורך אַ מחשבה אין קאָפּ, — ס'איז געווען אין דער פריה, אַרום זייגער צוועלף איז דאָס געווען: „סטייטש, ס'איז דאָך עפּיס היינט אַ יום־הדין, ערשטער מאַי, דער בילעט שפּיעלט, אַ קשיא אויף גאָט? מיר האָבען אַ גרויסען גאָט און אַ שטאַרקען! ער קאָן דאָך, אויב ער וויל נאָר, באַגליקען מיך מיט מיין גאַנצער משפחה!"... און דאָ דערמאָן איך מיר אָן די גע" גנב'עטע זעק, פאַרגעס איך, אַז ס'איז ערשטער מאַי און אַז איך האָב אַ בילעט, וואָס שפּיעלט, און לאָז מיך ווידער אַ מאָל זוכען די זעק, עפּיס האָט זיך געפונען אַ שטיקעל סליד פון די זעק, — און אַזוי דעם גאַנצען טאָג מיט דער גאַנצער נאַכט, ביז אויף מאָרגען, דעם צווייטען מאַי. אַליין בין איך פאַרטאַרעראַמט, אַ גאַנץ מעת־לעת אין מויל נישט געהאַט, שוין זייגער איינס, דאָס האַרץ געהט מיר אונטער, איהר פאַרשטעהט, צי ניין? איך קום אַהיים, פאַלט נאָך אָן אויף מיר דאָס ווייב:

— טאָמער וואָלסט דו געגאַנגען זיך וואַשען און עפּיס נעמען אין מויל אריין? טאָמער וואָלט שוין געווען גענוג זעק? דיינע זעק ליגען מיר שוין אָט־אַ־דאָ־אָ! חאַפּט דער רוח די זעק! מע באַדאַרף זיך טאַקי נעמען דאָס לעבען פון די זעק? אַזוי ווי מיט די זעק, אַזוי אָהן די זעק! נאַ דיר איין עסק מיט זעק! זעק־זעק! זעק־זעק!

— ווייסט דו וואָס, מיין ווייב? — זאָג איך צו איהר. — טאָמער וואָלט שוין געווען גענוג זעק? סע זעקט מיר שוין אַזוי אויך גוט אין קאָפּ, קומסט דו צו געהן און זאָלצסט מיר אויף די וואונדען: זעק־זעק! זעק־זעק!... איהר פאַרשטעהט, צי ניין? אפשר געפינט זיך ביי אייך נאָך אַ זאַק... טפו! מיין איך נאָך אַ פּאַפּיראָס?

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך? ביי די זעק הייסט דאָס. מילא, פאַרפאַלען די זעק. וואָס זאָל מען טהון? די נשמה אויס־שפּייען קאָן מען ניט. איך וואַש מיך און זעץ מיך צום טיש — ווער? וואָס? עס קריכט ניט אין מויל אַריין.

— וואָס איז מיט דיר, יעקב־יוסיל? — פרעגט מיך מיין ווייב זאָל לעבען. — ווער איז דיר איבערגעגאַנגען דעם וועג היינ־טיגען טאָג?

— איך ווייס אַליין ניט, וואָס מיר איז! — זאָג איך און וואַרף־אַוועק אין מיטען עסען און לעג מיך צו אַביסעל אויף דער סאָפע. אַזוי ווי איך ליג מיר, אַזוי טראָגט מען מיר אַריין דאָס בלאַט פון דער פּאָסט. נעם זשע, דו שוטה, יעקב־יוסיל, און טהו א קוק אין בלאַט, ס'איז היינט דער צווייטער מאַי, אפשר האָט דיין בילעט עפּים געוואונען? — ווער? וואָס? פרעגט מיך בחרם, צי ס'איז היינט דער צווייטער מאַי, צי ס'איז היינט דער צוויי־און־צוואַנציגסטער יוני, צי גאָר ראש־חודש קרעמעניץ! איהר פאַר־שטעהט, צי ניין? און איך נעם דאָס בלאַט און הויב־אָן צו לייענען, געוויינטליך, פון מה־טובו. בקיצור, איך ליג מיר אַזוי און לייען אַלערליי נייעסען: געשאָסען — געהאַנגען, געשטאָ־כען — געקוילעט, די ענגלענדער מיט די בורען — עס קריכט מיר מסתמא אין איין אויהער אַריין, פו'ם אַנדערען אַרויס. וואָס מיר ענגלענדער, ווער מיר בורען, אַז ביי מיר האָט מען אַוועקגע'גנב'עט די זעק? א כפּרה אַלע ענגלענדער מיט אַלע בורען פאַר מיינע זעק! אַזוי האָב איך מיר בשעת מעשה געטראַכט, און אפשר האָב איך בשעת מעשה נישט געטראַכט גאָרניט, און מיש מיר דאָס בלאַט פון איין זייט אויף דער אַנדערער, פון דער אַנדערער אויף דער דריטער — איך טהו א קוק: טיראַזש!... פליהט מיר דורך פּלוצים א מחשבה: אפשר האָט מיין בילעט אויסגענומען חאָטש ת"ק קערבלעך? אַצינד וואָלט דאָס מיר צו מיינע זעק דוקא געוועזען צוגעפּאַסט, ווי געוואונשען! און איך נעם און קוק־איבער פון אונטען אַרויף אַלע ת"ק'ער — נישטאָ; טויזענדער — נישטאָ;

פינפטויזענדער, אכטטויזענדער, צעהנטויזענדער — אודאי ניט! אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז איך בין געקומען צו די פינף־און־זיעבעציג טויזענד. און אז איך בין געקומען צו די פינף־און־זיעבעציג טויזענד, האט מיר עפּיס מיט א מאל זיך א ווארף גע־טהאן אין די אויגען און א זעץ געטהאן אין קאפּ: סעריע 2289, נומער 12! איך וואלט געמעגט שווערען, אז ס'איז מיין נומער! נאר ווייס איך! ווי קומט צו מיר, שלים־מזל, אזא גרויס געווינס? איך קוק זיך גוט איין אין די ציפערס — רבונו־של־עולם! ס'איז פּארט מיין נומער! איך וויל אויפשטעהן — קאן איך ניט; איך בין ווי צוגעוואכסען געווארען צו דער סאפע. איך וויל א געשריי טהון: „צפּורה!“ — קאן איך ניט; די צונג איז מיר עפּיס מיט א מאל ווי צוגעוואכסען געווארען צום גומען. איך האב זיך אנ־גענומען מיט אלע כחות, בין אויפגעשטאנען, צוגעגאנגען צום טיש־קעסטעל, א קוק געטהאן ביי זיך אין בוך. יא, ווי איך בין א איד: סעריע 2289, נומער 12!...

— צפּורה, — זאג איך צו מיין ווייב און די הענט ציטערען מיר און די צייהן אין מויל קלאפּען. — דו ווייסט? עס האבען זיך געפונען די גנבה'שע זעק...

קוקט זי מיך אן ווי א משוגענעם.

— וואס רעדסט דו? דו ווייסט וואס דו רעדסט?

— איך זאג דיר, — מאך איך צו איהר — גאט האט אונז אומגעקעהרט אונזערע זעק בכפל כפלים און מיט פּראצענט... אונ־זער בילעט האט אויסגענומען און מיר האבען געוואונען, זאג איך, א פולע היטעל מיט געלט!

— דו זאגסט דאס ערנסט, יעקב־יוסיל, צי דו לאכסט פון מיר?

— וואס הייסט, — זאג איך, — איך לאך? איך זאג דאס גאנץ ערנסט, אונז קומט מזל־טוב, מיר האבען געוואונען געלט!

— וויפיעל זשע האבען מיר געוואונען? — מאכט זי צו מיר און קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין, ווי איינער רעדט:

„אנו, לאָז דאָס נאָר זיין א ליגען, וועסט דו זיך פון מיר נישט נארען!“

— אשטייגער, כדומה למשל, וויפיעל האָסטו דו א השגה זאָלען מיר געווינען?

— איך ווייס? — זאָגט זי. — עטליכע הונדערט קערבלעך מסתמא?

— פאר וואָס ניט — זאָג איך — עטליכע טויזענד?

— וויפיעל הייסט עטליכע טויזענד — זאָגט זי — פינף? צי זעכס? צי אפשר טאקי אלע זיעבען?...

— אויף מעהר — זאָג איך — האָסט דו, אפנים, קיין השגה ניט?

— צעהנטויזענד? — זאָגט זי.

— האָב שכל, — זאָג איך — נעם א ביסעל העכער!

— פופצעהן טויזענד?

— נאָך העכער!

— צוואַנציג? פינף־און־צוואַנציג?

— נאָך העכער!

— יעקב־יוסיל, — זאָגט זי — זאָג, מוטשע ניט!

— צפורה! — זאָג איך און נעם זי אָן ביי דער האַנד און קוועטש זי. — מיר האָבען געוואונען איין עושר מיט געלט! א גאנצען גביר האָבען מיר געוואונען! אזוי פיעל געלט, וואָס עס האָט זיך דיר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט אין חלום אפילו!

— נו, זאָג זשע, זאָג, וויפיעל האָבען מיר געוואונען, יעקב־יוסיל, ציה נישט ביי דער נשמה!

— מיר האָבען געוואונען — זאָג איך — א פּויטעקע, א סך געלט, איין אוצר, א סומע פון פינף־און־זיעבעציג טויזענד קאָר־בען! דו הערסט, צפורה? פינף־און־זיעבעציג טויזענד!

— געלויבט ביזט דו, גאָט! — זאָגט זי און חאפּט זיך אויף און הויבט־אָן ארומלויפען איבער'ן שטוב און ברעכען די הענד. — געבענטשט זאָל זיין דער נאָמען דיינער, וואָס דו האָסט זיך ארומ־

געקוקט אויף אונז אויך א מאָל און האָסט אונז באַגליקט! א דאנק דיר, גאָטעניו, א דאנק דיר!... האָסט דו נאָר גוט אכטונג געגעבען, יעקב־יוסיל, האָסט חלילה קיין טעות ניט? געלויבט ביזט דו, גאָט, דערבאַרעמדיגער פאָטער, הארציגער־געטרייער! די גאַנצע משפחה וועט זיך מחיה זיין, גוטע פריינד וועלען זיך פרעהען, שונאים וועלען צעפּיקעט ווערען! א קליינינקייט — אזוי פיעל געלט, קיין עין־הרע! וויפיעל זאָגסט דו, יעקב־יוסיל, פינף־און־זיעבעציג טויזענד?

— פינף־און־זיעבעציג טויזענד! — זאָג איך. — געב מיר צפּורה, די קאַפּאָטע, לאָם איך געהן.

— וואוהין וועסט דו געהן?

— וואָס הייסט וואוהין זאָל איך געהן? צו בירנבוים'ען באַדאַרף איך אריינגעהן, דער בילעט ליגט דאָך ביי איהם פאַר־זעצט... און קיין צעטעל האָב איך פון איהם ניט...

אז איך האָב איהר אויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, איז זי געוואָרען אַלערליי קאָלירען, מיין ווייב הייסט דאָס, און נעמט מיך אָן פאַר ביידע הענט און רופט זיך אָן צו מיר:

— יעקב־יוסיל, ווי גאָט איז דיר ליעב, געה נישט גלייך. באַטראַכט זיך פריהער, וואָס דו טהוסט און וואוהין דו געהסט און ווי אזוי דו זאָלסט מיט איהם רעדען. פאַרגעס ניט, ס'איז פינף־און־זיעבעציג טויזענד!

— דו רעדסט ווי א אידינע! — זאָג איך. — און אז פינף־און־זיעבעציג טויזענד איז וואָס? וואָס בין איך עפּיס, א יונגעלע?

— פאָלג מיך, — זאָגט זי — יעקב־יוסיל, באַטראַכט זיך פריהער, האַלט זיך איין עצה מיט א גוטען פריינד, געה נישט גלייך אהין, איך וועל דיך ניט לאָזען!

קורץ און גוט, איהר ווייסט דאָך, אז א ווייב שפּאַרט זיך איין, פיהרט זי אויס איהרס. מיר האָבען אריינגערופען א גוטען פריינד, דערצעהלט איהם די גאַנצע געשיכטע. אויסגעהערט די מעשה, מאַכט ער, אז זי איז גערעכט, מיין ווייב הייסט דאָס, וואָרום פינף־

און־זיעבעציג טויזענד איז ניט קיין שפּיעלעכעל; דערוויל ליגט דער בילעט ביי יענעם, און קיין צעטעל אויף איהם איז נישטאָ, געלט איז אַ יצר־הרע, אַ קשיא אויף אַ מעשה — טאָמער קומט איהם אָן אַ שלעכטע מחשבה, ס'איז פינף־און־זיעבעציג טויזענד!

איהר פאַרשטעהט, צי ניין? וואָס זאָל איך אייך זאָגען — זיי האָבען מיך אַריינגעוואָרפען אין אַזאַ מרה־שחורה, אַז איך האָב שוין אַליין אויך אָנגעהויבען מורא האָבען און איבערקלערען מי יודע וואָס... ווי אַזוי זשע טהוט מען דאָ? איז געבליבען, איך זאָל נעמען מיט זיך צוויי הונדערט קערבלעך (געלט איז געוואָרען מיט דער רגע, וואָרום אַז מע געווינט פינף־און־זיעבעציג טויזענד, ווערד מען שוין אַ בטוח) און זאָל מיטנעמען מיט זיך אַ מענטשען, דער מענטש זאָל דערוויל שטעהן הינטער דער טהיר, און איך זאָל מאַכען מיט מיין בירנבוים'ען אַ שמועס, באַצאָהלען איהם זיין חוב מיט פּראָצענט און אויסקויפען דעם בילעט. איז דאָך ממה־נפשך: וועט ער אָפּגעבען דעם בילעט, איז דאָך אודאי גוט; אלא ניט, וועל איך חאַטש האָבען איין עדות... איהר פאַרשטעהט, צי ניין? „דאָס איז אָבער אַלסדינג גוט, — טראַכט איך מיר — אויב ער ווייסט נאָך ניט, אַז דער בילעט האָט געוואונען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד. וואָס טהוט מען אָבער, אַז ער האָט אויך אַ בלאַט, און האָט אויך געזעהען, אַז דער נומער האָט געוואונען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד. און וואָס טהו איך, אַז ער זאָגט, אשטייגער, ווי יענע אידינע מיט'ן טעפּעל: „ערשטענס, האָב איך אייך שוין לאַנג אָפּגעגעבען אייער בילעט; צווייטענס, איז אייער נומער גאָר ניט דער נומער; און דריטענס, האָב איך ביי אייך קיינמאָל קיין בילעט ניט גענומען!?“... איהר פאַרשטעהט, צי ניין? סיידען אפשר גאָט האָט אַ נס געטהאָן, ער ווייסט נאָך ניט פון קיין געווינס?

— געדענק זשע, יעקב־יוסיל, ס'איז נישט קיין קליינינ־קייט — דו געהסט איצטער אויף פינף־און־זיעבעציג טויזענד! מע זאָל ביי דיר נישט דערקענען אויפ'ן פּנים קיין סימן, קיין זכר פון

קיין פינף־און־זיעבעציג טויזענד! און וואס סע זאל זיך מיט דיר נישט טרעפען, זאלסט דו געדענקען, אז דאס לעבען איז טהייערער פון פינף־און־זיעבעציג מאל פינף־און־זיעבעציג טויזענד!

אזוי מאכט צו מיר מיין ווייב זאל געזונט זיין און נעמט מיך אן פארביידע הענט און זאגט מיר, איך זאל איהר געבען דאס ווארט, דאס הייליגע ווארט, אז איך זאל זיין רוהיג... רוהיג? איהר פארשטעהט, געה זיי רוהיג, אז דאס הארץ קאכט אין מיר, און די געדאנקען שלאגען, און איך קאן מיר נישט מוחל זיין: „סטייטש, סטייטש, יעקב־יוסיל שוטה, נעמסט און גיסט אוועק א בילעט פון פינף און זיעבעציג טויזענד א בירנבוימ׳ען, א ווילד־פרעמדען, און נעמסט נישט ארוים ביי יענעם קיין צעטעל, קיין איינגעטונקטע פען! איהר פארשטעהט, צי ניין?... געפינט זיך נישט ביי אייך קיין איינגעטונקטע פען... טפו! מיין איך קיין פאפיראס טיטון?

קורץ און גוט? וואו זשע האלט איך? ביי בירנבוימ׳ען הייסט דאס. שען וואלט געוועז, טראכט איך מיר, ווען מיין בירנבוים זאל האבען געהאט לאנג דורכגעקוקט דאס בלאט און ווייסט שוין פון די פינף־און־זיעבעציג טויזענד גלייך מיט מיר, און אפשר נאך פריהער פון מיר, און איך קום צו איהם און זאג איהם: „גאט העלף אייך, פאני בירנבוים“... „גוט יאהר. וואס וועט איהר עפּים זאגען?“... „וואו איז מיין בילעט, פאני?“... „וואסער בילעט?“... „דער בילעט, סעריע 2289, נומער 12, וואס איך האב ביי אייך פארזעצט“... קוקט ער מיך אן ווי א תם... אט אזעלכע מחשבות פליהען מיר דורך אין קאפ, און אין הארצען ווערד מיר ענג, אין האלז שטיקט מיך. נישטא קיין „דעחאניע“, קיין פיצעל אטהעם! צום סוף, וואס לאזט זיך אוים? איך קום צו בירנבוימ׳ען: וואו איז בירנבוים? — ער שלאפט... ער שלאפט? איז דאך א סימן, אז ער ווייסט נאך ניט פון קיין פותר און פון קיין חלום. געלויבט ביזט דו גאט!... איך קום אריין צו איהם אין שטוב אריין, טרעף איך דאס ווייב זיינס, פייגעלע רופט

מען זי, אין קעך. ס'איז א רויך און א היטץ און א טוואן ביז'ן האלז.

— ברוך הבא, א גאסט, רב יעקב־יוסיל! — מאכט צו מיר פייגעלע און בעט מיך אריין אין שטוב אריין, און באזעצט מיך גאנץ אויבענאן, און פרעגט, וואס איז די מעשה, וואס מע זעהט מיך ניט?

— איך וויים פאר וואס מע זעהט מיך ניט? איך וויים אליין ניט! — זאג איך און קוק איהר בשעת מעשה אין די אויגען אריין און טראכט מיר: „זי וויסט שוין, צי זי וויסט נאך ניט? דאכט זיך, אז זי וויסט נאך ניט?... און אפשר וויסט זי שוין?"...

— וואס זשע מאכט איהר עפים, רב יעקב־יוסיל?

— וואס זאל איך מאכען? — זאג איך. — מסתמא האט איהר געהערט פון מיין „פעקעל"?

— פון וואסער „פעקעל"?

— סטייטש, איהר האט גאר ניט געהערט — זאג איך — די מעשה מיט די זעק, וואס מע האט ביי מיר אוועקגע'גנב'עט?

— אט דאס איז דאס „פעקעל"? — מאכט זי. — דאס איז דאך שוין איין אלטע מעשה! איך האב געמיינט עפים א נייעס.

„עפים א נייעס?... צי מיינט זי ניט די פינף־און־זיעבעציג טויזענד?" — אזוי טראכט איך מיר און קוק איהר גלייך אין די אויגען אריין און קאן ביי איהר אין די אויגען נישט איבערלייענען גארניט, גאלע גארניט, קיין פיצעל ניט אפילו!

— אפשר וועט איהר טרינקען א גלעזעל טיי, רב יעקב־יוסיל, וועל איך הייסען צעבלאזען דעם סאמאוואר ביז מיין מאן וועט אויפשטעהן.

— א גלעזעל טיי? מהכתיתי, פאר וואס ניט? — מאך איך צו איהר און דאס הארץ געהט מיר אונטער, קיין „דעחאניע" איז נישטא, קיין פיצעל אטהעם, אין מויל איז טרוקען, אין שטוב היים, דער שוויים רינט, און זי, פייגעלע הייסט דאס, רעדט צו מיר — לאם איך אזוי וויסען א בייזע וועטשערע מיט אייך אינאיינעם,

ווי איך וויים וואָס זי רעדט! אַז דער קאָפּ איז מיר גאָר דאָרטען, אין יענעם אַלקיר, וואו בירנבוים ליגט און שלאָפט און חראָפּעט אַזוי געשמאַק, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?

— פאַר וואָס טרינקט איהר ניט? — מאַכט זי צו מיר, פייגעלע הייסט דאָס.

— וואָס דען טהו איך? — זאָג איך און דרעה און דרעה מיט'ן לעפעלע אין גלאָז.

— איהר דרעהט מיט'ן לעפעלע — זאָגט זי — שוין אַ שעה בסדר, און טרינקען טרינקט איהר נישט.

— אַ דאַנק, — זאָג איך — איך טרינק נישט קיין קאַלטע, מיין איך קיין הייסע טיי; איך האָב ליעב, זאָג איך, אַז די טיי שטעהט זיך אָפּ און ווערד גוט היים, מיין איך גוט קאַלט, דאָס הייסט, זי ווערד גוט אָפּגעהיצט, מיין איך אָפּגעקיהלט...

— עפּיס זענט איהר מיר זעהר צעטראָגען, רב יעקב־יוסיל! — מאַכט זי צו מיר. — איהר זענט אַזוי צעטראָגען, אַז איהר ווייסט גאָר נישט וואָס איהר רעדט. שוין זשע באַדאַרף מען זיין אַזוי צעטראָגען, אַז מע גנב'עט אַוועק די זעק? גאָט וועט העלפען, די זעק וועלען זיך נאָך געפינען. איך האָב געהערט, מע זאָגט, ס'איז פאַרהאַן אַ סליד... שאַ, מיין מאַן ריהרט זיך שוין, ער שטעהט שוין אויף. אָט געהט ער!

ארויסגעקומען איז מיין חברה־מאַן אַ פאַרשלאָפענער מיט אַ זיידען יאַרמעלקעלע אויפ'ן קאָפּ, זיך געריבען די אויגען און געקוקט אויף מיר פון צפון־זייט.

— וואָס מאַכט אַ איד, רב יעקב־יוסיל?

די ערשטע מחשבה מיינע איז געווען: „ער ווייסט? צי ער ווייסט ניט? דאַכט זיך, אַז ער ווייסט ניט? און אפשר יאָ?"

— וואָס זאָל מען מאַכען? — זאָג איך. — איהר האָט דאָך געהערט מיין אומגליק מיט די זעק?

— די מעשה האָט שוין אַ באָרד; דערצעהלט אונז עפּיס נייעס... געפינט זיך ניט ביי דיר, פייגעלע, אַביסיל איינגעמאַכטס,

ס'איז מיר פּאַסקודנע אין מויל פֿון'ם שלאָף. — מאַכט בירנבוים און פאַרקרימט זיך.

„נו, ווי באַלד עס ווילט זיך איהם אײַנגעמאַכטס, איז אַ סימן, אַז ער ווייסט נאָך גאָר נישט גיט"... — אַזוי קלער איך מיר און איך פאַרבינד מיט איהם אַ שמועס דער רוח ווייסט פון וואָס, עס קלעבט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. אינווענינ אין בויך גענזעלט מיך, אין האַלז שטיקט מיך, איך פיהל, אַז עס עקט זיך מיר דאָס חיות, אָט פאַל איך אום, אָט הויב איך אָן צו שרייען אויף אַ קול: „ג ו ו א ל ד, א י ד י ש ע ק י נ ד ע ר, פ י נ ף און ז י ע ב ע צ י ג ט ו י ז ע נ ד!" איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... ביז גאָט האָט רחמנות געהאַט, איך בין אַרויף אויף אַ שמועס מכּח פּראָצענט.

— איך קאָן אייך, פּאַני בירנבוים, געבען אַביסעל פּראָצענט, זאָג איך, דאָס הייסט, איך קאָן אייך באַצאָהלען דאָס פּראָצענט, וואָס אייך קומט אויפ'ן בילעט.

— אָך, מהכתיתי, מיט'ן גרעסטען כּבוד! — מאַכט ער און פאַרזוכט אַ לעפעלע אײַנגעמאַכטס.

— וויפיעל זשע וועט אייך קומען, זאָג איך, פּראָצענט הייסט דאָס?

— איהר ווילט וויסען, מאַכט ער, אַ חשבון, צי איהר ווילט טאַקי צאָהלען געלט?

— ניין, — זאָג איך, — איך מיין טאַקי, הייסט דאָס, צאָהלען געלט ממש.

— פייגעלע! אַנו, געב נאָר אַהער דאָס בוך...

דערהערט די דאָזיגע ווערטער, בין איך פון טויטט לעבעדיג געוואָרען: „ער ווייסט נעבאַך ניט פון וואָס צו זאָגען!"...

באַצאָהלט דאָס פּראָצענט, רוף איך זיך אָן צו איהם:

— פאַרשרייבט זשע טאַקי, זייט מוחל, פּאַני בירנבוים, בײַ אייך אין בוך הייסט דאָס, אַז איהר האָט מקבּל געווען בײַ מיר פּראָצענט פאַר מיין בילעט סעריע 2289, נומער 12.

— פארשרייב, מאכט ער, פייגעלע, פאר'ן בילעט סעריע 2289, נומער 12.

„ער הויבט נישט אָן צו וויסען!" — קלער איך מיר און פארבינד מיט איהם אַ שמועס מכח'ן בילעט, אז עס לוינט גאָר ניט צו האָבען אַ בילעט און צאָהלען פאר איהם פּראָצענט; און וואָס וועט זיין מיט'ן בילעט אויף ווייטער?...

— אַקעגען וואָס, הייסט דאָס, זאָגט איהר דאָס? — מאכט ער צו מיר און טהוט אַ קוק אויף מיר מיט איין אייגעל פון צפון־זייט.

פונ'ם דאָזיגען קוק האָט זיך מיר אָפּגעריסען אין הארצען; ס'איז מיר נישט געפעלען דער קוק, איהר פארשטעהט, צי ניין? נאָר איך האָב מיך באלד פארחאפּט און האָב אַ זאָג געטהאָן:

— פארשטעהט איהר, פאני בירנבוים, איך זאָג דאָס אַקעגען דעם, וואָס סע פאלט הוצאות אויפ'ן בילעט. איהר וואָלט, כלע־בען, געמעגט נעמען ביי מיר אויף ווייטער מיט אַ פּראָצענט וויניגער; פּאָרט, ווי זאָגט איהר, אלטע באַקאַנטע און נאָהענטע שכנים.

— ניין, — זאָגט ער, — אלסדינג יאָ, נאָר דאָס ניט. ווילט איהר אזוי, איז רעכט, אַניט — באצאָהלט מיר מיין געלט און פארזעצט אייך איהם ערגיץ אַנדערש.

— טאַקי היינט? — זאָג איך און דאָס הארץ קלאַפּט מיר, ווי אַ האַמער: טיק־טיק־טאַק! טיק־טיק־טאַק!

— אפילו באלד! — מאכט ער.

— נאַט זשע אייך אייער געלט! — זאָג איך און נעם און לעג איהם אַנידער זיינע צוויי הונדערטער, און דאָס הארץ — אָט־אָט שפּרינגט דאָס ארויס!

— נעם געלט! — מאכט ער צו פייגעלען און אליין בויגט ער זיך אָן צו דער גלאָז טיי און פארבייסט מיט אַ לעפעלע איינ־געמאַכטס. נאָכ'ן לעפעלע נעמט ער נאָך אַ לעפעלע, און נאָך יענעם לעפעלע — נאָך אַ לעפעלע און נאָך אַ לעפעלע. איך וואָלט

שוין ווילען דערלעבען זעהען א בילעט, און צום סוף עסט ער גאר איינגעמאכטס! מיך קאָסט יעדע מינוט, יעדע רגע בלוט און געזונט! מע קאָן אָבער קיין חזיר ניט זיין: יענער האָט ליעב איינגעמאכטס — לאָז איהם וואָהל באקומען. טרייבען יענעם האלז־און־נאקען פאסט אויך נישט, מוז מען זיצען אין געהאקטע וואונ־דען און ווארטען ביז ער וועט מאכען איין עק מיט׳ן איינ־געמאכטס. איהר פארשטעהט, צי ניין?... געפינט זיך ניט ביי אייך אביסעל איינגעמאכטס... טפו! מיין איך א פאפּיראָס טיטון?

קורץ און גוט, וואו זשע האלט איך? מיין חברה־מאַן עסט איינגעמאכטס. אָפּגעגעסען דעם איינגעמאכטס און אָפּגעווישט די ליפּען, רופט ער זיך אָן צו מיר:

— רב יעקב־יוסיל, געלט האָב איך ביי אייך אָפּגענומען, פּראָצענט האָט איהר מיר באצאָהלט, אצינד באדאַרף איך אייך, הייסט דאָס, געבען אייער בילעט?

— א פּנים האָט דאָס! — מאַך איך כלומרשט קאלטבלוטיג און פאַל שיער חלשות פאַר פרייד.

— דער חסרון אָבער — מאכט ער — איך קאָן אייך היינט דעם בילעט נישט געבען.

ווי ער האָט מיר אויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, האָב איך דערפיהלט, אז עס האָט זיך מיר עפּיס א ריס געטהאָן אינווענינ אין הארצען; איך בין מיט א מאָל אראָפּגעפאלען פונ׳ם זיעבעטען הימעל גלייך אויף דער ערד. ווי אזוי איך האָב מיך געהאלטען אויף די פיס — פארשטעה איך ניט.

— וואָס איז די מעשה, פאני בירנבוים, פאר וואָס קאָנט איהר מיר ניט געבען מיין בילעט?

— דערפאר, — זאָגט ער — וואָס איך האָב איהם נישט ביי זיך.

— וואָס הייסט — זאָג איך — איהר האָט איהם נישט ביי זיך?

— ער ליגט ביי מיר — זאָגט ער — אויף מיין רעכענונג אין באנק.

דערהערט די דאָזיגע דבורים, איז מיר געוואָרען אביסעלע גרינגער אויף דער נשמה, און איך האָב מיך פארטראכט.

— וואָס האָט איהר זיך — מאכט ער צו מיר — אזוי פאר־טראכט ?

— גאָר נישט, זאָג איך, איך שטעה און טראכט, ווי אזוי קומט די קאַץ איבער'ן וואסער ?

— גאנץ פשוט — מאכט ער : — איך פאָהר מאָרגען אין שטאָדט אריין, ברענג איך אייך דעם בילעט.

— אויך גע'פועל'ט ! — זאָג איך און הויב מיך אויף און געזעגען זיך אָפּ, און לאָז מיך געהן כלומרשט צו דער טהיר און קעהר מיך אום באלד צוריק.

— געפעלט אייך בעסער, פאני בירנבוים, וואָס פאר א שטיק סוחר איך בין ? דאָס געלט האָב איך אייך אָפּגעגעבען, פראָצענט אָפּגעצאָהלט, דער בילעט ליגט ביי אייך, — גיט זשע מיר חאָטש א קוויטעל אויפ'ן בילעט !

— אויף וואָס נוצט אייך א קוויטעל ? — מאכט ער. — איך בין ביי אייך נישט קיין בטוח אויף צוויי הונדערט קערבלעך אָהן א קוויטעל ?

— און אפשר זענט איהר אויך גערעכט ? — זאָג איך און לאָז מיך געהן צו דער טהיר און קעהר מיך אום ווידער א מאָל צוריק.

— ניין, — זאָג איך צו איהם — עס פאסט עפּיס נישט, ס'איז ניט מעשה סוחר ; אז מע האָט ביי יענעם א בילעט, באַ־דארף מען האָבען א קוויטעל... פאָלגט מיך, פאני בירנבוים, גיט מיר א קוויטעל. פאר וואָס זאָלט איהר מיך ניט געבען קיין קוויטעל ?

פלוצים הויבט זיך אויף מיין בירנבוים, געהט־אוועק צו זיך אין אלקיר אריין הינטער׳ן פארהאנג און טהוט א רוף פייגעלען צו זיך.

— פאני! — רוף איך זיך אן צו איהם. — איך וויס אויף וואס איהר רופט צו זיך פייגעלען. איהר ווילט איהר הייסען, זי זאל שיקען די דיענסט קויפען דאס בלאט, ס׳איז היינט דער צווייטער מאי, ווילט איהר א קוק טהון, צי האט דער בילעט נישט געוואונען קיין געלט? למאי זאלט איהר זיך אומזיסט מטריח זיין? איך וועל אייך בעסער אליין אנזאגען די בשורה, אז מיין בילעט האט, דאנקען גאט, געוואונען שען געלט!

מיין פארשוין איז געווארען אלערליי קאלירען.

— טאקי באמת? — זאגט ער. — לאז אייך גאט העלפען! וויפיעל זשע האט ער געוואונען?

— ער האט געוואונען — זאג איך — היבשליך, אויף אלע אידישע קינדער געזאגט געווארען, און דערפאר טאקי וויל איך ביי אייך א קוויטעל, איהר פארשטעהט, צי ניין?

— איך זאג דאך אייך — מאכט ער: — לאז אייך גאט העלפען אפילו די רי״ש אלפים — איך פארגין אייך, גלויבט מיר, מיט׳ן גאנצען הארצען! פארט וויפיעל האט דער בילעט געוואונען? וואס האט איהר מורא אויסצוזאגען?

— פאני בירנבוים! — זאג איך. — וואס טויגען אונז לאנגע מחזקות מיט איבעריגע רעד? דער בילעט האט געוואונען פינף־און־זיבעציג טויזענד קארבען, און ער ליגט ביי אייך, פראצענט האב איך אייך באצאהלט, דאס געלט האב איך אייך אפגעגעבען, — גיט מיר אפ מיין בילעט! איהר זאגט, איהר האט ניט דעם בילעט, ער ליגט אין באנק? גיט מיר ארויס א קוויטעל, און איין עק לאז דאס האבען!

וואס טויג אייך — ביי מיין פארשוין האבען זיך מיט א מאל איבערגעקעהרט די אויגען און דאס פנים איז איהם געווארען אנגע־צונדען. איך האב ארויסגעזעהען, אז ס׳איז מיט איהם נישט

פרייליך, רוף איך איהם אָפּ אויף אַ זייט און נעם איהם אָן ביי די הענט און זאָג צו איהם:

— ליעבער פריינד! האָט רחמנות אויף מיר און אויף זיך, זאָגט וואָס ווילט איהר. מיר וועלען דורכקומען. מוטשעט מיך ניט, איך שטעה קוים אויף די פיס. זאָגט וויפיעל ווילט איהר, און גיט מיר ארויס אַ קוויטעל אויפ׳ן בילעט. ס׳איז נאַריש, איך וועל אָהן אַ קוויטעל פון דאנען ניט אַוועקגעהן, וואָרום ס׳איז פינף־און־זיבעציג טויזענד קארבען!

— וואָס זאָל איך אייך זאָגען? — מאַכט ער און די אויגען ברענען ביי איהם ווי פייער. — מיר וועלען זיך פארלאָזען אויף מענטשען: וואָס מענטשען וועלען זאָגען, אַזוי וועט זיין.

— וואָס טויג אונז — זאָג איך — מענטשען? לאָמיר בעסער אליין זיין מענטשען. פאָלגט מיך, בירנבוים, ווי גאָט איז אייך ליעב, זאָגט וואָס ווילט איהר. לאָמיר נישט דערלאָזען צו קיין ליטויש געלעכטער און צו סקאנדאלען!

— נאָר מענטשען! — זאָגט ער. — וואָס מענטשען וועלען זאָגען, אַזוי וועל איך טהון...

איך האָב ארויסגעזעהען, אַז איך וועל מיט איהם גאָר ניט מאַכען, האָב איך אויפגעעפענט די טהיר און רוף מיך אָן צו מיין פארשווין, דעם עדות הייסט דאָס: „זיידעל! אַצינד קאָנסט דו געהן!“ מיין זיידעל האָט געחאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס און איז אַוועק און האָט אויסגעפויקט איבער דער גאַנצער שטאָדט, אַז יעקב־יוסיל׳ס בילעט האָט אויסגענומען פינף־און־זיבעציג טויזענד, און אַז דער בילעט ליגט ביי בירנבוים׳ען און בירנבוים גיט דעם בילעט נישט ארויס!... איהר פארשטעהט, צי ניין?... מעהר האָט מען נישט באַדארפט האָבען: עס איז ניט אַוועקגעגאַנגען קיין האַלבע שעה, איז די שטוב ביי בירנבוים׳ען געוואָרען פול, די גאַס פאַר־פלייצט, עס איז געוואָרען אַ רעש, אַ טומעל, אַ הו־האַ: „בילעט“... „יעקב־יוסיל“... „בירנבוים“... „פינף־און־זיבעציג טויזענד“... חברה האָבען זיך אָנגענומען מיין קריוודע, עס האָבען זיך געפונען

אזעלכע, וואס האבען געקלאפט אין טיש, אנדערע האבען צוגעזאגט געבען פעטש, ברעכען ביינער, צעטראגען די שטוב אויף פיץ־פיצלעך, גאר נישט אויף קאטאוועס. ביז ס׳איז געבליבען, אז מע פארלאזט זיך איינגאנצען אויפ׳ן גביר. ווי אזוי דער גביר וועט פסק׳ענען, אזוי וועט זיין. און מיר האבען זיך געלאזט, גאנץ קהל הייסט דאס, צום גביר.

אונזער גביר, דארפט איהר וויסען, איז א מענטש א שטילער, א לייטישער און איין ארענטליכער מאן ביז גאר. בסך־הכל האט ער גאר פיינט אזעלכע מעשיות מיט בוררות׳ען! נאר אז גאנץ קהל איז אריינגעפאלען צו איהם מיט א גוואלד: „ראטעוועט!" אניט, צעטראגט מען איהם די שטוב! — האט ער קיין אנדער ברירה ניט געהאט און האט געמוזט איבערנעמען אויף זיך די חתונה. און מיר האבען זיך צעשריבען, אז מיר פארלאזען זיך איינגאנצען אויף איהם, און טאקי אויף זיין נאמען האט נעבאך בירנבוים איבערגעשריבען דעם בילעט, און ס׳איז געבליבען, אז, אם ירצה השם, מארגען אדער איבערמארגען פאהרען מיר אלע אין שטאדט אריין ארויסנעמען דעם בילעט פון באנק, און וויפיעל דער גביר וועט הייסען באצאהלען בירנבוים׳ען, אזוי פיעל וועל איך באצאהלען. איהר פארשטעהט, צי ניין?... נאר איהר מיינט דאך מסתמא, אז דערמיט האט דאס איין עק? טע־טע־טע! אט דא הויבט זיך ערשט אן די רעכטע חתונה. איך האב, פארשטעהט איהר מיך, א שותף צו מיין בילעט. וואו האט איהר געזעהען, א איד זאל האבען אליין א גאנצען בילעט? — ווער איז מיין שותף? מיין שותף איז טאקי מיינער איין אייגענער ברודער, העניך הייסט ער, און זיצען זיצט ער אין א קליין שטעדטעל, ניט וייט פון אונז, און דורך איהם, הייסט דאס, האב איך טאקי דעם דאזיגען בילעט פארזעצט ביי דעם דאזיגען בירנבוים; דאס הייסט, פארקעהרט מיין איך, דורך מיר, הייסט דאס, האט ער, דער ברודער מיינער, פארזעצט דעם דאזיגען בילעט ביי דעם דאזיגען בירנבוים...

איהר פאַרשטעהט, צי ניין? נאָר דרינגען איז אַ גאַנצע מעשה, וואָס איך מוז אייך דערצעהלען אַקוראַט, איהר זאָלט פאַרשטעהן.

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך? ביי מיין ברודער העניך, הייסט דאָס. מילא, האָב איך מיין אייגענם אַ ברודער העניך ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר — וואָס זאָל איך אייך זאָגען? ס'איז דאָך ניט שייך צו רעדען אויף איין אייגענעם ברודער, ווי זאָגט איהר: „שנייץ די נאָז און שמיר דאָס פּנים". נאָר גאָר־נישט, חאָטש פּאַקרישקע... מיר האַלטען עפּיס ניט איינס פון דאָס אַנדערע, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... וואָס איך האָב, מאָהלט אייך, געטהאָן פון זיינעטוועגען — זאָל דאָס מיר אָקעגען קומען. איך מעג מיך באַריהמען, אַז איך האָב איהם געשטעלט אויף די פיס. פריהער גאָט, נאָכדעם איך האָב איהם געמאַכט פאַר אַ לייט. איך באַדאַרף מיך פאַר אייך ניט אויסשטעלען, איהר פאַר־שטעהט, צי ניין?... איז, דאַכט זיך מיר, אַז ער שיקט מיר אריין אַ בילעט און בעט מיך, איך זאָל דעם בילעט פאַרקויפען, אָדער פאַרזעצען, און קריגען אויף איהם צוויי הונדערטער און אַרויס־שיקען איהם דאָס געלט, — מעג איך דאָס טהון, צי ניין?... אי, פרעגט איהם בחרם: וואָס בילעט? ווער בילעט? געה האָב אין זינען דעם בילעט, סטראַכיר איהם, פּראַצענט צאָהל, — וואָס געהט דאָס איהם אָן, אַשטייגער? און אַז גאָט האָט געהאָלפען, דער בילעט האָט געוואונען, — ווער האָט זיך געשלאָגען קאָפּ אָן וואַנט מיט בירנבוים'ען? ווער האָט שיער דעם שלאַג באַקומען, איידער ער איז אַרויף מיט איהם אויף אַ שטיקעל דרך? און לסוף, אַז ס'איז געקומען צו עפּיס, טענה'ט ער, דער ברודער מיינער: „ווער האָט דיך געבעטען, דו זאָלסט חלש'ען פאַר מיין בילעט?"... איהר הערט דבורים? געפעלט אייך, אַשטייגער, אַזאַ מין טענה פון אַ גראָבען יונג?... האָט דאָך דאָס מיך, געוויינטליך, גוט פאַרדראָסען און פאַרבראָטען ביי'ם האַרצען: „ע, אַז דו ביזט יאָ אַזאַ גראָבער נפש, וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז דער בילעט איז דיינער?" „ווען מענס דען, זאָגט ער, בילעט איז דאָס?" „וועמענס ער איז —

איז ער, זאָג איך; לעת־עתה באַדאַרף מען פאָהרען דעם בילעט ארויסראַטעווען פון פרעמדע ידים, וואָרום ס'איז ניט קיין שפּיעל־בעל, זאָג איך, ס'איז פינף־און־זיעבעציג טויזענד קאַרבען!"... איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... נו, וואָס קומט מיר דערפאַר? באַדאַרף מען מיר מאַכען סקאַנדאַלען? קלאַפּען אין טיש אריין? ברעכען בענקלעך?... הערט איהר, אז די וועלט זאָגט, אז פון א חזיר'שען עק קאָן מען קיין שטריימעל ניט מאַכען, איז טאַקי, אפּנים, איין אמת... איך האָב מיך מיישב געווען: וואָס וועל איך דאָ מיט מיין ברודער האַריקען זיך אומזיסט? הונדערט זעכס און דרייסיג מיליאָן מענטשען זענען אונז מקנא אויפ'ן גע־ווינס — צום סוף קריעגען מיר זיך, אייגענע ברידער: מיין בילעט, דיין בילעט — פע, חלשות! מע באַדאַרף זעהען קודם כל באוואָהרענען דעם בילעט; דאָס איז, דאַכט מיר, אביסעל בילכער. האַ? וואָס זאָגט איהר? ניט אזוי?... נו, געה טענה מיט א פּראָסטען מענטשען! איך מיין טאַקי מיין ברודער העניך מיין איך, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רעד... וואָרום ווען ער זאָגט מיר פריהער, וואָס איהם קוועטשט, ווען ער דערצעהלט מיר פריהער, אז דאָס איז נישט גלאַט אזוי א בילעט, ווי אַלע בילעטען, אז דאָס איז א מעשה מיט א ביינדעל, — וואָלט איך דאָך געוואוסט וואָס איך האָב צו טהון!... ערשט ווען האָט זיך מיין ברודער העניך אויסגעקוועטשט מיט'ן ביינדעל? — העט־העט שפּעטער, אז דער בילעט איז שוין לאַנג אריבער אויפ'ן גביר'ס נאָמען, און דער סליעדאָוואַטעל האָט אויפ'ן דאָזיגען בילעט, הייסט דאָס, אנידערגעלעגט, מחילה, איין ארעסט טאַקי אין באַנק, און אונז האָט מען גענומען איטליכען באַזונדער צום סמיק, דאָס הייסט, דער סליעדאָוואַטעל האָט אונז געשיקט בעטען צו זיך, מיר זאָלען זיך מטריח זיין איהם דער־צעהלען אַקוראַט די מעשה מיט'ן בילעט: „פון וואַנען האָט זיך, זאָגט ער, גענומען צו מיר דער דאָזיגער בילעט? און וואָס פאַר א מחותן, זאָגט ער, איז דאָ בירנבוים? און וואָס געהער זיך,

זאָגט ער, אָן אהער דער גביר?" — אַ גאַנצע חתונה! איהר פאַר־שטעהט, צי ניין?... אַי, וואָס געהער זיך אָן אהער דער סליעדאַ־וואטעל? צו וואָס דאַרף ער וויסען די דאָזיגע אַלע מעשיות? — הערסט דו, אָט דאָס איז דאָך טאַקי די רעכטע מעשה מיט'ן בייג־דעל! דאָס איז אַ מין ביינדעל, הערט איהר, וואָס ניט אהער, ניט אהין, מיט אזא ביינדעל קאָן מען זיך דערוועגען!... איהר ווילט וויסען, פון וואַנען האָט זיך גענומען דאָס דאָזיגע ביינדעל? דאָס דאָזיגע ביינדעל האָט זיך גענומען פון עפּיס אַ מאָנאַך, אַ גלח. איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... עפּיס אַ מאָנאַך, אַ גלח פאַרהאַן דאָרטען, וואו מיין ברודער העניך זיצט, האַנדעלט מיט איהם דער ברודער מיינער אויפ'ן וואָרט שוין פון כמה וכמה יאָהרען, לייהט ביי איהם געלט און פאַרקויפט איהם סחורה, און זיי לעבען צווישען זיך, ווי די בעסטע גוטע פריינד. איהר פאַרשטעהט, צי ניין?...

ויהי היום, טרעפט זיך אַ מעשה, — אַזוי דערצעהלט דער גלח, און געה גלויב איהם אויף זיינע הייליגע נאַמנות, — דער אָחי מיינער קומט צו איהם צו געהן און זאָגט צו איהם: „פּאַטערעל, איך באַדאַרף האָבען אַ גמילות־חסד אַ פּאָר הונדערטער, ס'איז ביי מיר יריד!"... מאַכט צו איהם דער כומר:

— וואו זאָל איך דיר נעמען, אַז איך האָב קיין געלט ניט?

— ס'איז קיין שום תירוץ ניט! — זאָגט צו איהם דער אָחי מיינער. — איך באַדאַרף האָבען צוויי הונדערט קאַרבען ווי אין לעבען אריין!

— אַ מאָדנער איד דו ביזט! — זאָגט צו איהם דער כומר. — איך זאָג דאָך דיר, אַז קיין געלט האָב איך ניט. אַ בילעט, אויב דו ווילסט, אַ וויגרעשנע, קאָן איך דיר לייהען, און דו געה קריג דיר אויף איהם געלט...

איהר פאַרשטעהט, צי ניין? אָט דאָס איז טאַקי דער דאָ־זיגער בילעט, וואָס האָט געוואונען, הייסט דאָס, די פינף־און־זיעבעציג טויזענד. אַזוי זאָגט דער גלח, הייסט דאָס, און געה גלויב איהם אויף זיינע הייליגע נאַמנות. אַצינד, אַז דער בילעט

האָט געוואונען, — קומט דאָך מסתמא דער גלח צו לויפען צו מיין ברודער און זאָגט איהם אזוי און אזוי: דער בילעט האָט, דאנקען גאָט, געוואונען היבשליך געלט... מאכט צו איהם דער אָחי מיינער: „יאָ, מע זאָגט, אז ער האָט געוואונען געלט"... מאכט צו איהם דער כומר: „נו, וואָס זשע וועט זיין?" מאכט צו איהם דער אָחי מיינער: „וואָס זאָל זיין?"... בקיצור, אהין־אהער, מילא ווערטלעך אָן א זייט — ער זאָגט איהם דאָס, ער ענטפערט איהם יענס; ער פרעגט איהם פדרוך, ענטפערט ער איהם בוידעם; קיין שווארץ אויף וויים, אויף פאַפּיער, איהר פאַר־שטעהט צי ניין, האָבען זיי ביידע ניט. מילא, מיין אָחי האָט חאַטש א בילעט, און דער כומר וואָס האָט? עגמת־נפש האָט ער!... וואָס טויג אייך, ס'איז געבליבען — ער בעט ביי איהם, דער גלח הייסט דאָס, חאַטש עטליכע טויזענד קערבלעך. נעם זשע, דו גראָבער מענטש, דו העניך איינער, פארשמוט איהם דאָס מויל מיט עטליכע טויזענד קערבלעך, און לאָז זיך יענער נישט טשעפּען! טענה'ט אָבער דער אָחי מיינער: „פאַר וואָס קומט איהם? דער בילעט איז דאָך מיינער; איך זאָל אזוי האָבען, זאָגט ער, אלדאָס גוטס, ווי איך האָב איהם אוועקגעקויפט ביי איהם שוין א מעשה פון דריי יאָהר!"... וואָלט אפשר אָפּגעלאָפען גלאַט; איז דאָך אָבער אונזערע אידעלעך זאָלען זיין געזונט! און דאָס שטעדטעל אליין איז א גוט שטעדטעל — אפשר האָט איהר גע־הערט פון דעם? „פישי־יאַבעדע" הייסט דאָס, דאָס שטעדטעל, כשמה כן היא, א שטאָדט פון יאַבעדניקעס, מוסרים, פאַרברענט זאָל זי ווערען אין א זומער־טאָג! וואָס טויג אייך, מען איז אוועק צום גלח און מע האָט איהם אויפגעקלערט, אז ער קאָן דאָ מאַכען גימל, און מע האָט איהם ארויפגעפיהרט, ער זאָל ניט מאכען קיין לאַנגע שהיות, פאָהרען אין דער גרויסער שטאָדט אריין גלייך צום פּראָקוראָר און איינגעבען אזוי און אזוי, אז אידען, הייסט דאָס, האָבען ביי איהם אויסגענאַרט א בילעט, און דער בילעט האָט געוואונען פינף־און־זיעבעציג טויזענד, און מע גיט איהם נישט

אַפּ דעם בילעט... איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... וואָס טויג אייך, דער גלח האָט זיך דוקא נישט געפּוילט און האָט געטהאָן אַלסדינג, וואָס מע דאַרף, נאָך מעהר ווי מע באַדאַרף, און מע האָט אויפ'ן בילעט, מחילה, אַנידערגעלעגט איין אַרעסט, און סע פאַרבינדט זיך פּאַוואָלינקע אַ גאַנצער עסק, טאַקי גאָר נישט אויף קאַטאָוועס... אַט האָסט דו דיר אַזאַ מין שלאַק, טאָמער איז קאַרג! נאַ דיר גאָר אַ ביינדעל, אַ גלח!... מיין אָחי האָט שוין אפילו מיט איהם נאָכדעם געענדיגט פאַר צעהנטויזענד, נאָכדעם — פאַר פופצעהנ־טויזענד קאַרבען, האָט דער גלח חרטה געקריגען. מע האָט איהם אַזוי צעדרעהט, פאַרשטעהט איהר, אַז ער ווייסט שוין אַליין ניט וואָס ער זאָל וועלען... אַט דאָס האָט איהר אייך די מעשה מיט'ן ביינדעל, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?...

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך? ביי'ם ביינדעל, הייסט דאָס. גאָט האָט אונז באַשערט אַ רעכט ביינדעל, וואָס זאָלט איהר קלערען, נישט איינצושלינגען און נישט אויסצושפּייען! נישט אהער און נישט אהין! איז דאָך אָבער פאַרהאַן אַ גאָט אויף דער וועלט, אַ גרויסער גאָט, ווי זאָגט איהר, וואָס מיט איין האַנט שטראָפט ער, מיט דער אַנדערער היילט ער, — האָבען זיך גע־פונען מענטשען, גוטע ברידער, מחותנים, גוטע פריינד, און גלאַט מענטשען, מע האָט זיך אַריינגעלעגט אין דער מיט, געדרעהט, געפּרובט אויף אַלע זייטען, הין און צוריק, פון מיין ברודער צום גלח, פונ'ם גלח צו מיין ברודער, פון מיר צו בירנבוים'ען, פון בירנבוים'ען צו מיר, און פון אונז ביידען צו מיין ברודער, און פון אונז אַלע דריי ווידער צום גלח — אַ דרעהעניש, אַ לויפעניש, אַ געפּאָהרעריי, אַ גערעדעריי, אַ געשפּאַרעריי, — בקיצור, מע האָט אונז קוים מיט צרות מיט לייד אויסגעגלייכט. וואָס אויס־געגלייכט? ווי אַזוי אויסגעגלייכט? — פרעגט נישט, אַבי אויס־געגלייכט! ווי זאָגט איהר: פון קריוודע קאָכט מען וועטשערע, אָדער, ווי מיין אָחי האָט געזאָגט, אַז מע האָט איהם צונויפגעפיהרט מיט'ן גלח:

— וואשע פרעפּאָדאָביע, — זאָג ער — יאַק נע פּסק, טאָ פּסאקעץ, נעחאַי בודע יחלוקו...

— נעחאַי בודע יחלוקו! — זאָגט איהם דער גלח. — אַלע טי, העניך, מאַשעניק!...

— לחיים, פּאַטערל, זאַ וואשע זדאָראָוויע! — זאָגט צו איהם מיין אָחי און טראָגט איהם אונטער א גלעזעל, און מיר אַלע נעמען צו גלעזלעך, און מע טרינקט־אויס און מע צעקושט זיך — פיין, שען, צופריעדען... שייך זאָגען צופריעדען? ווי קאָן מען זיין צופריעדען, אַז איטליכער פון אונז האָט געהאַט כמעט ביי זיך אין האנט די פינף־און־זיעבעציג טויזענד און האָט זיי ארויס־געלאָזט אויפ'ן ווינט — פּפו! איהר ווילט וויסען, ווי אַזוי? נאַט אייך א פּראָסטען חשבון: מילא, פון מיר שמועסט מען ניט: האָב איך נ י ט פינף־און־זיעבעציג טויזענד, א שענע־ריינע כפּרה! נאָר איך פרעג אייך: וואָס וואָלט געטהאָן, אשטייגער, מיין ברו־דער העניך, ווען איך זאָל איהם ניט געוועזן געבען קיין דעפּעש, אַז אונזער בילעט האָט אויסגענומען די פינף־און־זיעבעציג טוי־זענד? איין אנדערער אויף מיין אָרט, אַז ער דערזעהט אזא גע־ווינס, ווייסט איהר וואָס ער טהוט? ער ווישט אָפּ די ליפּען און מאַכט א שוויג. וואָס מיר ברודער? ווער מיר העניך? — וואָרום לאָז זיך איהם דאַכטען, אַז איך האָב גאָר פארקויפט דעם בילעט! אָדער עלעהיי איך האָב איהם פארזעצט ביי בירנבוים'ען און האָב איהם ניט אויסגעקויפט צו דער צייט, — און א צעטעל פון מיר האָט דאָך בירנבוים, אַז איך האָב איינגעלעגט ביי איהם אזא און אזא בילעט פון אזא און אזא סעריע, און באַם איך קויף ניט אויס צו דער צייט, איז אזא און אזא בילעט פון אזא און אזא סעריע — איהר פארשטעהט, צי ניין?... נאָר וואָס דען?... אַז ס'איז מיר גאָר נישט געקומען אויף דער מחשבה, איך זאָל אזוי ריין זיין פון שלעכטס! וואָרום, ווי איהר זעהט מיך אָטאָ, בין איך אזא איד, וואָס קאָטאָרי געלט שפּיעלט ביי מיר גאָר א קליינע ראָליע! וואָס איז דען, אייגענטליך, געלט? געלט

איז בלאָטע, אבי גאָט העלפט. ווי מיין ווייב זאָגט, מען איז גע־זונט און מע האָט אַלסדינגג, וואָס מע באַדאַרף... נאָר גאָרנישט, פאַרדראָסיג איז דאָס, פּאָרט. ווי זאָגט איהר, פּ י נ ף ־ א ו ן ־ ז י ע ב ע צ י ג  ט ו י ז ע נ ד! איהר פאַרשטעהט, צי ניין?...

אצינד נעמט בירנבוים׳ען. בירנבוים איז דאָך טאַקי גאָט די נשמה שולדיג; ער האָט דאָך טאַקי נעבאָך ארויסגעלאָזט די פינף־און־זיעבעציג טויזענד ממש פון די הענט! גלאַט ער איז איין עהרליכער, א לעצט־אָרענטליכער יונגערמאַן, און וויל ניט נהנה זיין פון א פרעמדען בילעט; ער וויל נאָר, מע זאָל א פרעג טהון מענטשען, ו ו אָ ס  מ ע נ ט ש ע ן  ו ו ע ל ע ן  ז אָ ג ע ן, איהר פאַרשטעהט, צי ניין? ווייטער וואָלט דאָך געוועזן, ווי זאָגט איהר, א כשר׳ער טאָפּ מיט א כשר לעפעל, וואָרום ער האָט דאָך טאַקי פון מיר א צעטעל, אז באם איך קויף נישט אויס ביי איהם דעם בילעט צו דער צייט, איז אזא און אזא בילעט פון אזא און אזא סעריע — איהר פאַרשטעהט, צי ניין? נעמט דער דאָזיגער בילעט און געווינט פּונקט די פינף־און־זיעבעציג טויזענד! נו, פרעג איך אייך, קאָן נישט די גאַל צעזעצט ווערען?... האָט איהר שוין, הייסט דאָס, צוויי אומגליקליכע נפשות אויף דער וועלט, וואָס האָבען כמעט פון קעשענע פאַרלאָרען צו פינף־און־זיעבעציג טויזענד קאַרבען — וואָס? ניט אזוי?...

דער דריטער אומגליקליכער נפש איז מיין ברודער העניך נעבאָך. ער געהט גלאַט ארום ווי א נגזל, א געקווילעטער האָהן, און ס׳איז טאַקי א ביטערער רחמנות אויף איהם, וואָס ער נעמט אזוי ווינציג געלט, וואָרום ער איז דאָך טאַקי געוואָהנט געוואָרען אלע יאָהר, און אפשר צוויי מאָל אין יאָהר, אז בילעטען שפּיעלען, נעמען־אוים פינף־און־זיעבעציג טויזענד, נישט ווינציגער! געהט ער ארום און שרייט: „וואָס האָבען זיי צו מיר? וואָס ראַבעווען זיי מיך? אַלעמען געב געלט! דעם גלח געב, דעם ברודער געב, בירנבוים׳ען געב — זיי ווילען מיך מאַכען פאַר א קבצן!" איהר פאַרשטעהט, צי ניין?...

דער פּערטער, דער גלח הייסט דאָס, איז דאָך אודאי איין אומגליקליכער גלח! ער שווערט, און מע מוז איהם גלויבען אויף זיינע הייליגע נאמנות, אַז ער פאַרשטעהט ניט, פאַר וואָס אידען טיילען זיך מיט זיין געלט? „מילא העניך, זאָגט ער, מעג זיך טאַקי זיין אַ מאַשעניק, און סע קומט איהם אודאי געהן אין חדר אריין, — איז ער אָבער פּאָרט אַ היימישער מענטש און אַ גוטער ברודער... אָבער דאָס גאַנצע איבעריגע „קהל“, זאָגט ער, — וואָס פאַר מחותנים איז „קהל“ צו מיין בילעט?!“... איהר פאַרשטעהט, צי ניין? געה רעד מיט אַ גלח און געב איהם צו פאַרשטעהן, וואָס הייסט אָרענטליך: אַז דער איז אַ ברודער, וואָס האָט געהאַט ביד צונעמען אינגאַנצען אַזוי, אַז קיין האָהן זאָל אפילו נישט קרעהען, און דער איז אַ לעצט־אָרענטליכער יונגערמאַן, וואָס האָט פון מיר אַ צעטעל, אַז אַזאַ און אַזאַ בילעט פון אַזאַ און אַזאַ סעריע — איהר פאַרשטעהט, צי ניין? ער מיינט דען עפּיס, בירנבוים הייסט דאָס? ער מאָנט דען געלט? ער האָט דען עפּיס טענות? חס וחלילה! ער וויל נאָר, מע זאָל אַ פרעג טהון מענטשען, וואָס מענטשען וועלען זאָגען! אַ מענטש, וואָס האָט זיך איינגעליעבט אין מענטשען, אַ מענטשליכער מענטש — איהר פאַרשטעהט, צי ניין?...

הכלל, פיער מענטשען האָבען געוואונען, הייסט דאָס, צו פינף־און־זיבעציג טויזענד אויף אַ חלק, און פיער מענטשען האָבען פאַרלאָרען צו פינף־און־זיבעציג טויזענד — פיער אומגליקליכע געקוילעטע מענטשען!... נאָר גאָרנישט, אויסגעגלייכט זיך — איז פאַרפאַלען. מסתמא איז דאָך עס אַ באַשערטע זאַך... וואָס זשע בלייבט־איבער צו טהון אַצינד? אַצינד באַדאַרף מען, הייסט דאָס, נעמען און זיך צעטיילען מיט'ן בילעט, דאָס הייסט, מע באַדאַרף געהן אַלע פיער אין באַנק אריין, אַרויסנעמען דעם בילעט, אָפּנעמען דאָס געווינס, אָפּגעבען איטליכען זיינס און זאָגען מזל־טוב און טרינקען מאָהריטש. איאָ? האָט זשע צייט אַביסעל, פּאַוואָלינקע, נישט געהאַפּט. ערשטענס. ליגט דאָך אויפ'ן בילעט עפּיס

א חתימה פונ'ם סליעדאָוואטעל, באַדאַרף מען דאָך קודם כל באַ־
פרייען, הייסט דאָס, דעם בילעט. ווייל דער גלח נישט באַפרייען
דעם בילעט ביז מע וועט איהם נישט באַוואָהרענען מיט זיין חלק.
איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... ווי אַזוי זשע באַוואָהרענט מען
איהם מיט זיין חלק? באַדאַרף מען דאָס בילעט, הייסט דאָס,
אראָפּנעמען פונ'ם גביר'ס חשבון און איבערלעגען איהם אויף מיין
ברודער העניך'ס און אויפ'ן גלח'ס נאָמען. ווייל דער גביר נישט
הערען, נישט זעהען. באשר ער טענה'ט, דער גביר הייסט דאָס,
און איז דוקא גערעכט:

— וואָס בין איך פאַר אַ מחותן צו אַ פרעמדען בילעט? ווי
קאָן איך הייסען איבערגעבען אַ פרעמדען בילעט פון פינף־און־
זיעבעציג טויזענד, וואָס סע ליגט אויף איהם איין ארעסט, אז איך
ווייס ניט וועמענ'ס בילעט דאָס איז? פריהער איז ער געווען
בירנבוים'ס מיט יעקב־יוסיל'ס, היינט הער איך, אַז ער איז גאָר אַ
העניך'ס מיט אַ גלח'ס, שפּעטער וועלען זיך אַלע מאָל ארויסבאַ־
ווייזען נייע בעלי־בתים, נייע העניכס מיט נייע גלחים — וואָס
וועל איך טהון, אַז זיי וועלען נאָכדעם מאָנען ביי מיר איטליכער
באַזונדער צו פינף־און־זיעבעציג טויזענד? וואו וועל איך נעמען,
קינדערלעך, אַזוי פיעל געלט אויף צו באַצאָהלען? איך בין דאָך
ניט בראָדסקי!

איהר פאַרשטעהט, צי ניין? האָט זיך אָנגעהויבען איין עסק
מיט אַדוואָקאַטען. און אַדוואָקאַטען זענען דאָך פונקט ווי די דאָק־
טוירים: וואָס איינער זאָגט, זאָגט דער אַנדערער קאַפּויר. געלט
נעמען זיי אַלע און געבען עצות, איטליכער איין אַנדער עצה. איין
אַדוואָקאַט זאָגט, אַז דער גביר מעג זעהר שוין איבערגעבען דעם
בילעט וועמען ער וויל... און דער אַנדערער זאָגט: ער טאָר ניט
בשום אופן איבערגעבען דעם בילעט... קומט דער דריטער און
זאָגט, אַז ער מ ו ז איבערגעבען, אַניט — קאָן ער האָבען אויף
זיך אַ „פּעקעל״, למאי ער גיט ניט איבער... קומט נאָך איין אַד־
וואָקאַט און זאָגט: לאָז זיך דער גביר גלאַט אַזוי אָ פּ ז אָ ג ע ן

פונ'ם בילעט, וועט דאָס זיין ווי געוואונשען... קומט נאָך איינער און זאָגט: הס מלהזכיר! באם ער זאָגט זיך אָפּ פונ'ם בילעט, דער גביר הייסט דאָס, בלייבט דער בילעט הענגען אין דער לופ־טען, קאָן ער נאָכדעם האָבען אויף זיך א רעכט „פּעקעל״!... קומט נאָך איין אדוואָקאַט און זאָגט: אדרבה, טאָמער זאָגט ער זיך ניט אָפּ, האָט ער ערשט אויף זיך א „פּעקעל״!... קומט א נייער אדוואָקאט און זאָגט א נייעם דין: דער גביר, זאָגט ער, מעג זיך יאָ אָפּזאָגען, ניט אָפּזאָגען — ער וועט סאַי־ווי־סאַי האָבען אויף זיך א פּעקעל... איהר פאַרשטעהט, צי ניין? נאָר מיר דאַכט, אז ער האָט שוין אויף זיך א גוט „פּעקעל״, וואָרום, א חוץ וואָס מע דולט איהם אלע מינוט דעם ספּאָדעק, פאָהרט ער נעבאָך אלע וואָך אין דער גרויסער שטאָדט אריין, אונזער גביר הייסט דאָס, פון איין אדוואָקאט צום אנדערען, צאָהלט געלט און בעט, מע זאָל אויף איהם רחמנות האָבען, געבען איין עצה, ווי אזוי ער זאָל פּטור ווערען פון דער דאָזיגער באָמבע? ס'איז א גאָט'ס רחמנות, זאָג איך אייך, און א חרפּה, א בזיון פאַר לייטען. מע נעמט א מענטשען, איין עהרליכען, א שטילען מענטשען, וואָס טשעפּעט ניט קיין פליעג אויף דער וואנט, און מע הענגט איהם אָן אזא באָמבע, א לונג־און־לעבער אויף דער נאָז — און האָלט זיך געזונטערהייד!... טאָמער ווייסט איהר, פאַר וואָס? פאַר ווען? פאַר וואָס קומט איהם אזא באָמבע? דערפאַר וואָס מענטשען האָבען זיך אריינגעלעגט, געוואָלט א אידען א טובה טהון, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... האָט איהר ניט ביי זיך נאָך א באָמבע... טפו! מיין איך נאָך א פּאַפּיראָס?

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך? ביי דער באָמבע הייסט דאָס, וואָס מע האָט אָנגעהאנגען אונזער גביר... ווילט איהר דאָך מסתמא וויסען, וואָס הערט זיך מיט דער באָמבע? גאָר ניט, די באָמבע איז א באָמבע! לעת־עתה הענגט זי נאָך אין דער לופטען... דער גביר העצקעט זיך אלע וואָך הין און צוריק אין דער גרויסער שטאָדט אריין צו די אדוואָקאטען, די אדוואָקאטען נעמען געלט

און געבען עצות — דער אזוי, דער אנדערער אָט אזוי, און דער דריטער ניט אזוי און ניט אזוי, נאָר פונקט קאפויר, ווי געוויינטליך... וואָס דער סוף דערפון וועט זיין — ווייסט נאָר איין גאָט אין הימעל, וואָרום קיין מענטשליכער פארשטאנד קאָן דאָס גאָרנישט משיג זיין, וואָס דערפון קאָן ארויס; וואָרום טאָמער דערגעהט דאָס חלילה צו א משפט, ווייסט מען ניט, מיט וואָס עס קאָן זיך ענדיגען... איהר פארשטעהט, צי ניין? דערווייל ווער ליגט נייען איילען אין דער אדמה? יעקב־יוסיל! אז די שטאָדט, — וואָס זאָג איך די שטאָדט? — די גאנצע וועלט האָט מיט מיר צו טהון! איטליכער טייט אויף מיר מיט די פינגער: „אָן געהען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד!"... פון געשעפט איז מען אָפּגעריסען; אין קעשענע איז ניטאָ א דרייערעל, נאָך ערגער ווי פריהער; מיין ווייב שעמט זיך ארויסצוקומען אין מארק אריין — מע רופט זי „די נייע נגידית"... מיך האָט מען דעם ערשטען שבת אין שוהל מכבד געווען מיט „ששי" גאָר אויף איין אנדער אופן. מע האָט שוין אפילו געמאכט א חשבון פון די פינף־און־זיעבעציג טויזענד, וויפיעל איך באדארף געבען אויף דער שטאָדט, וויפיעל איך זאָל צעטיילען אָרעמע קרובים, און וואָס איך וועל טהון מיט'ן איבעריגען. דער האָט געזאָגט, אז איך וועל מסתמא ווערען א בעל־הלואה; און דער האָט געדרונגען, אז גיכער וועל איך האנדלען מיט ברויט, אזוי ווי איך האָב אמאָל געהאנדעלט; און דער האָט אויסגעוויזען, אז דאָס בעסטע איז פאר מיר א קאנטאָר: מיט א קאנטאָר, זאָגען זיי, מאך איך די בעסטע געשעפטען ביי אונז אין שטאָדט, וואָרום וואָסער קאנטאָר ביי אונז פארמאָגט דען מיט א מאָל א קאפּיטאל פון פינף־און־זיעבעציג טויזענד? מע מיינט מעות מזומנים מיינט מען, טאקי וואָס מזומנים הייסט! איהר פארשטעהט, צי ניין?... וואָרום ביי אונז אין שטעדטעל זענען די אידען גרויסע אפּיקורסים; קיינער גלויבט גאָר נישט, אז ס'איז ערגיץ פאראן במזומנים מעהר ווי א פינפאונצוואנציגער איין אייגענער... אונזער שטעדטעל, דארפט איהר וויסען, איז

אויך א רעכט שטערטעל, דער רוח האָט דאָס ניט גענומען! דאָס איז א שטערטעל, פאַרשטעהט איהר מיך, פון די שטעדטלעך, וואָס מע פרעגט אויף זיי!... פאַרהאַן לעדיגגעהערס געגוג, וואָס האָבען ניט וואָס צו טהון, געהט מען אַרום פון שמונין צו בונין און מע רעדט־אָפּ פון דער גאַנצער וועלט. קיין אייגענע געשעפטען איז נישטאָ, האָט מען אין זינען יענעמ׳ס. מע קלויבט זיך צונויף אין מארק ביי דער אַפּטייק, אויף דער „בערזע״ הייסט דאָס, און מע האַלט אין איין שאַצען יענעמ׳ס עסקים: מע האָט מורא, טאָ־מער פאַרדיענט יענער; און אז יענער דערלעגט, איז מען זיך מחיה, עס קומט צו א שטיק געזונט... הייגט פאַרשטעהט איהר, וואָס פאַר א חמארע עס האָט זיך אָנגערוקט אויף דער שטאָדט, אז מע האָט דערהערט פון די פינף־און־זיבעציג טויזענד? פון יענעם טאָג אָן מאַכט זיך זיי שוין נישט צו דאָס מויל פון אין־דער־פריה ביז ביינאַכט. מע ווערטעלט זיך און מע שטעכט זיך. איינער דעם אַנדערען עסט־אויס די גאַל, קריכט־אריין מיט די פיס אין הארצען.

— פאַר וואָס האָט איהר בעסער נישט אויסגענומען די פינף־און־זיבעציג טויזענד? זיי וואָלטען דאָך אייך איצטער שטאַרק צוניטץ געקומען!...

— למאי איהר ניט? איהר באַדאַרפט זיי א סך נויטיגער פון מיר!...

בכדי עס זאָל דעם איבעריגען עולם פאַרדריסען, האָט איינער א בעל־חשבון אויסגערעכענט, אז איך בין דער גרעסטער גביר אין שטאָדט. „עס איז א פּראָסטער חשבון — זאָגט ער: — פינף־און־זיבעציג טויזענד האָב איך געוואונען, א קערבעל זעכס־זיבען טויזענד באַטרעפט די דירה מיינע — האָט איהר א קיימאַ־לן פון פינף־און־אַכציג, קרוב צו מאה אלף קאַרבען. נו, און אז א איד, וואָס פאַרמאָגט הונדערט טויזענד קאַרבען, מעג מען, דאַכט זיך, אויף איהם זאָגען, אז ער פאַרמאָגט צוויי, וואָרום אז מע שאַצט א אידען אין די״ש אלפים, פאַרמאָגט ער דאָך קיין הונדערט טויזענד

אויך ניט! אלזא, בין איך, הייסט דאס, א איד פון רי״ש אלפים, דאס הייסט, דער גרעסטער גביר אין שטאדט! אי, ס'איז פארהאן נאך גרעסערע נבירים פון מיר? איז דער תירוץ: פון וואנען ווייסט מען? ווער איז געווען ביי זיי אין קעשענע און ווער האט געצעהלט זייער געלט? אפשר זענען זיי נאך דערונטער? איהר פארשטעהט, צי ניין?... א סך מענטשען האט דאס טאקי אנגע־ריהרט ביז דער ביין. זיי האבען נעבאך נישט געקאנט דאס איבער־טראגען: ווי נעמט דאס מיט א מאל א געמיינער איד, פלוצים אין מיטען דרינען, און ווערד, אהן קאפוועהטיג, א גביר פון פינף־און־זיעבעציג טויזענד?... פארהאן ביי אונז איינער, איין אלטער בחור, א רייכער און א קארגער, האבען חברה אומיסטען אונטער־געשיקט א שליח, איינעם א „מענדעל־באַרד", ער זאל איהם אנ־זאגען די גוטע בשורה, אז יעקב־יוסיל האט געוואונען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד; איז איהם געווארען, ניט פאר אייך גע־דאכט, אזוי שלעכט, אז מע האט געמיינט, ס'איז איין עק פונ'ם יונגענמאן! א ביטערער רחמנות — ער איז נעבאך עטליכע טאג כסדר ארומגעגאנגען אהן א קאפ! און אצינד, אז ער האט דער־הערט די געשיכטע מיט מיין ברודער העניך און די מעשה מיט'ןביינדעל, איז איהם צוגעקומען א שטיק געזונט: „לאז שוין בעסער זיין, זאגט ער, דעם גלח; פאר וואס קומט א אידען אזוי פיעל געלט?"... איהר פארשטעהט, צי ניין?... נאר איהר מיינט, אז אייגענע פארגינען שוין? אזוי לאנג שמייסט מען זיי! זיי זאלען קאנען דערטרינקען אין א לעפעל וואסער!... מאהלט אייך, ווען עס פאלט ארייז צו מיר טאקי די פינף־און־זיעבעציג טויזענד, וואל־טען געוועז אנדערע ווערטער; דעמאלט וואלטען מסתמא אלע הנאה געהאט: אי אייגענע, אי פרעמדע. נאר אז עס האט זיך שוין געמאכט אזוי, איז שוין וויעדער אנדערע ווערטער... נישקשה, די משפחה מעג זיך נייהען א בייטעל — ביי מיין ברודער העניך וועט מען צעפיהרען די הענט. ער איז א רעכטער נדבן, מיין העניך זאל געזונט זיין; ער, אז ער וועט אנהויבען געבען „נתינות",

וועט זיין וואָס צו זעהען. ס'איז אַ סברה, אַז ער האָט שוין אַסיג־נירט פון פינף־און־זעכציג ביז צוויי־און־זיעבעציג רובל אויף חתונה מאַכען איין אָרעמע שוועסטער; און דעם אַלטען טאַטען האָט ער מנדר געווען אַ גאַנצען הונדערטער אַ האַרטען: לאָז ער וויסען, הייסט דאָס, דער אַלטער טאַטע, אַז זיין זוהן האָט אויסגענומען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד. איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... דאָס זענען די היימישע קרובים. און די וואָס פון דערווייטען האָבען זיך גלאַט אַ לאָז געטהאָן צו מיר פון דער גאָרער וועלט, דער מיט אַזאַ „פּעקעל", און דער מיט אַזאַ „פּעקעל"... אַ סך האָבען אויף דעם חשבון אָנגעהויבען טהון שדוכים, חתונה מאַכען קינדער. איינינגע האָבען זיך גע'גט צוליעב דעם, וואָס זיי וועלען נאָכדעם קאָנען גרויבען צו עפּיס גרעסערס... מילא, איז דאָס חאָטש קרובים; ווי זאָגט איהר: פון אייגענע מוז מען ליידען. איהר פאַרשטעהט, צי ניין? אָבער פון פרעמדע, פון ווילד־פרעמדע וואָס בין איך נאָך מחויב צו טראָגען? פאַר וואָס קומט דאָס מיר? פאַר וועמענ'ס זינד?... וואו איך האָב ערגיץ אַ שונא, הערט איהר, ווינש איך איהם אַזאַ געווינס פון פינף־און־זיעבעציג טויזענד! איהר מעגט מיר גלויבען בנאמנות, אַז דאָס אָפּגעבען מזל־טוב, וואָס איטליכער גיט מיר אָפּ, מיט דעם אונטערשמייכלען זיך, מיט די חניפה'לעך פון איטליכען באַזונדער — בין איך שוין ניט אימשטאַנד אריבער־צוטראָגען! מענטשען, וואָס איך קען זיי נישט און וויים זיי נישט, קומען צו מיר צו געהן זיך מיט מיר איין עצה האַלטען.

— מיר האָבען געהערט, זאָגען זיי, פון אייך, רב יעקב־יוסיל, מיר האָבען שוין לאַנג פון אייך געהערט, אַז איהר זענט אַ קלוגער מענטש. מיינט נישט, זאָגען זיי, אַז מיר מיינען עפּיס דערמיט אַ מיין, וואָס גאָט האָט אייך באַגליקט די פינף־און־זיעבעציג טויזענד — חלילה וחס! גלאַט אַזוי, זאָגען זיי, מיר זענען געקומען צו אייך אַביסעל אויסרעדען זיך דאָס האַרץ...

איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... איינער איז געקומען צו מיר עפּיס פון אַ מאָדנער שטאָדט, איך האָב שוין פאַרגעסען ווי זי הייסט,

פון א ווייטער מדינה, וואָס מיין זיידענ'ס באבע איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען. עס עפענט זיך די טהיר, עס קומט אַריין פלוצים א איד, לעגט אָפּ דאָס פעקעל.

— שלום עליכם!

— עליכם שלום! פון וואנען איז א איד?

— פון אויסרייסען. דאָס זענט איהר רב יעקב־יוסיל?

— דאָס בין איך יעקב־יוסיל. וואָס ועט איהר זאָגען גוטס?

— זענט איהר דאָס טאַקי אַליין, הייסט עס, אַט דער רב יעקב־יוסיל, וואָס האָט אויסגענומען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד? דאָס בין איך אומיסטען, זאָגט ער, געקומען צו פאָהרען אהער; דאָס הייסט, איך פאָהר במילא פארביי, האָב איך דערהערט די מעשה מיט די פינף־און־זיעבעציג טויזענד, האָב איך מיך מיישב געווען: טא, לאָם איך אראָפּפאָהרען אהער אויף א טאָג; איך וויל אָנקוקען מיט מיינע אויגען דעם דאָזיגען גליקליכען, וואָס האָט געוואונען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד. ס'איז ניט קיין קלייניגקייט — ס'איז פינף־און־זיעבעציג טויזענד!...

איהר פארשטעהט, צי ניין? געה, דערצעהל איטליכען באַזונדער א מעשה מיט א בירנבוים, וואָס וויל מענטשען, און מיט א ברודער, וואָס הייסט העניך, און מיט א ביינדעל, און מיט א גביר, און מיט א באָמבע, און מיט אדוואָקאטען, און מיט רוחות, און מיט שדים!... איך זאָל האָבען, הערט איהר, די גליקליכע יאָהר, וואָס ס'איז פריהער, פאר די פינף־און־זיעבעציג טויזענד, געווען בעסער ווי אצינד, נאָך די פינף־און־זיעבעציג טויזענד, און רוהיגער אודאי! איך וועל אייך זאָגען דעם אמת: איך בין שוין איצטער ניט זיכער מיט'ן לעבען אויך. אַט בין איך געווען ניט לאַנג אין דער גרויסער שטאָדט ביי די אדוואָקאטען דאָרטען, האָט מיך איינער א חברה־מאן פארנארט צו זיך אהיים אויף פּאַדאָל, כלומרשט אויף טיי; איך קום צו איהם אויף פּאָדאָל, ביי־נאכט איז דאָס געווען, טרעף איך דאָרטען נאָך איינעם א חברה־

מאַן, אַ אידען מיט דוקא אַ שענער באָרד, זיצען איבער אַ ספר; גיט ער מיר אָפּ שלום, שטעהט־אויף פאַררויכערען אַ פּאַפּיראָס, פּאַרלעשט די לאָמפּ, און מיר בלייבען אין דער פינסטער... איהר פאַרשטעהט, צי ניין? עס וואָלט כדאי געווען, כלעבען, ס'זאָל ניט זיין אַזוי שפּעט און איהר זאָלט זיך אַזוי ניט חאַפּען אין וועג אריין, אייך דערצעהלען די דאָזיגע מעשה אויך, און אויף יענער מעשה זיצט נאָך אַ מעשה, אָדער ווי זאָגט איהר: אויף אַ בלאַטער אַ פרישטש און אויף אַ מכה אַ בלאַטער. איהר פאַרשטעהט, צי ניין?...

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך, הייסט עס? ביי'ם סוף פון דער מעשה. אַ סוף, מיינט איהר? האָט צייט אַ ביסעל, נישט געחאַפּט, ס'איז ערשט איין אָנהויב. וואָס זאָג איך איין אָנהויב? עס הויבט נאָך גאָר נישט אָן צו זיין קיין אָנהויב אפילו! און ווער איז שולדיג? איך אַליין טאַקי! שייך זאָגען איך בין שולדיג? וואָס בין איך שולדיג? איך וויים? איך בין דאָך נישט מעהר ווי אַ מענטש, ווי זאָגט איהר, אַ בשר־ודם, נאָר אז ס'איז באַשערט איין אומגליק, העלפט זיך עפּיס? וואָס בין איך שולדיג, למשל, אַז איך... נאָר שאַ! מע טאָר נישט חאַפּען די פיש פאַר די לאָק־שען, מיין איך פאַרקעהרט — די לאָקשען פאַר די פיש. לאָם איך אייך בעסער דערצעהלען פּאַוואָלינקע, נישט געחאַפּט, די גאַנצע מעשה פונ'ם אָנהויב, דאָס הייסט, ניט פונ'ם אָנהויב, נאָר פונ'ם לעצטען אָנהויב, דאָס הייסט, פון דעם, וואָס איהר מיינט, אַז ס'איז שוין דער סוף... על כל פּנים, אַז גאָט האָט גע־האָלפען, מיר האָבען זיך דעמאָלט, אויב איהר געדענקט, מיט צרות, מיט אַנגסטען איינגעטיילט מיט'ן בילעט, הייסט דאָס, איטליכען באַזונדער זיין חלק, — געוויינטליך, נישט אַזוי גיך טהוט זיך עס ווי סע רעדט זיך; מע האָט זיך גענוג אָנגערעדט, אָנגעהאַריקעט מיט איטליכען באַזונדער. אַז דער גלח טענה'ט: פאַר וואָס קומט אונז געלט, מיר און בירנבוים'ען, אונז ביידען הייסט עס? און מיין ברודער העניך איז אַ בעלן, איך זאָל מיך פאַרלאָזען אויף

זיין יושר און אויף זיין גוטען ווילען און אויף זיין השגה. און מיין חברה־מאַן, בירנבוים הייסט עס, שרייט, אַז ער וויל גאָר־נישט — ער וויל נאָר מענטשען, האָרכען וואָס מענטשען וועלען זאָגען. איהר פאַרשטעהט, צי ניין? האָבען זיך אריינגעמישט אין דעם דאָזיגען עסק מעקלערס, און דוקא דריי מיט אַ מאָל; צוגעהאָרעוועט, אויסגעגלייכט — איין עק, אַ סוף. און ס'איז געבליבען, אויב איהר געדענקט, — וואָס זשע, הייסט דאָס, איז געבליבען? ס'איז געבליבען, אַז מיר זאָלען זיך צונויפקלויבען אַלע פיער, הייסט עס, אוועקפאָהרען אין דער גרויסער שטאָדט אריין, ארויסנעמען דעם בילעט, אָפּנעמען דאָס ביסעל מינץ, צעטיילען זיך מיט די חלקים, נאַ דיר, געב מיר — און אַ גוטען טאָג מיט דער קאַפּאָטע! יאָ, ווען זשע איז דאָס גערעדט געוואָרען? נאַפּשיקלאַד, אַז ס'איז פאַרהאַן אַ בילעט. אָבער אַז ס'איז קיין בילעט נישטאָ? שייך זאָגען, ס'איז קיין בילעט נישטאָ? אַ בילעט איז פאַרהאַן אַ בילעט, נאָר, אויב איהר געדענקט, וואו ליגט ער, דער בילעט? פאַרצוויאָקעוועט אין אַ באַנק ערגיץ, אויף אַ פרעמ־דען נאָמען, און פון אויבען, אויפ'ן בילעט הייסט עס, אויב איהר געדענקט, ליגט, איך בעט איבער אייער כבוד, איין ארעסט פונ'ם סליעדאָוואטעל — גייה נעם־ארויס אזאַ בילעט! וואָס זשע טהוט מען? באַדאַרף מען קודם כל, אויב איהר געדענקט, זעהען, מע זאָל צערייבען דעם עסק — לאָז דערווייל, הייסט עס, ווערען אויס עסק, וועט מען שוין נאָכדעם זעהען וואָס מע האָט צו טהון. איהר פאַרשטעהט, צי ניין? ווער זשע באַדאַרף צערייבען דעם עסק, סע זאָל ווערען אויס עסק? פאַרשטעהט זיך, אַז דער גלח. זאָגט אָבער דער גלח, אויב איהר געדענקט: לאָז מען איהם פריהער באַוואָהרענען, דאָס הייסט, איבערגעבען דעם בילעט אויף זיין נאָמען, וועט ער זעהען, מע זאָל צערייבען דעם עסק. איז ער, דאַכט זיך, אויך גערעכט? ווער זשע באַדאַרף דאָס איבערגעבען דעם בילעט אויף זיין נאָמען, אַז ער זאָל צערייבען דעם עסק? פאַר־שטעהט זיך, אַז דער גביר אונזערער. קומען מיר מסתמא צו

אונזער גביר און בעטען איהם, ער זאָל זיין אזוי גוט און איבער־
געבען דעם בילעט, וועט מען צערייבען דעם עסק. טענה'ט דער
גביר ווידער די אייגענע טענה, אויב איהר געדענקט, און איז
אויך גערעכט: „וואָס האָט איהר צו מיר? — זאָגט ער. — וואָס
האָט איהר מיר אָנגעהאנגען א פרעמדען עסק?" טענה'ן מיר:
„גערעכט זענט איהר טאקי; נאָר וואָס זאָלען מיר טהון, אז אָהן
אייך קאָן מען ניט צערייבען דעם עסק?" זאָגט ער: „אם כן, וואָס
בין איך שולדיג? צערייבט אייך יאָ דעם עסק און צערייבט אייך
ניט דעם עסק, — וואָס איז מיין עסק?"... איהר פארשטעהט,
צי ניין?... האָט איהר ניט ביי זיך איין עסק... טפו! מיין איך
א פאפיראָס?

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך, הייסט דאָס? ביי צער־
רייבען דעם עסק. עצות אהער, עצות אהין — ס'איז געבליבען:
לאָדען זיך. און וויבאַלד לאָדען זיך, באַדאַרף מען פרעגען איין
אדוואָקאַט. און וויבאַלד פרעגען ביי איין אדוואָקאַט, באַדאַרף מען
פאָהרען אין שטאָדט אריין. הויבט זיך אָן: ביי וואָסער אד־
וואָקאַט זאָל מען פרעגען? זאָגט דער, מע זאָל פרעגען ביי דעם
אדוואָקאַט, און יענער זאָגט, מע זאָל פרעגען ביי יענעם
אדוואָקאַט. פרעגט מען דאָך מסתמא ביי ביידע אדוואָקאַטען, א
ברירה האָט מען? זאָגט דאָך מסתמא דער אדוואָקאַט פונקט
דעם היפך, וואָס יענער אדוואָקאַט; זאָגט דער דריטער אד־
וואָקאַט בוידעם; איז דאָך ביטער — געהט מען צו א פיערטען
אדוואָקאַט... בקיצור, איך באַדאַרף אייך דערצעהלען וואָס אדוואָ־
קאַטען זענען? אדוואָקאַטען און דאָקטוירים — דאָס איז איין
מכה; אדוואָקאַטען און דאָקטוירים זענען לכתחילה באַשאַפען
געוואָרען, זיי זאָלען זאָגען איינס דאָס אנדערע אויף צו־להכעיס.
וואָס יענער זאָגט, באַדאַרף דער זאָגען פונקט קאַפויר, ווי, להבדיל,
דער תרגום. איך האָב א גוטען ברודער, זאָגט ער: וואָס איז דען,
אייגענטליך, דער תרגום? דער תרגום, זאָגט ער, איז א צו־להכעיס'־
ניק; דער תרגום דאַרף זאָגען לאַקירדע. למשל, אז דער חומש

זאָגט „ויאמר" — קומט דער תרגום און זאָגט „ואמר"; און אז דער חומש זאָגט „לאמר", איז, דאַכט מיר, וואָס קאָן דאָס דיר שאַדען, רב תרגום, אז ס'וועט שטעהן לאמר? ניין, לוינט איהם נישט! נאָר ל־כ־י־מ־ר! — און געה טהו איהם עפּיס! איהר פאַרשטעהט, צי ניין? אז איין אַדוואָקאַט זאָגט, אז מיר אַלע פיער זאָלען איינגעבען אַ פּאַפּיער אויף דער באַנק און אויפ'ן גביר, למאי זיי געבען אונז ניט אַרוים דעם בילעט, — דאַכט זיך, אַ גלייכער איינפאַל, הא? קומט דער אַנדערער אַדוואָקאַט און זאָגט: אַז איינגעבען באַדאַרפען נאָר צוויי, איך און בירנבוים, מיר ביידע הייסט עס, און נאָר אויפ'ן גביר אַליין, למאי ער הייסט ניט די באַנק, זי זאָל איבערגעבען דעם בילעט. דאַכט זיך, אויך נישט קרום, הא, וואָס זאָגט איהר? זאָגט אָבער דער דריטער אַדוואָקאַט: וואָס פאַר אַ מחותן בין איך מיט דער באַנק? די באַנק קען מיך? זי האָט געהאַט מיט מיר עסקים? איינגעבען לאָז בירנבוים אַליין, און נישט אויף דער באַנק, נאָר אויפ'ן גביר אַליין, וואָדים וואָס איז שולדיג די באַנק, אַז ער אַליין, בירנבוים הייסט עס, האָט ערשט ניט לאַנג געהייסען די באַנק, זי זאָל אַריבערטראָגען דעם בילעט פון זיין חשבון על חשבון הגביר? דאַכט זיך, גערעדט ווי אַ מענטש, הא? קומט נאָך איין אַדוואָקאַט און דרינגט, אַז איינגעבען באַדאַרף ניט איך און ניט בירנבוים — איינגעבען באַדאַרף גאָר דער גלח מיט מיין ברודער, הענין הייסט עס! דאַכט זיך, כ'איז אויך מיט אַ גאַנג, הא? קומט איין אַנדער אַדוואָקאַט און פאַלט גאָר אויף אַזא מין המצאה: מע באַדאַרף זיך, זאָגט ער, גאָר ניט לאָדען, וואָרום לאָמיר זעהען, פון וואַנען, זאָגט ער, האָט זיך גענומען אין באַנק אַ בילעט אויפ'ן גביר'ס נאָמען? בירנבוים האָט איהם אַריינגעטראָגען. וואו האָט בירנבוים גענומען אַ בילעט? ביי יעקב־יוסלען, ביי מיר הייסט עס. וואו האָב איך איהם גענומען? ביי מיין ברודער, הענין הייסט דאָס. ביי וועמען האָט איהם גענומען מיין ברודער, הענין הייסט עס? אַנטליהען, מיין איך געקויפט ביי'ם גלח. ער זאָגט געקויפט, דער גלח זאָגט געליהען — וואָס

מאכט דאָס אויס, אַ פּאַרפּאַלענער עסק. על כן, זאָגט ער, לאָז דער גלח מאַנען דעם בילעט ביי מיין ברודער העניך, מיין ברודער העניך ביי מיר, איך ביי בירנבוים׳ען, און בירנבוים — ביי וועמען? בירנבוים ביי דער באַנק. אי, די באַנק טענה׳ט דאָך: זי קען שוין נישט בירנבוים׳ען, זי קען גאָר דעם גביר? טאָ לאָז בירנבוים מאַנען ביי׳ם גביר, און דער גביר לאָז מאַנען ביי דער באַנק. אי, דער גביר האָט מורא, טאָמער — וואָס? טאָמער לאָדט מען איהם? איז פאַרהאַן, זאָגט ער, איין עצה: לאָז בירנבוים ארויסגעבען אַ צעטעל, קוויטירען הייסט עס, דעם גביר, איך זאָל קוויטירען בירנבוים׳ען, און מיין ברודער העניך זאָל קוויטירען מיך, און דער גלח זאָל קוויטירען מיין ברודער העניך. נו, ווי געפעלט אייך איין איינפאַל? וואָס קאָן שוין זיין גלייכער דערפון? געפינט זיך נאָך איין אַדוואָקאַט אַ חכם און פרעגט אַ קלאָץ־קשיא: שאַט, פון וואַנען ווייסען מיר, זאָגט ער, אַז דער בילעט ענדיגט זיך שוין מיט׳ן גלח? טאָמער ליגט ערגיץ באַהאַלטען אויפ׳ן בוידעם נאָך אַ נפש, וואָס וועט אויפשטעהן מאָרגען, וועט ברענגען עדות מיט פּאַפּיערען און וועט טענה׳ן: „דער בילעט איז מיינער! קינדער, וואו איז מיין בילעט?!" וואָס זשע וועט זיין? וועט ער מאַנען שוין נישט קיין בילעט, נאָר פינף־און־זיעבעציג טויזענד! ביי וועמען? נישט ביי קיינעם, נאָר ביי׳ם גביר! אי, דער גביר האָט אַ צעטעל פון בירנבוים׳ען, בירנבוים פון מיר, איך פון מיין ברודער העניך, מיין ברודער העניך פונ׳ם גלח? לאָז דער גביר געהן, זאָגט ער, נאָכדעם לאָדען בירנבוים׳ען, בירנבוים מיך, איך מיין ברודער העניך, מיין ברודער העניך דעם גלח — פּונקט די אייגענע מעשה, וואָס מיט׳ן חד־גדיא: ציגעלע־קעצעלע, קעצעלע־הינטעלע, הינ־טעלע־שטעקעלע, שטעקעלע־פייערעל, פייערעל־וואַסערעל, וואַסע־רעל־אָקסעלע, אָקסעלע־שוחט׳על — איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... איז שוין ווייטער שלעכט! וואָס זשע טהוט מען? באַדאַרף מען געהן צו אַ נייעם אַדוואָקאַט, צו קאָפּערניקאָווען אַליין, און פון קאָפּערניקאָווען צו נאָך אַ גרעסערען אַדוואָקאַט, צום „גאָלדענעם

וויזער“. וואָס טויג אייך, מיר האָבען נישט דורכגעלאָזט קיין זיין אַדוואָקאַט, מיר האָבען זיך מיט זיי, מיט די דאָזיגע אַדוואָקאַטען הייסט עס, אַזוי פאַראַדוואָקאַטעט דעם קאָפּ, אַז וואו מיר זענען געשטאַנען און וואו מיר זענען געגאַנגען האָט מען געהערט נאָר אַדוואָקאַט און אַדוואָקאַט. האָט איהר נישט ביי זיך איין אַדוואָקאַט... טפו! מיין איך אַ פּאַפּיראָס?

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך, הייסט עס? ביי די אַדוואָקאַטען. גאָט האָט געהאָלפען, די אַדוואָקאַטען האָבען געפונען איין עצה — פאָרט אַדוואָקאַטען! וואָס זשע איז די עצה? די עצה איז אַזאַ מין עצה: אַז איך און בירנבוים, מיר ביידע הייסט עס, זאָלען קודם־כל, פריהער פאַר אַלע היומס, איינגעבען אַ פּאַפּיער, צעשרייבען זיך ביי'ם נאָטאַריוס הייסט עס, אַז מיר זענען ניט שייך צום בילעט כלל וכלל, קיין שום מחותנים נישט הייסט עס, און אַז דעם דאָזיגען בילעט האָט מיר צוגעשיקט מיין ברודער העניך, וואָס ער האָט איהם גענומען, געקויפט הייסט עס, ביי'ם גלח, אויף צו פאַרזעצען, און איך האָב איהם פאַרזעצט ביי בירנבוים'ען און גענומען אויף איהם רי"ש קערבלעך, — ווי די מעשה איז געווען, דאָס הייסט, דעם רעכטען, דעם ריינעם, דעם אמת'ען אמת! דאַכט זיך, פּראָסט און פשוט, אָהן שפּיצלעך, אָהן חכמות און אָהן אויבער־הסברות — וואָס קאָן זיין בעסער, ווי דער אמת? איז אָבער קיינער דערויף פריהער נישט געפאַלען, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... נאָר שאַט, איהר זענט נאָך ניט פאַרטיג. וואָס הייסט, מיר וועלען נעמען, איך און בירנבוים, מיר ביידע הייסט עס, און וועלען אַרויסגעבען אויף זיך אַזאַ בייטש? און וואָס וועט זיין מיט אונזערע חלקים? וואָס וועלען מיר טהון, אַז מע וועט אונז נאָכדעם זאָגען „ישקני“?... זיך געהן פאַרלאָזען אויף מיין ברודער'ס יושר און אויפ'ן גלח'ס נאמנות? אַי, מיר האָבען זיך צעשריבען מיט זיי אויף פּאַפּיער און געטרונקען לחיים? בלאָטע! אַ בויגען פּאַפּיער קאָסט אַ גראָשען, און לחיים קאָן מען טרינקען אַלע טאָג, אַבי ס'איז נאָר פאַרהאַן, ווי זאָגט איהר, אַביסעל בראָנפען. וואָס

זשע האָבען מיר געוואָלט, איך און בירנבוים, מירביידע ווייסט עם? א באוואָהרעניש — מע זאָל אונז באוואָהרענען אונזערס, וואָס אונז קומט... איהר פארשטעהט, צי ניין?... אָט דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבען די רעכטע חתונה: „באוואָה־רענישען? פאר וואָס קומט זיי באוואָהרענישען? גענוג זיי נעמען אומזיסט געלט, געב זיי נאָך באוואָהרענישען!" האָט דאָך עס אונז אָנגענומען ביי'ם הארצען: „סטייטש, פאר אונזער עהרליכקייט, איהר אזעלכע און אזעלכע! גענוג מע טהוט אייך אזא טובה, — מע וואָלט דאָך געקאָנט צונעמען ביי אייך איינגאנצען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד, אז קיין האָהן זאָל אפילו ניט קרייהען, — האָט איהר נאָך טענות!?"... „קומט אייך, הייסט דאָס, א דאנק, א קניפּ אין בעקעל?"... אזוי זאָגט דער ברודער מיינער, העניך הייסט דאָס. האָט דאָך עס מיך פארדראָסען! א וואָרט פאר א וואָרט, פּיטש־פּאטש, ווי געוויינטליך צווישען ברידער... הקיצור, גע'פּועל'ט — מע וועט אונז שוין געבען א באוואָהרעניש. וואָס פאר א באוואָהרעניש? קוויטלעך? — א קוויטעל איז א סוכה־שער. וועכסעלעך? איין עבירה וועכסעל־פּאפּיער. וואָס דען? — מזומן געלט, ווי מיין באבע עליה־השלום פלעגט זאָגען: „דאָס בעסטע מילכיגס איז א שטיקעל פלייש". וואו זשע קריגט מען מזומן געלט, אז קיין מזומן געלט איז היינטיגע צייטען נישטאָ ביי קיינעם. שייך זאָגען ביי קיינעם? פארהאַן געלט, און א סך, נאָר ביי די בראָדסקים. „הכלל, ס'איז פּוסטע דבורים! ביז מע וועט ניט לעגען קיין באוואָהרעניש, וועל איך ניט חתמ'ענען!" „וואָס פאר א באוואָהרעניש?" „וואָס פאר א באוואָהרעניש איהר ווילט, אבי א באוואָהרעניש, די וועלט זאָל פון מיר נאָכדעם נישט לאכען, זאָגען, אז יעקב־יוסיל איז געווען א בהמה". איהר פארשטעהט, צי ניין?... דאָס איז אייך איין מאָל אוועק. און מיין חברה־מאַן, בירנבוים הייסט עס, האָט זיך טאקי גענומען פּשוט וויעדער א מאָל צו דער אַלטער טענה: מענטשען!... באשר, זאָגט ער, אזוי ווי ער גיט איצטער, זאָגט ער, ארויס פון

זיך אזא מין געשריפטס, א רעציפיס, הייסט עס אויף אייביג, לכן וויל ער, מע זאָל זיך מיט איהם פארלאָזען אויף מענטשען, וואָס מענטשען וועלען זאָגען, אזוי וועט זיין. „וויעדער א מאָל מענטשען? — זאָג איך. — מע האָט דאָך איין מאָל געענדיגט, — וואָס טויגען אייך מענטשען?” „פארשטעהסט איהר מיך, זאָגט ער, בירנבוים הייסט עס, איך וויל, מע זאָל א פרעג טהון מענטשען, אפשר וועלען מענטשען געפינען, אז סע קומט מיר גאָרניט, — למאי זשע זאָל איך נעמען אומזיסט געלט?”... איהר פארשטעהט, צי ניין?... איך שריי באוואָהרעניש, און ער טענה'ט מענטשען. „באוואָהרעניש וועט, זאָגט ער, זיין נאָכדעם; פריהער לאָז מען פרעגען מענטשען”. „איהר האָט זיך שוין וויעדער א מאָל, זאָג איך, צעמענטשעלט? סע מענטשעלט מיר שוין, זאָג איך, אין קאָפּ פון אייערע מענטשען! בעסער אין זינען האָבען, זאָג איך, א באוואָהרעניש; א באוואָהרעניש איז בילכער”...

קורץ און גוט, וואו זשע האלט איך, הייסט עס? ביי'ם באַוואָהרעניש. מע האָט אונז, לאָז זיך אייך דאכטען, באוואָהרענט, פארבונדען איינס דאָס אנדערע, ווי עס געהער צו זיין, זיך צעשריבען פון אלע זייטען הייסט עס, און דוקא ביי'ם נאָטאריוס, און מע האָט איינגעגעבען די אלע פּאַפּיערען אהין וואו מע דאַרף, און מע האָט אָנגעהויבען געהן צו אדוואָקאטען, שרייבען פּאַפּיערען, אזא פּאַפּיער און אזא פּאַפּיער, העצקען זיך אלע מאָנטאג און דאָנערשטאג אין דער גרויסער שטאָדט אריין, לעגען הוצאות, צאָהלען בעטעל־געלט, שלאָפען מיט וואנצען, אבי סע הייסט „האָטעל” (אכסניא לוינט זיי ניט!), עסען פּאָרציעס, געפּרעגעלטע טאראקאַנעס, אבי סע הייסט „בראָטען” (ראָסעלפּלייש לוינט זיי נישט!), שוויצען ווי אין א שוויץ־באָד, בראָטען זיך אויף דער זון, פוצען די שטיינער, ווערען טויב און דול פונ'ם קלאָפּען און פונ'ם טראַסקען און פונ'ם הו־הא, טאָמער ווייסט איהר וואָס? א גדולה — פינף־און־זיעבעציג טויזענד! נעחיי־בי וואָלט דאָס שוין געווען, איין עק לאָז דאָס האָבען, ווי זאָגט מיין ווייב זאָל לעבען: „א

קופּערנער גראָשען אויף דער וואָהר איז טייערער פון א גאָלדען רענדעל אין חלום. דיינע פינף־און־זיעבעציג טויזענד, זאָגט זי, האָבען מיר שוין געמאַכט פינף און זיעבעציג לעבער אין הארצען. איך וואָלט דיר מוחל געווען דעם כבוד — צו וואָס האָב איך עס, זאָגט זי, באַדאַרפט?"... „ע, ביזט א אידינע, זאָג איך, און א אידינע בלייבט א אידינע"... אזוי זאָג איך צו איהר, און פיהלען פיהל איך, אז זי איז גערעכט, וואָרום וואָס האָב איך דערפון, אז אין מארק אריין נעמען קאָן מען דאָס נישט? זיך נאָר געקויפט אומזיסטע שונאים: דער איז מיר גלאַט מקנא, און דער פארגינט מיר ניט, האָט מורא, טאָמער נעם איך געלט, פאַר וואָס קומט יעקב־יוסלען אזוי פיעל געלט, איהר פארשטעהט, צי ניין?... וואָס זאָלט איהר קלערען, עס האָט זיך געגוג בלוט אָפּגעצאַפּט, ביז מע האָט דערלעבט הערען דאָס גוטע וואָרט, אז דער עסק איז שוין א צע־ריבענער עסק, אוים עסק! און עס איז גענוג די אויגען ארוים־געקראָכען, ביז מע האָט דערלעבט זעהען דעם בילעט אין א גוטער שעה, אין א מזל'דיגער שעה! נאָר איהר מיינט, אז אָט אזוי גיך האָבען מיר דערזעהען דעם בילעט? פּאַוואָלינקע, נאָר נישט גע־האַפּט. פריהער האָט מען באַדאַרפט, ס'זאָל איבערגעהן די צייט, דער חודש הייסט עס, וואָס טאָמער גיט עמיצער איין, אז ער איז ניט צופריעדען מיט'ן משפּט. דעם דאָזיגען חודש וויים איך ניט, אויב איך בין געשלאָפען איין נאַכט אפילו. עס האָבען זיך מיר געפּלאָנטעט אַלע אזעלכע ווילדע־משונה חלומות, אז ניט איין מאָל פלעג איך מיך, איהר פארשטעהט, צי ניין, אויפכאַפּען אין מיטען ביינאַכט און שרייען נישט מיט מיין קול: „צפּורה, איך פליה!"... „וואוהין פליהסט דו? — זאָגט זי צו מיר. — וואָס איז פאַר א פליהען אויף דיר? שפּיי אוים דריי מאָל און דערצעהל מיר, וואָס האָט זיך דיר גע'חלומ'ט?" „עס האָט זיך מיר גע'חלומ'ט, זאָג איך, א שענער חלום; עס האָט זיך מיר גע'חלומ'ט, אז איך האָב פליגעל און איך פליה, און עס פליהען מיר נאָך ווילדע ברואים, מיני מאָדנע באַשעפּענישען, שלאַנגען און עקדישען, און ווילען מיך

נאָר דורס זיין"... דאָס איז איין מאָל געווען. דאָס אַנדערע מאָל האָט זיך מיר גע'חלומ'ט, אַז איך זיץ אויף אַ זאַק, אַ גרויסען, איין אָנגעבלאָזענעם זאַק; דער זאַק איז אַ גומינער זאַק און אַ רויטער, און ביי דער זייט שטעהט אָנגעצייכענט אויף איהם מיט גרויסע ציפערען: 75,000... ס'איז שבת בייטאָג, זומער־צייט, איהר פאַר־שטעהט, צי ניין, די גאַנצע שטאָדט אידען און ווייבער געהען־ארום אויפ'ן שפּאַציער, שטעלען זיך אָפּ אַלע ווייבער און קוקען, קוקען אויף מיר מיט אויגען... פּלוצים — טררראַך! — עס הערט זיך אַ קנאַק; דאָס האָט געפּלאַצט דער גומינער זאַק, און איך פאַל, פאַל מיט אַ געשריי: „צפּורה, געפּלאַצט!" „גאָט איז מיט דיר! ווער? ווער האָט געפּלאַצט? לאָזען מיינע שונאים פּלאַצען!"... אַזוי זאָגט צו מיר מיין ווייב און וועקט מיך אויף פונ'ם שלאָף און איז מיר מסתמא פּותר־חלום צו גוטען, ווי געוויינטליך אַ ווייב.

קורץ און גוט, וואו זשע האַלט איך, הייסט עס? ביי'ם בילעט ארויסנעמען. אַז ס'איז געקומען צום געהן דעם בילעט ארויס־נעמען, האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייער עסק: מי ומי ההולכים — ווער זענען, הייסט עס, די געהערם? איטליכער באַזונדער איז ביי זיך אודאי זעהר אַ גרויסער בטוח, נאָר אינגאַנצען פאַרגלויבען זיך אויף יענעם בין איך אויך ניט מחויב — ס'איז צו אַ גרויסער נסיון, ס'איז פינף־און־זיבעציג טויזענד קערב־לעך! איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... בכן איז געבליבען, איך גלויב דיר ניט, דו גלויבסט מיר ניט — לאָמיר בעסער געהן אַלע זאַלבענאַנד. דהיינו, וואָס הייסט אַלע זאַלבענאַנד? אַ פּאַר־שוין צעהן. פון וואַנען האָבען זיך גענומען צעהן פאַרשוין? רע־כענט־אויס, וועט איהר זעהען: איך בין ניט איינס, בירנבוים איז ניט צוויי, דער גלח איז ניט דריי, מיין ברודער, העניך הייסט עס, איז ניט פיער, דריי אדוואָקאַטען (איינער פונ'ם גלח'ס צד, איינער פון מיין ברודער'ס צד, אַ טאַראַשטשער אדוואָקאַט, און איינער פון מיין צד מיט בירנבוים'ס צד, אַ טשערקאַסקער אדוואָקאַט) — האָט איהר שוין אַ קיימא־לן פון קיין עין־הרע זיבען פאַרשוין;

היינט די דריי מעקלערס, וואָס האָבען זיך אריינגעלעגט אין געשעפט און אויסגעגלייכט אונז, — אָט האָט איהר אייך פונקט צעהן פאר־שוין, א מנין הייסט עס... איז אפילו תחילת געווען אביסעל פריקרע; מיין ברודער, הענדיך הייסט עס, האָט זיך געשמיצט און געוואָרפען, למאי עס געהען אזוי פיעל מענטשען, א גאנצע חאליאסטרע! גענוג, זאָגט ער, וואָלט געווען, דאכט זיך, מיר זאָלען געהן אינצווייען, ער מיט'ן גלח הייסט עס... ס'איז איהם ניט אָנגעשטאנען די מעשה, אפנים, וואָס קיינער וויל זיך ניט פארלאָזען אויף זיין יושר מיט'ן גלח'ס נאמנות. עס האָט זיך איהם אָבער געהאָלפען, מאָהלט אייך, ווי דער פאראיאָהריגער שניי, וואָרום איטליכער האָט געהאַט איין אנדער טענה, און איז געווען גערעכט. למשל, איך האָב אויס־געוויזען, אז איך מוז געהן, וואָרום איך בין א ברודער — נישט מחמת כבוד, נאָר מחמת דעם, וואָס איין ברודער דעם אנדערען מעג אָנפייפען; וואָס וועל איך איהם נאָכדעם טהון? געהן לאָדען צום ונתנה־תוקף? ס'איז דאָך א ברודער!... און מיין בירנבוים האָט גע'טענה'ט, אז וויבאלד איין אייגענער ברודער וויל ניט גלויבען, מעג ער, א ווילד־פרעמדער, פאר זיין עהרליכקייט אודאי ניט פארלאָזען זיך אויף נסים! ער איז אזוי אויך, זאָגט ער, גענוג יוצא... און מע קאָן ניט זאָגען, ער זאָל זיין אינגאנצען אומגערעכט... די דריי אדוואָקאטען שמועסט מען ניט, אז זיי מוזען זיין דער־ביי, וואָרום מע וועט נאָך באדארפען, זאָגען זיי, שרייבען און שרייבען און שרייבען... איז געבליבען, הייסט עס, נאָר די מעק־לערס; זאָגען די מעקלערס, אז געהן, באדארפען זיי אויך געהן, און דוקא אלע דריי, וואָרום זיי זענען שוין, זאָגען זיי, געשלאָגענע הינט, געניטע מענטשען הייסט עס; זיי זענען דורכגעגאנגען, זאָ־גען זיי, א גוטע שקאָלע; זיי האָבען דורכגעמאכט דעם קורס פון דער בערזע אין יעהופעץ, ווייסען זיי שוין וואָס באדייט מעק־לער־געלט, „קארטאָזש" הייסט עס; דאָס איז אזא געלט, ווי רח"ש, וואָס מע מוז, זאָגען זיי, זיין ביי'ם ערשטען טעלער־ברעכען, איהר פארשטעהט, צי ניין?... אָפגערעדט האָבען מיר נאָר, אז

צונויפקומען זיך זאָלען מיר חאָטש ניט אַלע מיט אַ מאָל, נאָר איינציגווייז; און אַזוי ווי איטליכער באַזונדער האָט זיך געפּע־דערט זיין דער ערשטער, לכן זענען מיר אַלע געוועזען ביי דער באַנק כאור הבוקר, זיך אַרומגעדרעהט אין דרויסען אַ היבשע ווייל, ביז מע האָט אונז אויפגעעפענט די טהיר, און מיר זענען אריינגעגאַנגען אָפּנעמען דעם בילעט. נו, און דאָס פאַרשפּאָר איך דאָך אייך דער־צעהלען וואָס אַ באַנק איז. אַ באַנק האָט פיינט האָפּען זיך — זי האָט זיך צייט. וואָס געהט איהר אָן בילעט, יעקב־יוסיל, פינף־און־זיעבעציג טויזענד, גלחים, העניכס, בירנבוימס, מעקלערס, וואָס ווילען נעבאַך פאַרדיענען, און גלאַט מענטשען? וויים איך — אפילו נישט אין דער לינקער פּאה! דער פאַררויכערט זיך אַ פּאַ־פּיראָס, דער רעדט דברים בטלים, דער טרינקט אַ גלעזעל טיי, דער פאַרשניצט אַ שטיפטעל, דער לייענט אַ גאַזעט — אריינגעשטעקט די נאָז טיעף־טיעף און הויבט נישט אויף דעם קאָפּ, חאָטש געב איהם אַ קרענק! מיר דרעהען זיך אַרום, מיר געהניצען, הוסטען, מיר וואָלטען שוין געהרען דערלעבען די מינוט, די רגע — איז ניטאָ דער בוכהאַלטער. געקומען דער בוכהאַלטער — ניטאָ דער קאַסיר. געקומען דער קאַסיר — ניטאָ דער דרעקטער. וואו איז דער דרעקטער? ער שלאָפט נאָך. דער בעל־הבית פון דער באַנק, הייסט עס, ליגט זיך און שלאָפט. וואָס געהט איהם אָן, אַשטייגער, בילעטען, יעקב־יוסיל, פינף־און־זיעבעציג טויזענד, גלחים, העניכס, בירנבוימס, מעקלערס, וואָס ווילען נעבאַך פאַרדיענען, און גלאַט מענטשען? וויפיעל קאָן ער, אַשטייגער, נעמען דאָ געהאַלט, אַזאַ מין דרעקטער? אודאי זעכס טויזענד קאַרבען, און אפשר אכט, און פאַר וואָס ניט אַלע צעהן? קאַרג האָרעוועט ער נעבאַך?... איך וואָלט זיך דאָ געשטעלט פאַר האַלב, כלעבען, פאַר אַ דריטעל, און וואָלט אפשר מעהר געאַרבייט פון איהם, און געטרייער אודאי!... אַזוי שטעה איך מיר בשעת מעשה און טראַכט. און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאָר ניט געטראַכט, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... און בתוך כך קומט אָן דער דרעקטער. אָנגעקומען דער דרעקטער,

האָבען מיר זיך מסתּמא אַ לאָז געטהאָן צו איהם אַלע מיט אַ מאָל. האָט ער זיך עפּיס ווי איבערגעשראָקען און אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד. זענען צוגעגאַנגען צו איהם נאָר די אַדוואָקאַטען, אַלע דריי הייסט עס, און דער גלח, און האָבען איהם דערלאַנגט די פּאַפּיערען, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... האָט זיך דער דרעקטער פאַרשלאָסען ביי זיך מיט די פּאַפּיערען, און מיר האָבען גענומען וואַרטען און וואַרטען, וואַרטען און וואַרטען; אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מיר האָבען זיך דערוואַרט: דער דרעקטער איז אַרויס־געגאַנגען מיט עפּיס אַ גראָבען פּריץ און האָט זיך אַוועקגעשטעלט צו אונז, מחילה, מיט'ן הינטען, רעדען, — רעדט ער נאָך. וואָס געהט איהם אָן בילעטען, יעקב־יוסיל, פינף־און־זיעבעציג טויזענד, גלחים, העניכס, בירנבוימס, מעקלערס, וואָס ווילען נעבאַך פאַר־דיענען, און גלאַט מענטשען?... פּלוצים דרעהט ער זיך אויס צו אונז מיט'ן פּנים: „וואַשי בומאַגי גאָטאָווי, סטופּאַיטיע אווו קאַס־סו — שוין פאַרטיג, הייסט עס, אייערע פּאַפּיערען, געהט צום קאַסיר”... נישט געקאָנט זאָגען פריהער, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... גענומען די פּאַפּיערען, האָבען מיר זיך אַ לאָז געטהאָן צום קאַסיר און דערלאַנגט איהם די פּאַפּיערען, געמיינט, אָט דאָ זענען מיר שוין פאַרטיג; צום סוף — ווער? וואָס? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! דער קאַסיר איז פאַרנומען, ער צעהלט געלט, פּאַ־פּיערלעך, הונדערטערס און ת"קערס אַזוי ווי מיסט, און גאָלד, גאָלד גאַנצע קופּקעלעך, אַ פולער טיש! וויפיעל קאָן דאָ זיין געלט? ווערה איז מיר, ווען איך פאַרמאָג אַ צעהנטחלק חאָטש, לאָך איך מיך אויס אויפ'ן גאַנצען בילעט!... אָט אַזוי שטעה איך מיר בשעת מעשה און טראַכט, און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאָר ניט געטראַכט; און ער, דער קאַסיר הייסט עס, האַלט אין איין צעהלען דאָס גאָלד, ער זאָל עס אפילו אונז שענקען אַ קוק! וואָס געהט איהם אָן, אַשטייגער, בילעט, יעקב־יוסיל, פינף־און־זיעבעציג טויזענד, גלחים, העניכס, בירנבוימס, מעקלערס, וואָס ווילען נעבאַך פאַרדיענען, און גלאַט מענטשען?... דאָס גאָלד ביי איהם אין די

הענד פליהט — פליהט מיט א משונה־זיסען קלאנג, מיט'ן קלאנג פון גאָלד. א „גאָלדענער קלאנג", איהר פארשטעהט, צי ניין?...

קורץ און גוט, וואו זשע האלט איך, הייסט עס? ביי'ם ביסעל גאָלד. איבערגעצעהלט דאָס גאָלד, הויבט ער אויף אויף אונז די ברילען, טהוט א נעם ביי אונז די פאפיערען און א מיש, ווי מע צעהלט געלט, הונדערטערס אשטייגער, מיט א מאָדנעם קנאק מיט די פינגער! עפענט־אויף דאָס טישקעסטעל, נעמט־ארויס פון דאָר־טען א גאנץ גרויסען פאקעט; עפענט־אויף א קאָנווערט, רייסט איהם אויף, נעמט־ארויס פון דאָרטען דעם בילעט, דעם אמת'ען בילעט הייסט עס, און טהוט א פרעג: „ווער נעמט?"... האָבען זיך א לאָז געטהאָן מיט א מאָל צעהן פאָר הענד. „ניין! — רופט זיך אָן דער קאסיר. — אזוי פיעל הענט קאָן איך דעם בילעט נישט געבען; קלויבט אייך אויס איינעם פון אייער קאָמפאניע"... האָבען מיר, איהר פארשטעהט, צי ניין, אויסגעקלויבען איינעם פון אונזער קאָמפאניע, דעם עלטסטען פון די דריי אדוואָקאָטען. דער עלטסטער פון די דריי אדוואָקאטען האָט גענומען דעם בילעט פאַר־וואָלינקע אין ביידע הענט אריין, ווי מע נעמט א קינד בשעת אידישען, און האָט איהם צוגעטראָגען פריהער צום גלח, נאָכדעם צו מיין ברודער, העניך הייסט עס, נאָכדעם צו מיר און צו בירנ־בוים'ען, אונז ביידען הייסט עס, מיר זאָלען זעהען, צי איז דאָס דער זעלבער בילעט טאקי, צי ניין?... האָט דער גלח געזאָגט, אז ער האָט איהם דערקענט נאָך פון דער ווייטען ביי'ם קאסיר אין די הענט; ער האָט אויף איהם, זאָגט ער, א גוטען סימן. וואָס פאר א סימן? — וויל ער ניט זאָגען... און מיין ברודער, העניך הייסט עס, האָט געשוואָרען ביי אלדאָס גוטס, אז ווען מע וועקט איהם, למשל, זייגער צוויי ביינאכט און מע טראָגט איהם צו דעם דאָזיגען בילעט, דערקענט ער איהם מיט'ן קוק! איהר פארשטעהט, צי ניין?... און איך און בירנבוים, מיר ביידע הייסט עס, האָבען דוקא דעם בילעט ניט דערקענט — למאי זאָל איך זאָגען אזא זאך, וואָס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען? מיר האָבען נאָר גוט באטראכט

די סעריע מיט׳ן נומער 12 הייסט עס — דאָס איז דאָך דער עיקר, ווי זאָגט איהר, הא? און מיר האָבען זיך געלאָזט פון דאָרט גלייך אין גאָסודאַרסטווענע באַנק אריין, אָפּשקאָנטירען דעם בילעט, אָפּ־נעמען די ממתקים הייסט עס, די פינף־און־זיעבעציג טויזענד. געגאַנגען זענען מיר אַלע אינאיינעם, און דוקא צו־פוס, חאָטש ס׳איז אַרויף־באַרג. דער עלטסטער פון די אַדוואָקאַטען האָט געהאַלטען דעם בילעט אויבען־אויף, גאַנץ שטאַרק, מיט ביידע הענט, ער זאָל איהם חלילה נישט פאַרלירען, אָדער מע זאָל אויף איהם, חס ושלום, ניט איבערטראַכטען, אַז ער וויל מאַכען די קונץ, איבערבייטען — אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַזאַ שלים־מזל׳דיגער בילעט, איהר פאַר־שטעהט, צי ניין?... און געגאַנגען זענען מיר שוין נישט נאָר זאַלבעצעהנט — מיר זענען שוין געווען מעהר פון צוויי מנינים. פון וואַנען האָבען זיך גענומען, קיין עין־הרע, אַזוי פיעל מענ־טשען? וועל איך אייך זאָגען: ערשטענס, גלאַט אַזוי, גוטע באַ־קאַנטע פון מיין שטעדטעל זענען גראַדע געווען דעם טאָג אין דער גרויסער שטאָדט, און דערזעהען, מיר געהען שוין מיט׳ן בילעט אין גאָסודאַרסטווענע באַנק אריין אָפּנעמען די פינף־און־זיעבעציג טוי־זענד, זענען זיי אונז געגאַנגען אביסעל באַגלייטען, און טאַקי אין איינוועגס אַ קוק טהון, ווי אַזוי מע נעמט דאָס גרויסע געווינס, וואָרום נישט אַלע טאָג קאָן מען אַזעלכס זעהען. הקיצור, וואָס זאָלט איהר קלערען, מיר האָבען געהאַט אַ שענע לויה, און אַ שענעם ברוך־הבא אין גאָסודאַרסטווענע באַנק. דער יעפרייטער, וואָס שטעהט ביי דער טהיר, האָט זיך אפילו תחילת אביסעל דערשראָ־קען, אַז ער האָט דערזעהען פאַר זיך, קיין עין־הרע, אַזוי פיעל אידען מיט אַ גלח אין מיטען; פון דעסטוועגען האָט ער אונז גאַנץ פיין אויפגענומען און אַריינגעבעטען איינציגווייז אין באַנק אריין. צוגעגאַנגען מיט׳ן בילעט אהין וואו מע דאַרף און געזאָגט וואָס מיר באַדאַרפען, האָט מען אונז צוגעפיהרט צו איינעם אַ טשי־נאָווניק מיט אַ ווייסער גלאַנצענדיגער ליסינע, ווי אַ מילכיגער טעלער, און מע האָט איהם איבערגעגעבען אונזער בילעט און מע

האָט איהם עפּיס אַ זאָג געטהאָן, וואָס — ווייס איך ניט. יענער וואָס מיט דער ליסינע, וואָס איז געזעסען אויף יענער זייט גראַטעס, האָט אויפגעהויבען די אויגען, אַ וואָרף געטהאָן אויף אונז אַ שאַר־פען קוק דורך די ברילען און געטהאָן זיך זיין ארבייט: ער האָט געהאַלטען אין די הענט אַ שאַרף מעסערעל, איהר פאַרשטעהט, צי ניין, און האָט מיט'ן מעסערעל געקראַצט אין אַ בוך, געקראַצט און געקראַצט, אָהן איין אויפהער. ער קראַצט, און מיר שטעהען אין געהאַקטע וואונדען און קוקען, ווי ער קראַצט, און דער גאַנצער איבעריגער עולם שטעהט און קוקט אויף אונז און באַטראַכט אונז פון קאָפּ ביז די פיס, און ער, דער טשינאָווניק מיט דער ליסינע, הערט נישט אויף צו קראַצען, און אַרום און אַרום אויף אַלע טישען זיצען נאָך טשינאָווניקעס און צעהלען געלט, — נאָר ווי אַזוי, מיינט איהר, געלט? אַזוי ווי פּאַלאָווע, ווי מיסט! גאָלד — גאַנצע סטערטעס! דער קאָפּ דרעהט זיך אַזש, דער „גאָלדענער קלאַנג" הילכט אַזש אין די אויהערען, און סע שעמערירט אין די אויגען! „ווער האָט דאָס אויסגעקלערט, טראַכט איך מיר, אַט דאָס געלט, וואָס איבער דעם ווערען מענטשען אַזוי פאַרשוואַרצט, שלאָגען זיך קאָפּ אין וואַנט, און איינער דעם אַנדערען וואָלט נאָר איינגעשלונגען לעבעדיגערהייד — נישטאָ קיין ברודער, קיין שוועסטער, קיין פאָטער, קיין קינד, קיין שכן, קיין גוטער פריינד, קיין טייערס אויף דער וועלט, נאָר געלט און געלט און געלט!"... אַזוי טראַכט איך מיר, און אפשר האָב איך בשעת מעשה גאָר ניט געטראַכט, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... און ער, דער טשינאָווניק, הייסט עס, הערט נישט אויף צו קראַצען, וואָרום וואָס געהט איהם אָן, אַשטיי־גער, בילעט, יעקב־יוסיל, פינף־און־זיעבעציג טויזענד, גלחים, הע־ניכס, בירגבוימס, מעקלערס, וואָס ווילען נעבאַך פאַרדיענען, און גלאַט מענטשען?... נאָר אַלסדינג אויף דער וועלט איז דאָך ביז אַ צייט; גאָט האָט רחמנות געהאַט, דער טשינאָווניק האָט אויפ־געהערט צו קראַצען, צונויפגעלעגט דאָס שאַרפע מעסערעל, באַ־האַלטען דאָס אין זשילעט־קעשעני, אַרויסגענומען אַ קלאָר־ווייסע

פעטשיילע, גוט אויסגעשנייצט די נאָז, ווי מע באַדאַרף; נאָכדעם האָט ער אַ נעם געטהאָן דעם בילעט, פּשוט ווי מע נעמט אַ פּראָסטען בויגען פּאַפּיער פּאַר אַ גראָשען, געעפענט עפּיס אַ בוך, אַ ספר־הזכרונות, און געקוקט — געקוקט, אַ קוק אין בוך און אַ קוק אויפ׳ן בילעט, אַ קוק אויפ׳ן בילעט און אַ קוק אין בוך. „ער האָט, אפּנים, מורא, דער דאָזיגער חכם, אַז דער בילעט איז אַ גע׳מלאָכה׳־טער בילעט״... — אַזוי טראַכט איך מיר. — „קראַץ־קראַץ! — טראַכט איך מיר. — שמעק־שמעק! ס׳איז איין אמת׳ער בילעט געבאַך, ניט קיין פאַלשער!״... פּלוצים זעה איך, ווי ער נעמט דעם בילעט, טהוט איהם אַ וואַרף אונז כמעט גלייך אין פּנים אַריין מיט די דאָזיגע ווערטער (איך געדענק זיי אַזוי ווי אַצינד געדענק איך זיי):

— ו ו ע ר ה אָ ט א י י ך ג ע ז אָ ג ט, אַ ז ד ע ר ד אָ ז י ג ע ר ב י ל ע ט ה אָ ט ג ע ו ו א ו נ ע ן ד י פ י נ ף־ א ו ן־ז י ע ב ע צ י ג ט ו י ז ע נ ד?...

איהר פאַרשטעהט, צי ניין? ו ו ע ר ה אָ ט א ו נ ז ג ע־ ז אָ ג ט??? ווי געפעלט אייך אַזאַ משל?!

— וואָס הייסט, — זאָגען מיר, — ווער האָט אונז געזאָגט? דער בילעט אַליין האָט אונז געזאָגט, אַז ער האָט געוואונען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד; די סעריע 2289 נומער 12!

— יאָ, — מאַכט ער צו אונז גאַנץ ערנסט — דאָס איז אמת, די סעריע נומער 2289 נומער 12 האָט טאַקי געוואונען פינף־און־זיעבעציג טויזענד, און אייער בילעט איז 2298 נומער 12. אַ קליין טעות׳על, מ אַ ל י ע נ ק אַ י אַ אָ ש י ב אָ ט ש ק אַ...

געפעלט אייך עפּיס אַזאַ נייעס? מילא, וואָס זאָל איך אייך זאָגען? תחילת, אַז ער האָט אונז אויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, זענען מיר געוועזן אַלע ווי צעמישט. מיר האָבען גערעכענט: אָדער ע ר איז דול, אָדער מ י ר זענען משוגע, אָדער סע חלומ׳ט זיך אונז אַ חלום. און מיר האָבען גענומען קוקען איינס אויף דאָס אַנדערע. נאָכדעם האָבען מיר זיך ערשט דערמאַנט אַ קוק טהון

אין בילעט אריין — יאָ, ווי מיר זענען אידען! סעריע 2298 נומער 12! איהר פאַרשטעהט, צי ניין?...

וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען ווייטער, מיין ליעבער פריינד? איך בין דאָס גאָר ניט אימשטאַנד אייך איבערצוגעבען אַ צעהנטעל־חלק אפילו, איהר זענט דאָס ניט אימשטאַנד צו באַשרייבען, און קיינער איז ניט אימשטאַנד זיך פאָרשטעלען דאָס בילד, די קאַרטינע, וואָס איז פאָרגעקומען דעמאָלט אין באַנק, בשעת מיר זענען געבליבען שטעהן אָלע אָהן לשון, געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע. אויף די פּנים׳ער איז געווען אָנגעצייכענט — וואָס זאָל איך אייך זאָגען? ס׳איז גאָר ניט געווען קיין פּנים׳ער פון מענטשען, איהר פאַרשטעהט, צי ניין, ס׳איז געווען חיות און בהמות איז דאָס געווען, אינ׳ם געשטאַלט פון מענטשען, בהמות בצורת אדם הייסט עס. איינער דעם אַנדערען זאָל קאָנען דורס זיין, וואָלט ער איהם דורס געווען מיט׳ן קוק, מיט די אויגען! דאַכט זיך, וואָס? וואָס האָט מען אייך געטהאָן אַזעלכס? עס האָט זיך אייך גע׳חלומ׳ט אַ חלום פון פינף־און־זיעבעציג טויזענד? נו, אם כן, באַדאַרף מען זיך נעמען דאָס לעבען? שוין זשע האָט דאָס לעבען קיין שום ווערדע ניט, אַ חוץ געלט? משוגעים, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... אויף קיינעם האָט מיך ניט פאַרדראָסען, הערט איהר, ווי אויף מיין חברה־מאַן, אויף בירנבוים׳ען הייסט עס. מילא, די איבעריגע חברה האָבען חאָטש פאַרענטפערט זיך, אַרויפגעלעגט די באַד איינס אויף דאָס אַנדערע: דער גלח האָט אַרויפגעלעגט אינגאַנצען אויף מיין ברודער העניך, און מיין ברודער העניך האָט געזאָגט: פרעגט איהם בחרם, עס האָט זיך איהם אפילו נישט גע׳חלומ׳ט קיין פינף־און־זיעבעציג טויזענד, און ער וואָלט נישט אָנגעהויבען צו וויסען, ווען איך, יעקב־יוסיל הייסט עס, זאָל איהם נישט געווען קלאָפּען קיין דעפּעש און אָפּגעבען מזל־טוב, איהר פאַרשטעהט, צי ניין? „שען האָסט דו, זאָגט ער, געקוקט, ברודער מיינער, אין בלאַט!"... „פאַר וואָס האָסט דו, זאָג איך, ניט געקוקט?" „דו ביזט געווען, זאָגט ער, דער גאַנצער ברעכער, ביי דיר איז געווען, זאָגט ער, דער

בילעט, דו ביזט, זאָגט ער, דער רעכטער בעל־הבית!“... איהר הערט אַ מעשה? פריהער, אַז ס'איז געווען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד, האָט מען מיך געוואָלט אַפּלייקענען גאָר אינ־גאַנצען, און איצט, אַז עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך, בין איך שוין דער רעכטער בעל־הבית. איהר פאַרשטעהט, צי ניין? נאָר גאָר נישט. איך, יעקב־יוסיל, דאָס כפרה־היהנדעל, נעם אויף זיך די גאַנצע באָד; לאָז זיין איך בין דער גאַנצער חייב! אי, וואו זענען געווען אייערע אויגען, בהמות? איהר האָט דאָך אויך געזעהען גלייך מיט מיר אַ מאָל נייענצעהן די אַלע פּאַפּירען, מיט די קוויטאַנציעס, מיט די סטראַכאָוועקעס, וואו סע שטעהט בפירוש סעריע 2298, נומער 12, און געוואונען האָט גאָר די סעריע 2289 נומער 12, — פאַר וואָס איז אייך ניט איינגעפאַלען אַ קוק צו טהון, אַז די 9 שטעהט פריהער פאַר דער 8? און אַז דער בילעט איז שוין געווען ביי אייך אין די הענט, זענט איהר, דאַכט זיך, ניט קליין געווען אַ קוק צו טהון נאָך אַ מאָל אין דער טאַבעלע, וואָס פאַר אַ סעריע האָט געוואונען די פינף־און־זיעבעציג טויזענד: צי די סעריע 2298, צי די סעריע 2289? אין באַנק אריין, זעהט איהר, האָט איהר זיך ניט געפוילט געהן אַ גאַנצע חאַליאַסטרע — וואָס איז? איהר האָט געמיינט, אַט נעמט איהר געלט? איהר פאַרשטעהט, צי ניין?... נאָר אויף קיינעם האָט מיך אַזוי ניט געברענט, זאָג איך אייך, ווי אויף דעם חברה־מאַן, בירנבוים הייסט עס. איהר האָט איהם באַדאַרפט אָנ־קוקען, ווי ער איז זיך געשטאַנען ביי דער זייט, ווי אַ ווילד־פרעמ־דער, גלייך ווי מיט איהם געהער זיך דאָס ניט אָן גאָר ניט. אַט ערשט, דאַכט זיך, האָט ער געאַרבייט מעשים: מענטשען! מענ־טשען! ער וויל זיך פאַרלאָזען אויף מענטשען! און איצט שטעהט ער, ווי אַ כשר לעמעלע, נעבאַך גאָט די נשמה שולדיג!... האָט דאָס מיך שוין אָנגענומען, איהר פאַרשטעהט, צי ניין, ביי'ם הארצען, און איך האָב זיך מיישב געווען: לאָם איך מיר חאַטש קיהלען דאָס הארץ פאַר מיין בלוט, וואָס ער האָט מיר אָפּגעצאַפּט דעמאָלט,

דעם צווייטען מאַי, אויב איהר געדענקט, בשעת איך בין געשטאַנען פאַר איהם און געבעטען זיך, ווי ביי אַ גזלן, ער זאָל מיר אַרויס־געבען דעם בילעט.

— פאַני בירנבוים! — רוף איך מיך אָן צו איהם. — אַצינד האָט איהר צייט זיך פאַרלאָזען אויף מענטשען; אָט שטעהען מענטשען אין באַנק, קיין עין־הרע, אַ סך! וואָס שווייגט איהר? איהר ווילט שוין נישט קיין מענטשען? א ו י ס מענטשען?...

דער גאַנצער עולם איז געשטאַנען, איהר פאַרשטעהט, צי ניין, און געקוועלט. פון וואָס מע האָט געקוועלט — קאָן איך אייך ניט זאָגען: צי דאָס קוועלען איז געווען פון דעם, וואָס איך רוף מיין חברה־מאַן, בירנבוים׳ען הייסט עס, אויף מענטשען? צי ס׳איז גלאַט געווען אָנגעלעגט ביי׳ם עולם, וואָס פון די פינף־און־זיעבעציג טויזענד האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך? קאָן איך אייך זאָגען, איהר פאַרשטעהט, צי ניין, און שוועהרען ביי וואָס איהר ווילט, אַז עס הויבט מיך נישט אָן צו אַהרען דאָס געלט — לאָז דאָס ברענען אויפ׳ן פייער! אַהרט מיך נאָר, פאַר וואָס אַז בשעת מ ע  ה אָ ט  נ אָ ר  ג ע מ י י נ ט, אַז יעקב־יוסיל האָט פינף־און־זיעבעציג טויזענד, איז יעקב־יוסיל גע־ווען „רב יעקב־יוסיל“; און איצט, אַז מען איז געוואָהר גע־וואָרען, אַז יעקב־יוסיל האָט, איך בעט איבער אייער כבוד, אַ פייג, ניט קיין פינף־און־זיעבעציג טויזענד, — איז איין עק, אויס רב יעקב־יוסיל!... וואָס, פאַרכעס, אין אייער פאָטער און מוטער אריין! וואָס האָב איך דאָ חוטא־בעגל געווען? יאָ פינף־און־זיעבעציג טויזענד, ניט פינף־און־זיעבעציג טויזענד — וואָס איז דאָ די נפקא־מינה?... הערט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען, פאַני שלום־עליכם? איהר מעגט זיך טאַקי איבערנעמען מיט אייערע אידעלעך און מיט דער גאַנצער וועלט! ס׳איז, הערט איהר, פע, אַ פאַסקודנע וועלט, און אַ פאַלשע וועלט, און אַ פאַרפיהרטע וועלט, און אַ נאַרישע וועלט! נאָר זייט זיך מודה, עס קלינגט אייך נאָך נישט אין די אויהערען און עס דרעהט זיך נאָך ניט אויף

פון אָרט, אַז ער טהוט זיך ניט צו מיר א לאָז, הויבט אויף דעם אייך דאָס היטעל פון מיינע פינף־און־זיעבעציג טויזענד? האָט נאָר קיין פאַראיבעל ניט, וואָס איך האָב אייך אפשר אָנגעדולט א קאָפּ, און זייט מיר געזונט, איהר פאַרשטעהט, צי ניין, און לאָז גאָט געבען בעסערע געשעפטען.

# דער דייטש

בין איך אליין, ווי איך האָב אייך געזאָגט, אַ דראָזשנער, פון דראָזשנע הייסט דאָס, אַ קליין שטעדטעל אין פּאָדאָליער גובערניע, גאָר אַ קליין שטעדטעל; היינט איז שוין דראָזשנע כלומרשט אַ שטאָדט מיט אַ באַהן, מיט אַ סטאַנציע, מיט אַ וואָקזאַל... אַז דראָזשנע איז געוואָרען אַ סטאַנציע, האָט אונז די גאַנצע וועלט מקנא געווען: אַ קלייניגקייט אַ באַהן! מע האָט געמיינט, דאָס וועט ווערען אַ מחיה, אַ מקום פרנסה, מע וועט זשעברען פולע זשמעניעס מיט געלד, מע וועט גליקליך ווערען! אידען זענען זיך צונויפגעפאָהרען פון די דערפער ארום אין שטאָדט אריין; בעלי־בתים האָבען גענומען איבערבויען די הייזער, שטעלען נייע קלייטען; די טאַקסע פון פליישׁ האָט מען געהעכערט; מע האָט שוין אָנגעהויבען קלערען מכח אַ נייעם שוחט, מכח נאָך אַ בית־המדרש און מכח אָפּנעמען פעלד אויף צו פאַרברייטערען דאָס אַלטע בית־עולם — בקיצור, ס'איז געוואָרען „ליהודים". אַ ווערטעל? אַ באַהן, אַ סטאַנציע, אַ וואָקזאַל! בעלי־עגלות האָבען זיך אפילו תחילת אַביסעל געבונטעוועט, געוועזן שטאַרק ניט צופריעדען פונ'ם עסק, נאָר ווער פרעגט זיי? מע האָט אויסגעלעגט רעלסען, אָראָפּגעבראַכט וואַגאָנעס, אנידערגעשטעלט אַ וואָקזאַל, אויפגעהאַנגען אַ גלעקעל, צוגעשלאָגען אַ ברעטעל: „ס ט א נ צ י א ד ר א ז ש נ א" — און רעדט צו דער וואַנט!

אַז ס'האָט אָנגעהויבען געהן די באַהן, רופט זיך אָן צו מיר מיינע: „וואָס רעכענסט דו צו טהון, יונה'לע?" (יונה רופט מען מיך). „וואָס זאָל איך, זאָג איך, טהון? דאָס וואָס אַלע

אידען טהוען; אַלע דראזשנער אידען דרעהען זיך ביי דער באַהן, וועל איך מיך אויך דרעהען ביי דער באַהן!"... און האָב גענומען דאָס שטעקעל און בין אַרוים אויפ'ן וואָקזאַל און בין געוואָרען מיט גאָט זיינער הילף א „פּראַוויטעל". וואָס הייסט א פּראַוויטעל? א פּראַוויטעל הייסט: יענער האַנדעלט א וואַגאָן תבואה און באַ־דאַרף דעם וואַגאָן תבואה אָנגרוזען און אַוועקשיקען, איז דערויף געשטעלט געוואָרען א „פּראַוויטעל". גאָר אַזוי ווי כמעט אַלע דראזשנער אידען זענען געוואָרען פּראַוויטעלעס, איז נישט גוט, מוטשעט מען זיך, דרעהט מען זיך; אַמאָל קויפט מען ביי'ם גוי א זעקעל תבואה און מע פאַרקויפט דאָס מיד ליד; איז אָדער מע פאַרדיענט, אָדער מע דערלעגט; און אַמאָל טהוט מען א חאַפּ פון דער זייט א מעקלעריי, אַבי סע לאָזט זיך, א דאָס, א יענץ — שלעכט, ניטאָ וואָס צו טהון! אי, ס'איז פריהער אויך נישט געווען וואָס צו טהון? איז האָטש ניט געווען קיין באַהן, איז דער פאַר־דראָס, ווי זאָגט איהר, ניט געווען אַזוי גרויס; צו וואָס האָט אונז געטוינט די סטאַנציע מיט'ן וואָקזאַל, מיט'ן גלעקעל, מיט'ן גאַנצען טאַרעראַם?

טרעפט זיך א מעשה — איך שטעה מיר אַזוי איינמאָל אויפ'ן וואָקזאַל אַביסעל פאַרזאָרגט און באַגלייט אַרוים דעם „פּאָטשטאָווע פּאָיעזד". ס'איז שוין נאָכ'ן דריטען קלונג, דער לאָקאָמאָטיוו האָט שוין גוט אָנגעפּייפט און פונ'ם קוימען זעצט א רויך, — איך טהו א קוק, אויף דער פּלאַצפאָרמע שטעהט א פּריצ'על, א הויכס און א דאַרס, מיט קעסטעלדיגע הויזען, מיט א הויכען קאַפּעליש און מיט א סך טשעמאָדאַנעס; ער שטעהט אויסגעצויגען דעם האַלז און קוקט זיך אַרום, ווי א זינדיגער מענטש, אויף אַלע זייטען. „אָט דאָס פּריצ'על קעהר עפּיס באַדאַרפען האָבען", — טראַכט איך מיר און פיהל, עס האָט מיך ווי עמיצער א טאָרע געטהאָן פון הינטען: „יהודי, געה־צו צו איהם און טהו איהם א פרעג, אפשר דאַרף ער עפּיס?" און אַזוי ווי איך האָב מיר נאָר געריהרט פון אָרט, אז ער טהוט זיך ניט צו מיר א לאָז, הויבט אויף דעם

קאפעליש און מאכט צו מיר אויף דייטש, ציהט אויס מיט א ניגון:
— גוט מאָ־יען, מיין הערר!

— א גוט יאָהר זאָל אייך זיין! — זאָג איך צו איהם אויף אויף דייטש און א ביסעל אויף אידיש, און דאָס איבעריגע מיט די הענט. און איך פרעג איהם, פון וואנען ער פאָהרט? מאכט ער צו מיר: צי וויים איך ניט עפּיס א רעכטע קווארטיר, א „שטאנציאָן", פון זיינעטוועגען?

— אודאי! — זאָג איך. — פאר וואָס זאָל איך ניט ווי־סען? — און אין הארצען טראכט איך מיר: „או־ווא! איין עבירה, וואָס ס'איז ביי מיר ניט קיין אכסניה. ס'זאָל אָבער זיין ביי מיר איין אכסניה, וואָלט איך דאָך איהם פארפיהרט צו זיך, ס'איז א וואָהלער דייטש, מע וואָלט געקאָנט ארום איהם עפּיס פארדיענען"... און באלד פליהט מיר דורך צוריק א מחשבה: „טפש! עס שטעהט דען אָנגעצייכענט ביי דיר אויפ'ן שטערן, אז ס'איז ביי דיר ניט קיין אכסניה? עלעהיי, לאָז זיך דיר דאכ־טען, אז ס'איז ביי דיר יאָ איין אכסניה!" און איך רוף מיך אָן צו איהם אביסעל אויף אידיש, אביסעל אויף דייטש און דאָס איבעריגע דערמאך איך מיט די הענט:

— אויב זיי וואולען, מיין הארר, לאָזען זיי הייסען נעמען א בעל־עגלה, וועל איך זיי טהון דערפיהרען אויף דער בעסטער אכסניה, שטאנציאָן הייסט דאָס, פערוויסאָרט!

דערהערט פון מיר אזעלכע דבורים, ווערד דער דייטש מלא גדולה און מאכט צו מיר, באווייזט מיט דער האנד אויפ'ן מויל:

— האבען זיי וואָס צו עסען? שפּייזען?

— די בעסטע שפּייזען! — זאָג איך צו איהם. — זיי וועלען, אם ירצה השם, האָבען האנאווע (הנאה), הערר דייטש, וואָרום מיין פלונית, מיין פרוי הייסט עס, איז א זעלטענע באלאבאסטע (בעל־הבית'טע); איהר באקען און איהר קאָכען האָט א שם, איהרע פיש מעג עסען דער מלכות, דער קעניג אחשורש הייסט דאָס...

— יאַ וואָהל! — מאַכט ער צו מיר מיט אַ שמחה און די אויגען בשעת מעשה לויכטען איהם און דאָס גאַנצע פּנים שיינט איהם, ווי די זון.

„אַ חכם אַ דייטש!” — טראַכט איך מיר און מאַך נישט קיין לאַנגע מחזקות און באַשטעל אַ בויד און איך פאַרפיהר איהם גלייך צו מיר אהיים.

געקומען אהיים, געב איך איבער באַלד מיין ווייב אַלסדינג, אַז גאָט האָט מיר צוגעשיקט איין אורח אַ דייטש — גאָר איין אַנטיק. נאָר אַ אידינע פאַרשטעהט דען עפּיס? הויבט זי דאָך אָן מסתמא מיך באַגראָבען, וואָרום איך האָב אָנגעטראָפען פּונקט אויף דער בייזער שעה, ווען מע ראָמט אין שטוב: „וואָס פאַר אורחים, וואָס פאַר געסט פלוצים אין מיצקע דרינען?”... „אידינע בלא, זאָג איך צו איהר, דבר ניט אויף אונזער צונג, מחמת דער אָדון איז מבין בלשון אשכנז!” הערט זי מיך עפּיס, אַז זי האַלט סאַמע אין מיטען ראָמען? קעהרט זי מיט’ן בעזעם גלייך אין פּנים אריין און וואָרטשעט. זי וואָרטשעט, און איך מיט’ן דייטש שטעהען ביי דער טהיר, ניט אהין, ניט אהער. קוים מיט צרות, איך האָב איהר איינגערעדט, אַז ס’איז ניט קיין אומזיסטער אורח, ס’איז — פאַר געלט, און מע קאָן נאָך, אדרבה, אָרום איהם עפּיס חאַפּען, אָפּלעקען אַ ביינדעל... זענט איהר שוין פאַרטיג? אַז איך האָב זי שוין גוט איבערגערעדט, מאַכט זי צו מיר: „וואו זשע וועל איך איהם באַלעגען — אין דער ערד?” „שטיל זאָל זיין, — זאָג איך צו איהר — נאַרישע אידינע, מע זאָגט דאָך דיר, זאָלסט ניט דבר’ען, וואָרום דער אָדון איז מבין כל דבור!” ערשט דעמאָלט האָט זי פאַר־שטאַנען וואָס מע מיינט, און מיר האָבען איהם אָפּגעטרעטען אונ־זער אַלקער, און מיין ווייב האָט גענומען אין איין כהרף־עין צע־בלאָזען דעם סאַמאָוואַר און געשטעלט זיך קאָכען וועטשערע. תחילת, אַז מיין דייטש האָט דערזעהען דעם אַלקער, האָט ער אפילו אַביסעל פאַרדרעהט מיט דער נאָז, ווי איינער רעדט: „עס וואָלט געמעגט זיין אַביסעל בעסער!” נאָר וואָס פאַרשטעהט

קירה־דייטש? אבי מע האָט אַריינגעטראָגן דעם סאַמאָוואַר, פאַר־פּאַרעט טיי, און דערצו האָט ער אַרויסגענומען אַ גוט פּלעשעל ראָם און געמאַכט אַ שנאַפּס (און מיר אויך געגעבן אַ שנעפּסעל), איז שוין געוואָרן רעכט; און ער האָט זיך צעלעגט מיט די טשעמאָדאַנעס, ווי ביי זיין טאַטען אין ווייַנגאָרטען, און מיר זענען געוואָרען חבר.

נאָך דער טיי מאַך איך מיט איהם אַ רעד, אַהין־אַהער, וואָס טהוט ער היע? מיט וואָס האַנדעלט ער? טאָמער דאַרף ער עפּיס קויפען, פאַרקויפען? לאָזט זיך אויס, אַז דאַרפען דאַרף ער גאָר־נישט. עפּיס מאַשינעס, זאָגט ער, באַדאַרפען דורכגעהן, — ווייס איך, אַ נעכטיגער טאָג, — און בשעת מעשה האַפּט ער אַלע מאָל אַ קוק אין אויווען אריין און פרעגט זיך נאָך אַלע מינוט, צי ס'איז נאָך נישט פאַרטיג דאָס עסען? „אַפּנים, זאָג איך צו איהם, העדר דייטש, זיי האַלטען גוט פון דער אכילה?" ענטפערט ער דאָך מיר מסתמא פּדרוך, וואָרום אַ דייטש פאַרשטעהט דען וואָס מע רעדט צו איהם? אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מע האָט איהם גע־גרייט צום טיש און דערלאַנגט די וועטשערע — אַ פרישע יויך אַ מחיה'דיגע מיט מאַנדלען, מיט אַ גאַנץ עוף מיט מאַנעגרייפּלעך און מיט מערעלעך און מיט פעטרישקע און מיט... מיט... מיט... (מיינע, אַז זי וויל נאָר, קאָן זי!). „ברוכים היושבים!" — זאָג איך צו איהם, און ער ענטפערט מיר נישט קיין הצי דבור, זיך צוגעחאַפּט צום עוף, ווי נאָך אַ תענית. „ברוכים־היושבים־קומט־ניט־עסען־עסט־געזונט!" — מאַך איך צו איהם ווייעדער אַ מאָל, און ער זופּט די יויך געשמאַק, ער זאָל דאָס אפילו ענטפערען דאָס צנוייטע וואָרט, חאָטש זאָגען אַ דאַנק, — ווער? וואָס? „אַ גראָבער נפש, טראַכט איך מיר, אַ'ן אַ גרויסער זולל־וסובא'ניק!"

הכלל, ער האָט אָפּגעגעסען, פאַררויכערט אַ לאַנגע פּיפּקע און זיצט און שמייכעלט. איך זעה, מיין דייטש קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען, זוכט, אַפּנים, איין אָרט אויף דעם קאָפּ אָנצושפּאַרען. און די אויגען ביי איהם קלעפּען זיך, טראַכטען מכח נאַכטלעגער.

האָב איך אַ וואונק געטהאָן צו מיינער: „וואו מאַכט מען איהם אַ געלעגער?״ זאָגט צו מיר מיינע: „וואָס הייסט וואו? טאַקי אין מיין בעט״. און זי מאַכט נישט קיין לאַנגע שהיות און געהט־צו צום בעט און הויבט איהם אָן מאַכען אַ געלעגער, פאַנאַנדער־געשלאָגען דאָס בעטגעוואַנט, ווי עס געהער צו זיין (מיינע, אז זי וויל, קאָן זי) — איך טהו אַ קוק, מיין דייטש איז עפּיס נישט צופריעדען, עס געפעהלט איהם ניט, אַפּנים, וואָס סע פליהען פעדערען, מחמת ער פאַרדרעהט מיט דער נאָז און הויבט אָן ניסען מיט סכנת־נפשות. מאַך איך צו איהם: „וואַכסען זאָלט איהר, הערר דייטש!״ מיינט איהר, אז ער ענטפערט מיר אַ דאַנק? ווער־וואָס? „אַ גראָבער נפש, טראַכט איך מיר, און אַ ווילדער מענטש״. מיינע האָט איהם געמאַכט אַ געלעגער ביז דער סטעליע, סע מעג ליגען דער קיסר (מיינע, אז זי וויל נאָר, קאָן זי!), אַ גאַנצע „העסע־בעט״, און מיר האָבען זיך מיט איהם גאַנץ פיין אָפּגעזעגענט, געוויגשט איהם אַ גוטע נאַכט און געגאַנגען שלאָפען.

תחילת, אז מיר האָבען זיך געלעגט שלאָפען, הער איך, מיין דייטש שלאָפט, קיין עין־הרע, גאַנץ געשמאַק, חראָפּעט מיט אַ מאָדנע שטימע, סאָפּעט ווי אַ לאָקאָמאָטיוו, פייפט און האָרחעלט, זוי אַ געקוילעטער אָכס, און פּלוצים האַפּט ער זיך אויף און קרעכצט און אויקעט און פאָרשקעט און קראַצט זיך און שפּייט און וואָר־טשעט, און קעהרט זיך איבער אויף דער אנדערער זייט, טהוט אַ ביסעל אַ חראָפּע און אַ סאָפּע און אַ פייף און אַ האָרחעל, און האַפּט זיך ווידער אויף מיט אַ קרעכץ און מיט איין אוי און מיט אַ פאָרשקע און מיט אַ קראַצען זיך און מיט אַ שפּייען און מיט אַ וואָרטשען; און אָט אזוי עטליכע מאָל, ביז ער שפּרינגט־אַראָפּ פונ׳ם געלעגער, און איך הער, ווי עס פליהט דאָס בעטגעוואַנט אין דער ערד אריין, איין קישען נאָכ׳ן אנדערען, מיט אַ מין כעס און מיט משונה־מאָדנע ווילדע ווערטער: „צום טייוועל! סאַקראַ־מענטאָ! דאָננערררר־וועטעררר!״ איך לויף־צו, איך טהו אַ קוק דורך אַ שפּאַרינקע אין דער טיר — מיין דייטש שטעהט אויף

דער ערד אָדם־נאַקעט, וואַרפט דאָס בעטגעוואַנט פונ׳ם בעט, שפּייט קלעק און שעלט זיך אויף זיין שפּראַך, מע זאָל גאָר באַהיט ווערן. „וואָס איז די מעשה, זאָג איך, הערר דייטש?" און עפען־אויף די טיר. ווערד ער מלא רציחה און פאַלט־אָן אויף מיר מיט קולאַקעס, וויל מיך דורס זיין, חאַפּט מיך פאַר א האַנט און פיהרט מיך צו צום פענסטער און ווייזט מיר, ווי ס׳האָט איהם צעביסען דאָס גאַנצע לייב, און טרייבט מיך אַרויס און פאַרמאַכט די טיר. „א משוגע׳נער דייטש, — רוף איך מיך אָן צו מיינער — און א גרויסער מפונק! ס׳האָט זיך איהם אויסגעוויזען, זאָג איך, אז עס בייסט איהם, איז הימעל עפען זיך!"... „ווי קומט דאָס? ס׳איז מיר א חידוש! — זאָגט מיינע. — ערשט אויף פּסח גערייניגט דאָס בעטגעוואַנט און געפּאַרעט דאָס בעט מיט קעראָסין"...

אין דער פריה, איך האָב געמיינט, מיין דייטש וועט דאָ ווערען ברוגז און וועט אַנטלויפען פון אונז וואו דער שווארצער פעפער וואַכסט, צום סוף — ווער־וואָס? ווידער א „גוט־מאָיען" און ווידער געשמייכעלט, און ווידער געפּיפּקעט מיט דער פּיפּקע, און ווידער געהייסען זיך קאָכען עסען, און דערווייל צו דער טיי געהייסען זיך אָפּקאָכען ווייכע אייער, מאַצינקעס, — וויפיעל, מיינט איהר, אייער? כמעט א צעהנדליג! און צום עסען גענומען א רעכטען שנאַפּס און מיר א שנעפּסעל און חי געלעבט! געקומען ביינאַכט — ווידער דאָס אייגענע שפּיעל: פריהער געחראַפּעט, געפּייפט און געסאַפּעט און געהאָרחעלט, און נאָכדעם געקרעכצט און געאויקעט, געפּאָרשקעט און געקראַצט זיך און געשפּיגען און געוואָרטשעט, און אויפגעחאַפּט זיך און אַראָפּגעוואָרפען דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט און געשפּיגען קלעק און געבייזערט זיך און געשאָלטען אויף זיין לשון: „צום טייוועל! סאַקראַמענטאָ! דאָננערררר־וועטערררר!"... און אויפגעשטאַנען אין דער פריה — ווידער „גוט מאָ־יען", ווידער געפּיפּקעט מיט דער פּיפּקע, און ווידער געשמייכעלט, און ווידער גענעסען, און ווידער געמאַכט א שנאַפּס און מיר א שנעפּסעל — אַזוי עטליכע טעג כסדר, ביז

ס'איז געקומען די צייט, די מאשינעס זענען למזל דורכגעגאנגען, און ער האט באדארפט אוועקפאהרען.

אז ס'איז געקומען די צייט פון זיין אוועקפאהרען און דער דייטש האט גענומען זיך פאקעווען אין וועג אריין, מאכט ער צו מיר, איך זאל איהם דערלאנגען א רעכענונג. זאג איך: „וואס האבען מיר זיך דא צו רעכענען? ס'איז, זאג איך, א קורצער חשבון, הערר דייטש, עס קומט פון אייך פונקט א כף־הא'ער"... שטעלט ער אוים א פאר אויגען, ווי איינער רעדט: „הא? איך פארשטעה ניט!"... מאך איך צו איהם אויף דייטש: „זיי ועלען מוחל זיין באצאהלען א פינפאונצוואנציגער, פינף און צוואנציג קערבלעך, רובעל הייסט דאס!" און באוויוז איהם אויף די פינגער צעהן און צעהן און פינף. מיינט איהר דאך, אז ער ווערד נתפעל? הם מלהזכיר! ער פיפקעט מיט דער פיפקע און שמייכעלט און זאגט צו מיר, אז ער וואלט נאר וועלען וויסען פאר וואס קומט פון איהם פינף און צוואנציג רובעל? און ער נעמט א שטיפטעל מיט א שטיקעל פאפיער און בעט מיך, איך זאל איהם אויסרעכענען יעדע זאך באזונדער. „ביזט טאקי אודאי א חכם א דייטש, — טראכט איך מיר — נאר שכל האב איך מעהר פון דיר; וואס איך האב אין פיאטע, פארמאגסט דו ניט אין קאפ!"... „שטעלט, זייט מוחל, זאג איך צו איהם, הערר דייטש, פאר דער אכסניה, שטאנציאן הייסט דאס, זעכס מאל אנדער־האלבען, איז ניין קארבען; זעכס מאל צוויי, איז צוועלף סאמאווארען, צוועלף האלבע גילדען, איז ניינצי ג קאפיקעס; זעכס מאל כמעט צעהן אייער אין דער פריה און צעהן אייער אויף דער נאכט, איז הונדערט צוואנציג, צוויי שאק אייער, א קערבעל א שאק, איז צוויי קארבען; זעכס יויכען, זעכס עופות, צו פינף גילדען איין עוף, א חוץ גרייפלעך, מאנדלען, פעטרישקע, דאס, יענץ, לאקש, בוידעם, ציבעלע, איז א גלייכער חשבון זעכס קאר־בען; זעכס נעכט, זעכס לאמפען — זעכציג קאפיקעס; שנאפס האט איהר געטרונקען איינענעם — צוויי קארבען; קיין טיי און

צוקער האָט איהר ניט גענומען — אַ קערבעל, איז דריי קאַרבען; קיין ווייַן האָט איהר ניט באַגעהרט — איין קאַרב, איז פיער קאַרבען; קיין ביער איז ניט געווען — זיעבעציג קאָפּיקעס. האָט איהר אינאיינעם אַ קיימאַ־לן, אַזוי גרויס, ווי כמעט פינף קאַרבען. נאָר בכדי ס'זאָל אויסקומען צו אַ גלייכען השבון, שטעלט פינף מיט פופציג. נו, רב דייטש, איז אינאיינעם ניט קיין פינף און צוואַנ־ציגער?" — אַזוי מאַך איך צו איהם גאַנץ ערנסט, און איהר מיינט, ער האָט מיר געזאָגט אַ קרום וואָרט? חס ושלום; געפּיפּקעט מיט דער פּיפּקע און געשמייכעלט און ארויסגענומען אַ כף־הא'ער און אַ וואָרף געטהאָן, ווי מע וואַרפט־אַרויס אַ דרייערעל, זיך גאַנץ פיין אָפּגעזעגענט און אַוועק מיט'ן באַהן. „וואָס זאָגסט דו עפּיס, מיין ווייב, אויף אַזאַ מין דייטש?" — „גאָט זאָל צושיקען, זאָגט זי, אַלע וואָך אַזעלכע דייטשען, וואָלט געווען דוקא נישקשה'דיג"...

דער דייטש איז אַוועקגעפאָהרען. ס'איז נישט אַוועקגעגאַנגען קיין דריי טעג, קומט צו געהן דער בריעפטרעגער און דערלאַנגט מיר אַ בריעף, נאָר ער הייסט זיך פריהער באַצאָהלען פיערצעהן קאָפּיקעס. פאַר וואָס איז פיערצעהן קאָפּיקעס? — מע האָט פאַר־געסען, זאָגט ער, אָנקלעפּען אַ מאַרקע. באַצאָהלט די פיערצעהן קאָפּיקעס און אויפגעעפענט דעם בריעף — אויף דייטש געשריבען, איך פאַרשטעה ניט אַ וואָרט! איך הויב מיך אָן אַרומטראָגען מיט'ן בריעף צו דעם, צו יענעם — קיינער קאָן ניט לייענען קיין דייטש. איין אומגליק! אויסגעלאָפען דאָס גאַנצע שטעדטעל, קוים מיט צרות געפונען אַ פּראָוויזאָר פון דער אַפּטייק, וואָס קאָן לייענען דייטש, האָט ער מיר דאָס בריוועל איבערגעלייענט און פאַרטייטשט, אַז דאָס שרייבט צו מיר איינער אַ דייטש און דאַנקט מיר זעהר פאַר דער וואָהלער רוהיגער שטאַנציאָן, וואָס ער האָט ביי מיר געהאַט, און פאַר אונזער גאַסטפריינדליכקייט מיט אונזער ליעבהאַרציגקייט, וואָס ער וועט דאָס אייביג נישט פאַרגעסען...

„מהיכא תיתי, — קלער איך מיר — זעהר שען; אַז דו ביזט צופריעדען, טהוט מיר הנאה". און צו מיינער רוף איך מיך אָן:

„וואָס זאָגסט דו אויף דעם דייטש, קיין עין־הרע, נישט קיין קליי־נער נאַר?" — „גאָט זאָל צושיקן, זאָגט זי, אַלע וואָך אַזעלכע נאַראָנים, וואָלט געווען דוקא נישקשה'דיג"...

עס געהט אַוועק נאָך אַ וואָך, איך קום צו געהן פונ'ם וואָקזאַל, טראָגט מיר מיינע אַקעגען אַ בריעף און זאָגט, אַז דער בריעפטרעגער האָט זיך געהייסען דערצאָהלען אַכט און צוואַנציג קאָפּיקעס. „וואָס עפּיס אַכט און צוואַנציג קאָפּיקעס?" — „אַזוי, זאָגט זי, וואָרום ער האָט אַנדערש ניט געוואָלט". איך עפען אויף דעם בריעף — ווייעדער אויף דייטש. איך לויף אַוועק צו מיין פּראָוויזאָר און בעט איהם, ער זאָל מיר איבערלייענען דעם בריעף. לייענט ער מיר, אַז דער זעלבער דייטש איז נאַר־וואָס איבערגעפאָהרען די גרעניץ, און אַזוי ווי ער פאָהרט אהיים צו זיין פאָטערלאַנד, דאַנקט ער מיר זעהר פאַר דער וואָהלער רוהיגער שטאַנציאָן, וואָס ער האָט ביי מיר געהאַט, און פאַר אונזער גאַסטפריינדליכקייט מיט אונזער ליעבהאַרציגקייט, וואָס ער קאָן דאָס אונז אייביג ניט פאַרגעסען!... „מיינע צרות אויף זיין קאָפּ!" — טראַכט איך מיר, און קום אהיים. פרעגט מיך מיינע: „וואָס איז פאַר אַ בריעף?" זאָג איך: „ווייעדער אַ מאָל פונ'ם דייטש! ער קאָן אונז גאָר ניט, זאָג איך, פאַרגעסען די טובה, דער משוגע'נער דייטש!" — „אַז גאָט, זאָגט זי, זאָל צושיקן אַלע וואָך אַזעלכע משוגע'נע דייטשען, וואָלט דוקא געווען נישקשה'דיג"...

עס געהען אַוועק נאָך צוויי וואָכען, ברענגט מען מיר פון דער פּאָסט אַ גאַנץ גרויסען בריעף, און ער הייסט זיך דערצאָהלען זעכס און פופציג קאָפּיקעס. וויל איך דאָך ניט; זאָגט צו מיר דער בריעפטרעגער: „ווי איהר ווילט זיך!" און נעמט דעם בריעף צוריק. טהוט דאָך מיר אָבער באַנג, עס ווילט זיך זעהר וויסען פון וואַנעט איז דער בריעף, טאָמער עפּיס אַ נויטיגע זאַך? באַ־צאָהלט זעכס און פופציג קאָפּיקעס, איך עפען אויף דעם פּאַקעט. איך טהו אַ קוק — ווייעדער אויף דייטש. געה איך שוין מסתמא גלייך צו מיין פּראָוויזאָר און בעט איהם, ער זאָל מיר מוחל זיין,

וואָס איך דול איהם אַלע מאָל דעם ספּאָדעק. וואָס זאָל איך טהון, אַז איך בין געשטראָפֿט, איך קאָן ניט לייענען קיין דייטש? נעמט ער, דער פֿראָוויזאָר, און לייענט מיר אַ גאַנצע מגילה, ווידער פֿונ׳ם דייטש, אַזוי ווי ער איז שוין איצטער געקומען אַהיים און האָט זיך געזעהען מיט זיין געליעבטער פֿאַמיליע, מיט זיין „פֿרוי" און קינדער, האָט ער זיי דערצעהלט אַלסדינג, ווי אַזוי ער איז געקומען צו אונז אין דראַזשנע, און ווי אַזוי ער האָט זיך באַגעגענט מיט מיר אויפ׳ן וואָקזאַל, און ווי אַזוי איך האָב איהם פֿאַרפֿיהרט צו זיך אַהיים, געגעבען איהם אַזאַ וואָהלע, אַזאַ רוהיגע שטאַנציאָן, — לכן דאַנקט ער אונז זעהר און זעהר פֿאַר אונזער גאַסטפֿריינדליכקייט און פֿאַר אונזער ליעבהאַרציגקייט, וואָס ער וועט דאָס אונז ניט פֿאַרגעסען אייביג, ווייל ער וועט לעבען. „טפֿו זאָל ער ווערען!" — זאָג איך און בטל־אוים צו איהם אַלע בייזע וויסטע חלומות, און מיינער וויל איך שוין גאָר ניט דערצעהלען פֿונ׳ם בריעף און מאַך זיך שוין גאָר ניט וויסענדיג.

עס געהען אַוועק נאָך דריי וואָכען, קומט מיר אָן פֿון דער פּאָסט אַ „פּאָוויעסטקע" אויף אַ רובעל מיט צוועלף קאָפּיקעס. „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ רובעל מיט צוועלף?" פֿרעגט מיך מיינע. „לאָז מיך אַזוי וויסען, זאָג איך, בייז!" און לויף אַוועק אויף דער פּאָסט און הויב זיך אָן נאָכפֿרעגען, פֿון וואַנען האָב איך עס אַ רובעל מיט צוועלף? זאָגט מען מיר, אַז ניט איך האָב אַ רובעל מיט צוועלף — אדרבה, דאָס דאַרף איך גאָר באַצאָהלען אַ רובעל מיט צוועלף. „פֿאַר וואָס איז?" — „פֿאַר אַ בריעף", — זאָגט מען מיר. „פֿאַר וואָסער אַ בריעף? — זאָג איך. — אפשר, פֿונ׳ם דייטש?" — ענטפֿערט מען מיר ניט!... מילא, עס העלפֿט עפּיס טענות? איך האָב באַצאָהלט אַ רובעל מיט צוועלף און האָב אָפּגענומען דעם בריעף, — אַ גאַנצען פּאַקעט. איך עפֿען־אויף דעם בריעף — ווידער פֿון איהם, פֿונ׳ם דייטש! איך קום צום פֿראָוויזאָר: „האָט קיין פֿאַראיבעל ניט, זאָג איך, פּאַני, איך האָב שוין, זאָג איך, ווידער, איין אומגליק, אַ דייטשען בריעף". דער

פראָוויזאָר, אויך נישט קיין קליינער טפש, וואַרפט־אוועק אַלע אַרבייט און לייענט מיר וויעדער אַ גאַנצע מגילה, אַלץ פונ׳ם דאָזיגען דייטש, ימח שמו זאָל ער ווערען! וואָס שרייבט ער? ער שרייבט: אַזוי ווי ס׳איז ביי איהם היינט אַ „פייערטאָג", אַ יום־טוב הייסט דאָס, עס זיצען ביי איהם געסט, די גאַנצע משפחה האָט זיך צו איהם צונויפגעקליבען, האָט ער זיי דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע פון אלף ביז תיו, ווי אַזוי ער איז געקומען צו פאָהרען אין אַ קליין שטעדטעל קיין דראַזשנע, ווי אַזוי ער איז געבליבען דעמאָלט אויפ׳ן וואָקזאַל אַליין אין אַ פרעמד לאַנד, נישט צו פאַרשטעהן אונזער שפּראַך, ווי אַזוי ער האָט זיך מיט מיר באַגעגענט און ווי אַזוי איך האָב איהם פאַרפיהרט צו זיך, אָפּגעגעבען איהם אַזאַ וואָהלע, אַזאַ רוהיגע „שטאַנציאָן", ווי אַזוי מיר האָבען איהם פריינדליך אויפגענומען, אָפּגעטרעטען איהם דעם בעסטען חדר, געגעבען איהם עסען און טרינקען און אַזוי עהרליך און אָרענטליך באַהאַנדעלט, — לכן קאָן ער זיך ניט איינהאַלטען און מוז אונז נאָך אַ מאָל אָפּדאַנקען פאַר אונזער גאַסטפריינדליכקייט און גוט־האַרציגקייט, וואָס ער קאָן דאָס אונז ניט פאַרגעסען אייביג און אייביג... „אַ צו־להכעים׳ניק אָט דער דייטש! — טראַכט איך מיר. — מעהר קיין בריעף וועל איך שוין פון דער פּאָסט ניט אָפּנעמען, עס מעג זיין מיט גאָלד!"

עס געהט אַוועק נאָך אַ חודש, נאָך צוויי — נישטאָ מעהר קיין בריעף, איין עק! איך האָב שוין כמעט אָנגעהויבען צו פאַרגעסען אינ׳ם דייטש. פּלוצים קומט מיר אָן פון דער באַהן אַ פּאַ־וויעסטקע אויף אַ פּאָסילקע פון אַ פינפאונצוואַנציגער. „וואָס קאָן דאָס זיין פאַר אַ פּאָסילקע אויף אַ פינפאונצוואַנציגער?" — קלער איך מיר און ברעך מיר דעם קאָפּ, און מיינע זיצט און ברעכט זיך דעם מח, און מיר קאָנען נישט צוקלערען גאָרנישט. פאַלט מיר איין אַ געדאַנק: אַזוי ווי איך האָב פריינד אין אַמעריקע, קעהר דאָס זיין מסתמא פון זיי עפּיס אַ מתנה, אַ שיפסקאַרטע, אָדער אַ בילעט, אָדער אַ לאָמאָרעיצעטעל. און בין נישט פויל

און קום אויף דער באהן און וויל ארויסנעמען די פּאָסילקע, זאָגט מען מיר, איך זאָל מוחל זיין באַצאָהלען צוויי רובעל מיט פיער און צוואַנציג קאָפּיקעס, וועט מען מיר אַרויסגעבען די פּאָסילקע. העלפט זיך נִיט, מוז מען קריגען צוויי רובעל מיט פיער און צוואַנ־ציג קאָפּיקעס און באַצאָהלען און ארויסנעמען די פּאָסילקע. אָפּ־געגומען די פּאָסילקע, זעהר אַ שען קעסטעלע, גוט פארפּאַקט, קום איך צו לויפען אַהיים און הויב אָן צעפּאַקעווען דאָס קעסטעלע, פאַלט נישט ארוים פון דאָרטען קיין פּאָרטרעט? מיר טהוען אַ קוק אויפ׳ן פּאָרטרעט — וואָס ס׳האָט זיך מיר געחלומ׳ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר! ס׳איז ער, דער דייטש דער שלים־מזל, מיט׳ן לאַנגען האלז און מיט׳ן הויכען ספּאָדעק און מיט דער פּיפּקע אין מויל! צום פּאָרטרעט איז גע־לעגען צוגעלעגט אַ בריוועלע, אויף דייטש געוויינטליך, וויעדער די אייגענע מעשה מסתמא: דאָס דאַנקט ער אונז פאַר דער ש ט אַ נ־צ י אָ ן און פאַר אונזער גאַסטפריינדליכקייט און ליעבהאַרציגקייט, וואָס ער קאָן דאָס אייביג און אייביג נִיט פארגעסען. איין אייג־געגעסענער דייטש קאָן! ברענגען זאָל ער!... מאַהלט אייך, וואָס מיר ביידע האָבען איהם בשעת מעשה אָנגעווינשען און אָנגע־בענשט, זאָל איהם אָנגעהן חאָטש האלב, רבונו של עולם!

ס׳איז אָוועקגעגאַנגען נאָך עטליכע חדשים — איין עק, אוים רייטש! דאַנקען גאָט, פּטור געוואָרען פון אַ שלאַק, אין דער ערד מיט׳ן קאָפּ! איך האָב מיך פּשוט מחיה געווען!... זעגט איהר שוין פאַרטיג? האַרט זשע אוים, ס׳איז נאָך נישט קיין סוף. אַנומעלטען קומט מיר אָן פּלוצים ביינאַכט אַ דעפּעש, איך זאָל, למען השם, קומען צו פאָהרען קיין אָדעס, און וואָס גיכער, צו איינעם אַ מענטשען אַ סוחר מיט׳ן נאָמען גאָרגעלשטיין; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין האָטעל „וויקטאָריע“ און באַדאַרף מיך זעהר נויטיג האָבען מכח אַ געשעפט. „אָדעס? גאָרגעלשטיין? האָטעל וויקטאָריע? אַ געשעפט? וואָס זאָל דאָס באַדייטען?“ — אַזוי זאָג איך צו מיינער... הויבט דאָך מיך מסתמא מיינע אָן צו טריי־

בען, איך זאָל פאַהרען, וואָרום „אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר איז דאָס, זאָגט זי, טאַקי אַ נויטיגע זאַך? אפשר אַ קאָמיסיע, אפשר תבואה?"... נאָר ס'איז גרינג אויסצורעדען — פאָהרען קיין אדעס! אַ פאָהר קיין אדעס קאָסט עפּיס הוצאות! נאָר ווי־באַלד געשעפט, איז עפּיס אַ תירוץ? בקיצור, איך האָב געקריגען עטליכע קערבלעך, האָב מיך אויפגעזעצט אויפ'ן באַהן און פאָהר קיין אדעס. געקומען קיין אדעס, הויב איך זיך אָן פאַנאַנדער־פרעגען, וואו איז דאָ ערגיץ האָטעל וויקטאָריע? איך האָב מיך דערפרעגט צו האָטעל וויקטאָריע. „נישט פארהאַן דאָ ביי אייך, זאָג איך, איינער אַ גאָרגעלשטיין?" פארהאַן, זאָגט מען מיר, אַ גאָרגעלשטיין; נאָר וואָס דען? ער איז איצט נישטאָ אין נומער; איך זאָל זיך מטריח זיין צעהן אזייגער אויף דער נאַכט. איך קום צו געהן צעהן אזייגער אויף דער נאַכט — נישטאָ גאָרגעלשטיין; איך זאָל קומען צעהן אזייגער אין דער פריה, וועל איך איהם טרעפען. איך קום צעהן אין דער פריה — וואו איז גאָרגעל־שטיין? נישטאָ גאָרגעלשטיין; ער איז נאָר־וואָס געווען און זעהר געבעטען, אז ס'וועט קומען דער איד פון דראזשנע, זאָל מען איהם זאָגען, ער זאָל מוחל זיין קומען אָדער דריי בייטאָג אָדער צעהן אויפדערנאַכט. איך קום דריי בייטאָג, איך קום צעהן ביי דער נאַכט — נישטאָ קיין גאָרגעלשטיין! וואָס טייג אייך, איך האָב זיך אָפּגעוואַלגערט אין אדעס זעכס טאָג מיט זעכס נעכט, געגעסען צרות, מכות געשלאָפען, קוים מיט ווערים, מיט אנגסטען, איך האָב זיך דערוואַרט אויף דעם גאָרגעלשטיין. דער דאָזיגער גאָרגעלשטיין ווייזט־אויס אַ לייטישער מענטש, מיט אַ שענער באָרד אַ שוואַר־צער; ער האָט מיך זעהר פיין אויפגענומען, מיך געבעטען זיצען. „דאָס זענט איהר — מאַכט ער צו מיר האַלב אידיש, האַלב דייטש — דער איד פון דראזשנע?" — „דאָס בין איך — זאָג איך — דער איד פון דראזשנע. וואָס איז דען?" — „ביי אייך האָט געהאַלטען פאַר־אַ־יאָהרען ווינטער שטאַנציאָן איינער אַ דייטש?" — „ביי מיר. — זאָג איך. — וואָס איז דען?"

— „גאָרנישט, — מאַכט ער — אַט דער דייטש איז מיינער אַ שותּף אין מאַשינעס. איך האָב פון איהם אַ בריעף פון לאָנדאָן, שרייבט ער מיר, אַז איהר וועט זיין ביי מיר אין אדעס, זאָל איך אייך, למען השם, איבערגעבען פון איהם זעהר אַ פריינדליכען גרוס און אייך אָפּדאַנקען פאַר אייער וואָהלער רוהיגער שטאַנ־ציאָן, וואָס ער האָט ביי אייך געהאַט און פאַר אייער גאַסט־פריינדליכקייט און גוטהארציגקייט און מיט אייער עהרליך אָרענט־ליך באַהאַנדלען איהם, וואָס ער קאָן דאָס אייך בשום אופן קיינמאָל, קיינמאָל ניט פאַרגעסען, ווייל ער וועט לעבען!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איין אומגליק האָט זיך אויף מיר גענומען! איך רעכען, אם ירצה השם, נאָך יום־טוב, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבען אריבער־פּעקלען זיך פון דראַזשנע ערגיץ אין איין אנדער שטאָדט, אַנט־לויפען וואו די אויגען וועלען מיך טראָגען, צו אַלדי שווארצע יאָהר — אַבי פּטור ווערען פונ'ם שלים־מזל, פונ'ם דאָזיגען דייטש, ימח שמו וזכרו זאָל ער ווערען!!...

# די פרייליכע קאָמפּאַניע

(ערצעהלונג)

געשריבען אין יאָהר 1903.

# די פריילִיכע קאָמפּאַניע

## קאַפּיטעל א.

אין א הייסען זומערטאָג, אין איינע פון די גרויסע גאַסען פון דער גרויסער שטאָדט, וועלען מיר זאָגען אין יעהופּעץ, האָט געשפּאַציערט מיט א ציגאַר אין די צייהן א שווארצער יונגער־מאַן מיט רויטע בעקלעך פון א יאָהר... איך קאָן אייך ניט זאָגען אקוראַט פון וויפיעל יאָהר, וואָרום איך האָב זיין פּאַס ניט געזעהן. אמאָל, אז מע האָט נאָך ביי אונז געטראָגען בערד, האָט מען נאָך דער באָרד גרינג געקאָנט שאַצען יענעמ׳ס יאָהרען. היינט, אז שערען און גאָלען די באָרד איז געוואָרען ביי אידען, ברוך־השם, א וואָכעדיגער גאַנג — אדרבה, נאַט אייך א געגאָלטע מאָרדע און זייט א בריה, טרעפט וויפיעל איז זי אלט?... אנדערע איז גאָר שווער צו דערקענען אפילו, צי זיי זענען אידען, דאָס הייסט, אז מע קוקט זיך גוט צו צו זיי, דערקענט מען זיי אפילו גרייליך. מע דערקענט זיי נאָך דער נאָז, נאָך די אויגען, נאָכ׳ן קוק. א איד קוקט גאָר אנדערש; א איד, אז ער קוקט אויף אייך, לייענט איהר איבער אין זיינע אויגען: „ווער זענט איהר? עפּיס זענט איהר מיר קענטליך? און וואָס איז אייער טהועכטס? זאָגט — אפשר קאָנען מיר איינס דאָס אנדערע צו־נוטץ קומען?” אָט אזוי קוקט א איד... נאָר מיר קעהרען זיך אום צוריק צו אונזער פּאַר־שוין, צום שווארצען יונגענמאַן.

דער שווארצער יונגערמאַן איז זיך געגאַנגען פּאַוואָלניקע, ניט ארויסגעלאָזט די ציגאַר פון מויל, ווי א מענטש, וואָס האָט נאָר־

וואָס אָפּגעגעסען אַ פיינעם מיטאָג, פערדרויכערט אַ ציגאַר און מאַכט „מאָציאָן". אויך דאָס פּנים זיינס איז געווען זעהר פיין אויסגע־פוצט, די בעקלעך רויט, די וואָנסעס ארויפגעדרעהט ארויף, נאָר די מלבושים זענען געווען אביסעל געהאַפּט, דהיינו: די ארבעל פונ'ם פּידזשאַק האָבען אביסעל צופיעל געגלאַנצט, די הויזען זענען געווען אביסעל אויסגעטרעטען, און די שטיבלעטען, חאָטש זיי זענען אַמאָל געווען גרויסאַרטיגע, לאַקירטע שטיבלעטען מיט שענע קנעפּלעך, האָבען איצטער, אויף דער עלטער, אביסעל אונטערגעפּוצעוועט, חלילה נישט צעריסען, נאָר שטאַרק צעטריסקעט, און די אָפּצאַסען אביסעל אויסגעדרעהט. אויך דאָס קאַפּעלישעל האָט אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז דאָס באַדאַרף זיין נישט קיין גרויסער נגיד, וואָרום אַ חוץ וואָס דער פאַסאָן איז שוין לאַנג ארוים פון דער מאָדע, איז דאָס קאַפּעלישעל אליין געווען צוגעלעגערט און אָפּגעבאַרעט אבי־סעלע און די טאַשמע פערשמאַלצט מיט פעטען — זעהר־זעהר אַ געמיין קאַפּעלישעל.

דער דלות האָט שוין אַזאַ טבע, אַז קוים חאַפּט ער זיך אריין צו איינעם, איז קודם כל לעגט ער זיך ביי איהם אויפ'ן קאַפּעליש און אויף די שפּיץ־שטיוועל, און נאָכדעם פערקלויבט ער זיך צו איהם אין בייטעל אריין, רייניגט־אויס פון דאָרטען וואו ערגיין אַ מטבע איין אַלטע, איין אָפּגעריבענע, לאָזט איבער אַ צוויי קנעפּלעך מיט אַ „רעצעפּים" פון דער פּאָסט און רייבט אויס אַ לעבעל, אַז טאָמער וועט זיך מאַכען אַ מאָל אַ מטבע, זאָל זי אויך ארויסקריכען.

ווערליג דער דאָזיגער פּארשוין איז געגאַנגען רוהיג, געצעהל־טע טריט, און געדרעהט מיט'ן שטעקעל און צוגעזונגען שטילער־הייד אַ גאַנץ פיינעם ניגון און אַלץ געקוקט ארויף אין די פענסטער אריין, האָט מען געקאָנט זיכער מיינען, אַז דאָס איז אָדער אַ רייזענדער, וואָס איז אַראָפּגעקומען אהער פון אַ פרעמדער מדינה און האָט ניט וואָס צו טהון — איז ער זיך ארויסגעגאַנגען אביסעל אָנקוקען די שטאָדט, אָדער דאָס איז אַ היגער תושב, וואָס זוכט אַ

געראַטען פלאַץ אויף צו שטעלען אַ מויער, וואָס זאָל האָבען אַ ברייטען הויף מיט אַ פאַנטאַן און מיט חאַטש אַ שטיקעל גאָרטען צו דער גאַס. אָפּגעשטעלט האָט ער זיך נעבען אַ טויער, דערזעהן אַ צוגעקלעפּט צעטעל מיט זיעבען גרייזען:

„עס גיט זיך אָפּ ביליג אַ צוזאַמענוואָהנונג, גילטיג פאַר אַ בחור“.

אויפ׳ן פּנים פון אונזער העלד האָט זיך בעוויזען אַ צופריעדען שמייכעלע. די משמעות, אַז ער איז אַ בחור און זוכט אַ וואָל־וועלע וואָהנונג, און עס אהרט איהם ניט צו וואָהנען מיט נאָך עמיצען.

אָנגעקלונגען צום „סטרוזש“ און אַרויפגעקלעטערט מיט איהם אויפ׳ן פינפטען שטאָק, איז ער אַריינגעקומען אין אַ קליין פינסטער חדר׳על, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ טויבענשלאַק אויף אַ בוידעם, און האָט געטראָפען אַ הויכען, טרוקענעם פאַרשוין מיט אַ בראָנזען גלאַנצענדיג פּנים, מיט אַ ליסינע אויפ׳ן קאָפּ און מיט אַ גרוי געשאָרען בערדעל, זיצען ביי׳ם פענסטער אויף אַ צעבראָכען בענ־קעל און דרעהען פּאַפּיראָסען. דער אַלטער פאַרשוין איז געגאַנגען אָנגעטהאָן... דאָס הייסט, ער איז ניט געגאַנגען און ניט אָנגע־טהאָן — ע ר  א י ז  ג ע ז ע ס ע ן  א ו י ס ג ע ט ה א ָ ן, כמעט, קאָן מען זאָגען, ווי אָדם הראשון אין גן־עדן, אויב איהר וועט ניט רעכענען פאַר קיין מלבושים אַ צעהראַסטעט, צעריסען, העמדעל ביז די קניע, און אויף די לאַנגע טרוקענע בעוואַכסענע באָרוויסע פיס אַ פּאָר מאָדנע מעשטעס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען אָדער פון באַבולע פּאַפּיער, אָדער פון איין אַלטען זאַק — פון לעדער געוויס נישט.

דער דאָזיגער אַלטער איז נישט אויפגעשטאַנען פאַר׳ן אריינ־געקומענעם גאַסט, האָט ניט געטראָגען אַקעגען דעם שלום־עליכם, און אפילו ניט אויפגעהויבען די אויגען, נאָר געבעטען זיצען און אויסגעצויגען אַ לאַנגע, אַ טרוקענע, בעוואַכסענע און אַ ציטערענ־דיגע האַנד און האָט אַ זאָג געטהאָן, ניט קוקענדיג אויפ׳ן אורח:

— זיצט.

דער אריינגעקומענער פּארשוין פון זיין זייט האָט אויסגע־טהאָן דעם קאַפּעליש און האָט זיך א נייג געטהאָן צום האַלב־נאַקעטען בעל־הבית. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבען זוכען מיט די אויגען, וואו ער זאָל זיך אַנידערזעצען, און מחמת ס'איז מעהר ניט געווען ווי איין בענקעל, און דאָס בענקעל איז דאָך געווען פּערנומען — לכן האָט ער זיך אביסעל ארומגעדרעהט און געפאַלען אויף א שכל, אז איידער בלייבען שטעהן איז גלייכער זיך זעצען אויף א בעטעל פון די דריי בעטלעך, וואָס שטעהען ביי די ווענד. דער דאָזיגער פּלאַן איז געפעלען דעם בעל־הבית אויך, וואָס האָט ניט אָפּגעריסען די אויגען פון דער ארבייט, און ער האָט זיך גע־ווענדט צום אריינגעקומענעם פּארשוין מיט די דאָזיגע ווערטער:

— האָט נאָר קיין פּאַראיבעל ניט, וואָס איך געם אייך אויף „אין חאַלאַט"; ס'איז שרעקליך הייס אין דרויסען, און דאָ אונ־טער'ן דאַך איז נאָך הייסער, א ריינער גיהנם! איהר ווילט מסתמא דינגען ביי מיר די קוואַרטיר? פיער קאַרבען א חודש, מיין בעטעל, אייער בעטגעוואַנט, איין מאָל אין טאָג הייס וואַסער פונ'ם סאַמאָ־וואַר. געלט אַלע וואָך אויף צופריהער. וואָס איז אייער טהועכטס?

— מיין טהועכטס? — מאַכט צו איהם דער אורח אונטער דער נאָז. — המ... איין מאָל אין טאָג הייס וואַסער? און איך האָב גערעכענט צוויי מאָל.

— וואָס דאַרפט איהר צוויי מאָל? איהר זענט דען א שטוב־מענטש? איהר דרעהט זיך דאָך ארום מסתמא אין גאַס.

— דרעהען דרעהט מען זיך. — מאַכט צו איהם דער אורח. — עס טרעפט אָבער, מע קומט אמאָל אהיים פאַרפריה, גלוסט זיך א טרונק.

— טרינקט מען וואַסער.

— א דאַנק אייך פאַר דער עצה.

— נישטאָ פאַר וואָס.

אזוי ענטפערט איהם דער האלב־נאקעטער בעל־הבית, ווארפט ניט אוועק די ארבייט אויף קיין רגע און האט נאך איין קוק נישט געטהאן אויפ׳ן גאסט.

— וויפיעל זענען מיר דא, הייסט עס? — פרעגט איהם דער גאסט און קוקט, ווי אזוי האבען אהער געקאנט אריין דריי בעטלעך?

— מיר וועלען זיין, הייסט דאס, אזוי גרויס, ווי דריי שכנים און איינער א בעל־הבית.

— דריי שכנים און איינער א בעל־הבית? איך זעה נאר דריי בעטלעך. וואו זשע שלאפט איהר?

— פאר מיר זארגט איהר זיך? עהע־הע! איך וועל מיר שוין געפינען איין ארט. איך קאן שלאפען אויפ׳ן טיש אויך.

דער אורח איז געבליבען זיצען איבערראשט. ער איז געווען זעהר נייגיעריג צו וויסען, ווי אזוי וועט זיך דאס דער דאזיגער אלטער לעגען אויפ׳ן טיש, און וואו וועלען זיך, למשל, אהינטהון זיינע לאנגע פיס? ער האט איהם בעטראכט, ווי א מענשען, וואס רעדט פון וועג, און האט זיך נישט געקאנט איינהאלטען און האט איהם טאקי פארט א פרעג געטהאן:

— איך וואלט א בעלן געווען וויסען, ווי אזוי קאן אזא הויכער מענטש שלאפען אויף א קורצען טיש?

— איהר ווייסט ניט, ווי אזוי? מע רוקט־צו צו דעם טיש נאך א צוויי טישען, קומט שוין אויס גוט.

— איהר האט דאך אבער נאר איין טיש.

— איז טאקי נישט גוט.

„איין אלטער ליץ!" — טראכט זיך דער גאסט און טהוט א פרעג דעם בעל־הבית:

— ווען, הייסט דאס, באדארף מען צאהלען די ערשטע ראטע פאר דער ערשטער וואך?

— אויב די קווארטיר איז פאר אייך, איז טאקי באלד קלאפ און צעהל, ווי זאגט ער: א מיתה משונה אויפ׳ן ארט.

דער גאַסט, וואָס איז אַליין אויך געווען נישט קיין מרה־שחורה׳ניק און האָט אַליין אויך ניט פיינט געהאַט צו טרייבען קאַטאָוועס, איז געווען אַנטציקט פון דעם דאָזיגען מאָדנעם נפש, וואָס האָט די גאַנצע צייט נישט אויפגעהויבען די אויגען אַ קוק צו טהון אויף איהם, און אפילו דעמאָלט, ווען ער האָט אַרויס־בעקומען אַ זילבערן קערבעל און אַנידערגעלעגט איהם דעם אויפ־גאַב, האָט דער בעל־הבית דאָס קערבעל צוגערוקט מיט איין פינגער צו זיך און אַלץ נישט אויפגעהויבען די אויגען אויפ׳ן גאַסט און זיך גענומען ווידער צו די פּאַפּיראָסען.

דאָס האָט שוין דעם גאַסט פערדראָסען, און ער איז אויפגע־שטאַנען און אָפּגערעקאָמענדירט זיך פאַר איהם:

— ארקאַדי שווייצער.

— בראָנזענטאָלער! — האָט איהם דער בעל־הבית אָפּגעענט־פערט קורץ, נישט אויפגעהויבען די אויגען אויפ׳ן גאַסט און דער־לאַנגט איהם אויף צו געזעגענען זיך צוויי לאַנגע, דאַרע, טרוקענע האָריגע פינגער.

שוין געשטאַנען ביי דער טיר, האָט זיך ארקאַדי שווייצער אויסגעדרעהט צום בעל־הבית:

— זאָגט זשע מיר, מיין ליעבער בראָנזענטאָלער, ווער זענען יענע צוויי שכנים מיינע?

בראָנזענטאָלער האָט אַלץ געדרעהט די פּאַפּיראָסען און נישט געטהאָן דעם גאַסט צוליעב אַ קוק צו טהון אויף איהם.

— איהר דאַרפט טאַקי נויטיג וויסען דעם יחוס זייערען? אַז איהר וועט ווערטה זיין ביי גאָט און האָבען די זכיה, וועט איהר אויף דערנאַכט זיך באַקענען מיט זיי. איינער הייסט „נאָל", דער אַנדערער „שמאָל", און מיט אייך און מיט אונז בּיידען אינאיינעם וועט דאָס אויסקומען „נאָל, שמאָל עט קאָמפּאַניע". זענט איהר שוין צופריעדען? אדיעו! איהר קאָנט זיך מטריח זיין ברענגען אייער באַגאַזש.

---

## קאַפּיטעל ב.

ארקאדי שוויצער איז אוועקגעגאנגען אויף דער אלטער סטאנציע נאָכ'ן באגאזש, וואָס איז בעשטאנען פון א קליין רענצעל, נאָר פעסט געפּאקט, אנגעשטאָפּט מיט... וואָס קאָן זיך, למשל, געפינען ביי אָט אזא מין חברה־מאָן אין רענצעל? איך וויים ניט, ווי אזוי איהר, — איך האָב פון תמיד אָן שטארק חשק א קוק טהון יענעם אין רענצעל אריין, — און פון זינט איך האָב געלייענט די מעשה פון דעם פּאריזער פּאָרעל, איז ביי מיר דער חשק געוואָרען נאָך גרעסער. אויב איהר האָט צייט, וועל איך אייך דערצעהלען די דאָזיגע מעשה אין קורצען:

די געשיכטע קומט פאָר אין פּאריז.

איין „ער" מיט א „זי".

ער פון בערלין, זי פון וויען.

ער א חתן, זי א כלה. דאָס הייסט, זיי האָבען געזאָלט ווערען חתן־כלה, זענען זיי זיך צונויפגעפאָהרען קיין פּאריז אויף אָנקוי־קען זיך.

געקומען צו פאָהרען אין איין צייט, זענען זיי פארפאָהרען אין איין האָטעל און אָפּגעשטעלט זיך אין פערשיעדענע נומערען, גע־וויינטליך, און מחמת זיי האָבען זיך ניט געקענט, האָבען זיי גאָר־נישט געוואוסט איינס פונ'ם אנדערען.

בעדארף זיך טרעפען א מעשה (אויף א מעשה פרעגט מען נישט קיין קשיא): זיי האָבען ביידע געהאט אלץ איינע רענצלעך פון איין פאבריק מיט אלץ איינע שליסעלעך, און די מענשען, וואָס האָבען אראָפּגעטראָגען דעם באגאזש, האָבען זיך פערביטען מיט די יוצרות, אריינגעטראָגען צו איהם איהר רענצעל, און צו איהר — זיין רענצעל.

אויסגעטהאָן זיך און איינגעוואשען זיך, ווי עס געהער צו זיין, האָט זיך יעדער פון די צוויי אָפּגעשלאָסען דאָס רענצעל, געוואָלט איבערטהון זיך, ווי עס פּאסט פאר חתן־כלה. און שטעלט אייך

פֿאַר זייער איבערראַשונג, אַז זיי האָבען אָנגעהויבען אַרויסנעמען פֿון דאָרטען די מלבושים: ער — נקבה׳שע, און זי — מאַנס־בילשע! זיי זענען ביידע שיער ניט געפֿאַלען חלשות! נאָר אַלע מענשען אויף דער וועלט זענען דאָך נייגיעריג... אַז דער ערשטער שרעק איז איבערגעגאַנגען, האָבען זיי אָנגעהויבען אַריינקוקען אין די רענצלעך אַריין נאָך טיעפֿער און האָבען אָנגעהויבען אַרויס־נעמען פֿון דאָרטען משונה־מאָדנע זאַכען, אַרויסשלעפען פּעק מיט פּאַפּיערען, בריוועלעך אַלערליי — און פֿרעמדע בריוועלעך ווילט זיך דאָך דוקא לייענען! — און מען איז געוואָהר געוואָרען איינס אויפ׳ן אַנדערען אַזעלכע סודות, וואָס ווען זיי געפֿעלען זיך, טהוען אַ שידוך, האָבען חתונה און לעבען־אָפּ אַ האַלבע מאה יאָהרען, וואָלטען זיי ניט דערגאַנגען קיין צעהנטחלק אפילו... בקיצור, זיי האָבען זיך צעפּאָהרען, ער קיין בערלין, זי קיין וויען — אויס שדוך.

אַצינד ווילען מיר זיך נעמען צו אונזער אַרקאַדי שווייצער׳ס רענצעל.

דאָרט איז געווען אַביסעל וועש, אַ פּאָר פּאַפּיערענע קאָלנערס מיט מאַנקעטען, עטליכע פּידעלעך פֿון אויסגערויכערטע פּאַפּי־ראָסען, אַ סדור׳על מיט אַ תהלים׳על מיט אַ פּאָר קליינע תפילים׳לעך (אַ אידישע נשמה טאָר מען ניט שאַצען!), און אַ גאַנצער פּאַק מיט צונויפגעטאַשטע, גוט־צונויפגעלעגטע און מיט רויטע פֿאָדעם־זייד פֿערבונדענע טעשלעך קאָרטען.

פֿון דעם דאַרפֿען מיר לערנען דעם פּשט,* אַז אַרקאַדי שווייצער האָט נישט פֿיינט קיין קערטעל. נאָר צו וואָס טויג האַלטען ביי זיך אין רענצעל אַזאַ משא מיט קאָרטען? איז די משמעות, אַז אַרקאַדי׳ס געשעפֿט, דאָס הייסט זיין פּרנסה, איז קאָרטען — און מיר האָבען נישט געהאַט קיין טעות. זיך גוט נאָכגעפֿרעגט ביי זיינע בעקאַנטע, זענען מיר געוואָהר געוואָרען, אַז ער דרעהט זיך אַרום קאָרטען און דערפֿון טאַקי לעבט ער. דער פּירוש פֿון די דאָזיגע ווערטער איז ניט גלאַט; מע בעדאַרף עס פֿערשטעהן. און מיט דער צייט ווילען מיר דאָס, אם ירצה השם, וויסען. מיר

וועלען זיך נאָך אומקעהרען שפּעטער צו זיין פּראָפעסיע. דערווייל וועלען מיר זיך בעקענען מיט די איבעריגע שכנים.

אַז ארקאַדי האָט געבראַכט צו טראָגען דאָס רענצעל אויף דער נייער קוואַרטיר, איז שוין געווען פאַרנאַכט. אין חדר האָט שוין געטשאַדעט א פּערדוויכערט לעמפּעל און ביי'ם טיש איז געזעסען און געשריבען א מאָדנער נפש מיט א בלאַס פּנים, מיט הונגעריגע אויגען, מיט אונטערגעבויגענע שיטערע, שטאַרק־אָנגעשמירטע האָר. אָנגעטהאָן איז ער געווען אין א טשעשונטשאָווע פּידזשאַקעל מיט מאָדנע ברייטע ארבעל, א קלאָר־ווייסען קאָלנער פון פּאַפּיער מיט א שניפּס א שאַרף־רויטען, ווי פייער, מיט דינע שמאָלע ווייסע הויזען אויף א פּאָר קליינעטשקע פיסעלעך.

„אפּנים, דאָס מוז זיין איינער פון די דריי שכנים, פון דער חברה „נאָל, שמאָל עט קאָמפּאַני". — האָט זיך ארקאַדי געטראַכט.

אריינגעקומען און אָפּגעלעגט דאָס רענצעל אויף א בעטעל, האָט זיך ארקאַדי שווייצער פאַרגעשטעלט פאַר'ן נפש מיט'ן רויטען שניפּס און מיט די ווייסע תחתונים, און דער נפש מיט'ן רויטען שניפּס און מיט די ווייסע תחתונים האָט זיך אויפגעהאַפּט, אויס־געטהאָן אויף דער גיך די ברילען, א טרייסעל געטהאָן מיט די אונ־טערגעבויגענע אָנגעשמירטע האָר.

— דאָס זענט איהר אונזער נייער שכן? זיצט, זעצט זיך, פאַר וואָס זיצט איהר ניט? — און ער טראָגט איהם אונטער דאָס איין־און־איינציגע בענקעל.

דער רויטער שניפּס, די פעטע אונטערגעבויגענע גאָר שיטערע האָר, די מאָדנע ברייטע ארבעל פונ'ם טשעשונטשאָווען פּידזשאַק, די ווייסע תחתונים, דאָס הייזעריגע קול פונ'ם נפש און דערצו נאָך דאָס אונטערשפּרינגען זיינס — דאָס אַלסדינג אינאיינעם האָט געהאַט דעם זיעבעטען חן, און אונזער ארקאַדי האָט בעדאַרפט זיין שטאַרקער פון אייזען, ער זאָל זיך איינהאַלטען פון אויסצו־שיסען איהם א געלעכטער גלייך אין פּנים אריין.

— איהר שרייבט א בריוועל? שרייבט, שרייבט! — האָט ער צו איהם געזאָגט און אָפּגערוקט פון זיך דאָס בענקעל.

— איך שרייב נישט קיין בריוועל, איך שרייב א בוך. איך שרייב כסדר. איך בין א שרייבער, פארשטעהט איהר מיך, א מחבר. — האָט איהם יענער געגעבען צו פערשטעהן אויף זיין הייזעריגער שטימע, אונטערגעטאַנצט און צוגעטרייסעלט מיט די שיטערע אונטערגעבויגענע הערלעך. און דאָ האָט ארקאדי בע־מערקט א פּאָר קליינע ווייסע הענטלעך מיט דינע קליינע פינגער־לעך, וואָס האָבען אויסגעזעהן נאָך קלענער אונטער די ברייטע אַר־בעל פונ'ם טשעשונטשאָווען פּידזשאַק.

— איהר זענט א שרייבער? וואָס זשע שרייבט איהר איצ־טער? זעהט נאָר, איהר זאָלט אונז דאָ ניט באַשרייבען.

דער שרייבער האָט זיך צעלאַכט מיט א צעשאָטען הייזעריג געלעכטער און אַרויסבעוויזען קליינע שווארצע צייהנדלעך, ווי ביי א קינד, וואָס האָט קאָלי צייהן דערפאר, וואָס ע עסט א סך צוקערקעס.

— איך בין ניט פון די שרייבער, וואָס באַשרייבען יענעם. איך בין געהרען, אז יענער טשעפּעט מיך ניט.

אזוי האָט איהם געענטפערט דער מחבר, און איך מיין, אז ס'איז געווען לחלוטין איבעריגע ווערטער, דען ווען אפילו ער זאָל דאָס ניט זאָגען, וואָלט מען אליין געקאָנט פערשטעהן, אז דאָס איז א מענש, וואָס איז געהרען, אז יענער טשעפּעט איהם ניט. אזעלכע מענשלעך בעווייזען זיך גיך ארויס מיט זייער כאראקטער: „אָט א דאָס בין איך און אזוי מאָהלט מיך". אזעלכע מענשלעך זענען געטריי איבערגעגעבען דער גאַנצער וועלט, און די גאנצע וועלט שאפּט מיט זיי, עקספּלאָאטירט זיי. איהר קאָנט פון זיי פלעכטען שטריקלעך, טהון מיט זיי וואָס איהר ווילט. אזעלכע מענשלעך זענען גרויסע ביישנים; זיי וועלען אייך קיינ־מאָל ניט בעקלאָגען זיך אויף זייער פינסטער מזל; זיי, אז זיי וויינען, וויינען זיי נאָר אויף יענעמ'ס צרות, קומען־אָפּ פאר פרעמדע

זינד, האָבען ניט מיט וואָס א טאָג איבערצוקומען, קאָנען אויסגעהן אין מיטען העלען טאָג פאר אלעמען אין די אויגען, חאַפּען זיך אָן אָן א שאַרף פון א שווערד, טולען זיך צו יענעם און קלעפּען זיך אָן אזוי שטאַרק, אז ס'איז שווער זיי אָפּצורייסען און אָפּצוטרייבען פון זיך, ווי איין אמת געטריי הינטעל...

---

## קאַפּיטעל ג.

דאָס איז א כלל אויף דער וועלט, אז הילף קומט מעהרסטענ־טהייל אומגעריכט. גאָט ווייסט וואָס מיט אונזער פארשוין וואָלט געווען, ווען סע קומט ניט אָן פּלוצים בראָנזענטאָלער און דער מחבר הערט נישט אויף צו לייענען איהם גאַנצע שטיקער פון דער „חלירע”. איך וויים א מעשה, וואָס א יונגער מענש, א געזונדער, א שטאַרקער, האָט גע'חלש'ט ביי א מחבר אונטער די הענד. פון דעמאָלט אָן, אז דער מענש דערהערט דעם נאָמען מחבר, אַנטלויפט ער וואו דער שוואַרצער פעפער וואַכסט.

— משיידעלי! גאָט האָט אייך שוין צוגעשיקט א קרבן, און איהר מוטשעט איהם מיט אייערע מעשיות? אנו, לעגט נאָר אוועק די „חלירע”, און לאָמיר בעסער נעמען עפּים אין מויל אריין.

מיט די דאָזיגע ווערטער האָט דער בעל־הבית זיך געווענדט צום מחבר און האָט א וואָרף געטהאָן אויפ'ן טיש א פעקעל — דאָרט איז געלעגען א פלעשעל „מאָנאָפּאָלקע”, א ברויטעל מיט א טאַ־ראַנקע מיט א פּאָר ציבעלקעס. און ארקאַדי האָט איהם בעטראַכט, כמעט גאָר ניט דערקענט אינ'ם אָנטהון. אויף איהם איז געווען א שוואַרצע שבת'דיגע קאַפּאָטע, א ווייס העמד, געלע שיך מיט רויטע שפּראָנצקעס, און אויפ'ן קאָפּ — א ברייטער ווייסער שטרויענער קאַפּעליש מיט א פענסנע אויף די אויגען — א גאַנצער פּראַנט! דאָס טונקעל־בראָנזענע פּנים מיט די שאַרפע ווינקלען

האָט געגלאַנצט אונטער'ן ווייסן קאַפּעליש און אויסגעזעהן, ווי איין אויסגעגאָסענע סטאַטוע.

דער בעל־הבית בראַנזענטאַלער האָט אַראָפּגעוואָרפּען פון זיך די יום־טוב'דיגע מלבושים און געבליבען אין'ם אינדערפריהעדיגען קאָסטיום פון אָדם הראשונ'ען, אַריינגעשטעקט די לאַנגע דאַרע האָריגע פיס אין די משונה־מאָדנע מעשטעם און בשעת מעשה אַ זאָג געטהאָן:

— אַנו, טשיידעלי, זייט אַ בעל־הבית'טע, מאַכט טיי!

דער מחבר מיט'ן רויטען שניפּס און מיט די ווייסע תחתונים, וואָס דער בעל־הבית רופט איהם „טשיידעלי", האָט במחילת כבודו זיך אַנגעבויגען און אַרויסגעשלעפּט פון אונטער'ן בעט אַ קליין בייכיג סאַמאָוואַרעל און איז אַוועקגעגאַנגען מיט דעם דאָס אויפ־שטעלען, און דאָס סאַמאָוואַרעל האָט אויסגעזעהן ביי איהם אויף די הענד, ווי אַ קליין קינד ביי אַ געטרייער מוטער. בשעת געהן האָט דער מחבר אונטערגעטאַנצט און צוגעטרייסעלט מיט די שיטער־רע אונטערגעבויגענע הערלעך, און אַריינגעקומען, האָט ער זיך גענומען צו די גלעזער, אַוועקגעשטעלט איטליכע זאַך אויף איהר אָרט מיט די קליינע ווייסע הענדלעך, ווי איין אמת'ע בעל־הבית'טע. גיך איז געוואָרען אויפגעשניטען דאָס ברויט מיט'ן פישעל, און אַלע דריי האָבען זיך געזעצט אַרום טיש, דער בעל־הבית אויפ'ן בענקעל און זיינע צוויי שכנים אויף די בעטלעך, און מע האָט זיך געזעצט טרינקען טיי, פריהער גענומען צו קאַפּלעך „מאַנאָפּאָל" און פערביסען מיט טאַראַן גאַנץ געמיטליך, גלייך ווי מע וואָלט געווען צווישען זיך אַלטע בעקאַנטע שוין פון כמה וכמה יאָהרען.

— אַצינד, טשיידעלי, דערצעהלט אונז, וואָס הערט זיך עפּיס נייעס אויף דער וועלט?

אַזוי האָט זיך אָנגערופען בראַנזענטאַלער צום מחבר, נאָכדעם אַז ער האָט פערוויכערט אַ פּאַפּיראָס, דאָס ערשטע מאָל אַ קוק געטהאָן אויף דעם נייעם שכן, וואָס האָט פערוויכערט אַ גראָבע

ציגאר, וואס דער רויך פון איהר וואלט געווען א גוטע סגולה אויף ארויסצוטרייבען פליעגען.

— הערט איהר? — מאכט דער בעל־הבית צום נייעם שכן. — איך וואלט געמעגט שווערען, אז איך האב אייך געזעהען ביי סעמארעני׳ן אין „ביליארד״?

אונזער שכנ׳ס רויטע בעקלעך זענען געווארען נאך רויטער. ס׳איז איהם, אפנים, ניט אנגעשטאנען דאס ערטעל, וואו מע האט איהם דארטען געזעהן, האט ער זיך ווי פערענטפערט:

— מעגליך, עס קאן זעהר שען געמאהלט זיין. בייטאג מאכט זיך, נישטא וואס צו טהון, חאפט מען זיך אריין אויף א האלבע שעה זעהן, ווי מע שפיעלט אין ביליארד.

— און מיר דאכט זיך, אז איך האב אייך אליין געזעהן עט־ליכע מאל מיט א לאנגען שטעקען אין די הענד ארומדרעהען זיך ארום גרינעם טיש, און דוקא אהן א קאפאטע. איך פארשטעה ניט, וואס איז דא פארהאן צו שעמען זיך? א פרנסה גלייך מיט אלע פרנסות.

דא האט אונזער בעל־הבית געטראפען, ווי מע זאגט, פונקט אין קארב אריין. אין דער לעצטער צייט האט ארקאדי שווייצער נעבאך געלעבט נאר פונ׳ם ביליארד. דאס הייסט, אייגענטליך, איז זיין פרנסה געווען, ווי מיר האבען שוין אויבען געזאגט, קאר־טען, נאר קארטען מיט ביליארד, בעדארפט איהר וויסען, קעהרען זיך אן שטיקלעך אייגענע, אפטמאל גאנץ נאהענטע מחותנים, למשל, ווי א מלמד שמעקט מיט שדכנות, א בעל־טאקסע מיט קצב, א קרעמער מיט באנקראט, א באנקיר מיט גנבה, וכדומה, וכדומה, וכדומה.

ווי א מענש א בעל־פרנסה, האט אונזער ארקאדי שווייצער פיינט געהאט אליין צו שפיעלען אין ביליארד. דאס שפיעל אליין איז איהם שוין לאנג נמאס געווארען, דען עס קאסט איהם גענוג געלד. זיין עובדא איז געווען זיצען און קוקען, ווי יענער שפיעלט, און „האלטען מאזא פאר יענעם״.

„האלטען מאזא" אויפ׳ן ביליארד — דאָס איז אַ מין געשעפט, ווי אַלע געשעפטען אויף דער בערזע, און מיר רעכענען נישט פאַר איבעריג זיך אָפּשטעלען דערויף אויף אַ צוויי מינוט.

שטעלט אייך פאָר אַ גרויס, שטאַרק אָנגעראויכערט און פערד־ברודיגט חדר, מיט עטליכע לאַנגע טישען, מיט גרינס בעצויגען, און מענשען, צו מייסטען יונגע לייט, דרעהען זיך אַרום פון אין דער פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט לאַנגע גלאַטע שטעקענס, ציעלען זיך אין די געטאָקטע ווייסע ביינערנע גאַלקעס, און ווער עס האָט געמאַכט מעהר גאַלקעס, דער האָט „געענדיגט די פּאַרטיע" און נעמט צו דאָס געלד.

שפּיעלען — שפּיעלען, צום מייסטען, נאָר צוויי, און דער גאַנצער איבעריגער עולם, פערשיעדענע מינים פאַרשוינען, זיצען אַרום און אַרום ביי די ווענד און קוקען אויף דאָס שפּיעל, און מע לעגט־איין געלד פאַר די שפּיעלערס, ווער פון די צוויי וועט פריהער ענדיגען די פּאַרטיע, — דאָס ווערד אָנגערופען האַלטען מאַזאַ.

צווישען די שפּיעלערס זענען פאַראַן גרויסע ספּעציאַליסטען, וואָס געבען יענעם עטליכע אויגען „פאָר", געווינען די ערשטע פּאַרטיע און נאָכדעם הויבען זיי אָן שטאַרק פערשפּיעלען, געבען פאַלשע גענג („קלאָפּ־שטאָס"), מאַכען כלומרשט אומגעהרען אַ ציטער מיט דער האַנד („מענדראַזשע"), און דערמיט חאַפּט מען „פיזשאָנעס" (אומשולדיגע טייבעלעך) און מע נאַרט אויס ביי׳ם עולם דאָס ביסעל מינץ. די חברה, וואָס פיהרען צונויף די דאָזיגע שפּיעלערס, ווערען אָנגערופען מיט׳ן נאָמען „בעלי־בתים", אָדער „נאַוואָרטשיקעס".

איינער פון די דאָזיגע „נאַוואָרטשיקעס" איז געוועזן, עס זאָל אייך צו קיין חרפּה ניט זיין, אונזער פיינער אורח אַרקאַדי שווייצער, וואָס איז די לעצטע צייט ניט אַרויסגעקראָכען פונ׳ם ביליאַרד, זיך געווייקט דאָרטען טאָג ווי נאַכט, זיך אָנגעגעסען מיט׳ן רויך און זיך אָנגעהערט מיט די שענע ווערטלעך, מיט׳ן נבול־פּה און מיט די מחלוקת׳ען און מיט די קללות און די סקאַנדאַלען, וואָס דאָרטען

קומען־פאַר. דאָס איז געווען פאַר אונזער אַרקאַדי'ן אַ גרויסער אַראָפּפאַל, איין אמת'ע ירידה, קאָן מען זאָגן, דען ער איז געווען, אייגענטליך, אַ קאָרטען־שפּיעלער. דאָס האָבען איהם די צרות זיינע געבראַכט דערצו, ער זאָל זיך אַראָפּלאָזען אַזוי נידעריג און ווערען אַ „גאַוואָדטשיק״ צווישען ביליאַרדשטשיקעס. נאָר וואָס טהוט ניט אַ איד צוליעב פּרנסה? און דערמאַנט זיך אונזער אַר־קאַדי שווייצער אָן יענע גוטע יאָהרען, בשעת ער האָט „געפיהרט אַ גרויסע שפּיעל״, געפאָהרען מיט חברה אויף די פּאַראַחאָדען, געחאַפּט אַ האַז און איהם אויסגערייניגט די קעשענעס עד לפּק; און נאָכדעם אין די האָטעלען געלעגען וואָכען־לאַנג, ניט אָנגעקוקט די ליכטיגע שיין און נאָר געשפּיעלט און געשפּיעלט און געשפּיעלט; און נאָכדעם, אין די קלובען, געוואָרפען אַ באַנק אין „דיאַבעלעק״: פינפאונצוואַנציג פאַר צוואַנציג, פופציג פאַר פיערציג, און הונדערט פאַר אכציג, און צוויי הונדערט פאַר הונדערט זעכציג, און פיער הונדערט פאַר דריי הונדערט צוואַנציג, — און אונזער אַרקאַדי לאָזט־אַרויס אַ טיעפען זיפץ פון'ם האַרצען.

— וואָס זיפצט איהר אַזוי? אויף גלות ישראל, צי אויף דעם; וואָס סע געהט אייך ניט אין דער שפּיעל?

— וואָסער שפּיעל? ווער שפּיעלט היינט? — מאַכט אַרקאַדי מיט אַזאַ מינע, ווי אַ מענש, וואָס איז אַמאָל געווען קיסר און האָט פערלאָרען די מלוכה. — מיט'ן מלאך־המות שפּיעלט מען זיך היינט! אַמאָל איז געווען אַ שפּיעל, אוי אַ שפּיעל! וואו זענען אַהינגעקומען די יאָהרען, וואָס מע פלעגט „פּאָנטירען״ הונדערט קאַרבען אויף אַ קאָרט? צוויי הונדערטער אויף אַ קאָרט? דריי הונדערטער אויף אַ קאָרט?

— אַזוי גרויס האָט איהר געשפּיעלט? — פרעגט איהם בראָנזענטאָלער און הויבט ערשט אָן איהם רעכט צו בעטראַכטען.

— אָט דאָס הייסט ביי אייך גרויס? — מאַכט אַרקאַדי מיט גדלות, גלייך ווי מע וואָלט גערעדט פון זיינע שיפען, וואָס זענען געגאַנגען אויפ'ן ים, אָדער פון זיין יובילייי, וואָס ער האָט זיך מיט

דעם אויסגעפיינט קעגען דער וועלט. — אָט דאָס ווערד אָנגערופען ביי אייך גרויס? און פינף מאות אויף איין קאָרט פאַנטירען האָט איהר אמאָל געזעהן? אַזוי ווי היינט געדענק איך עס: מיר זענען געזעסען אַ גוטע חברה קלאָפּערס; איך טהו אַ קוק — אין „בענקעל" ליגט אַ פּויטיקע פון כמעט טויזענד „איינציגע". מיין חברה־מאַן קוקט אויף מיר: „טשטאָ אוגאָדנאָ?" זאָג איך צו איהם: „קאַר־טו!" מאַכט ער צו מיר נאָכדעם: „סקאָלקאָ פּריקאַזשעטיע?" טהו איך אַ קלאַפּ אין טיש אריין: „קאַרטו!"...

און ארקאַדי שטעלט זיך פאַר, אַז ער איז אין קלוב און „פּאַנ־טירט" אויף אַ קאָרט, און דאָס פּנים פלאַמט איהם און די אויגען פייערען, און ער טהוט אַ זעץ מיט'ן קולאַק אין טיש אריין אַזוי שטאַרק, אַז דער מחבר פאַלט שיער ניט אַראָפּ פון'ם בעט אויף דער ערד; ער חאַפּט זיך אויף אַ טוידטער און קוקט מיט שרעק אויפ'ן נייעם שכן... דאָס געפעלט בראָנזענטאָלער'ען אַזוי שטאַרק, אַז ער צעלאַכט זיך און רופט זיך אָן צו ארקאַדי'ן:

— וואָס זאָגט איהר, איך בעט אייך, אויף אונזער מחבר? „טשיידעלי" האָב איך איהם אַ נאָמען געגעבען — ווייסט איהר, פאַר וואָס? ווייל ער געהט מיר תמיד אויסגעפּוצט, ווי אַ דייטשעלי, איז פון דייטשעלי ביי מיר געוואָרען טשיידעלי. איאָ, סע פּאַסט איהם?

— אָנגעמאָסטען, ווי איך בין אַ מענטש! — מאַכט ארקאַדי און ווענדט זיך צו טשיידעלי'ן: — טראָגט געזונט און פאַרניצט געזונט און זאָלט איהם צערייסען געזונטערהייד, ווי מיין באָבע טאָלצע פלעגט זאָגען, בעת מע האָט מיר איבערגעניצעוועט פון איהר ווינטערדיג וואַטען־קליידעל איין ארבע־כנפות אויף שבועות.

אַלע דריי לאַכען, און טשיידעלי בעווייזט זיינע קליינע, שוואַר־צע צייהנדלעך.

— אַזוי גרויס האָט איהר געשפּיעלט? המ... — זאָגט ווייטער בראָנזענטאָלער און לאָזט שוין ניט אַראָפּ קיין אויג פון זיין נייעם שכן, און לאָזט־ארויס אַ גאַנצען קנויל מיט רויך פון'ם מויל, וואָס

בעגעגענט זיך מיט'ן רויך פון ארקאדי'ס ציגאַר. דער רויך קויקעלט זיך און פילט־אָן דאָס קליינע פינסטער חדר'על, און די לופט ווערד אזוי געדיכט, אז פון דער שיין פונ'ם שענעם לעמפּעלע איז קוים־קוים וואָס מע זעהט איינס דאָס אנדערע.

---

## קאַפּיטעל ד.

— נו, און געלט? אויף צו פיהרען אזא שפּיעל באדארף מען דאָך עפּיס האָבען פאָדעם! — מאַכט צו איהם בראָנזענטאָלער און בעטראַכט איהם, ווי א גרויסער פּראָפעסאָר דעם חולה, דאָס הייסט, קוים־קוים וואָס ער טהוט אויף איהם א קוק מיט איין אויג.

— געלט פרעגט איהר? — ענטפערט איהם ארקאדי און נעמט־ארויס די גראָבע ציגאַר פון די צייהן: — געלט פרעגט איהר? אזוי ווי שטערען אין הימעל! קארג „פּיזשאָנען", קארג „פּרייערס", קארג אידיאָטען פארהאַן אויף דער וועלט? ווי די געבראָטענע טייבעלעך פליהען זיי גלייך אין מויל אריין, ווי די שרעטעלעך טראָגען זיי אייך דאָס געלט גלייך אקעגען, בעטען זיך, חלש'ען: נאַט, נעמט־צו ביי אונז די נשמה, אבי שפּיעלט מיט אונז!... אָט אזעלכע אידיאָטען זענען דאָס! איך ווייס עס גאַנץ גוט, דען איך בין אליין געוועזן א רעכטער אידיאָט, ביז איך האָב אָנגעשמעקט און געחאַפּט דעם סטרי און האָב אָנגעהויבען מאַכען א קערבעל גאָר באופן אחר! אי יאָהרען, יאָהרען! ס'איז געוועזן, הערט איהר, יאָהרען! (בשעת מעשה פערטראַכט זיך ארקאַדי שווייצער און לאָזט ארויס א טיעפען זיפץ פונ'ם הארצען). יענע יאָהרען וועלען זיך אזוי גיך, האָב איך מורא, נישט אומקעהרען. אין אדעס איז דאָס געוועזן! אי אדעס, אדעס! א שטעדטעל! לעבען זאָל דאָס טאָקי ביז משיח וועט קומען! אין דעם אדעס, פאַרשטעהט איהר מיך, בין איך אויפגעוואַכסען, אָנגעקומען אהין פון בעסאַראַביע, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, א נאַקעטער, א באָרוויסער, און געשמייכעלט צו א בולקע. דען וואַכסען וואַכס איך,

דארפט איהר וויסען, פון סאמע יחוס — דעם גרויסען „שומר־בגדים׳ס" איין אייניקעל; אויף אונזער לשון הייסט עס, אז מיין זיידע רב אהרן איז געווען א שומר אין באד, געהיט דאס אנטהון פון די בעלי־בתים, און האט באקומען דערפאר גאנצע צוויי גילען א וואך, א חוץ פעטש, דען וויפיעל טליתים־קטנים זענען ביי איהם פארפאלען געווארען מיט, להבדיל, תחתונים! געווען א ריהרעווער־דיגע זאך, זאל יער מיר מוחל זיין, אונטער דער נאז געקאנט ביי איהם אוועקטראגען! יענעם זאגען: וואס טהוסט דו, מבייש שטעלען, אנטהון א בזיון — חס ושלום! ביי איהם, הייסט דאס, ביי׳ם זיידען רב אהרן, זכר לברכה, האב איך זיך אויפגעהאלטען, דען דער טאטע מיינער איז געווען ווייט אונטער זיעבען שלעסער; ער איז געזעסען מיט גרויס כבוד באזונדער אין א חדר, איבער א בלבול מן הסתם, און א סאלדאט ביי דער טיר האט איהם געהיט פון א גוט אויג, ער זאל ניט אריבער, חס ושלום, איבער׳ן פלויט און מאכען א ויברח, און די מאמע מיינע זאל לעבען האט זיך געלערענט קאכען און באקען ביי א פרעמדען אויוועז, דאס הייסט, נישט חס ושלום צוליעב מצוה, נאר פשוט פאר אנדערהאלבען קאר־בוינים א וואך. האט זי אפילו געוואלט, איך זאל אויך זיין מיט איהר אין קעך, מיט איהר אינאיינעם עסען קעסט, האט אבער די בעל־הבית׳טע (אפילו א גאנץ שענע נגידית מיט פערעל) נישט געקאנט איבערטראגען מיין אפעטיט; איך עס, זאגט זי, קיין עין־הרע, פאר דריי, און מע האט מיר געגעבען דעם וועג. האב איך געמוזט אנקומען צום זיידען רב אהרן, זכר לברכה, מיט איהם אינאיינעם זיצען אין באד און אכטונג געבען אויף די בגדים. איז דער חסרון אבער, וואס דאס האט לאנג נישט געקאנט געדויערען, מחמת איך בין געווען, לא עליכם, א גרויסער נצרך אויף מזומנ׳ע קאפיקעס, און האב נישט געהאט, איהר זאלט זאגען, א פרוטה של נחושת. האב איך מיך מיישב געווען און האב אנגעהויבען מאכען א רעוויזיע איבער די בעל־הבתישע קעשענעס, שלעפען, איך בעט איבער אייער כבוד, פון פרעמדע הויזען און אנטלייהען, אבי ס׳איז

נאָר געווען פון וואַנען, אַ מטבע, — אַז גאָט וועט מיר העלפען, וועל איך מסתמא אָפּגעבען... בקיצור, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען? איך האָב אַזוי לאַנג געטרויבערט קעשענעס, ביז מע האָט מיך געפּאַקט מיט אַ גרויסען סקאַנדאַל און מע האָט צוליעב מיר דעם זיידען אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע, און איך האָב געמוזט זאָגען מיין שטעדטעל „אַדיע", און אַוועק קיין אדעס, און בכדי ס'זאָל מיר ניט זיין שווער די נסיעה, האָב איך די שטיוועלעך פאַר־קויפט און טאַקי געהאַט דערווייל וואָס צו עסען, ווי זאָגט איהר: צידה לדרך... געקומען קיין אדעס אַזאַ „בן־בקר", ווי איך, אַ בר־מצוה־בחור'על פון אַ יאָהר זעכצעהן־זיעבעצעהן; אַ שענער יונג בין איך געווען, האָב איך באַלד פאַרטראָטען אַ שטעלע, נישט, חס־ושלום, ביי אפרתי'ן אין קאַנטאָר, נאָר אין אַ געשעפט פון בערשט־לעך מיט שוהוואַכס, דאָס הייסט, איך האָב מיך געשטעלט ביי אַ שטיוועלפּוצער פאַר אַ שטיוועלפּוצער, און האָב מיט גאָט'ס הילף נושא חן געווען ביי דער וועלט, דען אָפּפּוצען אַ פּאָר שטיוועל באַ־דאַרף מען קענען, די אַרבייט באַדאַרף געהן גיך און געשווינד, אַ שפּיי אויף איין בערשטעל און אַ רייב מיט'ן אַנדערען בערשטעל — און הלך משה־מרדכי!... וואָס טויג אייך, איך האָב צונויפגע־שלאָגען די עטליכע גראָשענס און האָב אַ שפּיי געטהאָן אויף מיין בעל־הבית דעם עקספּלאָאַטאַטאָר און אַליין געעפענט אַ געשעפט, דאָס הייסט, איינגעהאַנדעלט אַ פּאָר בערשטלעך מיט שוהוואַכס מיט אַ שען פוס־קעסטעל אַ לייטיש, און פּאַשאָל אויף דער „רישע־ליע" אַרבייטען. און געאַרבייט האָב איך, קען מען זאָגען, אויף אַלע כלים, געקליבען די גראָשענס, זיך צונויפגעשלאָגען ביז אַ זייגער איין אייגענעם פון זהב טהור — ריין זילבער, און דער מאַמע קיין בעסאַראַביע אַוועקגעשיקט אַ דרייערעל, לאָז זי וויסען, אַז זי האָט אַ זוהן אין אדעס — און אַרויסגעשטעלט אַ פייג דער גאַנצער וועלט. איז דאָך אָבער פּאַרהאַן אַ גרויסער גאָט, באַדאַרף איך עסען קעסט אין אַ אידישען טראַקטיר, און דאַרטען אין דעם טראַקטיר באַדאַרף זיין אַ בעל־הבית'טע אַ יפהפיה מיט איהר

הייליגען נאָמען רייזעל, נאָר גערופען האָט מען זי ראָזע. באַדאַרף איך איהר מסתמא געפעלען ווערען אין שלייער, געהט זי און רעדט מיך אָפּ פון מיין געשעפט און נעמט מיך צו צו זיך און קרוינט מיך פאַר א וויקידיילאָ...

— פאַר א וואָס? — רופט זיך אָן בראָנזענטאַלער, און טשיידעלי נאָך איהם:

— פאַר וואָס האָט מען אייך געמאַכט?

— פאַר א וויקידיילאָ. א וויקידיילאָ ווייסט איהר ניט וואָס הייסט? — מאַכט אַרקאַדי שטאַרק פערוואונדערט מיט אזא מינע, ווי א מענש, וואָס דערהערט, אז יענער ווייסט ניט וואָס הייסט א מוציא מיט האָניג. — סטייטש, א וויקידיילאָ ווערד אָנגערופען אזא פּאַרשוין, וואָס אז מע דאַרף איינעם געבען דעם וועג, נעמט מען איהם אָן ביי'ם קאַרק און מע גיט איהם מיט דער קניע פון הינטען און מע זאָגט איהם: „זה התרנגול ילך"... היינט פאַר־שטעהט איהר שוין, וואָס דאָס הייסט? און א וויקידיילאָ בין איך געווען דוקא ניט קיין שלעכטער, און האָב נושא חן געווען ביי איהר אין די אויגען. קורץ, די דאָזיגע ראָזע איז געווען אין מיר פאַרליעבט, ווי א קאַץ אין די נייען טעג, און האָט זעהר געגאַהרט צו מיר, איך זאָל פאַר איהר חתונה האָבען. האָב איך איהר גע־זאָגט: חתונה האָבען — מהכתיתי, זעהר פיין; נאָר וואָס דען? איך וויל א „תוספות כתובה", דאָס הייסט, טאַקי משלשל זיין במזומנים חאָטש א טויזענד „איינציגע". האָט זי מיך אָנגעקוקט ווי א משוגענעם. נאָר ווער האָט אויסגעפיהרט? געוויינטליך, איך, ניט זי. און חוץ לזה האָב איך אויסגענומען מיט איהר א תנאי, אזוי ווי איך מיש מיך ניט אין איהרע געשעפטען, אזוי טאָר זי זיך ניט מישען אין מיינע געשעפטען. און מיינע געשעפטען זענען געווען ביליאַרד און קאָרטען. בייטאָג האָט מען געאַרבייט אויפ'ן ביליאַרד, ביינאַכט — אין קאָרטען. נאָר ווי אזוי, מיינט איהר, געאַרבייט? די פיינסטע מענטשען מיט די שענסטע קינדער פלעגען אַריינקומען צו אונז אין געשעפט אריין, זיך געלערענט

שפּיעלען אויפ'ן ביליארד, און אז מע שפּיעלט זיך אָן א גאנצען טאָג אויפ'ן ביליארד, מוז מען נאָכדעם בייננאכט פארבייסען מיט א קערטעל. זאָגט אפשר, אז ניין?

נישט בראָנזענטאָלער דער בעל־הבית, נישט טשיידעלי דער מחבר האָבען געקאָנט זאָגען, אז ניין, און זיי האָבען געבעטען דעם נייעם שכן, ער זאָל זיי דערצעהלען ווייטער, און ארקאדי שוויצער טהוט זיי צוליעב, פערדרייט א פרישע ציגאר און דער־צעהלט ווייטער.

---

## קאפּיטעל ה.

— איך וואָלט אייך, אייגענטליך, באדארפט דערצעהלען, ווי אזוי איך האָב מיך געשיידט מיט מיין יפהפיה, און פאר וואָס איך האָב מיך געשיידט, און וואָס פאר א מין שפּיצעל זי האָט מיר אָפּגעטהאָן. האָב איך אָבער מורא, אז די מעשה וועט זיין אביסעל צו לאנג, לכן לעג איך דאָס אָפּ, אם ירצה השם, אויף הושענא־רבה, און הלך משה מרדכי — איך געה מיר ווייטער. הקיצור, איך האָב מיך אָפּגעזעגענט מיט מיין פלונית בת פלונית און בין אוועקגעפאָהרען ווייטער, און האָב מיך אראָפּגעחאפּט אהערצו, און האָב מיך באזעצט אָט־א־דאָ אין יעהופּעץ, און האָב אָנגעהויבען זוכען א געשעפט. וואָס פאר א געשעפט קאָן, אשטייגער, מאכען אזא נפש, ווי איך? אז אויף א מלאכה בין איך פוילכליך; שרייבען און רעכענען האָט מיין טאטע פארגעסען מיך לערנען; האנדלען מיט ווייץ און מיט קאָרן אָדער מיט פּאפּיערען אויף דער בערזע האָב איך מורא געהאט, טאָמער, חלילה וחס, די שעה זאָל ניט זיין, איך פארהאנדעל מיך אזוי, אז איך מוז מיך נאָכדעם שטעלען — טהיט מיר באנג, איך זאָל מיר ניט פאר־שמירען מיין נאָמען, וואָס כ'האָב אויף דער וועלט. „חאפּט דער רוח דאָס געלט, אבי דער נאָמען זאָל איבערבלייבען”, — ווי

כ'האָב געזאָגט אַמאָל אַ באַקאַנטען באַנקיר נאָכדעם, אַז ער איז געבליבען אָהן אַ פּיערער און האָט נאָך געלייזט פּעטש אויך... אַרומגעדרעהט, אַרומגעדרעהט אַזוי לאַנג, ביז איך האָב מיך פּאָרט צוגעשלאָגען צו מיינעם, ווי זאָגט איהר: כל עורב למינהו — איט־ליבער טרינקער געפינט זיך זיין ווין; איך האָב מיך באַקענט מיט אַ פּאָר הייזלעך, דוקא אין בעל־הבתישען גראַד, און האָב אָנגעהויבען אַהינצוצו אריינקומען. איך זעה — מע קלויבט זיך צונויף אַלע נאַכט, היינט איך צו דיר, מאָרגען דו צו מיר, כלומרשט „אימע־נינעם", מע רופט צונויף געסט אַ דרייסיג־פערציג פּאַרשוין, צווי־שען זיי, מעהרסטענטהייל, פּיזשאָנטשיקעס, יונגע־לייטלעך הייסט עס אַזעלכע, וואָס פליהען גלייך אין מויל אריין, ווי די געבראָטענע טייבעלעך: „נאַט, שלינגט אונז איין געזונטערהייד, און לאָז אייך וואויל באַקומען"... דער בעל־הבית, געוויינטליך, ווייסט שוין וואָס ער האָט צו טהון. זעצט ער אוים די ליעבע געסט ביי די גרינע טישלעך און פּאָרט זיי צונויף ממזר'יש, און אַליין איז ער אויפ־געלעגט שרעקליך, און אויך די בעל־הבית'טע איז שטאַרק האָפער־דיג, טראָגט־אונטער איטליכען באַזונדער טיי מיט איינגעמאַכטס, און די שפּיעל געהט ביז'ן ווייסען טאָג אריין, ווי אין קלוב... און שטעלט אייך פאָר, אַז מיך האָט מען דאָס דערטאַפּט פאַר'ן פּיזשאָן, און מע זעצט מיך אַוועק מיט עפּים מאָדנע מיני פּאַרשוינען ביי איין טישעל, צווישען זיי איינער אַ קאַפּיטאַן מיט גילדענע קנעפּ, און מע נעמט מיך צו דער אַרבייט, אָבער אַזוי ווי סע געהער צו זיין! פויל איך מיך ניט, הויב מיך אויף פון טיש און רוף־אַוועק דעם בעל־הבית אויף אַ זייט און זאָג צו איהם אַזוי: „הערט זשע אוים, מיין ליעבער פעטער בלעם, איהר זאָלט וויסען זיין, אַז איך בין אַ געשלאָגענער הונט. אייער קאַפּיטאַן הויבט מיר ניט אָן צו געפעלען"... — „וואָס הייסט, מאַכט ער, מיט וואָס געפעלט ער אייך ניט?" — „דען, זאָג איך, ער איז אַזוי אַ קאַפּיטאַן, פּונקט ווי איך בין אַ גובערנאַטאָר". — „פון וואַנען, זאָגט ער, נעמט איהר דאָס?" „פון די ידים, זאָג איך, ער מאַכט מיר, זאָג איך,

צו געשווינד מיט די ידים; איך האָב מורא, זאָג איך, אז ס'איז ביי איהם צו איין אויסגעשריבענע האנד". — „וואָס זשע, זאָגט ער, ווילט איהר?" — „וואָס, זאָג איך, זאָל איך ווע‏לען? איך וויל מאַכען אַ סקאַנדאַל, ווייטער גאָר ניט". — „איהר זענט, זאָגט ער, משוגע, צי חסר־דעה? וויפיעל האָט איהר פאַרשפּיעלט?" — „וועט איהר מיר, זאָג איך, אומקעהרען? בלאָטע!" — „וואָס דען, זאָגט ער, ווילט איהר?" — „איך וויל, זאָג איך, ס'זאָל טאַקי זיין יחדיו, חצי שלי וחצי שלך, ווי מיינער אַ גוטער ברודער זאָגט, בעת ער וויל יענעם באַגראָבען, הויבט ער אָן צו רעדען אויף דייטש: „לעבען אונד לעבען לאַססען"...

ביי די ווערטער האָט זיך אַרקאַדי צעלאַכט גאַנץ געשמאַק מיט אַ קוויטש, ווי זיין שטייגער איז, און דערזעהן, אַז קיינער לאַכט ניט, האָט ער גענומען פערענטפערען זיך:

— מיינט ניט, אַז איך בין, חס ושלום, אַ געבאָרענער שוליער, אַ קאָרטענשפּיעלער, אַ בייטעלשניידער. דאָס הייסט, קיין צדיק אין פּעלץ בין איך אויך ניט, איך דאַרף מיך פאַר אייך ניט אויס־פּיינען, קיין שידוך מיט אייך טהו איך ניט און קיין געלט וועט איהר מיר נישט לייהען, דען איך האָב מורא, אַז איהר זענט אַליין, מחילה, בקבצנו... נישט מעהר, איין אַנדערער אויף מיין אָרט האָט ליעב די זאַך באַפּוצען, און איך רעד אָפענטליך. ביי מיר איז דער אמת אין דרויסען אויבען־אויף, ווי אויף אַ טעלער. די נויט, פאַרשטעהט איהר, האָט מיך געבראַכט דערצו, איך זאָל זיך אַריינלאָזען אין דעם וויסטען ברויט, ווי מיינער אַ גוטער באַקאַנ־טער זאָגט: „סע ליגט — נעם, אַניט — וועט איין אַנדערער צונעמען"... הקיצור, איך האָב מיך אַזוי לאַנג געדרעהט צווישען באַקאַנטע אויף אימעניעס, ביז ס'איז איינמאָל אַרויסגעשפּרונגען אַ סקאַנדאַל. מע האָט אָנגעטראָפען אויף איינעם, למשל, אַזאַ „בחורציק", ווי איך, האָט ער געבראַכט צו פיהרען אַ קאָקאַרדע, האָב איך מיך מיישב געווען און האָב באַלד געמאַכט איין אָפּטריט און בין נעלם געוואָרען אויף אַ קליינער צייט, דען איך, פאַר־

שטעהט איהר מיך, האָב פיינט, אז מע טשעפּעט זיך צו מיר: ווער איך בין? און וואָס איך טהו? און פון וואַנען איך לעב? דען, אז מען זאָל וועלען, הערט איהר, אזוי איטליכען באזונדער נעמען צום עקזאמען — מעגט איהר מיר גלויבען, אז העכער א האלבע שטאָדט געהט אוועק ארעסטאַנטסקע ראָטע. זאָגט אפשר, אז ניין?

נישט בראָנזענטאָלער דער בעל־הבית, נישט טשיידעלי דער שכן זאָגען ניט, נישט יאָ, נישט ניין: זיי ווילען אויסהערען די ביאָגראַפיע פון׳ם נייעם שכן ביז׳ן סוף, און דער נייער שכן טהוט זיי צוליעב און דערצעהלט ווייטער:

— לאַנג ארומגעהן אזוי אָהן ארבייט איז אָבער אויך קיין תכלית ניט. און אגב איז דער יצר־הרע פון קאָרטען אזוי גרויס, אז דער, וואָס האָט איין מאָל פארזוכט דעם טעם פון קאָרטען, קאָן זיך אָהן א קערטעל נישט באגעהן. סע ציהט, ווי דעם שכור ציהט עס צו אביסעל בראָנפען. איך האָב אזוי לאַנג זיך איינ־געהאלטען און געפאַסט, ביז איך האָב מיך באקענט מיט איינעם א פלאָקענשיסער, און דוקא אין ביליארד, וואָס האָט מיר אויפגע־עפענט די אויגען, באוויזען א נייע וועלט, וואָס זי הייסט „קלוב", און דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבען פאר מיר דאָס אמת׳ע לעבען, דער אמת׳ער גן־עדן! א ווערטעלע אויסצורעדען — קלוב! איך קאָן מיר קומען ווען איך וויל, שפּיעלען מיט וועמען איך וויל, וואָס איך וויל, און אויף וויפיעל איך וויל! ווילט איהר — שטעהט איהר ביי דער זייט און קוקט און „שמירט זיך צו" וויפיעל אייער הארץ גלוסט; ווילט איהר — זעצט איהר זיך אין קאָהן, און וויפיעל איהר ווילט, אזוי פיעל „ענטפערט" איהר. טרעפט איהר — איז גוט; אלא ניט — ווערד איהר באגראָבען, איז לא פדלתם — האָט איהר נישט געטאַנצט מיט׳ן בער. קיינער פרעגט אייך ניט, ווער איהר זענט, און פון וואַנען עס קומט צו אייך געלט, און צי האָט איהר געוואונען, צי פאַרלאָרען — נישט קיי־נעמ׳ס עסק! כל זמן עס באַמבעלט זיך ביי אייך די מטבע און

איהר האָט וואָס צו שטעלען — שטעלט איהר. אז ניט — קאָנט איהר אייך געהן בשם אלקי ישראל וואוהין איהר ווילט, די וועלט איז פאר אייך אָפען. אָט וואָס סע הייסט „קלוב"! איהר קאָנט אין איין טאָג אוועקגעבען וואָס איהר האָט, פארלירען די לעצטע פּאָר מכנסים, דערפאר אָבער, אז עס געהט אייך אוועק דאָס בלאַט און עס קומען אָן די „פּאַסען", זאָלט איהר דעמאָלט טהון אזוי ווי איך האָב געטהאָן, בעת ס'האָט מיר געפידעלט. איהר זאָלט, הערט איהר, שניידען, בראָקען, האַקען, שינדען פון זיי די פעל, טרענען די קישקעס פון די ממזרים, א רוח אין זייער טאַטענ'ס טאַטען אריין!

ארקאַדי האָט זיך אזוי צעהיצט, אז ער דערלאַנגט א זעץ מיט'ן קולאַק איבער'ן טיש, און דער מחבר פאַלט שיער ניט אום פאר דערשרעק.

— אביסעלע שטילער. — זאָגט צו איהם בראָנזענטאַלער. — איהר שרעקט מיר איבער אַלע מאָל טשיידעלי'ן אויף טוידט.

און ארקאַדי פערענטפערט זיך:

— סע פאַרדריסט מיך, פארשטעהט איהר מיך, למאי איך האָב זיי אָפּגעגעבען צוריק דאָס ביסעל גאָלד. איך האָב געהאַט ביד ארוים פון דאָרט מיט א שענעם קאַפּיטאַל, און נישט איין מאָל, נאָר עטליכע מאָל, זיך קויפען א פערד־און־וועגעלע מיט גומילאַסטיקענע רעדלעך, מיט א שען פעלצעל, אריינלעגען די הענט אין די קעשענעס, ווי אַנדערע טהוען, און ווערען א שענער בעל־הבית אין יעהופּעץ... נאָר דער רוח זאָל מיך וויסען, וואָס מיט מיר איז. פארשפּיעל איך — אהרט מיך ניט, נאָר טאָמער הויב איך אָן צו געווינען, מיין איך שוין, אז דאָס זענען געקומען די „פּאַסען", און איך וויל נאָר דערגרונטעווען זיך ביז'ן דרייצעהנ־טען „פּאַס", און איך רייס מיך, דראַפּע מיך אויף די גלייכע ווענט, און הויב אָן שיסען מיט הארמאַטען פינף־און־צוואַנציג פאר צוואַנ־ציג! פופציג פאר פערציג! און הונדערט פאר אכציג! און צוויי הונדערט פאר הונדערט זעכציג! און פיער הונדערט פאר דריי

הונדערט צוואַנציג! און אַכט הונדערט פּאָר זעכט הונדערט פֿער־ציג! און...

— ש ש ש... — מאַכט צו איהם בראָנזענטאַלער און האַלט איהם צו דאָס מויל. — איהר קאָנט אַזוי פאַרפאַהרען אין אלף־השׁשי אריין!

אַרקאַדי געפינט זיך ווי בעלעדיגט:

— איהר מיינט, אַפּנים, איך בין אייך מגזם, דערצעהל אייך בבא־מעשׂיות פון טויזענד איין נאַכט? וואָס איהר ווילט קאָנט איהר אויף מיר זאָגען — קיין ליגנער בין איך קיינמאָל נישט געוועזען. איך זאָל ניט דערלעבען זעהן די אַלטע מאַמע מיינע — ס'איז ביי מיר די בעסטע שבועה, דען זי איז ביי מיר טהייער, איך שיק איהר נאָך היינט אויף אַ קערבעל אַ וואָך, עס מעג דונערען און בליצען, — און איך זאָל טאַקי אַזוי מצליח זיין, און עס זאָלען מיר אַזוי גיך אָנקומען די דרייצעהן פּאַסען, ווי איך זאָג אייך אמת! דער גאַנצער אומגליק איז, וואָס ס'איז נישטאָ דער מזומנ'ער כּף־הא'ער, און איך געה שוין מעהר נישט אין קלוב! ס'איז, פאַר־שטעהט איהר מיך, אויסגעגאַנגען פּאָדעס, און בין נאָך דערצו אַ בעל־חוב גמילות־חסדים גוטע ברידער — די האָר זענען נים מיינע! אוועקגעטראָגען אין לאָמבאַרד דעם גוטען זייגער פון זהב טהור מיט'ן גילדענעם רינג, מיט וואו איך האָב געהאַט ערגיץ אַ זאַך, וואָס מע קאָן פאַרזעצען... און נאָך אַלע היומס, זאָג איך אייך, לאָם איך נאָר באַקומען דעם ערשטען פינף־און־צוואַנציגער, — און איך וועל איהם, אם ירצה השם, מיט גאָט'ס הילף, באַקומען — מאַך איך אַ פּאַרמעגען פון אריבער מאה אלפים! איהר קוקט מיך אָן, ווי אַ משוגענעם? איאָ? אָט וועל איך אייך ווייזען גאָר אַ קורצען חשבון, וועט איהר אַליין זעהן, אַז אַזאַ נפש, ווי איך, קאָן מאַכען פון איין כּף־הא'ער די ריינע הונדערט טויזענד איינ־ציגע, און נאָך מיט אַ סמיטשיק! איהר ווייסט, וואָס סע באַ־טרעפט דרייצעהן פּאַסען פון אַ פינף־און־צוואַנציגער? אַנו, נעמט נאָר אַקאַרשט, זייט מוחל, אַ טינט און פּען!

— אַ מינוט און פֿען? דערויף איז טשיידעלע ביי מיר דער מאַכער, — זאָגט בראָנזענטאָלער, און דער מחבר נעמט די פֿען, טונקט איין אין טינטערל, קוקט אויף ארקאדי'ן, און ארקאדי הייסט איהם שרייבען:

— שרייבט, זייט מוחל, 25 און 50, און 100 און 200, און 400 און 800, דען יעדער „פּאס" איז צוויי מאָל אזוי פיעל, און 1,600 און 3,200, און 6,400 און 12,800. האָט איהר ערשט צעהן פּאסען. היינט 25,600 און 51,200 און 102,400, — פֿאַרשטעהט איהר שוין, וואו איך האַלט?

ארקאדי צעלאכט זיך, ווי זיין שטייגער, מיט אַ קוויטש, לעגט־אריין די ציגאַר אין די צייהן און די הענד אין די קעשענעס, געהט־אָפּ אַ פּאָר טריט צוריק און בלייבט שטעהן מיט איין פוס ארויסגעשטעלט אויף צופריהער אין מיטען חדר און שאָקעלט זיך צו בעת מעשה מיט'ן גאַנצען קערפּער, און ער זעהט אויס ווי אַ באַראָן, וואָס האָט נאָר־וואָס טאַקי געהאַט די דרייצעהן פּאסען אוז געמאַכט די שענע עטליכע קערבלעך.

ווער עס האָט אין יענער מינוט נישט געזעהן דעם נייעם שכן ארקאדי שווייצער, דער האָט אויף זיין לעבען נישט אָנגעקוקט קיין גליקליכען מענשען אויף דער וועלט!

---

## קאַפּיטעל ז.

— אזוי? — זינגט־אויס בראָנזענטאָלער, דער בעל־הבית, און ציהט זיך אויס ווי לאַנג ער איז. — אַצינד פֿאַרשטעה איך שוין אייער קוק; איהר זוכט, הייסט דאס, דעם נעכטיגען טאָג, מיין איך, דעם דרייצעהנטען פּאס? איהר ווילט, הייסט דאס, דערגרונטעוועון די שפּיעל ביז'ן דנאָ? אודאי, אודאי, מע קאָן נים זאָגען, אַ געשעפט איז דאס, נאָר נים אזוי ראַיעל, ווי איהר מיינט.

ארקאדי שווייצער געפינט זיך ווי בעלעדיגט.

— ניט ראיעל, זאָגט איהר? גוט איז אייך, אז אייערע פאבריקעס ארבייטען דארטען, אייערע שיפען אויפ׳ן ים געהען זיך, די מיהלען מאַהלען, און אַליין זיצט איהר אויפ׳ן גרייטען און שניידט קופאָנעס פון די ביכלעך פאפיראָס־פאפיער. האָט קיין פאראיבעל ניט, פאני, וואָס איך וועל אייך פרעגען, אשטייגער, נאפשיקלאַד, כדומה למשל, וואָס איז, אייגענטליך, אייער געשעפט?

— מיין געשעפט? עהע־הע! — ציהט אויס דער בעל־הבית אויף איין ארשין. — מיין געשעפט? א סך האָבען זיך שוין געבראָכען די מוחות, געוואָלט וויסען, מיט וואָס איך פאר־נעם זיך; דער אַקאַלאַדאָטשניק האָט וויפיעל מאָל געוואָלט דער־גרונטעוועו זיך, נאָר מכות וועט עמיצער גאָר פאלען דערויף!

— וואָס זשע? איהר שרייבט מזוזות? צי איהר טרייבט־ארוים שדים? צי איהר מאכט פאלשע פערציגער? מיר מעגט איהר זאָגען, נישקשה, ווי אין איין אייזערנעם קאסטען מיט א גלאָק!

— עט, איך האָב פאר אייך ווינציג וואָס מורא, לאָז זיך אייך דאכטען! נאָר דער חסרון, וואָס ס׳איז ניטאָ ביי וואָס אָנצונעמען.

— אָבער א נאָמען באדארף דאָך עס האָבען!

— הערסט דו, אָט דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס סע האָט קיין נאָמען ניט! וואָס פאר א נאָמען, אשטייגער, קאָן מען דאָס געבען, טשיידעלי, וואָס שווייגט איהר?

דאָס קליינע מחבר׳על, וואָס בראָנזענטאַלער האָט איהם א נאָמען געגעבען טשיידעלי, חאפט זיך אויף, ווי פונ׳ם שלאָף, שפרינגט־אראָפ פונ׳ם בעטעל מיט א טענצעל, ווי זיין שטייגער איז, דרעהט זיך אוים אויף איין פוס, מאכט צו־רעכט די ברילען און רופט זיך אָן צום בעל־הבית:

— אייער געשעפט וואָס פאר א נאָמען מע קאָן געבען? סע האָט קיין שום נאָמען ניט.

— אָ! זעהט איהר? — מאַכט דער בעל־הבית און ווייזט אָן מיט די אויגען אויפ'ן מחבר'על. — איהר האָט געזעהן, ווי טשיידעלי האָט זיך נאַר־וואָס אויסגעדרעהט אויף איין פוס און איז געבליבען שטעהן אויף איין אָרט? פונקט אַזוי דרעה איך מיך ארום א געשעפט, א גרויס געשעפט, שוין פון כמה וכמה יאָה־רען; איך דרעה מיך און דרעה מיך און שטעה אויף איין אָרט.

— אַ? אויב אַזוי, פאַרשטעה איך שוין! — פערחאַפּט אר־קאַדי שווייצער מיט אַ געלעכטער. — איהר זענט אַ מעקלער פון די מעקלערס, וואָס פאַרקויפען דעם שפּיץ פון די יעהופּעצער בערג, דעם שאָטען פון די בוימער פונ'ם בויבעריקער וואַלד, און בייטען דעם נעכטיגען טאָג אויפ'ן אַדעסער לימאַן, און פיהרען־דורך אַ באַהן גלייך פון מאַזעפּעווקע צו דער לבנה? אָט אַזוי זשע רעדט! וואָס זשע מאַכט איהר אָנשטעלען? אָחינו אתה, נאַט אייך אָפּ שלום, דען אַז איך וויל, זאָג איך, אַז איך בין אויך אַ מעקלער. איך האָב אויך אַ צוויי־דריי אָפּיסען ביי זיך אין קעסטעל פון די רייכע אימעניעס, מיט די שענע וועלדער, מיט די גרויסע פּאַלאַ־צען, מיט די קלוגע פערד, מיט די ריינע סאַזשעלקעס, מיט די אמת'דיגע דגים און מיט די ווילדע קאַטשקעס, וואָס שווימען־ארום פון אויבען אויפ'ן וואַסער...

— טיע־טיע־טיע! — שלאָגט איהם איבער בראָנזענטאָלער אין מיטען. — אַ איד איז דיר קיין קאַטאָוועס ניט. זעה־נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס אַביסעל צעלאָזט, ווי אַ בעל־דרשן! עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין מעקלער און וועל ניט זיין קיין מעקלער, און בין אפילו נישט געלעגען נעבען מעקלערס. מיין געשעפט איז ירושה. מיר לאָדען אַ ירושה, אַ גרויסע ירושה לאָדען מיר.

— אַ ירושה? — חאַפּט איהם אונטער אַרקאַדי. — פון וועמען איז? טאַקי פון אייערען אַ זיידען? מסתמא אַ מאַיאָנטעק אַ גרויסער, פון עטליכע דערפער מיט שאָף און רינדער, מיט וואַ־סער־מיהלען אייגענע, מיט בריקלעך, מיט קרעטשמעס, מיט הייזער

א גוזמא און מיט קלייטען געמויערטע, — וואָס דען קאָן זיין, איך בעט אייך, א אידישע ירושה?

— שוין? איהר האָט שוין ווידער צעלאָזט דאָס צינגעל אייערס? אז איהר ווילט מיך אויסהערען אקוראַט, זאָלט איהר מיך ניט איבערשלאָגען. פאַר וואָס האָב איך אייך ניט איבערגע־שלאָגען, בעת איהר האָט גערעדט?

אזוי זאָגט בראָנזענטאָלער, פערציהט זיך געשמאַק מיט'ן פּאַ־פּיראָס, שפּאַרט זיך אָן אָן טיש, ציהט־אויס די לאַנגע פיס און הויבט־אָן צו דערצעהלען, אוןביידע שכנים הערען זיך צו מיט קאָפּ:

— באַשטעהן באַשטעהט די ירושה אונזערע דוקא פון מזומן געלט, און באַטרעפען באַטרעפט זי אַרום און אַרום בסך־הכל, שוין מיט פּראָצענט און מיט פּראָצענט דפּראָצענט, אזוי גרויס ווי נייען־און־נייעצניג מיליאָן.

— האַ? נייען־און־נייעצניג מיליאָן? — שרייט־אויס אר־קאַדי שווייצער און שפּרינגט אַזש אונטער פון התפּעלות. — דאָס איז דאָך עפּיס, וועה איז מיר, א מין פּויטיקע, וואָס וואָלט אונז גענוג געווען אין דרייען אויפ'ן גאַנצען לעבען, און עס וואָלט נאָך געבליבען אַביסעל די קרובים און אַביסעל אויף עולמות. וואָס, ניט אזוי?

בראָנזענטאָלער לאָזט איהם רעדען, ענטפערט איהם ניט דאָס אַנדערע וואָרט, פערציהט זיך מיט'ן פּאַפּיראָס און דערצעהלט ווייטער:

— זענען מיר אויף די נייען־און־נייעצניג מיליאָן, הייסט דאָס, דריי יורשים: איין ברודער מיט צוויי שוועסטער, צו דריי־און־דרייסיג מיליאָן אויף א חלק.

— וואָס רעדט איהר? — חאַפּט איהם אונטער אַרקאַדי. — מיר דאַכט, אז א ברודער נעמט צוויי מאָל אזוי פיעל ווי א שוועס־טער, הייסט ווי אזוי קומט ביי אייך אויס דער חשבון צו דריי־און־דרייסיג מיליאָן אויף א חלק?

— מיר האָבען דאָך עפּיס געשמועסט, פּאני שווייצער, אַז מע זאָל מיך ניט איבערשלאָגען? פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אונז די דאָזיגע ירושה — איז דערינען אַ גאַנצע מעשה: איך בין גאָר אַליין בטבע, ווי איהר קוקט מיך אָן, אַ איד אַ חלפן...

— אוי! — כאַפּט זיך אויף שווייצער. — גאָט זאָל מיר טאַקי אַזוי העלפען, ווי איך האָב געקלערט, אַז איהר באַדאַרפט זיין אַ חלפן! דאָס פּנים איז ביי אייך ווי ביי אַ חלפן. אַלע חלפנים האָבען עפּיס מאָדנע טרוקענע פּנימ'ער און זעהען־אויס ווי עפּיס הילצערנע מענטשען מיט שוויינע קעפּ.

— איך בעט אייך, — זאָגט צו איהם דער בעל־הבית — איהר וועט אַמאָל אנשטומט ווערען, צי ניין? דאָס מויל מאַכט זיך אייך גאָר ניט צו אויף קיין מינוט! אפּנים, ס'איז ביי אייך אַזאַ מין חולאת?

אַרקאַדי שווייצער ענטפערט איהם דערויף גאָר ניט; ער פערשטופּט דאָס מויל מיט'ן ציגאַר, זעצט זיך צו און מאַכט אַ מינע פון אַ סטאַטיק, ווי אַ מענש, וואָס האָט זיך געגעבען דאָס וואָרט שוויגען, און דער בעל־הבית קאָן דערצעהלען זיין געשיכטע שוין אָהן אַ שום איבערשלאָג.

---

## קאַפּיטעל ז.

— שאַ, וואו זשע האַלטען מיר? יאָ. בין איך, הייסט דאָס, געווען אַ איד אַ חלפן, געשטאַנען מיט אַ טישעל אין מאַרק און צעביטען קליין געלד, און דערפון געצויגען דאָס שטיקעל ברויט. איז אָבער דער חסרון, וואָס פון חלפנות אַליין קאָן מען ניט לעבען; געה, וואַרט, קוק־אַרויס אויף אַ אידען, ביז ער וועט קומען אַמאָל אויסבייטען אַ קערבעל אויף מינץ, וועט מען פאַר־דיענען אַ האַרטען צווייער. וואָס זשע טהוט מען? באַדאַרף מען זיין דערצו אַ שטיקעל . . .

— גנב. — העלפט איהם אונטער ארקאדי שווייצער. — וואס דען? עהרליך איז שווערליך, ווי מיין באבע טאלצע, עליה השלום, פלעגט זאגען בשעת אראפנעמען וואכס פון די ערב יום־כפור׳דיגע ליכט...

— ווער בעט אייך, איהר זאלט מאכען א פירוש אויף מיינע ווערטער? — זאגט צו איהם בראנזענטאלער. — איך זאג, אז פון חלפנות אליין איז שווער צו לעבען, מוז מען זיין דערצו א שטיקעל סוחר: קויפען א מאל איין אלטע מטבע אין גלייכען געלט, אמאל א חפץ, איין אלטען הדס, א זילבערנע גאלקע פון א שטעקעל, אביסעל ברוך, און אט אזוי ווערד מען פון א חלפן א שטיקעל קרעמער, דאס הייסט, מע דינגט־אפ א לאך און מע שלאגט צו א בלעטעל: „קויפט און פארקויפט", — ווערד שוין גוט. עס קומט אריין א מאל א פריץ, א פריצה, א איד, א שווארץ יאהר, ער קויפט, פארקויפט, בייט־אויס שילע נא שווייקע, צי מע פארדיענט, צי מע דערלעגט — גאר ניט, מע האנדעלט. ויהי היום, איינמאל, פארנאכט איז דאס געווען, זיץ איך מיר אזוי פארטראכט, קיין פדיון איז ניטא, עפענט זיך די טיר און עס קומט־אריין צו מיר אין געשעפט אריין עפים א פריץ א מאגנאט, הויך ווי עוג מלך הבשן, כמעט אונטערגעשפארט מיט׳ן קאפ דעם בוידעם, מיט צוויי מורא׳דיגע וואנסעס, מיט א מין נאז...

— אשר לא נאזו אבותינו! — חאפט איהם אונטער ארקאדי, — און בראנזענטאלער שטעלט־אנידער אויף איהם די אויגען, און דאס בראנזענע פנים ווערד ביי איהם ווי פערשטארבען, ווי איינער רעדט: „וואס איז דאס פאר א מין שפראך?"

— ס׳איז לשון־קודש. — גיט איהם ארקאדי צו פערשטעהן גאנץ ערנסט.

— גוט, וואס איהר האט אויסגעזאגט, אז ס׳איז לשון־קודש, אניט, וואלט מען געקאנט מיינען, אז ס׳איז פראנצויז. — רופט זיך אן דער מחבר טשיידעלי, און ארקאדי צאהלט איהם אפ אויפ׳ן ארט:

— גוט מארגען, געלי, רעטאך טראג איך! ווער פרעגט אייך, גרינער אגרעס, זויערע קיסליצע, בהמה בצורת קעלבעל?

— א דאנק פאר א קאמפלימענט! — זאגט איהם טשיידעלי און טהוט זיך א בויג צו איהם.

— ניטא פאר וואס. — ענטפערט איהם ארקאדי מיט א בויג צוריק.

— אידען! טאמער וואלט איהר אויפגעהערט זיך איבער־שיסען מיט ווערטער? — זאגט צו זיי דער בעל־הבית און דער־צעהלט ווייטער:

— שא, וואו זשע האלטען מיר? יא. קומט אריין צו מיר אין קלייטעל א הויכער פריץ, זעצט זיך אוועק און בעטראכט מיין קראם, פרעגט זיך נאך אויף איטליכער זאך, וואס קאסט דאס, וואס קאסט יענץ, רעדט מיט מיר אויף פויליש, פארשטעה איך, אז ס'איז א פאליאק, נאר קויפען קויפט ער גאר ניט. „פון וואנען איז א פריץ?" — פרעג איך איהם. זאגט ער: „איז ווארשאוויא". „וואס טהוסט דו היע?" זאגט ער: „ניץ ניע ראביא" — גאר נישט, הייסט דאס. אויף מארגען — נאך א מאל דאס אייגענע: אריינגעקומען, געזעסען, געקוקט, געבעבעט, — גאר נישט. אויף איבערמארגען וויעדער דאס אייגענע, און אזוי אלע טאג. „ווי געפעלט דיר די שטאדט, פאני גראביע?" — פרעג איך איהם. זאגט ער: „זעהר א פיינע שטאדט, און ניט אזוי די שטאדט, זאגט ער, ווי די מענטשען, און ניט אזוי די היגע מענטשען, ווי די היגע אידען; פון אידען האלט ער איין עולם ומלואו, מחמת אידען זענען, זאגט ער, זעהר א פיין פאלק; „איזראעליטי יעסטא באר־דזא שליאכעטנע נאציא", — זאגט ער, טאקי מיט דעם דאזיגען לשון, ווי איהר זעהט מיך א אידען! דאס ערשטע מאל אויף מיין לעבען הער איך, אז א פריץ, און נאך א פאליאק דערצו, זאל האל־טען פון אידען, ליעב האבען זיי, רופען אונז גאר „איזראעליטי", ניט „זשידזי", זיך אינטערעסירען מיט אונז, לויבען אין טאג אריין אונזער אמאליגע אידישע מלוכה, מיט אונזערע מלכים, מיט אונ־

זערע נביאים, און ווער שמועסט שלמה המלך — דער איז, זאָגט ער, געווען „באַרדזאָ ניע גלופּי טשעלאָוויק", דאָס הייסט, גאָר קיין נאַר נישט, טאַקי מיט דעם דאָזיגען לשון, ווי איהר זעהט מיך אַ אידען! בקיצור, דער פּריץ איז געוואָרען ביי מיר אַ היימישער פּריץ און זעהר־זעהר איין אָפּטער גאַסט. איך ווייס אַליין ניט, פאַר וואָס, נאָר מיר זענען געוואָרען מיט איהם נפש אחת, זיך ליעב געקריגען פּשוט איינס דאָס אַנדערע, אָנגעהויבען אַריינקומען איינס צום אַנדערען, ער צו מיר אַלע פרייטאָג־צו־נאַכטס אויף שבת'דיגע פיש, איך צו איהם שבת בייטאָג אויף אַ גלעזעל טהיי. ווער ער איז און וואָס ער איז — האָב איך נישט אָנגעהויבען צו וויסען. איך האָב נאָר געהערט, אַז ער איז אַ גראַף, און רופען רופט מען איהם דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי.

— אָהאָ! — מאַכט אַרקאַדי שווייצער. — ער האַפּט שוין אַ ביסעל דעם אָנבליק פון אונזער משה־מענדי־מרדכי־אהרן־פּייסי־דבורה־משה־מענדיס, וואָס מע דאַרף פריהער גוט איבערבייסען, מע זאָל דאָס קאָנען אויסרעדען אין איין אָטהעם. מילא בקיצור, ווי אַזוי, זאָגט איהר, רופט מען איהם, אייער אַדון?

— דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי רופט מען איהם, און וואָהנען וואָהנט ער הינטער דער שטאָדט ביי זיינע צוויי שוועסטער, וואָס מע רופט זיי ביי אונז „די באַרישנים" און וואָס ביידע אינאיינעם זענען אַלט אַריבער אַ מאה. די דאָזיגע מיידלעך זיצען שטענדיג פאַרשפּאַרט, האָבען מורא פאַר אַ מענטשען, קיין בן־אדם האָט נאָך נישט געהאַט ביי אונז די זכיה זיי צו זעהן, און איך אויך נישט, און איטליכס מאָל, ווען איך האָב מיט איהם געוואָלט מאַכען אַ שמועס פון זיינע שוועסטער — פלעגט ער נאָר אַ מאַך טהון מיט דער האַנד, זיך נעמען צום לאַנגען ציבעק און פאַרשלאָגען די רעד. איינמאָל זיץ איך מיט איהם אַזוי שבת בייטאָג און מיר טרינקען טיי, רופט ער זיך אָן צו מיר פלוצים פון דער העלער הויט: „זאָג מיר נאָר, פּאַני מאָשקע, וויפיעל שאַצט דו מיך?" זאָג איך: „איך פאַרשטעה ניט וואָס דו מיינסט, פּאַני גראַביע".

מאַכט ער צו מיר: „וויפיעל, מיינסט דו, אשטייגער, פאַרמאָג איך?" זאָג איך צו איהם: „וויפיעל דו פאַרמאָגסט, ווינש איך דיר, דו זאָלסט פאַרמאָגען צעהן מאָל אזוי פיעל". מאַכט ער צו מיר ווייטער: „אַלע נאַפּשיקלאַד?" דאָס הייסט, ער וויל, איך זאָל איהם נאָר שאַצען וויפיעל ער פאַרמאָגט! בין איך מיך מיישב: עס קאָסט מיך געלט? און חאַפּ מיך אַרויס מיט די רי"ש אלפים! אז מיין פריץ הויבט זיך ניט אָן צו קאַטשען, ווי גרויס ער איז, און טרייסלען זיך און לאַכען אויף אַזעלכע קולות, אַז איך האָב געמיינט, ער וועט, חלילה, פּלאַצען פאַר געלעכטער. „טי יעסטעס וויעלקים דורנים, מאָשקע!" מאַכט ער צו מיר נאָכ־דעם, אַז ער האָט זיך שוין גוט אָנגעלאַכט; דאָס הייסט, אַז איך בין אַ גרויסער נאַר. „איך פאַרמאָג, זאָגט ער, אויף מיין חלק אַליין נישט מעהר און נישט ווינציגער פון דריי און דרייסיג מיליאָן. און מיר אַלע דריי, איך מיט מיינע צוויי שוועסטער, הייסט דאָס, פאַרמאָגען מיר נייען־און־נייענציג מיליאָן!" און נישט לאַנג גע־טראַכט, געהט ער צו צום שיפלאָד און נעמט מיר אַרויס אַ פּאַק מיט פּאַפּיערען און טראָגט מיר אונטער די פּאַפּיערען גלייך אין פּנים אַריין און זאָגט צו מיר: „נאַ באַטש!" זעה, הייסט דאָס! וואָס זאָל איך זעהן? איך זעה פּאַפּיערען מיט שטעמפּלען אַ סך, נאָר וואָס דאָס איז — ווייס איך ניט! „דו זעהסט, זאָגט ער צו מיר, אָט די דאָזיגע חתימה? דאָס איז די חתימה פונ'ם פּרעזידענט אַליין, פון אַמעריקאַ, צוגעשיקט גלייך אויף מיין נאָמען פון סאַנ־פּראַנציסקאָ, פון קאַליפאָרניע". מילא, קאַליפאָרני הייגט, קאַלי־פאָרני מאָרגען, אז איך ווייס ניט מיט וואָס מען עסט דאָס! „ווייסט דו וואָס, פּאַני מאָשקע, מאַכט ער צו מיר, לאָמיך דיר חאָטש דערצעהלען, ווער איך בין — וועסט דו פאַרשטעהן וואָס דאָס איז פאַר פּאַפּיערען און ווער איז דער גראַף דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי". אזוי זאָגט ער צו מיר, דער פּריץ הייסט דאָס, און פאַררויכערט דעם לאַנגען לולקע־ציבעק און הויבט מיר אָן צו דער־צעהלען אַ גאַנצע מעשה.

— אפנים, אז דאָ הויבט זיך ערשט אָן די רעכטע מעשה? — זאָגט ארקאדי שווייצער און שפּארט זיך אָן מיט'ן קאָפּ אויף דער לינקער האנד און טהוט א וואונק צום מחבר: — פּאני פּיפּער־נאָטער! מע האָט דאָך אייך געלאָזט בעטען, איהר זאָלט ניט שלאָפען און האָרכען מיט קאָפּ.

— הלואי וואָלט איהר אזוי געהאָרכט מיט קאָפּ און ווינציגער גערעדט! — ענטפערט איהם טשיידעלי, און בראָנזענטאָלער דער־צעהלט די געשיכטע פון'ם גראף דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי.

---

## קאפּיטעל ח.

— שא, וואו זשע האלטען מיר? יאָ, ביי'ם גראף דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי. קומען קומט ער ארויס, זאָגט ער, פון די אמת'ע דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקים, פון די ערשטע אלטע פּוילישע מאגנאטען, געבונדען מיט די פּאָטאָצקים, מיט די ליובאָמירסקים און מיט די זאמאָיסקים, געשפּיעלט אמאָל די גרעסטע ראָלע אין דער וועלט, געהאט אייגענע אימעניעס גרויסע אויף טויזענדער קאָמפּעדראָטנע ווערסטען, מיט וועלדער אזעלכע, וואָס קיין פּוס פון קיין מענטשען איז דאָרט נאָך קיינמאָל ניט געוועזן, מיט די שענסטע פּאלאצען, גערטנער, אָראנזשערייען, מיט די ברענענדיגע פערד, מיט די שענע קארעטעס, מיט די גרויסע טייערסטע הינט, און אז מען איז ביי זיי ארויסגעפאָהרען, זאָגט ער, נאפּאָלאָוואניע, אָדער נא־שפּאצער, איז א יעגער פון פאָרענט, א יעגער פון הינטען, זעכס פערד נא־שפּיץ — ערדציטערניש! היינט די קעלערס זייערע מיט די בעסטע וויינען, מיט די אלטע בראָנפענס, מיט די גוטע סטארקעס, מיט די אמת'ע קאָניאקען, מיט די עכטע פּוילישע מעדען און געשמאקע נאליווקעס, וואָס אז מען עפענט אויף א פלעשעל, שפּרינגט־ארויס דער קאָרעק און סע געהט אזש א רויך...

בשעת מעשה בעווייזט בראָנזענטאָלער מיט דער האַנד, ווי אַזוי עס שפּרינגט אַרויס דער קאָרעק: פּאַץ! און אַרקאַדי שוויי־צער רופט זיך אָן:

— ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? איך בין אייך מוחל די קאַרעטעס מיט די פערד, מיט די גרויסע טייערסטע הינט, מיט די יעגערס פון פאָרענט און פון הינטען, פאַר איין פלעשעל פּוילישען מעד אָדער נאַליווקע פון יענע אַלטע פּוילישע מעדען מיט די נאַליווקעס. צי איהר ווילט דוקא א גלעזעל ווייַן, און אפשר ווימאָראָזיג דערצו?

— עס מעג זיין א פּראָסט גלעזעל שטאַרקע, — מאַכט בראָנ־זענטאָלער און דערצעהלט ווייטער:

— היינט געלט, מזומן געלט און באַנקאָווע בילעטען, זאָגט ער, איז געווען אַזוי פיעל, אַז אויף שניידען קופּאָנעס האָט מען גע־האַלטען באַזונדערע מענטשען, וואָס זענען געזעסען מיט שערלעך פון גאַנץ פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט און מע האָט געשניטען און געשניטען און געשניטען.

בשעת מעשה בעווייזט בראָנזענטאָלער מיט צוויי פינגער, ווי אַזוי מע האָט געשניטען די קופּאָנעס, און אַלע דריי שטעלען זיך פאַר א גאַנצען בארג מיט קופּאָנעס, און אַרקאַדי שווייצער רופט זיך אָן:

— פּונקט ווי ביי מיין עלטער־זיידען פון דער מאַמעס צד; ער איז געווען, זאָגט מען, אַזא גביר און האָט געהאַט אַזוי פיעל בהמות מיט שאָף מיט ציעגען, אַז ס'איז געווען אוממעגליך, מע זאָל זיי מעלקען; האָט מען אויסגעגראָבען פון זייערטוועגען א גרוב און מע האָט זיי אַריינגעלאָזט אין גרוב אריין, זיי זאָלען זיך אַליין מעלקען און טאַקי דאָרטען מיט די פיס אויסשלאָגען פּוטער...

— איך זעה אין אייך, — זאָגט צו איהם דער בעל־הבית מיט פערדראָס — אַז איהר מיינט, מע דערצעהלט אייך פּזומונות, מעשיות פון טויזענד איין נאַכט?

— חס וחלילה! — מאכט ארקאדי. — וואָס הייסט, איך וועל אַזעלכעס מיינען? וואָס בין איך עפּיס, אַ יונגעלע? דער־צעהלט, דערצעהלט, מיר האָרכען אייך מיט קאָפּ!

— שאַ, וואו זשע האַלטען מיר? יאָ, זענען זיי געווען, הייסט דאָס, אונגעהייער רייך און געשפּיעלט די גרויסע ראָלע ביז... ביז'ן פּוילישען מיאַטעזש. און אַז ס'איז געקומען דער פּוילישער מיאַטעזש, האָט מען ביי זיי צוגענומען אַלע זייערע מאַיאָנטקעס מיט'ן טיטול גראַף, געוואָרען אויס גראַף דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי, נאָר פּשוט — פּאַני דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי.

— פּאַן יוזש נע אַסעסאָר? שרה, נעם־צו די פיש! — מישט אַריין ארקאַדי אַ וואָרט, און בראָנזענטאָלער בעט איהם, ער זאָל ניט האָבען קיין טבע פון איבערשלאָגען, בשעת יענער רעדט.

— שאַ, וואו זשע האַלטען מיר? יאָ, האָט מען ביי זיי צוגענומען אַלסדינג, און זיי האָבען נעבאך געמוזט אָפּטרעטען, גענומען אויף זיך דעם גלות, צעקראָכען געוואָרען איבער דער גאַנצער וועלט, דער אַהער, דער אַהין, און געבליבען זענען זיי נאָר אין דרייען: ער, הייסט דאָס, און זיינע צוויי שוועסטער, מיידלעך, וואָס האָבען זיך אויפגעהאַלטען ביי זייערען איין אַלטען פעטער, אויך אַ דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי, און פון יענעם פעטער האָבען זיי געהערט, אַז ער האָט אַ יונגערען ברודער סטאַניסלאַוו דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי אין אַמעריקאַ ערגיץ, אין קאַליפאָרניע, נעהט איהם דאָרטען זעהר גוט, און ער רופט זיי אַלע אַהין, קיין קאַליפאָרניע, נאָר זינט דער דאָזיגער פעטער זייערער איז אוועק־געשטאָרבען, האָבען זיי שוין מעהר פון דעם סטאַניסלאַוו דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי נישט געהערט און נישט געזעהן, און האָבען שוין גאָר פאַרגעסען, אַז זיי האָבען אַמאָל געהאַט ערגיץ אַ פעטער סטאַניסלאַוו. פּלוצים, מיט עטליכע יאָהר צוריק, קומט זיי אָן אַ ידיעה, אַז אין אַמעריקאַ, אין פילאַדעלפיע. אין דער שטאָדט סאַן־פראַנציסקאָ, איז מיט דרייסיג יאָהר צוריק געשטאָרבען איינער אַ סטאַניסלאַוו דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי און האָט איבערגעלאָזט

זעהר א גרויס פארמעגען אין די בענק מיט א צוואה, אז דאס געלט זאל ליגען פינף און צוואנציג יאהר און עס זאל וואכסען אויף דעם פראצענט, און אז עס וועלען איבערגעהן די פינף און צוואנציג יאהר, זאל מען דאס צעטיילען צווישען זיינע קרובים, איטליכען באזונדער א גלייכען חלק. און אזוי ווי פון אלע דאמבע־דעמבא־דעמביצקים זענען פארבליבען נאר ער, מיין פריץ הייסט דאס, מיט זיינע צוויי שוועסטער, לכן זענען זיי די איינציגע יורשים אויפ'ן גאנצען פארמעגען, וואס טרעפט אן אצינד, ווי איך האב אייך געזאגט, נייען־און־נייענציג מיליאן, דאס הייסט פונקט צו דריי און דרייסיג מיליאן אויף א חלק.

— איך זאל פארמאגען דאס פראצענט פונ'ם געלט, וואלט איך זיי באוויזען אין קלוב, ווער עלטער איז! — חאפט זיך אויף ארקאדי.

— לאם איך פארמאגען חאטש די הוצאות, וואס דארף קאס־טען פאהרען ברענגען דאס געלט פון דארטען אהער, וואלט איך שוין געוואוסט וואס צו טהון! — זאגט דער מחבר.

— האט קיין פאראיבעל ניט, איהר זענט ביידע נארא־נים! — זאגט בראנזענטאלער. — איהר ווינשט מיר בעסער, איך זאל דורכפיהרען אט דאס, וואס איך וויים, וועט איהר בעסער מאכען.

— אמן, לאז אייך גאט העלפען! — זאגען ביידע שכנים מיט א מאל, און דער בעל־הבית דערצעהלט ווייטער:

— שא, וואו זשע האלטען מיר? יא, ביי די נייען־און־נייענציג מיליאן. דערהערט פון איהם אזא מעשה, פארשטעהט איהר דאך, ווי אזוי איך בין אונטערגעשפרונגען און זאג צו איהם, צו מיין פריץ הייסט דאס: „סטייטש, אדוני פריץ, נייען־און־נייענציג מיליאן, וואס שווייגסט דו?” מאכט ער צו מיר: „ביזט א נאר, דא העלפט ניט קיין שרייען! מע דארף, זאג ער, פאהרען און נעמען געלט”. „נו, זאג איך, פאהרט מען און מע נעמט

גערט!" „אַט אַזוי גיך, זאָגט ער, פֿאָהרט מען און מע נעמט געלט? מע דאַרף, זאָגט ער, נעמען מיט זיך איין אַדוואָקאַט, און פֿאַפּירען אַ סך דאַרף מען אַרויסנעמען; דאָס קאָן מען ניט מאַכען האַפּענדיג; מע דאַרף דערצו האָבען, זאָגט ער, געדולד און געלט, זאָגט ער, געלט, פּיעניאָנדזע!"... אַזוי זאָגט ער צו מיר און פּיפּקעט דעם לולקע־ציבעק גאַנץ רוהיג. און איך? איך ברען, איך גליה, איך עק מיך! „וואָס איז מיט דיר, פּאַני מאָשקע, זאָגט ער, וואָס ביזט דו אַזוי צעקאָכט?" „סטייטש, זאָג איך, אַזאַ מטמון מיט געלט! אַזאַ איין אוצר! אַ קלייניגקייט נייען־און־נייענציג מיליאָן!? פֿון אונטער דער ערד, זאָג איך, וואָלט איך אויסגעגראָבען געלט אויף הוצאות און וואָלט אַוועקגעפֿאָהרען נאָך די מיליאָנען!" אַזוי זאָג איך צו איהם, און ער זיצט זיך גאַנץ קאַלטבלוטיג, פּיפּקעט דעם לולקע־ציבעק, טהוט זיך אפילו ניט אַ קנייטש, ווי איינער רעדט: „וואָס זאָל איך טהון? זאָל איך מיר מפקיר זיין צוליעב די מיליאָנען? דאָס לעבען איז טייערער!" בקיצור, וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען? איך האָב מיך גענומען צו מיין פּריץ איהם פּיקען אין קאָפּ אַריין אַלע טאָג, אַלע טאָג: „פּריצ'אָני, וואָס שווייגסט דו? איך וועל מיך פּרו־בען, זאָג איך, ביי מיינע אידען, טאָמער וועל איך קריגען פֿון דיינעטוועגען די עטליכע קערבלעך, וואָס מע דאַרף". „מהכתיתי, מאַכט ער, אַז דו ווילסט, פּרוב זיך, אפשר וועסט דו קריגען? איך וויים, זאָגט ער, אַז מיט אידען קאָן מען אַלסדינג מאַכען, וואָרום אידען זענען, זאָגט ער, אַ רייך פֿאָלק און אַ קלוג פֿאָלק און אַ פֿאַרשטענדיג פֿאָלק. אויף דער גאַנצער וועלט, זאָגט ער, איז נישטאָ נאָך אַזאַ פֿאָלק, ווי אידען! צוויי, זאָגט ער, פֿעלקער זענען פֿאַרהאַן אויף דער וועלט: פּוילען און אידען! די דאָזיגע צוויי פֿעלקער, זאָגט ער, מוזען אַמאָל גובר זיין די גאַנצע וועלט און געוועלטיגען איבער דער גאַנצער וועלט! אַלע פֿעלקער, זאָגט ער, וועלען אונטערגעהן, אויפֿפֿרעסען איינס דאָס אַנדערע, נאָר אידען און פּוילען — די וועלען בלייבען אייביג! „פּאָליאַקי אי

איזראַעליטי" — טאַקי מיט דעם דאָזיגען לשון, ווי איהר זעהט מיך אַ אידען!

— וואָס טויג מיר זיינע קאָמפּלימענטען? — מאַכט אַר־קאַדי. — איהר דערצעהלט בעסער, וואָס האָט איהר געמאַכט מיט די אידען?

— הערסט דו? — זאָגט בראָנזענטאַלער. — אָט דאָ הויבט זיך ערשט אָן די רעכטע מעשה!

— טאַקי באמת? — מאַכט אַרקאַדי שווייצער. — וואָס זשע איז געווען ביז אַהער?

— אַ הקדמה. — רופט זיך אָן דער מחבר.

— אמת, טשיידעלי איז גערעכט, דאָס איז געווען נישט מעהר ווי אַ הקדמה; נאָר שרעקט זיך ניט, די הקדמה איז גרעסער פון'ם ספר.

אזוי זאָגט בראָנזענטאַלער דער בעל־הבית און דערצעהלט ווייטער די געשיכטע מיט די מיליאָנען.

---

## קאַפּיטעל ט.

— שאַ, וואו זשע האַלטען מיר? יאָ, ביי אונזערע אידעלעך. אונזערע אידעלעך זענען, ברוך־השם, אַזאַ פאָלק, וואָס קאָטאָרע זיי ווילען אייך קויפען און פאַרקויפען, האַנדלען־וואַנדלען, דרעה־שמעה וואָס איהר ווילט, כל השפּעקולאַציעס שבעולם! דערצעהלט זיי אויף'ן הימעל אַ יריד — ווילען זיי אָוועקוואַרפען האַק און פּאַק און פליהען גלייך אין הימעל אריין און שפּרינגען אין פייער אריין; און קומט לעגט זיי פאַר אַ ריין געשעפט, אַ כשר'ע ירושה, אַ מזומנ'ע זאַך, וואָס אָט ליגט דאָס, געה הויב עס אויף און נעם דאָס צו — ניין, איז ניטאָ קיינער אין דער היים! וואָס איז די מעשה? ס'איז צו גוט, זאָגען זיי, צו פיעל געלט, צו אַ גרויס גליק — און געה מאַך מיט זיי! סטייטש, בהמות בצורת אדם,

גייען־און־נייענציג מיליאָן! ניין, זאָגען זיי, מיר זענען אייך מוחל די מיליאָנען, גיט אונז בעסער א געשעפט פון טויזענדער... אנדערע מאַכען נאָך חוזק, דאָס גרעסטע געלעכטער, לצ׳עווען אויף וואָס די וועלט שטעהט: „וואָס הערט זיך מיט א י י ע ר ע מיליאָנען?" ס׳איז מיר געוועז, הערט איהר, א בזיון פאַר מיין פריץ, וואָס האַלט אזוי פון אידען, לויבט זיי אין טאָג אריין, רעכענט זיי פאַר די ערשטע הכמים אין דער וועלט — צום סוף, נאָט אייך, ריינע בהמות, כשר׳ע קעלבלעך, פערד, ווי איך בין א איד, פערד! תחילת האָבען זיך אפילו יאָ געפונען א פּאָר מענשלעך, וואָס האָבען איינגעשטעלט עטליכע קערבלעך אויף הוצאות, נאָר אז ס׳איז געקומען, מע האָט באַדאַרפט האָבען נאָך הוצאות, פּאַפּיערען, דעפּעשען, האָבען זיי זיך מיישב געוועזן: סטאָפּ! וואָס איז די מעשה? געוווג, זאָגען זיי, ס׳איז ביי זיי ניט קיין קוואַל, זאָגען זיי, א ברונען נעמט זיך אויך אויסעט... געפעלט אייך אביסעל חכמים? זיי וואָלטען א בעלן געוועזן אויף מיליאָנען און ס׳זאָל זיי קיין געלט ניט קאָסטען! געבראָטענע טייבעלעך אין מויל אריין! אנדערע האָבען אָפּגעשוויגען, און פון אנדערע האָבען מיר נאָך געהאַט בזיונות אויך; זיי האָבען געסטראַשעט מיט׳ן פּראָקוראָר... וואָס דאַרפט איהר מעהר, אז זיי האָבען ארויפגעפיהרט מיין אייגען ווייב, זי זאָל ביי מיר נעמען גט.

— וואָס? איהר זענט א באַווייבטער? מזל טוב אייך! — האַפּט זיך אויף ארקאַדי.

— געוועזן א באַווייבטער, — זאָגט בראַנזענטאַלער — היינט שוין ניט. זאָרגט זיך ניט, מיר האָבען זיך גע׳גט. קרובים האָבען זיך אריינגעמישט און גלאַט גוטע פריינד: „וואָס טויג אייך, זאָגען זיי, מיליאָנען? היט בעסער אָפּ אייער געשעפט, א מזומנ׳ער גראָשען איז טייערער פון אלע חלומות, און וואָס טויג אייך, זאָגען זיי, ארומפיהרען זיך מיט׳ן דאָזיגען אָדון? גאָט ווייסט, וואָס פאַר א נפש דאָס איז? אפשר איז דאָס איין אָדם בפקרך?"

און נאך כדומה אזעלכע שטעכווערטער זאגען זיי מיר, און מיין ווייב האט זיך צוגעזעצט צו מיר איין מאל פאר אלע מאל: גט און גט. „שטיא! — טענה איך צו איהר. — וואס הערסט דו זיי? דיינע גוטע פריינד, זאג איך, זענען דיך מקנא, פארגינען דיר נישט אזא גליק!" גער טענה מיט א אידינע. „פאר דיר, זאגט זי, דאס גליק, בינד מיך אויף און געב מיר גט!" וואס טויג אייך, מיר האבען זיך געמוזט גט'ען, און פאר גריזאטע מיט בזיון בין איך אפגעטראטען פון מיין שטאדט און בין אריבערגעפאהרען אהערצוצו קיין יעהופעץ אינאיינעם מיט מיין פריץ, הייסט דאס, זוכען, טאמער וועלען מיר דא געפינען געלט אויף הוצאות. פארט א גרויסע שטאדט מיט אלערליי געשעפטען, מיט מעקלערס א סך, מיט מענטשען, וואס ווילען, חלש'ען פארדיענען א קערבעל, און האב איהם באזעצט, מיין פריץ הייסט דאס, אין א שענעם נומער פון א האטעל, און אליין האב איך מיר אפגעדונגען אט־א־דעם דאזיגען בוידעם, ווי זאגט איהר, נעהענטער צו גאט, און אלע פריהמארגען נעם איך מיר דאס שטעקעלע און געה מיר ארוים אויף דער בערזע, אין דרויסען הייסט דאס, דארט, וואו אלע אידען דרעהען זיך ארום, און שלים קענטשאפט מיט דער וועלט, און ס'איז א סברה, אז מיר מאכען דא א קאמפאניע, דאס הייסט, עטליכע מענטשען לעגען זיך צונויף מיט א קאפיטאל פון היבשע עטליכע טויזענד קערבלעך אויף חלקים, דאס הייסט, וויפיעל איטליכער גיט, אזוי פיעל חלקים האט ער אין געשעפט, אויף יעדען הונדערטער נעמט זיך אן צעהן טויזענד, אויף טויזענד — הונדערט טויזענד, אויף צעהן טויזענד — א מיליאן.

און ווי פארשטעהט איהר, האט איצטער מיין ווייב חרטה? זי שיקט אונטער צו מיר אלע מאל א גוטען פריינד, און די גוטע פריינד ווערען צעפיקעט פאר קנאה, ווארום ווי קאנען זיי דאס גאר איבערטראגען, אז זייער קרוב, משה בראנזענטאלער, א איד א חלפן, זאל מיט א מאל אזוי אויפגעריבט ווערען, באקומען דריי מיליאן קארבען?!

— וואָס? דריי מיליאָן קאַרבען? — כאַפּט זיך אַרויס אַרקאַדי שווייצער און שפּרינגט אַראָפּ פון׳ם בעטל. — וואָס הייסט דריי מיליאָן קאַרבען?

— וואָס האָט איהר זיך אַזוי דערשראָקען? — מאַכט צו איהם בראָנזענטאַלער און פערדרעהט אַ פּאַפּיראָס און קוקט־אַראָפּ צו זיך אויף די פיס גאַנץ קאַלטבלוטיג, גלייך ווי מע רעדט דאָ פון אַ דרייערל. — וואָס זענט איהר דאָ אַזוי נתפּעל געוואָרען? איך האָב קאַרג האַרעוואַניע דערביי?

— אָבער דריי מיליאָן? — זאָגט אַרקאַדי און צענעמט די הענד.

— דריי מיליאָן. אַזוי האָבען מיר אָפּגערעדט! און נישט נאָר גערעדט — טאַקי צעשריבען זיך אויף פּאַפּיער און גע׳חתמ׳עט ביי׳ם נאָטאַריוס, וואָרום מען איז דאָך ניט מעהר ווי לעבעדיגע מענטשען, דער פּריץ איז שוין איין אַלטער פּריץ, אַליין בין איך אויך ניט קיין יונגערמאַן, איך האָב ברידער אַ סך מיט שוועסטער אָרעמע, אַ מענטש איז ניט ביי זיך אין די הענט, אַ קשיא אויף אַ מעשה? נאָט לייענט!

און בראָנזענטאַלער עפענט־אויף דאָס טישקעסטעל, שלעפּט־אַרויס שוין אַביסעל אַ פערגעלטען בויגען פּאַפּיער, גע׳חתמ׳עט מיט אַ מאָדנע פערדרעהטער, פערצוקטער, פערפּלאָנטעטער חתימה מיט שלענגלעך, מיט דריידעלעך, מיט בייגעלעך און מיט ווידע־לעך, און רופט זיך אָן צו אַרקאַדי׳ן:

— איהר זעהט אַ חתימה? דאָס מאַכט: „יאַן־קאַזימירזש־זיגמונד, גראַף־דאָמבע־דעמבאָ־דעמביצקי“...

און אַרקאַדי שווייצער שטעהט און קוקט זיך איין אין דער דאָזיגער קינצליך פערדרעהטער חתימה, וואָס זעהט אויס אויפ׳ן פּאַפּיער, ווי אַ שלאַנג מיט אַ פויגעל האָבען זיך אַרומגענומען, איינגעפּלאָנטעט איינס אינ׳ם אַנדערען, און אין מיטען אַ קלעק, און מע ווייסט ניט, וואו הויבט זיך אָן שלאַנג און וואו לאָזט זיך אויס פויגעל. און ער בלייבט שטעהן ווי אָפּהענדיג אין מיטען

חדר מיט דער ציגאַר אין מויל, די הענד צעגומען, די פיס צע־שפּרייט, די פּלייצעס אויפגעהויבען און דאָס פּנים שטאַרק אויס־געצויגען, און קאָן לאַנג־לאַנג נישט אויסרעדען אַ וואָרט. נאָכ־דעם טהוט ער זיך אַ פּאַטש מיט די הענד איבער די ליטקעס און צעלאַכט זיך מיט אַ קוויטש, ווי זיין שטייגער איז, און ציהט אויס:

— דריי מיליאָן קאַרבוינים! האַ־האַ־האַ! אָט דאָס הייסט אַ מטבע! דריי מיליאָן! ווען איך האָב, אשטייגער, אָט די דריי מיליאָן איינציגע! אך טי, רבונו של עולם!!!...

## קאַפּיטעל י.

די דריי מיליאָן, וואָס בראַנזענטאַלער וועט אַמאָל בעקומען, האָבען אונזער אַרקאַדי׳ן, ווי מע זאָגט, אונטערגעטראָגען. ער האָט ניט אויפגעהערט אַרומצושפּאַנען, היצען זיך, שיטען מיט ווער־טער, ווי פון אַ זאַק, און דער האַלב־נאַקעטער בעל־הבית איז מיט אַ מאָל אויסגעוואַכסען, בעקומען חן ביי איהם אין די אויגען, און ער האָט זיך אָנגעהויבען צולאַסטשען זיך, צושאַרען זיך צו איהם, ווי אַ קעצעלע, אָדער ווי אַ געטרייער הונד, אז ער וויל זיך צו׳חנפה׳נען צו זיין בעל־הבית.

אַרקאַדי שווייצער האָט דאָס געטהאָן ניט מחמת ער האָט אַרויסגעקוקט דערפון עפּיס אַ טובה פאַר זיך. ער האָט דאָס גע־טהאָן נאָר צוליעב דעם כח המושך פון געלד, וואָס האָט איהם תמיד געצויגען צו זיך, ווי אַ מאַגנעט. ער האָט ליעב געהאַט געלד ניט מחמת דעם, וואָס ער דאַרף דאָס אַזוי נויטיג האָבען, נאָר מחמת דעם וואָס ס׳איז געלד, מחמת דעם, וואָס „געלד איז אַ גוטע, ליעבע זאַך". אונזער אַרקאַדי האָט געקאָנט אויס־שטעהן אויף די פיס צעהן שעה כסדר אין קלוב אַרום דעם גרויסען קיילעכיגען טיש און בעטראַכטען דאָס שפּיעל, קוקען ווי דאָס רויטע קלינגענדיגע גאָלד שיט זיך אָהן איין עק, אָהן איין אויפ־

הער, געהט־איבער פון איינעם צום אנדערען, גיסט זיך ווי וואסער. אט ליגט ביי איינעם א גאנץ בערגעלע גאָלד, דאָס גאָלד וואכסט און וואכסט, אָט געהט דאָס אריבער צו יענעם, און אָט איז דאָס ווידער געקומען צוריק. ארקאדי שטעהט און קוקט, ווי יענער „ווארפט די קאָרט", און חאָטש ער האָט אין דעם שפּיעל קיין שום חלק ניט, וואָרום ער איז „נקי" (אויף זיין שפּראך), „ריין ווי א טעלער", נאָר גלאט, דער גלאנץ פון גאָלד און דאָס קלינגען פון גאָלד און דאָס גאָלד אליין פּעראינטערעסירט איהם אזוי ווייט, אז עס קלאָפּט איהם דאָס הארץ פאר יענעם, ער קוועלט־אָן אינ־איינעם מיט דעם, וואָס „נעמט־אוים", און העלפט מיט א זיפץ יענעם, וואָס האָט איינגעשטעלט און איז „אריין ווי קורח".

ס'איז שווער צו זאָגען, וועלכעס שטעהט ביי איהם העכער — צי דאָס שפּיעל, צי דאָס געלד? בײדע זאכען אינאיינעם זענען ביי איהם ווי צונויפגעפלאָכטען, איינגעפלאָנטעט איינס אינ'ם אנדערען, ליעב, איינגעבאקען אין הארצען, טייערער פון אלסדינג אויף דער וועלט, און נאָר אין די צוויי זאכען ליגט זיין נשמה, און נאָר ארום די צוויי זאכען דרעהען זיך אלע זיינע מחשבות. וואָס עס זאָל זיך איהם ניט חלומ'ען — חלומ'ען זיך איהם „פּאַ־סען" (געווינס) אָדער „פּראָוואלען" (פערלוסט), און נאָר קאָרטען און נאָר גאָלד זעהט ער פאר די אויגען. אז ער דערזעהט פאר זיך געלד, איז די ערשטע מחשבה זיינע: „וויפיעל קאָן מען מיט דעם מאכען, ווען גאָט העלפט, עס קומען אָן די רעכטע „פּאסען", דער דרייצעהנטער, דרייצעהנטער פּאס?" און ער הויבט אָן רעדען מיט גאָט, ווערען א מאמין.

ארקאדי שווייצער איז, ווי דאָס רוב קאָרטענשפּיעלער, א גרויסער, גרויסער מאמין, און נישט נאָר א מאמין אליין, נאָר איין אבערגלויבער, גלויבט אין גוטע און שלעכטע חלומות, געהט נישט אין קלוב אריין שפּיעלען נישט מאָנטאָג, נישט דעם דריי־צעהנטען, קעהרט זיך אום צוריק טאָמער בעגעגענט ער א גלח, און אז עס לויפט איהם איבער דעם וועג א קאַץ, ווייסט ער געוויס,

אז יענע נאַכט מוז ער „באַגראָבען ווערען״; האָט מורא פאַר א גוט אויג ערגער ווי א אידינע, טאָמער געווינט ער — זאָגט ער, אז ער האָט פערשפּיעלט, און בייט נישט קיין געלד יענעם בשעת שפּיעלען, און וועט אייך ניט לייהען פונ׳ם קאָהן, איהר זאָלט זיך פאַר איהם אויסציהען! און חאָטש ער איז איצט „נישט ביי געלד״ שוין פון א צייט און ווייסט נישט, פון וואַנען קאָן ער האָבען געלד, דאָך גלויבט ער, ווי איין עהרליכער איד גלויבט אין משיח׳ן, אז דער „גאָט פון קאָרטען״ קאָן נאָך מאַכען אַזוי, אז אַרקאַדי שווייצער זאָל נאָך האָבען געלד, און גרויס געלד! דער עיקר איז — דער ערשטער כף־הא׳ער מיט די ערשטע עהר־ליכע שענע פּאַסען, וועט שוין נאָכדעם געהן, אם ירצה השם, ווי א מזמור!

דער ערשטער געדאַנק זיינער איז געווען נאָכדעם, אז ער האָט זיך אַביסעל בערוהיגט פון די דריי מיליאָן: אפשר איז דאָס א בעשערטע זאַך פון גאָט, וואָס ער האָט זיך דאָ בעזעצט מיט דעם דאָזיגען בראָנזענטאָלער? וואָרום וואָס האָט ער עפּיס גראָד אָנגעטראָפען אהערצו און ניט ערגיץ אַנדערש? אפשר הויבען זיך אָן פון דער מינוט „זיינע זיעבען יאָהר״? ביי אָט אַזאַ מין סומע פון דריי מיליאָן — ווי וועט איהם ניט אַראָפּפאַלען חאָטש עטליכע טויזענדער, איך זאָג שוין נישט קיין צעהנער הונדערטער טויזענדער! און אַרקאַדי הויבט־אָן זיך אונטערשמירען צום בעל־הבית שוין גאָר מיט איין אַנדער ניגון:

— זאָגט זשע מיר, מיין ליעבער רב משה, — אַזוי, דאַכט זיך, רופט מען אייך, האַ? — אשטייגער, כדומה למשל, ווען איהר טרעפט צו מיר פריהער מיט א קליין שטיקעל צייט, בשעת מיר איז, ניט היינט געדאַכט, געווען גראָם אין קאָפּ, ענג אין קעשענע און דאָס קערבעל איז געווען א ממזר, — סטייטש, נעם איך דאָך אַרויס די האַרטע הונדערטערס בשמחה רבה ואָמרו כולם און זאָג: זה כפּרתי, זה חליפתי, זה הטויזענדער ילך לחיים ארוכים טובים ולשלום, וואָרום אַרקאַדי שווייצער פאַרשטעהט מיט גאָט׳ס הילף

איין עסק, דער מוח איז איהם ניט אויסגעטריקענט. עלעהיי, ס'איז א קאָרט און איך שטעל אויף איהר. וואָס, אפשר ניט אזוי, רב משה?

— געוויס אזוי! — חאַפּט זיך אַרויס דער מחבר טשיידעלי פאַר'ן בעל־הבית און חאַפּט אָבער באַלד א מיאוסען פסק פון ארקאדי'ן, ער זאָל זיך ניט מישען וואו מע דאַרף ניט. מערקווירדיג! אויף וויפיעל בראָנזענטאָלער האָט ביי ארקאדי'ן אין די אויגען געוואונען, אויף אזוי פיעל, אָדער נאָך מעהר, האָט ביי איהם דער מחבר פערלאָרען, און ארקאדי האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט איהם אָפּגעגאָסען מיט א גאַנצער פאָמעניצע:

— סקאָצעל קומט, מיין ליעבער דייטש, בעל־מחבר פון דער חלירע, שוטה בן פּיקהאָלץ, איהר זענט אויך דאָ? און איך האָב געמיינט, אז איהר האַלט שוין העט־ווייט אין זיסען שלאָף, און עס חלומ'ען זיך אייך מכשפות מיט ווילדע ציעגען, פּיפערנאָטערס, וכדומה אזעלכע ענינים, וואָס איהר באַשרייבט זיי דאָרטען אין אייערע ביכלעך.

דאָס קליינע מחבר'על האָט נעבאַך געמוזט, ווי א טשערעפּאַשקעלע, אריינציהען אין זיך דאָס קעפּעל און ווערען נאָך קלענער, ווי ער איז, און אָפּשווייגען דעם דאָזיגען גראָבען נפש, וואָס קאָן מאַכען יעדען מיט דער בלאָטע. „איין עם־הארץ בלייבט איין עם־הארץ — לאָז מיינס איבערגעהן"... — קלערט ער זיך, און ארקאדי לאָשטשעט זיך ווידער צום בעל־הבית, ווי א קעצעלע.

— אפנים, רב משה, איהר זענט אזא איד, וואָס קאַטאָרי איהר האָט פיינט יענעם אָנצומוטהען, זיך צוזעצען, ווי אַנדערע זעצען זיך צו, דעקוטשען יענעם אזוי לאַנג, ביז יענער מוז זאָגען „באָם!" איך אויף אייער אָרט וואָלט שוין לאַנג אָנגעשפּאַרט מיט אזא גליקליך געשעפט, ווייסט איהר וואו? א קליינינקייט — א פּראָצעם פון נייען און נייענציג מיליאָן! א ווערטעל אויסצורעדען — נייען־און־נייענציג מיליאָן!

— נייען־און־נייענציג מיליאָן! — העלפט איהם אונטער דער מחבר, און ארקאַדי פּאַלט־אָן אויף איהם ווידער א מאָל און מאַכט איהם מיט דער בלאַטע:

— דייטש, איהר רעדט אויך פון מיליאָנען? אַנו, שוועהרט מיר אויף אייערע הייליגע נאמנות, מיין טייער שפּיעלפויגעלע פון דער חליה, אז איהר האָט אמאָל אויף אייער לעבען געזעהן מיט אייערע אייגענע אויגען א הונדערטער א גאַנצען, וועל איך אייך צאָהלען קנס וויפיעל „זיי" וועלען הייסען!

און ארקאַדי ווייזט אָן מיט דער האַנד אויפ'ן בעל־הבית, אַנגעבויגען דאָס קעפּעל אויף א זייט און צוגעמאַכט איין אויגעל.

— מיינט איהר דאָך, אז איהר האָט געטראָפען? — האַקט איהם אָפּ דער בעל־הבית. — זאָג איך אייך, אז איהר האָט, איך בעט איבער אייער כבוד, א גרויסען טעות! טשיידעלי האָט, ווי איהר קוקט איהם אָן, א סך הונדערטערס! א גאַנץ פּארמעגען! טשיידעלי, זאָלט איהר וויסען, איז א איד איין עושר, א גביר!

דאָס וואָרט „גביר" האָט בראָנזענטאָלער אָפּגעהאַקט, ווי מיט א האַקמעסער, און דער עפעקט דערפון איז געווען אזוי גרויס, אז ארקאַדי שווייצער האָט זיך מיט א מאָל אויסגעגלייכט, ארויס־געהאַפּט די ציגאַר פון די צייהן און געקוקט פונ'ם מחבר אויפ'ן בעל־הבית און פונ'ם בעל־הבית אויפ'ן מחבר און געפינטעלט מיט די אויגען, ווי איינער רעדט: „וואָס טהוט זיך עס מיט מיר?"

---

## קאפּיטעל יא.

מחמת אונזער מחבר טשיידעלי איז, ווי דער לעזער האָט שוין בעמערקט, א שטיל מענשעל, וואָס האָט פיינט, ווי אנדערע, בערימען זיך, דערצעהלען גוזמות, מאַכען פון זיך א גאַנצען וועזען, דערפאַר האָט געמוזט רעדען פאַר איהם בראָנזענטאָלער דער בעל־הבית, דערצעהלען פאַר'ן דריטען שכן רוב גדלו ורוב

עשרו, און טשיידעלי האָט נאָר אַלע מאָל אַריינגעוואָרפען אַ וואָרט מן הצד, נישט געקוקט בשעת מעשה אויף קיינעם, נאָר אָדער אַראָפּ צו זיך אויף די שפּיץ פיסלעך, אָדער אַרויף אַהין ערגיץ אין דער הויך, צווישען דער וואַנד און צווישען דער סטעליע, וואו עס האָט זיך בעזעצט אַ שפּין, אויסגעבויט אַ קונציגע קיילעכיגע דירה, בריה'ש געבליבען הענגען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף און אַרויסגעקוקט, גאָט זאָל צושיקען עפּיס פרנסה...

— אונזער טשיידעלי — אַזוי זאָגט בראָנזענטאַלער און קאַטשעט אַ פּאַפּיראָס — איז אַ מענטש, וואָס קאַטאָרי גאָט האָט איהם געבענטשט מיט אַזאַ פאַרמעגען, וואָס האָט קיין מורא ניט פאַר קיין פייער און ניט פאַר קיין וואַסער, פאַר פאַרלירען אָדער פאַר אַוועק'גנבה'נען; איהם קאָן קיינער נישט קאָנקורירען, איבער־שלאָגען, צונעמען; זיין סחורה איז תמיד געלט און זיין געלט איז שטענדיג מיט איהם!

אַרקאַדי שווייצער קאָן זיך ניט איינהאַלטען און טהוט אַ פרעג:

— וואָס זשע איז ביי איהם פאַר אַ מין סחורה: דימענטען? בריליאַנטען?

— נאָך טהייערער פון בריליאַנטען! — זאָגט בראָנזענ־טאַלער, און טשיידעלי לאָזט אַראָפּ די אויגען. — וואָרום וואָס איז דען, איינענטליך, בריליאַנטען? בריליאַנטען איז דאָך נישט מעהר ווי שטיינער, אַ ציערונג, אַ מאָדע אַזעלכע; לאָז דאָס ווערען אויס מאָדע — מעגט איהר דאָך נעמען אייערע בריליאַנטען און אַרויסוואַרפען זיי אויף אַ ריין אָרט. דאָס אָבער, וואָס אונזער טשיידעלי פאַרמאָגט, איז אַזאַ סחורה, וואָס וועט קיינמאָל ניט אַרויס פון דער מאָדע, און כל זמן די וועלט איז וועלט, וועלען זיך מענטשען אָהן דעם נישט באַגעהן.

— אָהאָ! — מאַכט אַרקאַדי. — אַ אידישע נשמה קאָן מען ניט שאַצען, ווי מיין באָבע עליה השלום האָט אַמאָל געזאָגט, אַז

זי האָט געזוכט א פּארפאַלענעם זעכסער און אויסגעטרייסעלט איהם ביי מיר אין קעשענע...

און אין הארצען טראַכט זיך ארקאדי: „דאַכט זיך, אזא פּימפּערעל? ניכער געוועכט זיך אויף איהם א מפּלה!"... נאָר דער בעל־הבית שטויסט זיך, וואָס ער מיינט, און רעדט ווייטער:

— פארשטעהט איהר מיך, אונזער טשיידעלי'ן האָט גאָט געשענקט א מתנה, וואָס ניט איטליכער פארמאָגט דאָס, דהיינו: אַלץ וואָס ער זעהט מיט די אויגען...

— נעמט ער מיט די הענט? — חאַפּט אונטער שוויי־צער. — פּונקט ווי מיין פעטער לייביש; איך האָב געהאַט א פעטער לייביש, האָט ער אויך געהאַט אזא טבע...

— ווילט איהר האָרכען, איז גוט; אַניט — געהט אייך מיט אייער פעטער לייביש וואוהין איך וויים! — מאַכט צו איהם דער בעל־הבית.

שווייצער בלייבט זיצען ווי א סטאַטיק, און בראָנזענטאַלער רעדט ווייטער:

— איז אַלץ, וואָס ער זעהט מיט די אויגען, באשרייבט ער מיט די הענט; און הענט האָט איהם גאָט געגעבען גאָלדענע; ער, אז ער זעצט זיך אוועק שרייבען, קאָן ער אייך שרייבען און שרייבען אָהן איין אויסלאָז און אָהן איין אויפהער; סע שרייבט זיך ביי איהם אזוי לאַנג, ביז עס געהט אוים מאַטעריאַל, איך מיין טינט און פּאַפּיער.

— ער דארף זיין א ווילדער בעל־הוצאה אויף די צוויי מינים? — ווארפט אריין ארקאדי.

— וואָס פאר א ווערדע האָט דאָס אָבער קעגען דעם, וואָס ער ברענגט־ארוים דערפון! מיט איין פלעשעל טינט קאָן אייך טשיידעלי אָנשרייבען א בוך פון טויזענד בלעטלעך.

— און פאר נויט — זעצט־צו ארקאדי — גיסט מען אונטער וואסער, ווי די וויינשענקערס טהוען, אז עס קומט צו די אנדערע

טעג יום טוב און דער וויין הויבט אָן צו טאָגען, און עס ווילט זיך ניט אַרויסלאָזען קיין פּדיון...

— טאָמער וואָלט איהר פאַרשטעקט דעם צאַפּען? — מאַכט צו איהם בראָנזענטאָלער און דערצעהלט ווייטער: — בקיצור, אונזער טשיידעלי איז אַ גאָלדשפּינער, ס'איז ביי איהם אַ קוואַל, וואָס לאָזט זיך קיינמאָל ניט אויס. זעהט איהר אָן דאָרטען אונ־טער'ן בעט אַ קעסטעל? איז דאָס פול ווי איין אויג, אָנגעפּאַקט מיט ספרים שוין אָנגעשריבענע, און נאָך וואָסערע ספרים! אַנ־טיקען שבאַנטיקען! ער האָט זיי מיר כמעט אַלע איבערגעלייענט. די ספרים, ווען מע דרוקט זיי אָפּ און מע לאָזט זיי אַרויס אויף דער וועלט, פאַרצוקערט מען זיי! דער גאַנצער חסרון איז, וואָס ס'איז ניטאָ מיט וואָס צו דרוקען זיי!

— ניטאָ קיין פּאָדעם, הייסט עס? — שטעלט־אַריין אַרקאַדי שווייצער. — ס'איז ביי אייך, הייסט דאָס, אַ „געלד־מאַנגעל”, ווי דער דייטש זאָגט, פּונקט דאָס זעלבע חולאַת, וואָס ביי מיר: „בייטעל־פיבער” רופט מען דאָס בלשון הדאָקטאָריע. וויפיעל באַדאַרף מען דערויף, למשל, געלט?

— וואָס איז די נפקא־מינה, — זאָגט בראָנזענטאָלער — אַז ס'איז ניטאָ? און דערצו איז טשיידעלי, ווי איהר קוקט איהם אָן, אַ מאָדנע מענטשעל, גאָר נישט דאָס, וואָס אַנדערע מחברים; אַנדערע מחברים געהען־אַרום מאַכען געלט...

— בעטלען? — חאַפּט זיך אויף דער מחבר. — גיכער שטאַרבען! — און די אויגען צינדען זיך אָן ביי איהם, און די בעקלעך ווערען איהם רויט, ווי דער רויטער שניפּס, וואָס ער טראָגט אויפ'ן ווייסען פּאַפּיערענעם קאָלנער. און דער בעל־הבית ווייזט־אָן אויף איהם מיט דער האַנד, ווי אַ געטרייער פאָ־טער אויף זיין איינגעשפּאַרט קינד.

— אַ גדלן! — מאַכט בראָנזענטאָלער. — אַ גדלן און איין עקשן! וויפיעל איך טענה ניט מיט איהם, איז דאָס ווי איין אַרבעס אין וואַנט. איך טענה מיט איהם: לאָמיר דערווייל

ארויסלאָזען איין ביכעל, און נאָכדעם וועלען מיר שוין זעהן וואָס מיר האָבען צו טהון. דערויף איז געגוג דערווייל די ערשטע עט־ליכע הונדערט קערבלעך.

— סך הכל? — מאכט ארקאדי. — וואָס פאר א ראָלע שפּיעלט אזא קליינע סומע ביי אזעלכע קאפּיטאליסטען, ווי איהר, כלעבען, ובפרט נאָך אויף אזא גאָלדען געשעפט, ווי ביכער?

— לאכט איהר דאָך? — זאָגט צו איהם בראָנזענטאָלער מיט פערדראָס. — וועל איך אייך ווייזען, אז איהר זענט, מחילה, א גרויסע בהמה און איהר הויבט ניט אָן צו פארשטעהן פון דאַנען אהין. איהר האָט נאָר א מויל און סע רעדט, און ווייטער איהר זאָלט פארשטעהן איין עסק, ארומנעמען א זאַך — דאָס ניט! אָט וועל איך אייך מאכען א פּראָסטען חשבון. זאָגט מיר, וואָס איך וועל אייך פרעגען, פאַני שווייצער, אז איהר זענט יאָ אזא חכם: וויפיעל, רעכענט איהר, געפינען זיך, אשטייגער, אידען?

— וואו? דאָ, אין יעהופּעץ? — פרעגט ארקאַדי. — עס ווענדט זיך וואָסערע אידען; אויב סוואָלעטשעס מיט פאַרחעס — איז, קיין עין־הרע, א סך...

— ניין, — ענטפערט איהם בראָנזענטאָלער, — ניט דאָס מיין איך! איך מיין אַלע אידען ארום און ארום?

— אומעטום — העלפט איהם אונטער טשיידעלי — אויף דער גאַנצער וועלט.

— אויף דער גאַנצער וועלט? — מאכט שווייצער און פער־קאָטשעט דעם שטערן. — מע זאָגט, קיין עין־הרע, היבשלעך, אזוי פיעל מכות אַלע אנטיסעמיטען אינאיינעם.

— וויפיעל זאָלען מיר רעכענען צווישען זיי אזעלכע, וואָס לייענען ביכער? — פרעגט בראָנזענטאָלער.

— וואָס לייענען ביכער וויים איך ניט, — מאכט ארקאַדי — נאָר אזעלכע, וואָס שפּיעלען אין קאָרטען, זענען געוויס מעהר; דאָס בין איך אייך ערב.

— לאָז זיין אַזוי! — לאָזט איהם צו דער בעל־הבית. — ווע־לען מיר רעכענען, אַז פון עטליכע מיליאָן איז פארהאַן נאָר צוויי מיליאָן אידען, וואָס לייענען ביכער. פון זיי וועלען מיר אַראָפּ־רעכענען אַ מיליאָן, וואָס קאָנען נישט אויסגעבען קיין קערבעל אויף אַ ביכעל, אָדער זיי ווילען נישט קויפען קיין ביכער. בלייבט אונז איבער איין מיליאָן אידען, וואָס ווילען יאָ אַמאָל לייענען אַ בוך. היינט לאָמיר רעכענען שוין אויף דעם פאַל, אַז צוויי אידען וועלען קויפען פאַר איין קערבעל איין ביכעל אויף צו לייענען.

— רעכענט איין ביכעל אויף דרייען, — פעררירכט איהם דער מחבר אליין.

— איין עק! — זאָגט דער בעל־הבית. — לאָז זיין אַ ביכעל אויף פיערען, אויף פינף איהרע! וויפיעל זשע האָט איהר דע־מאָלט? ניט קיין צוויי הונדערט טויזענד קארבען?

— פּונקט דאָס גרויסע געווינס. — מאַכט אַרקאַדי, וואָס הויבט ערשט איצט אָן רעכט צעקייען. — אוי וועה, ס'איז דאָך עפּיס טאַקי גאָר נישקשה'דיג פון אַ געשעפטעל, ווי איך בין אַ מענטש!

— וואָס זשע דען האָט איהר געמיינט? — מאַכט צו איהם דער בעל־הבית, און דער מחבר ווערד גרעבער ווי לענגער. — היינט שטעלט אייך פאָר, אַז איך וויל גאָר ניט רייך ווערען מיט אַ מאָל און איך שטעל־אָוועק דעם מקח נאָר אַ האַלב קערבעל פאַר אַ ביכעל?

— אַ חצי פויגעל איז בזיל הזול, אַ מציאה פאַר אַ גנב! — מאַכט אַרקאַדי, ווי אַ מענטש, וואָס איז אַ מבין אויף די זאַכען.

— דאָס האָט איהר פאַר'ן ערשטען ביכעל. — ציהט דער בעל־הבית דעם חשבון נאָך ווייטער. — היינט וואָס וועט איהר זאָגען, מיין ליעבער הער שווייצער, אַז אַזעלכע ביכער זענען פאַרהאַן ביי אונזער טשיידעלי אַ שטיקלעך דרייסיג?

— אָהאָ! קיין עין הרע ניט! — מאַכט אַרקאַדי און שפּרינגט־אַראָפּ פונ׳ם בעטעל. — דאָס שמעקט דאָך שוין גאָר מיט מיליאָנען, ווי איך בין אַ מענטש!

— וואָס זשע דען האָט איהר געמיינט? — זאָגט בראָנזענ־טאַלער, און טשיידעלי ווערד צעשמאָלצען פאַר תענוג. — לאָמיר נאָר דערטאַפּען די ערשטע עטליכע הונדערטער, אַזוי לאָזען מיר אַרויס תיכף ומיד דאָס ערשטע ביכעל, לייזען מיר אָפּ אַ מאה אלף, לעגען מיר דאָס אַריין טיעף אין קעשענע און נעמען זיך צו די איבעריגע ביכער, איינציגווייז; אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מיר לאָזען אַרויס אַלע דרייסיג שטיק, פאַרשטעהט איהר דאָך שוין, וואָס פאַר אַ פּנים מיר באַקומען דעמאָלט אין דער וועלט?! איך בין אייך שוין מוחל דאָס געלט — איך רעד פונ׳ם כבוד, וואָס טשיידעלי וועט דעמאָלט האָבען, אַז זיינע ביכער וועלען פאַרפלייצען די גאַנצע וועלט! איהר מעגט פון מיר לאַכען, הערט איהר, זאָגען, אַז איך בין איין אַלטער נאַר, — איך בין איהם באמת מקנא, דאָס הייסט, פאַרגינען פאַרגין איך איהם מיט׳ן גאַנצען האַרצען, נאָר מקנא בין איך איהם אודאי זעהר גוט. אַ קלייניגקייט — אַ זאַ כבוד! אַזאַ נאָמען!

ביי אַרקאַדי שווייצער האָט זיך פערדרעהט דער קאָפּ ניט אַזוי נאָך פונ׳ם כבוד מיט׳ן נאָמען, ווי פון די מיליאָנען, וואָס שטעהט־פאַר טשיידעלי זאָל דאָ פערדיענען. און דער מחבר איז מיט אַ מאָל אויסגעוואַכסען ביי איהם אין די אויגען, געוואָרען שענער גאָר אויפ׳ן אויסזיכט און גרעסער אויף דער וואוכס. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז טשיידעלי האָט טאַקי אַ פּנים פון אַ... אַ... עפּיס ניט קיין געוועהנליכער פאַרשוין. עפּיס די האָר מיט די קליינע הענטלעך עפּיס... כלעבען, ער האָט שוין לאַנג אַרויסגעזעהן, כמעט פון דער ערשטער מינוט, אַז דאָס איז אַ מענשעל ניט ווי אַלע מענשען... און אונזער אַרקאַדי שווייצער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און איז צוגעגאַנגען צום מחבר און האָט איהם אָנגענומען ביי איינע פון זיינע קליינע הענטלעך

מיט די דינע פינגערלעך און האָט איהם אָפּגעגעבען אַ שענעם אַ ברייטען מזל־טוב, איהם געווינשעוועט, ער זאָל דערלעבען וואָס גיכער ארויסלאָזען אַלע זיינע בעריהמטע ביכער, וואָס ווערליג ער, ארקאַדי שווייצער, זעהט ארויס, בעדאַרף דאָרטען שטעקען עפּיס אזעלכס, אזעלכס, וואָס ער קאָן עס מיט קיין ווערטער נישט ארויסגעבען. און פּלוצים האָט ער זיך געגעבען אַ פּאַטש אין שטערן, אַ ביסעל פערטראַכט זיך און אַ זאָג געטהאָן:

— שאַט, ווייסט איהר גאָר וואָס? ס'איז דאָ אַ פּלאַן ביי מיר! אַ טהייערער פּלאַן! אַ גאָלדענער פּלאַן! אַזאַ יאָהר אויף מיר!

ביידע צוויי, דער בעל־הבית און דער מחבר, האָבען אויפגע־שטעלט מויל און אויהערען, האָרכען וואָס פאַר אַ פּלאַן האָט פאַר זיי דער נייער שכן? און ארקאַדי שווייצער האָט זיך געווענדט צו זיי בזה הלשון:

— הערט זשע אויס, מיינע ליעבע אידען, וואָס איך וועל אייך זאָגען; נאָר בעטען וועל איך אייך, אַז קיין פּאַראיבעל זאָל ניט זיין און איהר זאָלט ניט האָבען קיין טבע פון בלאָזען זיך. מען איז דאָך הייזישע מענטשען. מיר אַלע דריי זענען, ברוך השם, גלייכע נגידים, אחוץ אונזער שאָדען אויף אַלע אנטיסעמיטען געזאָגט געוואָרען! טאָמער וואָלט געווען אַ סברה, למשל, מיר זאָלען שליסען צווישען זיך אַ מין... אַ מין געזעלשאַפט, אַ שותפות?

— אַ שותפות? אויף וואָס אַ שותפות? אויפ'ן דלות? נאָל־שמאָל־עט־קאָמפּאַניע? — פרעגען ביידע מיט אַ מאָל, דער בעל־הבית מיט'ן מחבר, און ארקאַדי פאַלט ביי זיך ניט אראָפּ און צעקיימט זיי די ווערטער, בכדי זיי זאָלען פערשטעהן וואָס ער מיינט:

— איך מיין דאָס גאַנץ ערנסט. איך וויל, פאַרשטעהט איהר מיך, מיר זאָלען זיך געבען דאָ איינס דאָס אנדערע דאָס הייליגע וואָרט, אַ תקיעת־כף, אזוי ווי קיינער ווייסט ניט וועמענ'ס מאָרגען עס איז, צי איך מיט מיינע דרייצעהן פּאַסען אין קלוב, צי איהר

מיט אייער כפול־שמונה׳דיגען פּריז דעמבאַ־דאַמבע־דעמביצקי אין אַמעריקאַ, צי זיי, דער מחבר הייסט דאָס, מיט זייערע ביכלעך? — איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל: ווער פון אונז עס זאָל פריהער ניט אויפגערעכט ווערען, באַדאַרף עס זיין יחדיו. איהר פאַר־שטעהט? מע זאָל זיך טהיילען גלייך אויף גלייך, און די הוצאות זאָלען געהן גלייך אויף גלייך, און אַלסדינג זאָל זיין אינאיינעם, יחדיו, איין מאָל פאַר אַלע מאָל יחדיו!

בשעת מעשה האָט אַרקאַדי שווייצער אויפגעהויבען די רעכטע האַנד אין דער הויך, דעם קאָפּ אַנגעבויגען אויף אַ זייט, און דער בעל־הבית מיט׳ן מחבר זענען געזעסען אַ פּאָר מינוט פערטומעלט, געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע און געשוויגען. דער פּלאַן איז געווען אַזוי אומגעריכט און דער טאָן אַזוי ערנסט, אַז בראָנזענ־טאַלער איז אויפגעשטאַנען דער ערשטער פונ׳ם טיש, צוגעגאַנגען צום נייעם שכן, אויסגעצויגען איהם די לאַנגע דאַרע האָריגע האַנד און אַרויסגעלאָזט הויך אויף אַ קול: „יחדיו!״ און אויף איהם קוקענדיג, האָט זיך אויך דאָס מחבר׳ל אַראָפּגעהאַפּט פונ׳ם בע־טעל, אויסגעצויגען ביידע שכנים זיין קליין הענטעל און אויס־געקוויטשעט אויף זיין דינער שטימע: „יחדיו!״ און אַלע דריי שכנים האָבען זיך פריינדליך געקוקט איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען אַריין, עטליכע מאָל גוט־גוט געקוועטשט זיך ביי די הענד און איבערגע׳חזר׳ט נאָך עטליכע מאָל דאָס ליעבע זיסע וואָרט „יחדיו״! און פּלוצים האָט זיך דער מחבר אַ וואָרף געטהאָן צום קעסטעל וואָס אונטער׳ן בעט, אַרויסגעחאַפּט פון דאָרטען אַ בויגען פּאַפּיער, געבראַכט צו טראָגען אַ טינט און פּען, אַנגעשריבען אין דער ברייט פונ׳ם בויגען פּאַפּיער מיט גרויסע גע׳כתיבה׳טע אותיות:

א׳ ב׳ ג׳ ד׳

און אַ זאָג געטהאָן צו די שכנים מיט אַ פערפּלאַמט פּנימ׳ל:

— חתמ׳עט זיך, זייט מוחל, אויפ׳ן דאָזיגען פּאַפּיער. דאָס איז אונזער קאָנטראַקט.

— וואָס באַדייטען די דאָזיגע אותיות? — פרעגען ביי איהם די איבעריגע צוויי שכנים שטאַרק פערוואונדערט.

— די דאָזיגע אותיות — זאָגט טשיידעלי — באַדייטען: א מ ת, ב ר כ ה, ג נ ב ה, ד ל ו ת. דאָס הייסט, דער פשט איז אזוי: אז מיר וועלען געהן מיט'ן אמת, וועט זיין ב ר כ ה, און אז מיר וועלען געהן מיט ג נ ב ה, וועלען מיר האָבען ד ל ו ת... פאַרשטעהט איהר שוין? הייגט לעגט זיך, זייט מוחל, מיט די חתימות!

דעם מחבר'ס איינפאַל איז אזוי געפעלען געוואָרען, אז דער בעל־הבית האָט איהם אונטערגעטראָגען א פאַפּיראָס מיט אזא מינע, גלייך ווי מע טראָגט אונטער א ליעב קינד א צוקערלעקאַבעל אָדער א קאָנפעקטעל, און ארקאַדי האָט זיך ניט געקאָנט איינ־האַלטען און האָט איהם דערלאַנגט א רעכטען זעץ אין פּלייצע.

— בראַוואָ! וואו תורה דאָרט איז חכמה! אזוי פּלעגט זאָגען דער זיידע מיינער, דער „שומר־בגדים" אַליין, בשעת מנשה'קע דער רופא פלעגט פרייטאָג אין באָד א גאָל טהון א אידען דעם קאָפּ, אוועקוואַרפען אין מיטען און געהן צום אַנדערען אידען.

און ס'איז געבליבען, אז דער שותפות זאָל הייסען „א' ב' ג' ד' עט קאָמפּאַניע"...

נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבען ביי די נייע שותפים די צערע־מאָניע פון אונטערשרייבען זיך. פריהער פון אַלע, געוועהנליך, האָט זיך גע'חתמ'עט דער בעל־הבית, משה בראָנזענטאַלער, אַני־דערגעלעגט א פיינע בעל־הבתישע חתימה מיט א פּאָר קוועטשלעך און מיט א בעל־הבתיש דריידעל. נאָך איהם האָט זיך בעדאַרפט אונטערשרייבען ארקאַדי שווייצער, האָט ער געזאָגט, אז כל ימיו האָט ער ליעב זיך חתמ'ענען צום לעצט, לכן זאָל זיך טשיידעלי מוחל זיין חתמ'ענען פריהער. און אז דער מחבר אַליין האָט זיך שוין צעשריבען פיינטשיק מיט א היבש דריידעל און מיט א שענעם ציק, ווי עס פּאַסט פאַר א שרייבער, און ס'איז געקומען צו אַר־

קאַדי'ן, האָט ער גענומען די פּען צווישען די פינגער, ווי מע נעמט א פּראָפּענציהער אויף אַרויסצושלעפּען א קאָרעק פון א פלעשעל, און האָט אָנגעדראָפּעט פּאַוואָלינקע אויפ'ן פּאַפּיער עטליכע פּאַ־סיקלעך מיט א צוויי־דריי רעדעלעך, און אויסגעלאָזט מיט א קלעק; — די דאָזיגע חתימה האָט געקאָנט מאַכען וואָס איהר ווילט אין דער וועלט, נאָר ניט „ארקאַדי שוויצער". און בשעת מעשה האָט אַרקאַדי רעכט געשוויצט און געזאָגט, אז מחמת ער האָט יונגעלוויז זעהר א סך געשריבען, האָט דאָס איהם שטאַרק געשאַדט צו דער ראיה, האָבען איהם די דאָקטוירים אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך היטען פון א פּען, ווי אין אויג א שטאָך, נאָר הלואי, זאָגט ער, וואָלט ער געהאַט דאָס געלט — וואָס ער וואָלט נאָך געקאָנט פון דעסטוועגען אויפ'ן ניכטערן האַרצען אָנשרייבען מיט הוילע ציפערען אליין!

און די דריי שכנים, וואָס האָבען געשלאָסען שותפות, האָבען זיך שפּעט, מיט'ן טאָגליכען שיין, אָפּגעזעגענט, זיך געווינשעוועט א גוטע נאַכט מיט זיסע חלומות, זיך אויסגעטהאָן און געלעגט שלאָפען, און גאָט ווייסט, אויב אויף דער גאַנצער וועלט זענען געווען אַזעלכע דריי צופריעדענע מענשען, וואָס זאָלען שלאָפען אַזוי זיס, אַזוי געשמאַק, און זאָלען זעהן אַזעלכע זיסע גילדענע חלומות, ווי עס האָבען געזעהן אין דער דאָזיגער נאַכט, אינ'ם דאָזיגען שטאַרק־אָנגערויכערטען פינסטערען חדר'על, כמעט אונ־טער'ן דאַך, אונזערע דריי פּאַרשוינען.

# עולם הבא

אז איהר ווילט, וועל איך אייך דערצעהלען א שעיִנע מעשה, ווי אזוי איך האָב אויף זיך געהאַט אמאָל א פּעקעל, וואָס איך האָב עס אַליין גענומען אויף זיך, און בין שיער־שיער ניט אומ־גליקליך געוואָרען! און איהר מיינט, איבער וואָס? נאָר איבער דעם, וואָס איך בין געווען א יונגערמאַן ניט קיין געניטער, ניט קיין איבערגעשפּיצטער, דאָס הייסט, עס קאָן זיין, איך בין נאָך היינט אויך ווייט פון א חכם, וואָרום איך זאָל זיין א קלוגער, וואָלט איך דאָך, ווי זאָגט איהר, געהאַט געלט; אז מע האָט געלט, איז מען דאָך אי קלוג, אי שען, אי מע קאָן זינגען.

בין איך, הייסט דאָס, געווען א יונגערמאַן, געזעסען אויף קעסט ביי שוועהר און שוויעגער, געזעסען און געלערענט, א ביסעל אריינגעקוקט אין די ביכלעך בסוד, די שוועהר און שוויעגער זאָלען ניט וויסען, ניט אזוי דער שוועהר, ווי די שוויעגער. איך האָב, דאַרפט איהר וויסען, א שוויעגער א מאַנסביל, דאָס הייסט: א אידינע, וואָס געהט אין ספּאָדעק. פיהרט אַליין אַלע געשעפטען, אַליין געטהאָן שדוכים, אַליין געקליבען חתנים פאַר די טעכטער. און אויך מיך האָט זי אַליין אויסגעקליבען, אַליין פאַרהערט, אַליין געבראַכט צו פיהרען קיין זוואָהיל פון ראַדאָמישלי — איך בין אַליין א ראַדאָמישלער בין איך, מסתמא האָט איהר געהאָרכט ראַדאָמישלי, מע האָט דאָס ניט לאַנג באַשריבען אויפ'ן בלאַט...

בין איך, הייסט דאָס, געזעסען אין זוואָהיל אויף קעסט, גע־קוועטשט דעם מורה־נבוכים, נישט אַרויסגעטראָטען מפּתחָ ביתי,

ביז ס'איז געקומען די צייט, מע האָרף זיך פֿאַרשרייבען צום פּריזיוו, מוז מען זיך מטריח זיין דורכפֿאָהרען אהיים קיין ראדאָ־מישלי צו־רעכט מאכען די פּאַפּיערען, זיך אויסטטאַרען די ליגאָטע, ארויסנעמען א פּאַס, ווי געוויינטליך. דאָס איז געווען, קאָן מען זאָגען, מיין ערשטער ארויספאָהר אויף דער וועלט. האָב איך מיך געלאָזט אין מארק אריין דינגען איין עגלה איינער אליין, צו באַווייזען, אז איך בין שוין אליין א מענטש. און גאָט האָט מיר צוגעשיקט א מציאה, איך האָב דערטאַפּט איין ערל פון ראדאָ־מישלי מיט א שליטען, — ווינטער איז דאָס געווען — מיט א ברייטער פּלייצע, א געפּאַרבטע, און מיט צוויי פליגלען ביי די זייטען, ווי איין אָדלער; נאָר דאָס פערדעל האָב איך גאָר ארויס־געלאָזט פונ'ם קאָפּ, אז ס'איז א ווייס, און א ווייס פערדעל, זאָגט די שוויגער, איז איין אומגליק. „הלוואי, זאָגט זי, איך זאָל ליגען זאָגען, די דאָזיגע נסיעה וועט זיין, האָב איך מורא, מיט שלים־שלים־מזל“... — „ביים דיר אָפּ די צונג!“ — חאַפּט זיך ארויס דער שוועהר מיט א וואָרט און האָט באלד חרטה, וואָרום ער באַקומט זיין פּסק אויפ'ן אָרט; נאָר צו מיר זאָגט ער שטילער־הייד: „ווייבערישע זאַבובאָנעס!“, און איך הויב מיך אָן גרייטען צו דער נסיעה: דעם טלית ותפילין, פּוטערגעבעקס, עטליכע קערב־לעך אויף דער הוצאה און קישענס דריי: א קישען אויף צו זיצען, א קישען אויף אָנצושפּאַרען זיך און א קישען אויף די פיס, — און דאוואי געזעגענען זיך. געקומען צום געזעגענען זיך — ניטאָ קיין ווערטער! פון תמיד אָן איז ביי מיר א טבע, אז סע קומט צום געזעגענען זיך, בלייב איך אָהן לשון! איך ווייס ניט, וואָס זאָגט מען? עפּיס קומט דאָס אוים ביי מיר גראָבליך, ווי אזוי דרעהט מען זיך אוים צו איטליכען, מחילה, מיט'ן הינטען און מע לאָזט זיי איבער גלאַט אזוי? איך ווייס ניט, ווי אזוי איהר, נאָר ביי מיר איז דאָס געזעגענען זיך עד היום על אפּי ועל חמתי! נאָר שאַ! מיר דאַכט, איך הויב שוין אָן פּאַרקריכען קיין בויבעריק... האָב איך מיך, הייסט דאָס, גאַנץ פיין אָפּגעזעגענט און פּאַ־

שאָל אין וועג אריין קיין ראַדאָמישלי. געווען איז דאָס תחילת ווינטער, דער שניי האָט זיך געלעגט פאַר־פריה, אַ שליטס־וועג גאָר איין אַנטיק. דאָס פערדעל, האָטש ס׳איז אַ ווייס, נאָר געהן געהט עס ווי אַ מזמור, און איין ערל האָב איך דערטאַפּט אַ שוויי־גענדיגען, פון די ערלים, וואָס אויף אַלסדינג וועט ער אייך ענט־פערען אָדער „עהע״, דאָס הייסט יאָ, אָדער „באַ—ני״, דאָס הייסט ניין, — און ווייטער האָטש געב איהם אַ קרענק! אַרויסגעפאָהרען פון דער היים נאָכ׳ן עסען, גאַנץ אויפגעלעגט, אַ קישען פון אונטען, אַ קישען אין די פּלייצעס און אַ קישען אויף די פיס; דאָס פער־דעל שפּרינגט, דער ערל סמאָצקעט, דער שליטען שליטעלט, דער ווינט בלאָזט, און אַ שנייעלע רייסט זיך פון אויבען, קוויקעלט זיך און פאַלט, לעגט זיך, ווי פעדערען, אויפ׳ן ברייטען גרויסען טראַקט, און אויפ׳ן הארצען מיר איז גוט, משונה גוט, ברייט און פריי און ליכטיג אויף דער נשמה, פאַרט דאָס ערשטע מאָל אַרויס אויף גאָט׳ס וועלטעל, איינער אַליין, אַ בעל־הבית, הייסט עס, פאַר זיך! און איך שפּאַר מיך אָן און צעלעג מיך אין שליטען גאָר מעשה פריץ... נאָר ווינטער, ווי וואָרעם איהר זאָלט ניט געהן אָנגעטהאָן, נאָר אַז דער פראָסט נעמט גוט דורך, גלוסט זיך אָפּשטעלען זיך אָנוואָרעמען, איבערחאַפּען דעם אָטהעם און פאָהרען ווייטער. און עס שטעלט זיך מיר פאָר, אין דמיון געוויינטליך, אַ קרעטשמע אַ וואַרעמע, אַ סאַמאָוואַר אַ זודיגער און אַ ראָסעלפּלייעל אַ פרישינקעם מיט אַ הייסער יויך... פון אַזעלכע מחשבות הויבט מיר אָן קלעהמען דאָס האַרץ, פשוט עס ווילט זיך עפּיס נעמען אין מויל אַריין. איך הויב אָן אַריינשמועסען מיט מיין ערל מכח אַ קרעטשמע, איך וויל געוואָהר ווערען, צי ס׳איז נאָך ווייט? ענט־פערט ער מיר: באַ—ני, ניין הייסט דאָס. פרעג איך איהם: שוין נאָהענט? ענטפערט ער מיר: עהע, יאָ הייסט דאָס. ווי־פיעל נאָהענט — דאָס איז שווער ביי איהם אַרויסצוציהען פונ׳ם מויל, האָטש טהו זיך אָן אַ מעשה! און איך שטעל מיר פאָר, וואָס וואָלט געווען, למשל, ווען אויפ׳ן ערל׳ס אָרט זאָל זיין אַ

איד, להבדיל, וואָלט ער דאָך מיר קלאָר געמאַכט ניט נאָר וואו די קרעטשמע איז, נאָר אפילו ווער עס האַלט די קרעטשמע, ווי אַזוי מע רופט איהם, און וויפיעל קינדער ער האָט, און וואָס ער צאָהלט פאַר דער קרעטשמע, און וואָס ער האָט פון איהר, און וויפיעל יאָהר זיצט ער דאָ, און ווער איז געזעסען פריהער — גאַנצע פּעק וואָלט ער מיר דערצעהלט. אַ מאָדנע פאָלק דאָס איז! איך מיין טאַקי אונזערע אידעלעך זאָלען געזונט זיין. ס'איז נאָר איין אנדער בלוט, כלעבען!... האָב איך מיר, הייסט דאָס, געטרוימט וועגען אַ קרעטשמע אַ ווארעמע, געפאַנטאַזיערט מכח אַ סאַמאָוואר אַ הייסען, וכדומה אַזעלכע גוטע זאַכען, ביז גאָט האָט רחמנות געהאַט, מיין ערל האָט אַ סמאַצקע געטהאָן צום פערדעל, פאַרקערעוועט דעם שליטען אַביסעל אויף אַ זייט, און עס האָט זיך באַוויזען אַ קליין גרוי שטיבעל, באַשאָטען מיט ווייסען פון אויבען ביז אַראָפּ, אַ פעלד־קרעטשמע, וואָס אינ'ם ווייסען שנייענדיגען פעלד זעהט זי אויס איינע אַליין עפּיס משונה עלענד, ווי אַ פאַרוואָרפענע, אַ פאַרגעסענע מצבה... צוגעפאָהרען צו דער קרעטשמע גאַנץ ברייטליך, האָט זיך מיין ערל גענומען מיט'ן פערד און שליטעלע אין שטאַהל אריין, און איך האָב מיך געלאָזט גלייך אין קרעטשמע אריין, געגעבען איין עפען די טהיר און... געבליבען שטעהן אויף דער שוועל, ניט אהער, ניט אהין! וואָס איז די מעשה? די מעשה איז אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע: אין מיטען דער קרעטשמע אויף דער ערד ליגט אַ מת, איבערגעדעקט מיט שוואַרצען, צוקאָפּענס שטעהען אַ פּאָר מעשענע לייכטער מיט קליינע ליכטלעך, אַרום און אַרום זיצען קליינע קינדער, אָפּגעריסען־אָפּגעשליסען, שלאָגען זיך מיט די הענטלעך אין קאָפּ, קלאָגען, וויינען, יאָמערען, שרייען: „מאַ—מע! מאַמע!" און עפּיס אַ הויכער מיט לאַנגע פיס, מיט אַ זומערדיגער צעריסענער נאַקידקע, עפּיס גאָר נישט נאָכ'ן סעזאָן, שפּאַנט אַרום הין און צוריק מיט די לאַנגע פיס און ברעכט די הענט און רעדט צו זיך אַליין: „וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען? און וואָס הויבט מען אָן צו טהון?"...

אודאי האָב איך פאַרשטאַנען אויף וואָס פאַר אַ חתונה איך בין דאָ אָנגעקומען! דער ערשטער געדאַנק מיינער איז אפילו געווען: נח, אַנטלויפען! און איך האָב זיך אַ נעם געטהאָן צוריק און געוואָלט מאַכען פיס. נאָר עס האָט זיך צוגעמאַכט הינטער מיר די טהיר און עס האָט מיך עפּיס ווי צוגעקאָוועט צו דער שוועל, און כ'האָב נישט געקאָנט ריהרען פון אָרט. דערזעהען פאַר זיך אַ פרישען פּאַרשוין, האָט דער הויכער איד מיט די לאַנגע פיס זיך אַ לאָז געטהאָן צו מיר, אויסגעצויגען צו מיר ביידע הענט, ווי אַ מענטש וואָס בעט ראַטונגעק:

— וואָס זאָגט איהר אויף מיין אומגליק? — מאַכט ער צו מיר און באַווייזט מיר אויף דער חברה, וואָס זיצען און וויינען. — געשטאָרבען ביי זיי די מאַמע נעבאַך! וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען? און וואָס הויבט מען אָן צו טהון?

— ברוך דיין אמת! — זאָג איך צו איהם און וויל איהם אָנהויבען טרייסטען מיט גוטע ווערטער, ווי געוויינטליך, שלאָגט ער מיר איבער אין מיטען די רעד און מאַכט צו מיר אַזוי:

— פאַרשטעהט איהר מיך, אויך די אייגענע מעשה. זי איז געווען אַ געשטאָרבענע, מיין ווייב הייסט דאָס, נאָך פון פאַר־אַיאָהרען, נעהאַט די גוטע קרענק, די אמת'ע טשאַכאָטקע; זי האָט נעבאַך אַליין געבעטען אויף זיך דעם טוידט. נאָר וואָס דען? אָט דאָס, וואָס מיר זיצען דאָ אין אַ העק, אין מיטען פעלד. וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען? און וואָס הויבט מען אָן צו טהון? זאָל איך געהן ערגיץ אין אַ דאָרף קריגען אַ פוהרעל און אָפּפיהרען זי אין שטעדטעל אריין, — ווי אַזוי לאָזט מען איבער דאָ די קינדער אַליין אין מיטען פעלד? און דאָ געהט צו נאַכט. גוואַלד, וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען? און וואָס הויבט מען אָן צו טהון?

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט זיך מיין איד עפּיס מאָדנע צעוויינט, אָהן טרערען, גלייך ווי צעלאַכט זיך, און האָט אַרויסגעלאָזט אַ משונה קול פונ'ם האַלז, גלייך ווי געהוסט: „הו־הו־הו!" — אַ

שטיק געזונט האָט ביי מיר צוגענומען דער דאָזיגער איד! וואָס מיר הונגער? ווער מיר קעלט? איך האָב פאַרגעסען אַלסדינג מיט אַלע מיט איינאַנדער און רוף זיך אָן צו איהם:

— איך פאָהר פון וואָהיל פאָהר איך קיין ראַדאָמישלי, און אַ פוהר האָב איך זעהר אַ וואוילע. איז אויב דאָס שטעדטעל, וואָס איהר זאָגט, איז ניט ווייט פון דאַנען, קאָן איך אייך צוליעב טהון געבען די פוהר, און אַליין וועל איך צוּוואַרטען דאָ, אויב עס דאַרף ניט געדויערען.

— אוי, לאַנג לעבען זאָלט איהר פאַר דער מצוה! עולם הבא וועט איהר זיך קויפען, ווי איך בין אַ איד, עולם הבא! — מאַכט ער צו מיר און חאַפּט מיך שיער אָרום קושען. — דאָס שטעדטעל איז ניט ווייט פון דאַנען, סך־הכל אַ ווערסט פיער אָדער פינף. געדויערען וועט דאָס אָפּפיהרען ניט מעהר ווי אַ שעה צייט, און איך שיק אייך באַלד אָפּ דאָס פוהרעל צוריק. עולם הבא וועט איהר זיך קויפען, ווי איך בין אַ איד, עולם הבא! קינדער! שטעהט אויף פון דער ערד און דאַנקט, קושט דעם דאָזיגען יונגענמאַן אין די הענט אַריין, אין די פּיס אַריין, ער גיט אונז זיין פוהר גיט ער אונז, וועל איך אָפּפיהרען די מאַמע אויפ'ן הייליגען אָרט! עולם הבא, ווי איך בין אַ איד, עולם הבא!

דאָס וואָרט „שמחה" איז ניט שייך אַהער, וואָרום די קינדער האָבען דערהערט „אָפּפיהרען די מאַמע", זענען זיי צוגעפאַלען צו איהר און ערשט אָנגעהויבען וויינען איבער־אַ־נייעס נאָך מיט מעהר פרישקייט. נאָר אַ בשורה איז דאָס ביי זיי געווען אודאי אַ גרויסע, וואָס סע האָט זיך געפונען אַ מענטש, וואָס טהוט מיט זיי אַ חסד; נאָר גאָט אַליין האָט איהם אַהער געבראַכט! מע האָט אויף מיר געקוקט, ווי אויף איין אויסלייזער, עפּיס אַ מין אליהו הנביא, און איך מוז אייך זאָגען דעם ריינעם אמת, איך אַליין האָב אויף זיך געקוקט בשעת מעשה ווי אויף ניט קיין געוועהנליכען מענטשען און בין אויסגעוואַכסען מיט אַ מאָל ביי זיך אין די אויגען, געוואָרען

אַט דאָס, וואָס מע רופט אָן „העלד". אין דער מינוט בין איך גרייט געווען איבערטראָגן בערג, איבערקעהרען וועלטען; נישטאָ, דאַכט זיך, די זאַך, וואָס זאָל זיין פאר מיר שווער. און עס האָט זיך ארויס־געריסען ביי מיר פונ'ם מויל:

— ווייסט איהר וואָס? איך וועל זי טאַקי אליין אוועקפיהרען מיט מיין ערל הייסט דאָס, פארשפּאָרען אייך מטריח זיין, אָפּרייסען פון די קינדער.

און וואָס ווייטער איך האָב גערעדט, האָט דאָס דאָזיגע גע־זינדעל אַלס מעהר געוויינט, געוויינט און געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַ מלאך פונ'ם הימעל, און איך בין ביי זיך אין די אויגען געוואַכסען אַלץ העכער און גרעסער, כמעט ביז'ן הימעל, פארגעסען בשעת מעשה, אז בסך־הכל האָב איך גאָר מורא זיך צוצוריהרען צו אַ מת, און האָב אַליין מיט מיינע הענט געהאָלפען איהם ארויס־טראָגען און ארויפלעגען אויפ'ן שליטען, צוגעזאָגט מיין ערל נאָך אַ חצי פויגעל מיט נאָך אַ מזומנ'עם טרונק־בראָנפען. תחילת האָט זיך מיין ערל אפילו אביסעל געקראַצט אין דער פּאָטיליצע, אונטער־געוואָרטשעט אונטער דער נאָז, נאָר נאָכ'ן דריטען קעלישעק איז ער געוואָרען ווייכער, און מיר זענען אוועק אין וועג אריין אַלע דריי, דאָס הייסט, איך און, להבדיל, דער ערל און די געשטאָרבענע קרעטש־מערקע חוה־נחמה, אזוי האָט מען זי גערופען, חוה־נחמה בת רפאל־מיכאל, איך געדענק דאָס אזוי ווי היינט, וואָרום אַ גאַנץ וועג האָב איך מיר גע'חזר'ט דעם נאָמען, וואָס דער מאַן איהרער האָט מיר אָנגעזאָגט עטליכע מאָל, וואָרום בשעת מע וועט זי באַדאַרפען מקבר זיין, טהון איהר רעכט און בעטען זי מחילה וועט מען מוזען וויסען איהר אמת'ען נאָמען. האָב איך אַ גאַנץ וועג גע'חזר'ט אויף אויס־וועניג: חוה־נחמה בת רפאל־מיכאל! חוה־נחמה בת רפאל־מיכאל! חוה־נחמה בת רפאל־מיכאל! און מחמת חזר'ען האָב איך פארגעסען איהר מאַנ'ס נאָמען, חאָטש נעמט מיר אראָפּ דעם קאָפּ! ער האָט מיר איבערגעגעבען זיין נאָמען אויך און צוגעזאָגט, אז איך וועל

קומען אין שטעדטעל אריין און וועל נאָר אָנרופען זיין נאָמען, אזוי וועט מען באלד צונעמען ביי מיר דעם מת, און איך וועל מיר קאָנען פאָהרען ווייטער, מחמת ער איז דאָרטען, אין יענעם שטעדטעל, זאָגט ער, כמה וכמה יאָהרען א יום־טוב'ניק, דאָס הייסט, אלע ימים נוראים פאָהרט ער אהין אויף יום־טוב און עס קאָסט איהם געלט אין שוהל צו דער שיסעל און, להבדיל, אין מרחץ און אומעטום, זאָגט ער, גיט ער זיי צו לייזען גוזמי־גוזמאות! און נאָך עפּיס האָט מיר אָנגעזאָגט דער קרעטשמער, אָנגעטורקעט א פולען קאָפּ, וואוהין איך זאָל צופאָהרען, און וואָס איך זאָל זאָגען, נאָר ס'איז אלסדינג מיט א מאָל ארויסגעפלויגען ביי מיר פון'ם מח, איהר זאָלט זאָגען, ס'זאָל איבערבלייבען חאָטש א האלב וואָרט — גאָלע גאָרניט! מיינע אלע געדאנקען האָבען זיך געדרעהט נאָר ארום איין זאך: איך פיהר א טוידטען — און דאָס אליין איז שוין געוועזן גענוג, עס זאָלען מבולבל ווערען ביי מיר אלע מיינע מחשבות און איך זאָל פארגעסען אפילו, ווי אזוי מע רופט מיך, וואָרום פון קינדוועיז אָן האָב איך מורא פאר א טוידטען אימת־מות! בלייבען איינער אליין מיט א טוידטען נאָך עד־היום — איהר זאָלט מיך אָפּגילטען! עס דאכט זיך מיר אויס, אז די האלב־צוגעמאכטע כלומרשט־פארגלאָצטע אויגען קוקען אויף מיר און זעהען מיך, און די צוגעשלאָסענע טוידטע ליפּען וועלען זיך אָט באלד אויפעפענען און עס וועט זיך לאָזען הערען א משונה קול, ווי פון אונטער דער ערד, וואָס פון'ם כח־הדמיון אליין קאָן מען פאלען חלשות! ניט אומזיסט דערצעהלט מען זיך אָן ביי אונז מעשיות וועגען מתים, ווי אזוי מענטשען זענען פון שרעק אליין געפאלען חלשות, אראָפּ פון זינען אָדער גאָר גע־בליבען אויפ'ן אָרט...

זענען מיר, הייסט דאָס, געפאָהרען אין דרייען מיט'ן מת. דעם מת האָב איך אָפּגעטראָגען איינע פון מיינע קישענס און אנידער־געלעגט אין שליטען אין דער ברייט ביי מיר צופוסענס, און בכדי עס זאָלען מיר ניט פּלאָנטען זיך קיין אומעטיגע מחשבות, האָב איך גענומען קוקען ארויף אין הימעל אריין און שטילערהייד גע'חזר'ט

זיך: חוה־נחמה בת רפאל־מיכאל! חוה־נחמה בת רפאל־מיכאל! אזוי לאנג, ביז עס האָבען זיך די נעמען אָנגעהויבען פּלאָנטען ביי מיר אין זכרון און ס׳איז שוין אויסגעקומען: חוה־רפאל בת נחמה־מיכאל, און רפאל־מיכאל בת חוה־נחמה, און האָב גאָר ניט באמערקט, אז עס הויבט עפּיס אָן ווי צו ווערען אלץ טונקעלער און טונקעלער, דער ווינט בלאָזט אלץ שטארקער און שטארקער, און דער שניי הערט ניט אויף צו שיטען און צו שיטען און פארשיטען דעם וועג אזוי, אז דער שליטען געהט אויף גאָט׳ס בעראָט, אין דער וועלט אריין, און מיין ערל עפּיס הער איך וואָרטשעט, פריהער שטילער־הייד, נאָכדעם העכער און שטארקער, און איך וואָלט געמעגט שווערען, אז ער בענטשט מיך מיט א דרייגאָרענדיגער ברכה... פרעג איך איהם: גוי, וואָס איז מיט דיר? ענטפערט ער מיר מיט א שפּיי און מיט א רציחה, זאָל גאָט שומר ומציל זיין, און עס עפענט זיך ביי איהם דאָס מויל און ער פארשיט מיך מיט ווערטער: סטייטש, זאָגט ער, איך האָב איהם גאָר אומגליקליך געמאכט מיט זיין פערדעל! איבער דעם, וואָס מיר האָבען גענומען א טוידטען אויפ׳ן שליטען, איז דאָס פערדעל אראָפּ פונ׳ם וועג, און מיר בלאָנזען, און גאָט ווייסט ביז וואנען מיר וועלען נאָך אזוי בלאָנזען, וואָרום אָט ווערד נאכט, זענען מיר גאָר פארפאלענע!... אודאי האָט ער מיר אָנגעזאָגט א שענע בשורה, און איך בין גרייט געווען פאָהרען צוריק אין קרעטשמע אריין, אָפּפיהרען צוריק די מצוה, איין עק, אוים עולם־הבא! זאָגט מיר אָבער דער ערל, אז איצטער איז שוין פארפאלען, נישטאָ ניט קיין אהין ניט קיין צוריק, וואָרום מיר דרעהען זיך ערגיץ אין מיטען פעלד, דער שווארץ־יאָהר ווייסט וואו!... דער וועג איז פארשאָטען, דער הימעל איז פינסטער, ס׳איז שוין שטאָק־נאכט, דאָס פערדעל איז אויסגעמוטשעט צום טוידט. א מיתה משונה זאָל קומען, זאָגט ער, אויף דעם קרעטשמער און אויף אלע קרעטשמערס פון דער גאנצער וועלט! נעחאַי וואָלט ער זיך, זאָגט ער, פריהער אויסגעבראָכען א פוס, איידער ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען דער דאָזיגער קרעטשמע! נעחאַי־בי וואָלט זיך,

זאָגט ער, איהם געשטעלט פּאַפּעריק דאָס ערשטע גלעזעל בראָנפּען, איידער ער האָט זיך געלאָזט צורעדען טהון אַזאַ נאַרישקייט — נעמען צו זיך איין אומגליק אין שליטען אריין, און איבער אַ האַלבען שמאַרדאָווינעץ פאַרפאַלען ווערען דאָ אין מיטען פעלד, צו אַלדי רוחות, מיט'ן פערדעל אינאיינעם! מילא ער, זאָגט ער, איז נאָך ווי עס איז, אפשר איז איהם באשערט אָט דאָ אַ מיתה משונה איינ־נעמען, אָבער דאָס פערדעל נעבאַך? וואָס האָט ער געהאַט צו דעם דאָזיגען פערדעל? איין אומשולדיגע בהמה, אַ סקאָטינע, וואָס ווייסט זי?...

איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז טרערען הערען זיך ביי איהם אין קול... איך וויל איהם אויסרעדען דאָס הארץ, זאָג איהם צו נאָך אַ חצי פויגעל מיט נאָך צוויי גוטע טרונק בראָנפּען, ווערד ער מלא כעס און זאָגט מיר גאַנץ אָפען, אַז טאָמער וועל איך ניט אנשווייגען ווערען, נעמט ער און וואַרפט מיר גאַר אַרויס די מציאה פונ'ם שליטען! און איך טראַכט מיר: וואָס טהו איך, אַשטייגער, אַז ער נעמט טאַקי חלילה און וואַרפט מיר אַרויס דעם מת פונ'ם שליטען מיט מיר אינאיינעם? אַ קשיא אויף איין ערל, אַז ער ווערד אין כעס?... און איך מוז שוין שטומען, זיצען אין שליטען איינגעגנאַ־רעט אין די קישענס און היטען זיך, איך זאָל חאָטש ניט אנשלאָפען ווערען, וואָרום, ראשית, ווי אַזוי שלאָפט מען, אַז סע ליגט אַ מת פאַר די אויגען? והשנית, האָב איך געהערט, אַז ווינטער אויפ'ן פראָסט טאָר מען ניט שלאָפען; מע קאָן אַזוי פּאַוואָלינקע אנשלאָפען ווערען אויף אייביג... נאָר, ווי אויף־צו־להכעיס, קלעפּען זיך מיר די אויגען דוקא צו חאַפּען אַ דרימעל. איך וואָלט אין דער מינוט, דאַכט מיר, אַוועקגעבען פאַר איין דרימעל מי יודע וויפיעל!... און איך רייס מיר די אויגען, און די אויגען פאָלגען ניט, און זיי שליסען זיך פּאַוואָלינקע, און עפענען זיך אויף, און שליסען זיך ווידער אַ מאָל, און דער שליטען שליטעלט זיך איבער'ן ווייסען, טיעפען, ווייכען שניי, און עפּיס אַ מאָדנע זיסקייט צעגיסט זיך אין אַלע מיינע אברים, און איך פיהל עפּיס אַ משונה גוטסקייט, און עס

גלוסט זיך מיר, אז די זיסקייט מיט דער גוטסקייט זאָל געדויערען נאָך און נאָך, אַ סך זאָל עס געדויערען, לאַנג זאָל עס געדויערען... נאָר אַ זייטיגער כח, איך ווייס ניט פון וואנען, שטעהט און טאָרעט מיך: „שלאָף ניט, נח, שלאָף ניט". און איך רייס אויף מיט געוואלד די אויגען, און פון יענער זיסקייט לאָזט זיך אויס אַ מין קעלט אינוועניג אין אַלע אברים, און פון יענער גוטסקייט — אַ מין מרה־שחורה מיט אַ מורא, מיט אַ פחד, מיט איין אומעט, זאָל זיך דער אויבערשטער מרחם זיין! עס ווייזט זיך מיר אויס, אז מיין מת רודערט זיך, דעקט זיך אָפּ און קוקט אויף מיר מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגען, ווי איינער רעדט: „וואָס האָסט דו געהאַט צו מיר, יונגערמאַן, אומברענגען אַ טוידטע אידינע, אַ מאַמע פון קליינע קינדער, נישט ברענגען זי צו קבר ישראל?"... און דער ווינט בלאָזט, פייפט מיט אַ קול פון אַ מענטשען, פייפט מיר גלייך אין אויהער אריין, רוימט מיר איין אַ שרעקליכען סוד... און שרעקליכע מחשבות, מורא'דיגע געדאַנקען, דמיונות קריכען מיר אין קאָפּ אריין, און עס שטעלט זיך מיר פאָר, אז מיר אַלע זענען דאָ אונטער'ן שניי, אַלע: איך און, להבדיל, דער ערל און דאָס פערדעל זיינס און דער מת... מיר אַלע זענען טוידט, נאָר דער מת — מערקווירדיג! — נאָר דער מת אַליין, דעם קרעטשמער'ס ווייב, איז לעבעדיג...

און פּלוצים דערהער איך, מיין ערל סמאָקעט דעם פערדעל עפּיס זעהר פריילעך, דאַנקט גאָט און צלמ'ט זיך אין דער פינסטער און זיפצט, און אַ נייע נשמה זעצט ער אריין אין מיר, און איך דערזעה פון דערווייטען בלישטשעט ארויס אַ פייערעל. דאָס פייע־רעל באַווייזט זיך, ווערד באַלד פארשוואונדען און באַווייזט זיך נאָך אַ מאָל. „אַ ישוב", טראַכט איך מיר, און דאַנק און לויב גאָט מיט'ן גאַנצען הארצען, און רוף מיך אָן צו מיין ערל: „אפּנים, מיר זענען שוין, זאָג איך, אויף אַ שטיקעל דרך? עס ווייזט אויס, זאָג איך, אז מיר זענען באַלד אין שטעדטעל?" — „עהע!" — מאַכט צו מיר דער ערל מיט'ן פריהעריגען קורצען, שטילען טאָן, שוין אָהן אַ שום כעס, און עס ווילט זיך מיר ארומנעמען איהם פון הינטען

און איהם געבען א קוש אין פּלייצע פאר דער גוטער בשורה, פאר זיין גוטען קורצען שטילען „עהע", וואָס איז טהייערער ביי מיר איצטער פון דער שענסטער קלוגער דרשה. „ווי אזוי רופט מען דיך?" — פרעג איך איהם, און עס וואונדערט מיך, פאר וואָס האָב איך איהם ביז אהער ניט געפרעגט זיין נאָמען. „מיקיטאָ" — ענטפערט ער מיר קורץ מיט איין וואָרט, ווי זיין שטייגער. „מיקי־טאָ?" — חזר איך איבער נאָך א מאָל, און דער נאָמען „מיקיטאָ" באַקומט ביי מיר א מאָדנעם חן. „עהע!" — ענטפערט ער מיר דערויף, ווי געוויינטליך, און עס גלוסט זיך מיר זעהר, אז מיקיטאָ זאָל מיר נאָך עפּיס זאָגען; האָטש צוויי־דריי ווערטער ווילט זיך מיר פון איהם הערכען, און מיקיטאָ ווערד מיט א מאָל טהייער ביי מיר אין די אויגען. אויך דאָס פערדעל זיינס ווערד ביי מיר טהייער, מלא חן. און איך מאַך מיט איהם א שמועס וועגען זיין פערדעל; איך זאָג איהם, אז ביי איהם איז א וואויל פערדעל. זעהר א וואויל פערדעל! ענטפערט מיר מיקיטאָ: „עהע". „און א שליטען איז ביי דיר, מיקיטאָ, זאָג איך, אויך א וואוילער!" ענטפערט ער מיר: „עהע". און מעהר וויל מיין מיקיטאָ קיין וואָרט נישט זאָגען, האָטש בראָק איהם אויף צעהן שטיקלעך! „האָסט פיינט, זאָג איך צו איהם, רעדען, מיקיטאָ־סערדצע?" — ענטפערט ער מיר: „עהע". און איך צעלאַך מיך, ס'איז מיר פריילּיך, גוט און פריילּיך, גלייך ווי איך האָב דאָ איינגענומען אַטשאַקאָוו, אָדער געפונען איין אוצר, אָדער אנטדעקט א נייעס, וואָס קיינער האָט דערפון ניט געוואוסט,— מיט איינעם וואָרט, איך בין גליקליך־איבערגליקליך! טאָמער ווייסט איהר וואָס? עס האָט זיך מיר געוואָלט אויפהויבען דאָס קול און אָנהויבען זינגען, ווי איהר זעהט מיך לעבען! ס'איז ביי מיר פון תמיד אָן אזא טבע, אז עס מאַכט זיך אמאָל, ס'איז מיר גוט אויפ'ן הארצען, זינג איך. מיינע זאָל לעבען ווייסט שוין מיין כאראקטער, פרעגט זי מיך: „וואָס איז שוין, נח? וויפיעל האָסט דו פאַר־דיענט, וואָס דו האָסט זיך אזוי צעזונגען?" ביי די ווייבער קומט אויס, נאָך זייער ווייבערשען שכל, אז פריילּיך איז א מענטש נאָר

דעמאָלט, ווען ער פאַרדינט; אַנדערש קאָן גאָר אַ מענטש ניט זיין אויפגעלעגט. פון וואַנען נעמט זיך דאָס, אשטייגער, וואָס אונזערע ווייבער זענען אַ סך מעהר להוט נאָך געלט, ווי מיר, מאַנספּאַר־שוינען? דאַכט זיך, ווער האָרעוועט אויפ׳ן געלט? מיר, צי זיי? נאָר שאַ! מיר דאַכט, איך בין שוין ווידער פאַרקראָכען קיין בויבעריק...

זענען מיר, הייסט דאָס, געקומען מיט גאָט׳ס הילף אין שטעד־טעל אַריין נאָך פאַר־פריה. דאָס שטעדטעל האָט געהאַלטען נאָך אין רעכטען שלאָף, ס׳איז נאָך געווען ווייט צו טאָג, קיין פייערעל זעהט מען ניט אין ערגיץ. קוים דערזעהען אַ שטיבעל מיט אַ גרויסען טהויער און מיט אַ בעזעמעל אויפ׳ן טהויער — אַ סימן פון איין אכסניא, האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגעקראָכען און גע־נומען ביידע, איך מיט מיקיטאַ׳ן, קלאַפּען מיט די קולאַקעס אין טהויער אַריין. געקלאַפּט־געקלאַפּט, קוים מיט צרות, גאָט האָט געהאָלפען, מיר האָבען דערזעהען אַ פייערעל אין פענסטער; נאָכ־דעם האָבען מיר דערהערט, עמיצער שליאָפּעט מיט די פיס און עס לאָזט זיך הערען אַ קול פון יענער זייט טהויער: ווער איז?

— עפענט, זאָג איך, פעטער, וועט איהר פאַרדינען עולם־הבא!

— עולם־הבא? ווער זייט איהר? — מאַכט דאָס קול פון יענער זייט און הויבט אָן עפענען דעם שלאָס.

— עפענט אויף, זאָג איך, איך האָב געבראַכט צו פיהרען אהער אַ מת.

— אַ וואָס?

— אַ מת!

— וואָס הייסט אַ מת?

— אַ מת הייסט אַ געשטאָרבענער. אַ געשטאָרבענע אידינע האָב איך אהער געבראַכט צו פיהרען פון אַ דאָרף, פון אַ קרעטשמע.

און פון יענער זייט טהויער איז געוואָרען שטיל. מע האָט נאָר געהערט, ווי עס האָט זיך צוגעמאַכט צוריק דער שלאָס און

די פיס האָבען אוועקגעשליאָפּעט ווייטער, און אויך דאָס ליכט איז פאַרלאָשען געוואָרען — און גען שריי חי וקיים! האָט דאָס מיך שוין פאַרדראָסען, און איך רוף מיך אָן צו מיין ערל, ער זאָל מיר העלפען קלאָפּען מיט די קולאַקעס אין פענסטער אריין. און מיר האָבען זיך גענומען ביידע קלאָפּען אַזוי געשמאַק, אַז דאָס פייערל האָט זיך ווידער אָנגעצונדען און דאָס קול האָט זיך ווידער געלאָזט הערען פון יענער זייט טהויער:

— וואָס ווילט איהר האָבען פון מיין לעבען? וואָס פאַר אַ פּריטשעפּע?

— אין גאָטעס ווילען, — בעט איך זיך ביי איהם ווי ביי אַ גזלן, — האָט רחמנות, איך בין דאָ מיט אַ מת!

— מיט וואָסער אַ מת?

— דעם קרעטשמער׳ס ווייב.

— וואָסער קרעטשמער?

— איך האָב פאַרגעסען ווי ער הייסט, נאָר זי רופט מען חוה־מיכאל בת חנה־רפאל, מיין איך חנה־רפאל בת חוה־מיכאל, חנה־חוה־חנה, מיין איך...

— איהר וועט ניט אוועקגעהן פון דאַנען, שלים־מזל! אָט גיס איך אייך אָפּ מיט איין עמער וואַסער!

אַזוי מאַכט צו מיר דער בעל־אכסניא און שליאָפּקעט אוועק פונ׳ם פענסטער און פאַרלעשט דאָס פייערל — און גען טהו איהם עפּיס!... ערשט העט־העט, אין אַ שעה אַרום, אַז עס האָט אָנגעהויבען שאַריען אויף טאָג, האָט ער אויפגעעפענט אַ שטיקעל טהויער און עס האָט זיך אַרויסגעשטעקט אַ שוואַרצער קאָפּ מיט ווייסע פעדערען און רופט זיך אָן צו מיר:

— דאָס האָט איהר געטאַראַבאַנעט אין די פענסטער אריין?

— איך, ווער דען?

— וואָס האָט איהר געוואָלט?

— איך האָב געבראַכט אַ מת.

— אַ מת? פיהרט איהם צו צום שמש פון חברה־קדישא.

— וואו זיצט דאָ דער שמש אייערער? ווי אַזוי רופט מען איהם?

— יחיאל רופט מען איהם, דעם שמש, און זיצען זיצט ער באַרג־אַראָפּ, טאַקי ניט ווייט פון באָד.

— וואו איז דאָ ביי אייך ערגיץ די באָד?

— די באָד ווייסט איהר ניט? איהר זענט, אַפּנים, נישט קיין היגער? פון וואַנען איז אַ יונגערמאַן?

— פון וואַנען איך בין? פון ראַדאָמישלי, אַ ראַדאָמישליער בין איך, נאָר פאָהרען פאָהר איך פון זוואָהיל, און דעם מת פיהר איך פון אַ קרעטשמע דאָ ניט ווייט, טאַקי דעם קרעטשמער'ס ווייב, זי איז געשטאָרבען פון דער טשאַכאָטקע.

— ניט דאָ געדאַכט! וואָס זשע געהר זיך עס אָן מיט אייך?

— מיט מיר? גאָר ניט. איך בין דורכגעפאָהרען פאַרביי, האָט ער מיך געבעטען, דער קרעטשמער הייסט דאָס, ער זיצט אין מיטען פעלד מיט פיצלעך קינדער, ניטאָ זי וואו צו באַהאַלטען, האָב איך מיך מיישב געווען, יענער בעט פאַרדיענען עולם הבא, פאַר וואָס ניט?

— די מעשה איז עפּיס ניט גלאַט. — מאַכט ער צו מיר. — איהר וועט זיך מוזען זעהען פריהער מיט די גבאים.

— ווער זענען ביי אייך, אשטייגער, די גבאים? וואו, זאָג איך, זיצען זיי?

— די גבאים ווייסט איהר ניט? רב שעפּסעל אַ גבאי, זיצט אויף יענער זייט מאַרק. רב אלעזר־משה אַ גבאי, זיצט סאַמע אין מיטען מאַרק. און רב יוסי, אויך אַ גבאי, זיצט נעבען אַלטען בית־המדרש. דער עיקר וועט איהר דאַרפען זעהען זיך מיט רב

שעפּסלען, ער איז דער גאַנצער טהוער ביי אונז. אַ הארטער איד, זאָג איך אייך פריהער, איהר וועט איהם אזוי גיך ניט איינבייסען.

— אַ שענעם דאנק אייך, זאָג איך, איהר זאָלט דערלעבען אַנזאָגען בעסערע בשורות! ווען וועל איך קאָנען זיך מיט זיי זעהען?

— וואָס הייסט ווען? אם ירצה השם, אין דערפריה נאָכ'ן דאווגען.

— מזל־טוב אייך! וואָס־זשע זאָל איך טהון דערווייל? לאָזט מיך חאָטש אריין אביסעל אָנוואַרעמען זיך. ס'איז ביי אייך אַ מין סדום, אפּנים?

דערהערט די דאָזיגע ווערטער, האָט מיין בעל־אכסניא גאַנץ פיין פארשלאָסען צוריק דעם טהויער — און שאַ, שטיל, ווי אויף אַ בית־הקברות. וואָס טהוט מען ווייטער? מיר שטעהען מיט'ן שליטען אין מיטען גאַס, מיקיטאַ פייערט, וואָרטשעט, קראַצט זיך אין דער פּאָטיליצע, שפּייט און שיט מיט דרייגאָרענדיגע ברכות: „אַ מיתה משונה זאָל קומען, זאָגט ער, אויפ'ן קרעטשמער און אויף אַלע קרעטשמערס פון דער גאַנצער וועלט. מילא ער אליין, זאָגט ער, חאַפּט איהם דער רוח! אָבער זיין פערדעל! וואָס האָט מען, זאָגט ער, צו זיין פערדעל, וואָס מע מאַרעט דאָס פון הונגער און פון קעלט? איין אומשולדיגע בהמה, אַ סקאָטינע, וואָס ווייסט זי?... ס'איז מיר אַ חרפה, אַ בושה פאַר דעם ערל, און איך טראַכט מיר בשעת מעשה: וואָס קלערט, אשטייגער, זיין קאָפּ וועגען אונז, אידען? וואָס פאַר אַ פּנים האָבען מיר, אידען, רחמנים בני רחמנים, קעגען זיי, ערלים, גראָבע לייט, אז איין איד דעם אנדערען וויל די טהיר נישט עפענען, לאָזט נישט אריין זיך אָנ־וואַרעמען אפילו, זענען מיר דאָך טאַקי ווערטה דריי מאָל אזוי פיעל, וואָס מיר האָבען!... און אָט אזוי בין איך מצדיק את הדין, דאָס הייסט, איך געפין פאַר רעכט אַלסדינג, וואָס מיר האָבען, און מאַך שולדיג דעם גאַנצען כלל, ווי געוויינטליך אַ איד בשעת

דער אנדערער איד וויל איהם נישט טהון קיין טובה. קיין אומה ולשון רעדט ניט אויף אונז אזוי פיעל שלעכטס, ווי מיר אליין. טויזענד מאל א טאג קאנט איהר הארכען פון וואסער א אידען איהר ווילט אזעלכע מינים ווערטער: „א איד איז דיר קיין קאטא־וועס ניט!" „מיט א אידען ווילט איהר עפּיס מאכען?" „מיט א אידען איז גוט קוגעל עסען!" „דאס קאן נאר א איד!" „הערסט דו, דערויף איז דאך עס א אידוניו!" „אוי, א איד, א איד!" וכדומה אזעלכע שענע אטעסטאציעס, קאמפּלימענטען. איך וואלט א בעלן געווען וויסען, ווי אזוי איז ביי „זיי", אז עס מאכט זיך, איינער דעם אנדערען וויל ניט העלפען, — פאלט מען אויך אן אויפ'ן כלל און מע זאגט, אז דאס גאנצע פאלק איז ניט ווערטה וואס די ערד טראגט דאס? נאר שא! איך בין שוין, דאכט מיר, וויעדער אוועק קיין בויבעריק...

שטעהען מיר, הייסט דאס, מיט'ן שליטען אין מיטען מארק און ווארטען ביז עס וועט ווערען רעכט טאג און די שטאדט וועט אנהויבען ארויסווייזען סימנים, אז זי לעבט. און כך הוה. עס האט זיך געלאזט הערען ערגיץ א רוק פון א טהיר, א קרעכץ פון איין עמער, פון א צוויי־דריי קוימענס האט זיך באוויזען א רויך, און א קרעהען פון העהנער האט זיך געלאזט הערען אלע מאל שטארקער און לעבעדיגער; עס האבען זיך געעפענט אלע טהירען און עס האבען זיך אנגעהויבען באווייזען גאט'ס באשעפענישען אין געשטאלטען פון בהמות, קעלבלעך, ציעגען און, להבדיל, אידען, ווייבער און מיידלעך, פארבונדען מיט ווארעמע שאלען און פאר־וויקעלט ווי די ליאלקעס, איינגעהויקערט אין דרייען און איבער־געפרוירען ווי די קיסליצעס — הקיצור, מיין שטעדטעל האט אויפ־געלעבט, ווי א לעבעדיגער מענטש, אשטייגער. עס האט זיך אויפ־געהאפּט, אפּגעגאסען נעגעל־וואסער, געהאפּט אויף זיך דאס מלבוש און גענומען זיך צו דער ארבייט: די מאנסבילען צו עבודת־הבורא, דאווענען, לערנען, זאגען תהלים, און די ווייבער צו די אויוועגס, צו די באקדייזשעס, צו די קעלבלעך מיט די ציעגען, און איך האב

מיך גענומען צו נאָכפרעגען זיך אויף די גבאים: וואו זיצט דאָ ערגיץ רב שעפּסעל, רב אלעזר־משה, רב יוסי? נעמט מען מיך צום עקזאַמען: וואָסער שעפּסעל, וואָסער אלעזר־משה און וואָסער יוסי? פאַרהאַן, זאָגען זיי, דאָ אין שטעדטעל עטליכע שעפּסלען, עטליכע אלעזר־משהס און עטליכע יוסים. און אז איך האָב זיי געזאָגט, אז איך דאַרף צו די גבאים פון חברה־קדישא, האָבען זיי זיך ווי דערשראָקען און גענומען אויסשטאָפּען ביי מיר, וואָס באַדאַרף עס א יונגערמאַן אַזוי פריה צו די גבאים פון חברה־קדישא? האָב איך מיך נישט געלאָזט לאַנג טאַפּען און האָב זיי אַנטפּלעקט מיין האַרץ, אויסגעזאָגט דעם גאַנצען סוד מיט דער באָמבע, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען. האָט איהר באַדאַרפט זעהען וואָס עס האָט זיך געטהאָן! איהר מיינט, מע האָט זיך געחאַפּט מיך באַפּרייען פון׳ם אומגליק? חס ושלום! מע איז נאָר געלאָפען איטליכער באַזונדער אין דרויסען א קוק טהון אויפ׳ן שליטען, צי עס ליגט טאַקי דאָרטען א מת, צי ס׳איז איין אויסגעטראַכטע מעשה? און דערווייל איז געוואָרען ארום אונז א רעדעל פון מענטשען, וואָס האָבען זיך געביטען, דאָס הייסט, מחמת קעלט זענען די מענטשען אוועק און אויף זייער אָרט האָבען זיך צונויפגעקומען אנדערע מענטשען, געקוקט אין שליטען אריין, געשאָקעלט מיט די קעפּ, געקנייטשט מיט די פּלייצעס, זיך צעפרעגט, ווער איז דער בר־מינן, און פון וואַנען, און ווער בין איך, און ווי קומט ער צו מיר, און נישט געגעבען מיר קיין הילף פון דאַנען אהין. קוים־קוים האָב איך גע׳פּועל׳ט, מע זאָל מיר אָנווייזען, וואו זיצט דאָ ערגיץ רב שעפּסעל דער גבאי. האָב איך איהם געטראָפען שטעהן מיט׳ן פּנים צו דער וואַנט, איינגעוויקעלט אין טלית ותפילין און דאַווענען אַזוי געשמאַק, מיט אַזא זיסען ניגון און מיט אַזוי פיעל התפּעלות, אז ממש די ווענט האָבען געזונגען. ער האָט געקנאַקט מיט די פינגער, געבאָמקעט און גע׳דבק׳עט זיך, געמאַכט משונה־מאָדנע העויות. איך האָב מיך, הערט איהר, גאָר מחיה געווען, וואָרום, ערשטענס, האָב איך ליעב גלאַט הערען אַזא מין

דאווגען, והשנית, האָב איך געקאָנט דערוויל אָנוואַרעמען אַביסעל די איבערגעפרוירענע ביינער. און אַז דער רב שעפּסעל האָט אויס־געדרעהט צו מיר דאָס פּנים, זענען אין די אויגען ביי איהם נאָך געשטאַנען טרערען, און אויסגעזעהען האָט ער ביי מיר אין די אויגען ווי אַ געטליכער מענטש, אַ קדוש, וואָס די נשמה זיינע איז אַזוי ווייט פון דער ערד, ווי דער גרויסער פּעטער גוף זיינער איז ווייט פונ'ם הימעל. און מחמת ער האָט נאָך געהאַלטען אין מיטען דאַווענען און האָט נישט געוואָלט מפסיק זיין, האָט ער זיך אויסגעשמועסט מיט מיר אויף „לשון־קודש", דאָס הייסט, אויף אַזאַ מין שפּראַך, וואָס באַשטעהט פון מאַכען מיט די הענט, ווינקען מיט די אויגען, קנייטשען מיט די פּלייצעס, דרעהען אַביסעל מיט'ן קאָפּ און אַביסעל מיט דער נאָז און אַ פּאָר לשון־קודש־ווערטער וואַרפט זיך אויך דורך בתוכם. אויב איהר ווילט, קאָן איך אייך איבערגעבען דעם דאָזיגען שמועס וואָרט ביי וואָרט; מסתמא וועט איהר שוין אַליין פאַרשטעהן וועלכס האָט געקעהרט צו מיר און וועלכס צו איהם.

— שלום עליכם אייך, רב שעפּסעל.

— עליכם שלום. אי־אָ... על הספסל...

— אַ דאַנק, איך בין שוין גענוג געזעסען.

— נו־אָ?... מה? מה?

— איך האָב צו אייך אַ בקשה, רב שעפּסעל. איהר וועט פאַרדיענען עולם הבא.

— עולם הבא? טוב... אלא מה? מה?

— איך האָב אייך געבראַכט אַ מת.

— מת? מי מת?

— אָט דאָ ניט ווייט איז פאַרהאַן אַ קרעטשמע, זיצט דאָרט אַ איד איין אָרעמאַן נעבאַך, איז ביי איהם, ניט דאָ געדאַכט, גע־שטאָרבען דאָס ווייב פון דער טשאַכאָטקע, געלאָזט קינדער קליינע,

א גאָט'ס רחמנות. ווען איך דערבאַרעם זיך ניט אויף זיי, ווייס איך ניט וואָס עס וואָלט נעבאך געטהאָן דער קרעטשמער אין מיטען פעלד מיט א בר־מינן.

— ברוך דיין אמת... אלא נו?... מעות? חברה־קדישא?...

— וואָסער מעות? ווער מיר מעות? יענער איז איין אָרע־מאַן, איין עני ואביון, א מטופל מיט קינדער! איהר וועט פאַר־דיענען עולם הבא, רב שעפּסעל.

— עולם הבא? טוב, טוב מאד! אלא מה? מה? הקדש? יהודים! נו? גם כן קבצנים! אי־אָ! נו־פע!

און מחמת איך האָב ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט דער־מיט, האָט ער זיך מיט כעס אויסגעדרעהט ווידער א מאָל מיט'ן פּנים צו דער וואַנט און האָט שוין גענומען דאַוונען נישט מיט אַזאַ היטץ ווי פריהער, שוין אביסעל שטילער, נידעריגער מיט א טאָן, כמעט אויף א קוויטש, און געשאָקעלט זיך גיך־גיך, מיט'ן קוריער־צוג, אראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם טלית ותפילין און אָנ־געפאַלען אויף מיר נאָכדעם מיט א מין כעס, גלייך ווי איך וואָלט איהם קאַלי געמאַכט א יריד, געקוילעט די קאַפּאָטע. סטייטש, זאָגט ער, דאָס שטעדטעל איז איין אָרעם שטעדטעל, האָט אויף זיך געגוג אייגענע קבצנים, וואָס אַז זיי שטאַרבען, מוז מען זיי נאָך מאַכען אויף תכריכים, קומט מען אַהער נאָך פון פרעמדע ערטער, פון דער גאַנצער וועלט אַהער! אַלע אַהער!... האָב איך מיך פאַרענטפערט ווי ווייט מעגליך, אַז איך בין גאָר דאָ אודאי נאָט די נשמה שולדיג, אַז דאָס איז נישט מעהר ווי א מת־מצוה. עלעהיי, מע האָט געפונען, זאָג איך, אין גאַס א טוידטען און מע דאַרף איהם טהון זיין רעכט, ברענגען צו קבר ישראל! איהר זענט דאָך, זאָג איך, איין עהרליכער איד, א פרומער, מע קאָן דאָך דערמיט פאַרדי־ע־ען עולם הבא! איז ער נאָך מעהר אָנגעפאַלען אויף מיר, כמעט, קאָן מען זאָגען, ער האָט מיך דורכגעטריבען. דאָס 'הייסט, נישט געטריבען ממש, נאָר דערגאַנגען די יאָהרען מיט ווערטער:

— אזוי? איהר זענט א יונגערמאַן פון עולם הבא? גנעהט זשע זיך דורך אַביסעל ביי אונז אין שטעדטעל, טהוט עפּיס דערצו, מע זאָל אזוי גיך ניט שטאַרבען פון הונגער און פריערען פון קעלט, וועט איהר זיך קויפען עולם הבא! איין עולם־הבא־איד! א יונגערמאַן, וואָס האַנדעלט מיט עולם הבא! געהט אייך געזונטער־הייד מיט אייער סחורה צו די הולטייעס, אפשר וועלען זיי ביי אייך האַנדלען עולם הבא? מיר האָבען אונזערע אייגענע מצוות און מעשים טובים, און אז עס וועט זיך אונז פאַרגלוסטען א חלק לעולם הבא, וועלען מיר זיך געפינען איין עצה אָהן אייך!

אזוי זאָגט צו מיר דער גבאי רב שעפּסעל און באַגלייט מיך אַרויס מיט כעס און מיט א רעכטען קנאַק מיט דער טהיר, און איך שווער אייך בנאמנות, — מיר זעהען זיך דאָך מיט אייך דאָס ערשטע מאָל און אפשר דאָס לעצטע מאָל, — פון יענעם פריה־מאָרגען אָן האָב איך באַקומען עפּיס א באַזונדערע מין שנאה צו עהרליכע אַלט־פרענקישע אידען, פיינט געקריגען די, וואָס דאַווענען הויך און דבקה'ן זיך און באַמקען און מאַכען העויות, פיינט גע־קריגען פרומאַקעס און אַלע מינים אידען, וואָס רעדען מיט גאָט, וואָס דיענען גאָט און וואָס טהוען אַלסדינג נאָר לשם שמים, כלומרשט פון גאָט'ס וועגען. אמת, איהר וועט מיר זאָגען, אז ביי די היינטיגע, ביי די אויפגעקלערטע, איז פאַרהאַן נישט מעהר, און אפשר נאָך וויניגער, יושר ווי ביי די אמאָליגע, ביי די פרומאַ־קעס? עס קאָן זיין, אז גערעכט זענט איהר, נאָר וואָס דען? דער פאַרדראָס איז חאָטש ניט אזוי גרויס, מע רעדט חאָטש ניט מיט גאָט. אי, וועט איהר פרעגען, למאי שלאָגען זיך די היינטיגע אזוי פאַר'ן אמת, לעגען־איין די וועלט, גלייך ווי דער רוח האַפּט זיי אוועק, און קומט צו עפּיס — לאָזט זיך אויס, אז סע הויבט זיך גאָר ניט אָן? נאָר שאַ! איך בין שוין, דאַכט זיך, ווידער אין בויבעריק?...

האָט מיך, הייסט דאָס, דער גבאי ראשון רב שעפּסעל, מחילה, דורכגעטריבען. וואָס טהוט מען ווייטער? דאַרף מען געהן ווייטער,

צו די איבעריגע, הייסט דאָס, גבאים. האָט זיך אָבער דאָ גע־טראָפען אַ נס, אַ נס מן השמים; איך האָב פאַרשפּאָרט געהן צו די גבאים, וואָרום די גבאים זענען געגאַנגען צו מיר, זיך באַגעגענט מיט מיר אַ נאָז קעגען אַ נאָז ביי דער טהיר, און אַ מאַך געטהאָן צו מיר:

— דאָס זענט איהר אפשר דער יונגערמאַן פון דער ציעג?

— פון וואָסער ציעג? — פרעג איך.

— דער יונגערמאַן, הייסט עס, וואָס האָט געבראַכט צו פיהרען אַהער אַ מת — זענט דאָס איהר?

— יאָ, ס'איז איך; וואָס איז דען?

— קומט צוריק, צו רב שעפּסלען, וועלען מיר זיך אַלע אינ־איינעם האַלטען איין עצה.

— האַלטען איין עצה? — זאָג איך. — וואָס איז שוין דאָ איין עצה? נעמט־צו ביי מיר דעם מת און לאָזט מיך אָפּ, וועט איהר זיך קויפען עולם הבא.

— עמיצער האַלט אייך דען? — מאַכען זיי צו מיר. — פאָהרט אייך מיט'ן מת וואוהין איהר ווילט, אפילו קיין ראַדאָ־מישלי, מיר וועלען אייך נאָך זאָגען אַ דאַנק.

— אַ דאַנק אייך פאַר דער עצה. — זאָג איך צו זיי.

— ניטאָ פאַר וואָס. — מאַכען זיי צו מיר, און מיר חאַפּען זיך אַריין אַלע דריי צוריק צו רב שעפּסלען, און אַלע דריי גבאים צווישען זיך הויבען־אָן רעדען, שפּאַרען זיך, קריגען זיך, כמעט מע זידעלט זיך. יענע צוויי זאָגען אויף רב שעפּסלען, אַז ער איז תמיד אַ מחמיר, אַ האַרטער איד, וואָס איהם איז שווער איינצו־בייסען; און רב שעפּסעל וואַרפט זיך, שמיצט זיך, דרינגט זיי אוים מיט פסוקים: „עניי עירך קודמין" — אַז די שטאָדט־אָרעמעלייט זענען בילכער. פאַלען־אָן אויף איהם יענע צוויי:

— אם כן, איז וואָס? ווילט איהר, הייסט דאָס, דער יונגער־מאַן זאָל פאָהרען מיט'ן מת צוריק?

— חס ושלום! — זאָג איך. — וואָס הייסט, איך וועל פאָה־רען מיט'ן מת צוריק? איך בין געקומען אהער קוים א לעבע־דיגער, שיער ניט אומגעקומען אין פעלד. דער ערל האָט מיך, לאנג לעבען זאָל ער, געוואָלט ארויסוואַרפען אין מיט'ן וועג פונ'ם שליטען. איך בעט אייך, האָט רחמנות, באפרייט מיך פונ'ם מת, איהר וועט אייך קויפען עולם הבא.

— עולם הבא איז אודאי א גוטער ביסען. — ענטפערט מיר איינער פון יענע צוויי, א הויכער איד א דאַרער מיט דינע פייגער, דער וואָס מע רופט איהם אלעזר־משה. — דעם בר־מינן וועלען מיר ביי אייך צונעמען און טהון זיין רעכט, נאָר עטליכע קערבלעך וועט דאָס אייך קאָסטען.

— וואָס הייסט? — זאָג איך. — לאַ־די איך האָב גענומען אויף זיך אזא מצוה, שיער ניט אומגעקומען אין פעלד, דער ערל האָט מיך, לאנג לעבען זאָל ער, געוואָלט ארויסוואַרפען פון שליטען, זאָגט איהר גאָר געלט?

— האָט איהר דערפאַר עולם הבא! — מאַכט צו מיר רב שעפּסעל מיט אזא פּאַסקודנע שמייכעלע, אז סע גלוסט זיך מיר איהם אָפּבאָדען, ווי סע געהער צו זיין, נאָר איך האַלט מיך איין מיט אַלע כחות, וואָרום איך בין דאָך ביי זיי אין די הענט!

— לאָזט זיך דינגען! — זאָגט צו מיר איינער פון די אַנ־דערע צוויי גבאים, דער וואָס מע רופט איהם רב יוסי, א אידעל א קליינס מיט א האַלב בערדעל איין אויסגעפליקטס. — איהר דאַרפט וויסען, יונגערמאַן, אז איהר האָט אויף זיך נאָך א באָמבע: איהר האָט נישט קיין פּאַפּיערען, קיין פּאַפּיערען האָט איהר ניט.

— וואָסערע פּאַפּיערען? — פרעג איך איהם.

— פון וואַנען ווייסען מיר, ווער דער בר־מינן איז? אפשר

איז דאָס גאָר ניט דער, וואָס איהר זאָגט? — מאַכט צו מיר דער הויכער מיט די דינע פינגער, אלעזר־משה הייסט דאָס.

איך שטעה און קוק פון איינעם אויפ'ן אַנדערען; און יענער, דער לאַנגער מיט די דינע פינגער, וואָס מע רופט איהם אלעזר־משה, שאָקעלט־צו מיט'ן קאָפּ און טייט מיט די דינע פינגער און זאָגט צו מיר:

— יאָ, יאָ, יאָ. אפשר האָט איהר אליין ערגיץ געקוילעט א אידינע, און אפשר טאַקי אייער אייגען ווייב, און געבראַכט צו פיהרען אהער און דערצעהלט א מעשה: א פעלד־קרעטשמע, דעם קרעטשמער'ס ווייב, טשאַכאָטקע, קליינע קינדער, עולם הבא?...

אפּנים, אז איך בין געוואָרען רעכט טוידט פון די דאָזיגע דבורים, מחמת יענער, דער קליינער, וואָס מע רופט איהם רב יוסי, האָט מיר גענומען אויסרעדען דאָס הארץ, אז, אייגענטליך, זיי אליין וואָלטען ניט געהאט קעגען דעם גאָרנישט, וואָרום וואָס האָבען זיי צו מיר? זיי זענען מיך, חלילה, ניט חושד, זיי פאַר־שטעהען גאַנץ גוט, אז דאָך בין איך ניט קיין גזלן און ניט קיין קוילער, נאָר איך בין דאָך פאָרט, זאָגט ער, א פרעמדער, און א בר־מינן איז ניט קיין זעקעל קאַרטאָפלים, מע האָט צו טהון מיט א טוידטען מענטשען, מיט א מת... ס'איז, זאָגט ער, ביי אונז פאַרהאַן א ראַבינער און, להבדיל, איין אוריאַדניק, א פּראָטאָקאָל מוז מען מאַכען...

— יאָ, יאָ, יאָ! א פּראָטאָקאָל! א פּראָטאָקאָל! — שטעלט־אַריין דער לאַנגער, וואָס מע רופט איהם אלעזר־משה, און טייט מיט'ן פינגער און קוקט אויף מיר פון אויבען אַראָפּ מיט אזעלכע אויגען, גלייך ווי איך וואָלט דאָ באמת אָפּגעטהאָן עפּיס אזעלכס, וואָס סע קומט מיר קרימינאַל... איך האָב שוין מעהר קיין ווערטער ניט; איך פיהל נאָר, ווי א שוויים איז מיר אַרויסגעטראָטען אויפ'ן שטערן, און ס'איז מיר געוואָרען, ניט פאַר אייך געדאַכט, נישט גוט אויף צו חלש'ען. איך האָב גוט פאַרשטאַנען די וויסטע־פינ־

סטערע לאגע מיינע, ווי מיאוס איך האָב מיך דאָ ארייגגעחאפּט; ס'איז מיר געווען אַ בזיון מיט אַ פּאַרדראָס מיט אַ הארצוועהטיג אינאיינעם. האָב איך מיך מיישב געווען: וואָס וועל איך דאָ מאַכען מיט זיי לאַנגע מחזקות? געה איך און נעם ארויס דאָס טייסטערעל און רוף מיך אָן צו די דריי גבאים פון חברה־קדישא:

— הערט־זשע אויס, אידען, די מעשה דערפון איז אזוי: איך זעה שוין, אז כ'האָב מיך דאָ גוט ארייגגעחאפּט. דער גוטער יאָהר האָט מיך געטראָגען, איך זאָל זיך אָפּשטעלען אין אַ פעלד־קרעטשמע אָנוואַרעמען זיך און טרעפען אקוראט דעמאָלט, ווען דעם קרעטש־מער'ס ווייב פאַרגלוסט זיך מאַכען אַ שטאַרב, און הערען ווי אַ איד איין אָרעמאַן, אַ מטופל מיט קינדער, בעט זיך, רעדט מיך צו, איך זאָל זיך קויפען עולם הבא, — באַדאַרף עס מיך קאָסטען רבי־געלט. אָט האָט איהר אייך מיין טייסטער מיט געלט, איך פאַר־מאָג ארום און ארום בסך הכל אַ קערבלעך עטליכע און זיעבעציג; נעמט אייך און טהוט אייך, ווי איהר פאַרשטעהט; מיר לאָזט נאָר איבער אויף דער הוצאה ביז ראַדאָמישלי, און נעמט־צו ביי מיר דעם בר־מינן און לאָזט מיך ארויס פון דאַנען מיט'ן לעבען.

אפנים, אז מיינע ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען מיט הארץ, וואָרום אַלע דריי גבאים האָבען זיך איבערגעקוקט צווישען זיך, נישט געוואָלט זיך צוריהרען צו מיין טייסטערעל מיט געלט, און האָבען מיר געזאָגט, אז ס'איז ביי זיי, חלילה, ניט סדום; אמת, דאָס שטעדטעל איז טאַקי איין אָרעם שטעדטעל, און קבצנים זענען ביי זיי פאַרהאַן אַ סך מעהר פון נגידים, נאָר נעמען אָנפאַלען אויף אַ פרעמדען מענטשען און זאָגען איהם: „זשיד, דאוואַי ראָשע" — דאָס פע! מהכתיתי, וויפיעל איך וועל געבען מיט מיין גוטען ווילען, איז גוט; פּטור בלא כלום — דאָס געהט ניט, ס'איז איין אָרעם שטעדטעל. היינט עפּים שמשים, חברה נושאי־המטה, תכריכים, בראָנפען, קרקע־געלד, געוויינטליך, צו ביסלעך, שיטען דאַרף מען ניט, וואָרום שיטען האָט קיין שיעור ניט!

מילא, וואָס זאָל איך אייך נאָך דערצעהלען ווייטער? דער קרעטשמער זאָל פאַרמאָגען די רי"ש אלפים, וואָלט זיין ווייב ניט געקאָנט האָבען אזא לויה, ווי זי האָט געהאַט! דאָס גאַנצע שטעדטעל איז זיך צונויפגעלאָפען אָנקוקען דעם יונגענמאַן, וואָס האָט געבראַכט א בר־מינן. איינער דעם אנדערען האָט איבער־געגעבען די מעשה מיט א יונגענמאַן און מיט א בר־מינן זעהר א רייכען, א רייכע שוויעגער (פון וואַנען האָבען זיי גענומען, אז ס'איז מיין שוויעגער?), איז מען געקומען מקבל פּנים זיין דעם רייכען יונגענמאַן, וואָס האָט געבראַכט די רייכע שוויעגער און שיט מיט געלט... מע האָט ממש געטייט אויף מיר מיט די פינגער. און אָרעמע לייט? כחול הים! זינט איך לעב, זינט איך שטעה אויף מיינע פיס, האָב איך אַזוי פיעל אָרעמע לייט ניט געזעהען! ערב יום כפור פאַר דער שוהל איז גאָר קיין דמיון ניט! מע האָט מיך געשלעפּט פאַר די פּאָלעס, געריסען אויף שטיקלעך. א קליי־ניגקייט, א יונגערמאַן, וואָס שיט מיט געלט? א גליק, וואָס די גבאים האָבען זיך אָנגענומען מיין קריוודע, נישט דערלאָזט מיך, איך זאָל אוועקגעבען דאָס גאַנצע געלט, און איבערהויפּט יענער הויכער, וואָס מיט די דינע פינגער, אלעזר־משה הייסט דאָס, איז ניט אָפּגעטראָטען פון מיר אויף קיין רגע און האָט ניט אויפגע־הערט צו טענה'ן מיט מיר און טייטען מיט די פינגער: „יונגער־מאַן! שיט נאָר נישט מיט קיין געלט! שיטען האָט קיין שיעור ניט!" נאָר וואָס מעהר יענער האָט גע'טענה'ט, איך זאָל ניט „שיטען", האָבען זיך אַלץ מעהר געקליובען ארום מיר שלעפּערס און געריסען פון מיר שטיקער פלייש: „נישקשה! — האָבען געשריען די אָרעמע לייט. — נישקשה, אז מע באַגראָבט אזא רייכע שוויעגער, מעג מען זיך לאָזען קאָסטען נאָך א פּאָר גראָשענס! די שוויעגער האָט איהם געלאָזט גענוג געלט! חוץ זיין שאָדען אויף אונז געזאָגט געוואָרען!"

— יונגערמאַן! — שרייט איינער א שלעפּער און שלעפּט מיך ביי דער פּאָלע. — יונגערמאַן! גיט אונז אויף צווייען איין

האָלב קערבעל! האָטש א פערציגער גיט אונז! מיר זענען צוויי געבוירענע קאַליקעס, איינער א בלינדער, דער אַנדערער א קרומער, גיט אונז האָטש א גילדען, א גילדען אויף צוויי קאַליקעס, צוויי קאַליקעס איין גילדען זענען תמיד ווערטה!...

— וואָס הערט איהר, וואָס ער וועט אייך דערצעהלען קאַליקעס? — שרייט נאָך א שלעפּער און שטופּט־אָפּ יענעם שלעפּער מיט די פיס. — אָט דאָס הייסט ביי איהם קאַליקעס? א קאַליקע איז מיין ווייב, אָהן הענט, אָהן פיס, אָהן לייב און לעבען, און מיט קליינע קינדער אויך קראַנקע. גיט מיר האָטש, יונגערמאַן, נאָך א פּיטאַקעל, וועל איך זאָגען קדיש נאָך אייער שוויעגער, זי זאָל האָבען א ליכטיגען גן־עדן!

איצטער לאָך איך; דעמאָלט בין איך געוועזען ווייט פון געלעכטער, וואָרום די חברה אָרעמעלייט זענען געוואַכסען ווי אויף הייוועז. מע האָט אין איין האַלבע שעה פאַרפּלייצט דעם גאַנצען מאַרק; ס'איז אונמעגליך געוועזן זיך ריהרען מיט דער מטה. די חברה שמשים האָבען מיט שטעקענס געמוזט געמען זיך צעטרייבען דעם עולם; איז דערפון ארויס א געשלעג; האָבען זיך שוין אָנגעהויבען קלויבען ארום אונז גויים אויך און גויעס און שקצים'לעך און שיקסעס לרוב, ביז עס האָט דערגרייכט אין די הויכע פענסטער, פאַרשטעהט איהר, און עס האָט זיך באַוויזען דער אָדון דער אוראַדניק, רייטענדיג אויף א פערד, מיט א בייטשעל אין האַנט, און האָט מיט איין קוק און מיט עטליכע גוטע בייטשלעך צעטריבען דעם גאַנצען עולם, ווי די פויגעלעך, און אַליין איז ער אַראָפּ פון'ם פערד און צוגעגאַנגען צו דער מטה חוקר ודורש זיין, וואָס דאָ טהוט זיך, ווער איז דאָס געשטאָרבען, פון וואָס איז מען געשטאָרבען, און וואָס איז אזוי פאַרפּלייצט דער מאַרק? צום ערשטען איז איהם געפעלען א פרעג טהון מיך, ווער בין איך, פון וואַנען און וואוהין פאָהר איך דאָס? איז מיר געוואָרען „פרחה נשמתי", און בין געבליבען אָהן לשון. איך וויים ניט, וואָס דאָס

איז? דערזעה איך איין אוראדניק, לאז איך אפ העגט און פיס, האטש איך האב אויף מיין לעבען נישט אנגעריהרט, ווי מע זאגט, קיין פליעג אויף דער וואנט, און איך וויים גאנץ גוט, אז איין אוראדניק איז א מענטש, א בשר־ודם גלייך מיט אלע מענטשען. אדרבה, איך קען א אידען, וואס לעבט מיט'ן אוראדניק, ווי אנ־דערע צוויי, געהען איינס צום אנדערען צו־גאסט, קומט יום־טוב עסט דער אוראדניק ביי'ם אידען פיש און דעם אידען איז דער אוראדניק מכבד מיט אייער, קאן זיך גאר ניט אפלויבען, וואס פאר א גוי דאס איז! און פון דעסטוועגען, אז איך דערזעה איין אוראדניק, אנטלויף איך. אפנים, אז ס'איז א ירושה־זאך, ווארום איך אליין, דארפט איהר וויסען, קום ארויס פון „געשמיסענע", פון די סלא־וויטער הייסט דאס, טאקי פון די אמת'ע סלאוויטער וואס בימי וואסילטשיקאוו, וואס וועגען דעם האב איך אייך צו דערצעהלען און צו דערצעהלען גאנצע פעק! נאר שא! איך בין שוין, דאכט מיר, אויף יענער זייט בויבעריק?...

האט מיך, הייסט דאס, דער אדון דער אוראדניק גענומען אויפ'ן צימבעל: ווער בין איך און וואס בין איך און פון וואנען און וואוהין פאהר איך? געה דערצעהל איהם א מעשה, אז איך זיץ ביי'ם שוועהר אין זוואהיל אויף קעסט און דאס פאהר איך קיין ראדאמישלי נאך א פאס! לאנג לעבען זאלען טאקי די גבאים, וואס זיי האבען מיך אויסגעלייזט פון א צרה: איינער פון יענע צוויי גבאים, דער קליינער וואס מיט'ן אויסגעפליקטען בערדעל, האט אוועקגערופען דעם אדון אויף א זייט, מיט איהם עפיס גע־סוד'עט זיך דארטען, און דער הויכער וואס מיט די דינע פינגער האט מיך דערוויילע געלעהרענט און איינגעטייט מיט די פינגער, וואס איך זאל זאגען:

— יהודי בלא! איהר דבר'ט איהם, אז איהר זענט א היגער, נאר איהר זיצט נים ווייט סמוך לעיר, און דאס איז אייער חמותי, הייסט דאס די שוויעגער אייערע איז נפטר געווארען, זענט איהר

געקומען אהער זי מקבר זיין, און בשעת איהר וועט איהם נתנ׳ען אין יד אריין, זאָלט איהר אויסקלערען עפּיס א נאָמען פון דער הגדה, און דעם ערל אייערען וועלען מיר אוועקרופען אין בית אריין און מכבד זיין מיט א צנצנת יי״ש, לאָז ער זיך ניט דרעהען דאָ פאר די עינים, וועט זיין טוב מאד!

און דער אָדון דער אוראדניק איז אריין מיט מיר אין א שטוב און האָט מיך גענומען צום פּראָטאָקאָל. עס זאָל מיך אזוי וויסען בייז מיט אייך אינאיינעם, ווי איך ווייס, וואָס איך האָב איהם דאָרטען אָנגעבעבעט. איך געדענק נאָר, אז איך האָב עפּיס גע־בעלעבעטשעט מיט דער צונג, וואָס ס׳איז מיר געקומען אויפ׳ן זינען, דאָס האָב איך געזאָגט, און ער האָט פאַרשריבען אויף פּאפּיער.

— ווי אזוי רופט מען דיך?

— מאָווּשע.

— דעם טאטען?

— איצקאָ.

— וויפיעל ביזט דו אלט?

— נייענצעהן יאָהר.

— א באווייבטער?

— א באווייבטער.

— קינדער פארהאן?

— פארהאן.

— וואָס איז דיין טהועכטס?

— א סוחר.

— ווער איז דאָס געשטאָרבען?

— מיין שוויעגער.

— ווי אזוי האָט זי געהייסען?

— יענטע.

— איהר פאָטער?

— גרשון.

— וויפיל אַלט איז זי געווען?

— פערציג יאָהר.

— פון וואָס איז זי געשטאָרבען?

— פון א דערשרעק.

— פון א דערשרעק?

— פון א דערשרעק.

— וואָס הייסט פון א דערשרעק? — מאַכט ער צו מיר און לעגט־אַוועק די פען, פאַררויכערט א פּאַפּיראָס און באַטראַכט מיך פון קאָפּ ביז פיס, און איך פיהל, אַז אָט־אָט קלעבט זיך מיר צו די צונג צום גומען. האָב איך מיך מיישב געווען, איך האַלט שוין במילא אין באַקען שקרים, דאַרף מען באַקען ווייטער! און איך האָב איהם דערצעהלט א גאַנצע מעשה, ווי אַזוי מיין שוויגער איז געזעסען איינע אַליין איבער איין ארבייט, געאַרבייט א זאַק, און האָט זיך פאַרגעסען, אַז אין שטוב זיצט איהרס א יונגעל, אפרים הייסט ער, שוין א בחור'על פון א יאָהר דרייצעהן, נאָר איין אָפּגעריסענער נאַר, א לעקיש, שפּיעלט זיך נאָך מיט'ן שאָטען. איז ער זיך מיישב און לעגט צונויף אונטער דער שוויגער'ס פּליי־צעס ביידע הענט און מאַכט א ציעגעלע אויף דער וואַנט פונ'ם שאָטען און עפּענט אויף דאָס מויל און טהוט א געשריי „מעעעע!" איז זי אָראָפּגעפּאַלען פונ'ם בענקעל, די שוויעגער הייסט דאָס, און איז געשטאָרבען.

אַזוי וועב איך איהם א לאַנג־מאָדנעם ליגען, און ער קוקט, לאָזט ניט אראָפּ קיין אויג פון מיר די גאַנצע צייט, און איך רעד, שיט, בעלעבעטשע מיט דער צונג, איך ווייס אַליין ניט וואָס... אויסגעהערט מיך ביז'ן סוף, שפּייט ער אויס, ווישט זיך אויס

די רויטע וואָנסעס, געהט־ארויס מיט מיר אין דרויסען ארויס צו דער מטה, דעקט אויף די שווארצע דעק, טהוט א קוק דער געשטאָרבענער אין פנים, טהוט א מאַך מיט'ן קאָפּ, ווי איינער רעדט: „ס'איז עפּיס ניט גלאַט!"... איך קוק אויף איהם, ער אויף מיר, נאָכדעם רופט ער זיך אָן צו די גבאים:

— נו, די געשטאָרבענע קאָנט איהר באהאַלטען, און איהם, דעם דאָזיגען חברה־מאַן, מוז איך דאָ פארהאַלטען, ביז איך וועל אויספאָרשען די זאַך, צי ס'איז אמת, אז דאָס איז זיין שוויגער און אז זי איז געשטאָרבען פון א דערשרעק.

איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען, ווי ביטער און פינסטער מיר איז געוואָרען פון דער דאָזיגער בשורה! פאַר צרות האָב איך זיך אָפּגעקערעוועט אָן א זייט און האָב זיך צעוויינט — ווי אזוי, מיינט איהר, צעוויינט? ווי א קליין קינד.

— יונגערמאַן! וואָס וויינט איהר? — מאַכט צו מיר יענער, דער קליינטשקער, וואָס מע רופט איהם רב יוסי, און ער טרייסט מיך, רעדט מיר אויס דאָס הארץ, אז ס'וועט מיר גאָר ניט שאַדען, וואָרום ממה נפשך: בין איך דאָ ריין — וואָס־זשע האָב איך מורא? „אז מע עסט ניט קיין קנאָבעל, הערט זיך ניט פונ'ם מויל" — לעגט־צו רב שעפּסעל דער גבאי מיט אזא שמייכעלע, אז עס גלוסט זיך מיר אויפוואַרפען איהם צוויי פלאַט־פייערינע פעטש אין ביידע גראָבע באַקען... גוואַלד! וואָס האָט מיר גענוצט אויסטראַכטען אזא מיאוס'ען גראָבען ליגען, אריינ־מישען אהער די שוויגער מיינע? עס געהט מיר טאַקי מעהר ניט אָפּ צו מיינע זיידענע קליידער, עס זאָל דערגעהן צו איהר די דאָזיגע מעשה, ווי אזוי איך האָב זי לעבעדיגערהייד באַ־גראָבען דורך א דערשרעק!...

— יהודי בלא, שרעקט זיך נאָר ניט אזוי, גאָט איז מיט אייך! דער אָדון איז גאָר ניט אזא בייזער אָדון, ווי איהר מיינט. איהר נתנ'ט איהם נאָר אין יד אריין... און דבר'ט איהם, ער

זאָל מיט'ן פּראָטאָקאָל מאכען בלאָ... דער אָדון איז א קלוגער אָדון, א דורכגעטריבענער; ער ווייסט גאַנץ גוט, אז אלסדינג, וואָס איהר האָט דאָ גע'דבר'ט, איז מחילה שקר וכזב.

אַזוי מאַכט צו מיר רב אלעזר־משה און טייטעלט מיר מיט די דינע פינגער. איך זאָל קאָנען, וואָלט איך איהם צעריסען אויף צווייען, ווי מע צערייסט, אשטייגער, א הערינג. אינגאנצען האָט ער דאָך מיך ארויפגעפיהרט אויף דעם דאָזיגען גליטש, ימח שמו וזכרו!...

איך קאָן מעהר נישט דערצעהלען. איך קאָן אפילו ניט דערמאַנען מיך וואָס איך האָב דעמאָלט געהאַט! איהר פאַרשטעהט דאָך שוין אליין, אז די עטליכע גילדען האָט מען ביי מיר צוגענומען, און קאָטשומענט ארייין האָט מען מיך איינגעזעצט און א משפט האָב איך אויף זיך געהאַט — נאָר דאָס איז נאָך אלץ בלאָטע קעגען דעם, וואָס כ'האָב געהאַט נאָכדעם, אז ס'איז דערגאַנגען צו מיין שוועהר און שוויגער, אז זייער איידעם זיצט פאַר א מת, וואָס ער האָט געבראַכט צו פיהרען פון ערגיץ... מע פאַרשטעהט זיך, אז זיי זענען גלייך געקומען צו פאָהרען און האָבען זיך געמעלדעט, אז זיי זענען מיינע שוועהר און שוויגער — אָט דאָ האָט זיך ערשט פאַרקאָכט די רעכטע חתונה: פון איין זייט פּאָליציע נעמט מיך אויפ'ן צימבעל: „שענער בחור, וואָס דו ביזט! וויבאלד אז די שוויגער דיינע, יענטע בת גרשון, לעבט, היינט ווער איז געוועזען די געשטאָרבענע?“... דאָס איז נומער איינס. והשנית, האָט זיך גענומען צו מיר די שוויגער זאָל לעבען: „איך פרעג דיך נאָר איין זאַך: זאָג מיר נאָר, וואָס האָסט דו געהאַט צו מיר נעמען און באַגראָבען מיך א לעבעדיגע?!“... זעלבסטפאַרשטענדליך, אז אויפ'ן משפט האָט זיך ארויסגעוויזען, אז איך בין ריין, ווי גינגאָלד; עס האָט געקאָסט געלט, מע האָט אראָפּגעבראַכט עדות, דעם קרעטשמער מיט די קינדער, און מע האָט מיך פון געפענגניש באפרייט. נאָר וואָס

איך בין דעמאָלט אויסגעשטאַנען, און איבערהויפּט פון דער שוויי-
גער — דאָס ווינש איך ניט דעם גרעסטען, דעם ערגסטען
שונא! — — —

פון דעמאָלט אָן אַנטלויף איך פון עולם הבא...

# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## אָרעמע און פריילעכע

צווייטעס בוך

שלום-עליכם פאָלקספאָנד אויסגאַבע—ניו-יאָרק, 1925

# אינהאַלט

## אַ „וויגרישנע ביליעט"
(אַ לאָטעריי־צעטעל)

ערצעהלונג.

געשריבען אין יאָהר 1902.

# א „וויגרישנע בילעט"

א.

— בנימטשיק — דאָס וואַכסט ביי מיר אַ וויגרישנע בילעט.

אַזוי האָט געזאָגט ישראל דער שמש פון דער אַלטער שוהל אויף זיין זוהנדעל בנימין, וואָס האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גוט יונגעל נאָך בשעת ער האָט געלערענט ביי ירחמיאל־משה דעם מלמד אין חדר. ירחמיאל־משה האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּ־לויבען פון איהם.

— אייער קליינער — האָט ער איינמאָל געזאָגט צו ישראל דעם שמש — איז ביי מיר, קיין עין־הרע, פון די בעסטע. ער־שטענס, איז ער אַ גרויסער מתמיד, אַ וואווילער וואָס אַ וואווילער הייסט; הײַנט דאָס קעפּעל זיינס, די תפיסה, מיין איך, דער זכרון — איז אַזעלכעס, וואָס מע באַדאַרף עס זוכען; ווען ביי איהם זאָל זיין דער זכרון אַזוי ווי די תפיסה, מיין איך פאַרקעהרט, די תפיסה אַזוי ווי דער זכרון — עהע־הע!

דעם „עהע־הע!" ציהט־אויס ירחמיאל־משה דער מלמד מיט אַ ניגון, און ישראל דער שמש ווערד ברייטער ווי לענגער.

— גאָט זאָל אייך געבען געזונט און פּרנסה! — בענשט ער דעם מלמד און העלפט איהם צונויפלעגען דעם טלית־ותפילין. דאָס איז גלאַט אַזוי, אַ מתנה הייסט דאָס; שכר־למוד פאַר זיין קינד צאָהלט ישראל דער שמש גלייך מיט אַלע בעלי־בתים, צוויי

קארבען א זמן, א חוץ חנוכה־געלד און פורים־געלד, חאטש ישראל דער שמש לעבט אליין כמעט נאר פון חנוכה־געלד און פורים־געלד. נאר וואס מאכט דאס אויס? דער מנהג העולם איז שוין אזוי פון קדמונים, אז מיר מוזען לעבען אומעטום איינער פונ'ם אנדערען: איך נעם ביי יענעם און געב אייך; איהר נעמט ביי מיר און גיט יענעם. אמת, עס מאכט זיך גאנץ אפט, אז נעמען ביי מיר נעמט איהר צוויי מאל אזוי פיעל ווי מע בעדארף, און געבען גיט איהר יענעם א מכה; דערפאר, אז כ'וועל נאר קאנען, וועל איך ביי יענעם נעמען דריי מאל אזוי פיעל און וועל א י י ך געבען א מכה. מיר וועלען זיך מיט'ן חשבון, האט קיין יסורים ניט, אויסגלייכען. חכמים רופען דאס אן מיט פערשיעדענע נע־מען: „געזעץ פון דער נאטור", „לעבענס־מלחמה", „פאליטישע עקאנאמיע" וכדומה; נאר אזוי ווי מיט אונזער מעשה קעהר זיך עס שוין נישט אן, לכן געהען מיר ווייטער.

שפעטער, אז בנימטשיק איז דורכגעגאנגען דעם גאנצען קורס ביי ירחמיאל־משה'ן, האט איהם ישראל דער שמש זעהר גע־וואלט אפגעבען צו רב אלי־מאיר דעם גמרא־מלמד, האט איהם אלי־מאיר נישט געקאנט צונעמען: ראשית, איז שוין ביי איהם געווען דער חדר פול ווי איין אויג; והשנית, האט ישראל נישט גע־קאנט צאהלען אזא שכר־למוד, ווי די נגידישע בעלי־בתים. האט בנימטשיק געטהאן דאס, וואס אנדערע טהוען: אז מע האט ניט מיט וואס צו צאהלען, לערענט מען אליין. דערויף איז פארהאן א גרויס בית־המדרש מיט א סך סטענדערס, מיט א סך שטיקלעך ליכט פון די יאהרצייטען, מיט א סך ספרים: חומשים, פסוקים, משניות'ען, גמראס מיט מדרשים — און וואס ניט? אבי מע וויל נאר, קאן מען לערנען אויף א בוידעם אויך. קארג גרויסע מענשען, גאונים, זענען אויסגעוואכסען ביי אונז אט אזוי, ערגיץ ביי א סטאטשיק אין בית־המדרש? אזעלכע גרויסע מענשען, גאונים, מפורסמים וואלטען מיר, קאן זיין, געהאט איצטער אהן א שעור; דער חסרון איז אבער, וואס אין די לעצטע פיערציג־

פופציג יאָהר האָט זיך פער'גנב'עט אין אונזער ווינקעל אריין א שטראַהל פון ליכטיגקייט און האָט אָנגעשפּארט דוקא אין בית־המדרש אריין, דוקא דאָרטען, צווישען די אָרעמע בחורים, און אָנשטאָט דעם, מע זאָל לערנען „יורה־דעה", האָט מען בגנבה געגאַשט א שטיקעל „ביאור", שטילערהייד געשלונגען מליצה־ספרים, זיך געוואָרגען מיט א רוסישער גראַמאַטיקע און פערבי־סען מיט מאַפּו'ס א ראָמאַן. פון אזא מין לערנען האָבען קיין גאונים, רבנים מפורסמים, געוויינטליך, ניט געקאָנט ארויס. אי־דישע קינדער האָבען זיך צעקראָכען איבער דער וועלט, געוואָרען א תל; דאָקטוירים, אדוואָקאַטען, משוררים, מחברים, שרייבערס, לעהרערס און גלאַט אפּיקורסים. קיין רב — נישט איינער א רעכטער. דאָס הייסט, רבנים זענען ארוים פון זיי א סך; נאָר וואָסערע רבנים? קאַזיאָנע! „קאַזיאָנע" איז דער טייטש אָנ־געהאַנגענע — אשטייגער, ווי מע הענגט־אָן עמיצען א לונג־און־לעבער אויף דער נאָז; צי איהר ווילט, צי איהר ווילט ניט — נאַט אייך א באָמבע און האַלט זיך מיט איהר... נאָר אזוי ווי מיט אונזער מעשה געהער זיך עס נישט אָן, לכן געהען מיר ווייטער.

אונזער בנימטשיק האָט געלערענט אין בית־המדרש נישט אליין — מיט נאָך צוויי חברים, אויך אזעלכע אָרעמע בחורים'לעך ווי ער, און דאָס איז טאַקי געווען דער חסרון, וואָרום איין מענש אליין קאָן אזוי גראָב נישט זינדיגען, ווי מיט יענעם בשותפות. א סימן האָט איהר פון אדם הראשון: כל זמן ער האָט זיך גע־שפּאַציערט אין גן־עדן איינער אליין, איז געווען שטיל, א מחיה; און אז עס האָט זיך נאָר אריינגעמישט די מוטער חוה, אזוי האָט זי איהם באַלד אָנגערעדט, ער זאָל פערזוכען פון'ם עץ־הדעת, און מי יודע אויף וואָס זי וואָלט איהם נאָך ארויפגעפיהרט, מע זאָל זיי ניט בעצייטענס ארויסטרייבען... דער משל איז געזאָגט געוואָרען אַטעגען בנימינ'ען. בנימין זאָל געווען זיצען און לער־נען אין בית־המדרש איינער אליין, וואָלט געווען אז וואויל איז איהם; ער האָט דאָך אָבער געלערענט מיט נאָך חברים, אויך

אַזעלכע נאַקעטע און באָרוויסע, הונגעריגע און דאָרשטיגע, ווי ער, — האָט מען תמיד זיך נאָר געריסען אַהין, אויף דער גרויסער ליכטיגער וועלט, אויף דער וועלט פון חכמה און פון וויסענשאַפט. אַליין זענען זיי געווען דאָ, און זייער קאָפּ איז געלעגען דאָרטען, צווישען די *גרויסע*, צווישען די *געלערענטע*, צווישען די *גליקליכע*. עס האָט זיי געצויגען אַהין, ווי אַ מאַגנעט, ווי אַ קליין קינד ציהט אוים די הענטלעך צו דער מאַמע... איז שוין עפּים אַ חידוש, אַשטייגער, אַז איינמאָל אין אַ שבת־צונאַכטס האָבען דריי בית־מדרש־בחורים, איציק, יוסיל און בנימטשיק, ניט געסטייעט? וואָס הייסט ניט געסטייעט? — נישטאָ און אַ סוף! מע האָט זיי אויסגעזוכט אין שטאָדט, וואו די וועלט האָט אַ עק! מילא, יענע צוויי חברה־לייט, איציק און יוסיל, זענען קבצנ׳ישע קינדער, יתומים, אָהן אַ טאַטען אָהן אַ מאַמען, — וועמען זענען זיי אָפּגעגאַנגען? אָבער בנימטשיק! ישראל דער שמש האָט איינגעלעגט די וועלט, איבערגעקלערט גאָט ווייסט וואָס, און האָט זיך בערוהיגט ערשט אויף מאָרגען, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ בריוועל פון אַלע דריי ווייסע־חברה׳ניקעס, אַז מע זאָל גאָר נישט איבערטראַכטען, זיי זענען, ברוך השם, געזונד און שטאַרק; זיי האָבען אַרויסגעזעהען (אַזוי שרייבען זיי), אַז דאָ אין בית־המדרש איז פאַר זיי קיין תכלית ניט, לכן האָבען זיי זיך אָוועקגעלאָזט אין דער ישיבה אַריין, קיין ווילנאָ, קיין וואָלאָזשין אָדער אין „דער מיר”... זיי האָבען מיט אַ כיון אויסגערעכענט אַלע דריי ישיבות, בכדי מע זאָל ניט וויסען, אין וואָסער אַ שטאָדט זיי צו זוכען. אָט דאָס הייסט אָפּגעאַרבייט קלוג, מיט שכל!...

ס׳איז אָבער געווען אומזיסט דאָס פערשטעלען זיך מיט׳ן בעהאַלטען זיך מיט׳ן אַנטלויפען. ס׳איז זיי קיינער מיט קיין פּאַטשט נישט נאָכגעלאָפען. די שטאָדט איז געווען, אדרבה, צופריעדען. ערשטענס, וועט זיין ווינציגער מיט אַ צוויי־דריי אָרעמע בחורים, וואָס מע מוז זיי אויסהאַלטען ווי ס׳ניט איז; מע קאָן דאָך זיי נישט לאָזען אַזוי, זיי זאָלען אויסגעהן פון הונגער. והשנית,

איז טאקי גלאט שען, אז ארעמע קינדער ווילען לערנען. הלואי וואלטען אלע אידען געקאנט, וואלטען זיי זיך אויך אוועקגעלאזט ערגיץ אין עק וועלט, אבי מע זאל ניט דארפען מוטשען זיך, טראַ־גען דעם עול פון פרנסה...

---

ב.

וואס איז געווען דער סוף פון יענע צוויי בחורים׳לעך, איציק און יוסיל — ווייסען מיר נישט, נאר פון בנימטשיקען האט ישראל דער שמש אין א האלב יאהר ארום מקבל געווען א בריעף ניט פון וואלאזשין, ניט פון ווילנא און ניט פון „דער מיר“, נאר פון איין אנדער שטאדט, פון א גרויסער שטאדט, אז ער זאל זיך גאר ניט זארגען, ווארום ער, בנימטשיק הייסט דאס, געפינט זיך אויפ׳ן „רעכטען וועג“, עס וועט פון איהם, מיט גאט׳ס הילף, זיין א לייט, גאט זאל איהם נאר העלפען, ער זאל אפגעבען דעם עקזאמען און אריין אין גימנאזיע, וועט ער, אם ירצה השם, געהן ווייטער און „שטודיערען דאקטאר“; און אז ער וועט „אויסשטודיערען דאק־טאר“, וועט ער האבען א פיינע בכבוד׳ע פרנסה אין האנד, און וועט קאנען אויסהאלטען טאטע־מאמע אויף דער עלטער; דער טאטע וועט פערשפארען הארעווען, זיין א שמש, און די מאמע א שמש׳טע; און די שוועסטער וועט ער, בעזרת השם, חתונה מא־כען אלע דריי, און מע וועט זיצען אלע אינאיינעם בשלום ושלוה, און מע וועט האבען פיעל נחת. „און דאס וואס איז שייך צו איי־דישקייט, — אזוי האט בנימין געשריבען — זאלט איהר זיך, מיי־נע ליעבע און געטרייע, גאר ניט זארגען; מע קאן זיין געלערענט ווי די גאנצע וועלט, און פון דעסטוועגען וואס צו גאט איז צו גאט. איך דאווען, זאלט איהר וויסען, אלע טאג, און לעג תפילין, און וואש זיך צום עסען, אבי ס׳איז נאר פארהאן וואס, מחמת עסען — עסען מיר דא איין מאל אין צוויי טאג, וואס גאט גיט, אמאל א

טרוקען שטיקעל ברויט, און אמאל א י י נ ג ע ט ו נ ק ע ן א י ן ז א ל ץ ־ ו ו א ס ע ר , און אז עס מאכט זיך, ס'איז נישטא גארניט, סמאטשקעט מען א שטיקעל צוקער. צוקער איז א סגולה צום הונגער, פערשלאגט דעם אפעטיט. דערפאר לערענט מען אבער געשמאק! פערגעסט ניט: פיער גראמאטיקעס בעדארף מען אויסלערנען! היינט וואו איז געאגראפיע? וואו איז היסטאריע? און וואו איז „שאר ירקות"? מאטעמאטיקע איז בלאטע; אלגעב־רע, זאל איך צו קיין חרפה ניט זיין, האבען מיר נאך געלערענט אין דער היים, אין בית־המדרש, און די מליצה־ספרים, וואס מיר האבען זיך דעמאלט אנגעלייענט, קומען אונז היינט צונוץ ביי'ם שרייבען „סאטשיניעניעס". איין שטיקעל חסרון, וואס דאס לשון איז ביי אונז א ביסעל ניט אזוי שארף, ווי מע בעדארף. נאר צו גאט א האפענונג, מיר וועלען דאס אויך איבערקומען בשלום. איהר זאלט זיך גאר ניט זארגען, עס וועט, אם ירצה השם, אלסדינג זיין אזוי ווי מע בעדארף. דער עיקר — נאר ניט געזארגט און געהאפט אויף דעם וואס לעבט אייביג!"

ישראל דער שמש, אז ער האט בעקומען דאס דאזיגע בריוועל, איז ער באלד אוועק צו ירחמיאל־משה דעם מלמד, — איין אל־טער גוטער ברודער, איין עהרליכער איד און א בעל־סוד.

— זייט זשע מוחל, לייענט־דורך דאס דאזיגע בריוועל, און אז איהר וועט דאס דורכלייענען, וועט איהר זיך מטריח זיין טאקי אין איינוועגס אנשרייבען איין ענטפער, דאס הייסט, איך וואלט געקאנט אפילו אליין אנשרייבען, נאר אלץ הייסט געשריבען. אודאי וועט איהר בעסער אנשרייבען פון מיר, למאי זאל איך ליי־קענען?

ירחמיאל־משה דער מלמד ווייסט גאנץ גוט, אז ישראל דער שמש זאגט נעבאך א גרויסען ליגען. אזוי לאנג שמייסט מען איהם, ווי לאנג ער קאן אנשרייבען איין ענטפער! נאר ארויסבעווייזען איהם, אז ער איז א ליגנער — איז ער ניט מחויב. למאי זאל ער מבייש שטעלען א מענשען? האט ער אנגעזאגטעלט די נאז מיט

א פּאָר משונה־מאָדנעברילען, וואָס זענען בעשטאַנען פון א שטי־קעל דראָט מיט צוויי בענדלעך: אין איין אויגעל איז געשטאַנען א בלעכעל, און דאָס אַנדערע איז געווען לעדיג, גלאַט א לעכעל. האָט ישראל נישט געקאָנט זיך איינהאַלטען און האָט איהם א פרעג געטהאָן:

— וואָס טויג אייך, רבי, אַזא בריל? איהר זעהט דען עפּיס אויף איהר?

— אַלץ גלייכער ווי אָהן א בריל, כ׳בין שוין איינגע־וואָהנט! — האָט איהם ירחמיאל־משה געענטפערט, גענומען דאָס בריוועל א ביסעל פון דערווייטען, איין אויג (יענס וואָס אונטער׳ן בלעכעל) צוגעמאַכט, און מיט׳ן אַנדערען אויג (יענס וואָס אונטער׳ן לעכעל) האָט ער געלייענט גיך ווי א וואַסער, און הויך אויף א קול, זיך אָפּגעשטעלט אַלע מאָל און געקוקט אויף ישראל׳ען, ווי איינער רעדט: „היינט פערשטעהט איהר, וואָס הייסט געקאָנט לייענען?“ און ישראל איז געשטאַנען בשעת מעשה דעם קאָפּ א ביסעלע אויף א זייט און פערריסען אַרויף מיט גדלות, ווי איינער רעדט: „היינט פערשטעהט איהר, וואָס הייסט געקאָנט שרייבען?“...

— נו, רבי, וואָס וועט איהר היינט זאָגען? — האָט זיך ישראל אָנגערופען צו ירחמיאל־משה׳ן, נאָכדעם אַז ירחמיאל־משה האָט אויסגעטהאָן די ברילען און אוועקגעגעבען איהם דאָס בריוועל.

— וואָס זאָל איך אייך זאָגען? — האָט איהם ירחמיאל־משה געענטפערט מיט א זיפץ. — אודאי, אודאי! מהכתיתי, זעהר פיין, אַבי ער דאַווענט אַלע טאָג און לעגט תפילין. הלואי ווייטער ניט ערגער, חלילה...

— איך שמועס עס אַקעגען דעם, וואָס ער וואַכסט, מיין בנימטשיק הייסט דאָס, א מענטש, אָט דאָס מיין איך! — אַזוי מאַכט צו איהם ישראל דער שמש, און מיינען מיינט ער גאָר עפּיס אַנדערש. ביי איהם אויף דער צונג ליגען גאָר די ווערטער: „גימנאַזיע“, „דאָקטאָר“... נאָר אַרויסלאָזען דאָס פונ׳ם מויל האָט ער מורא, רופט ער זיך אָן צו ירחמיאל־משה׳ן:

— איך שמועס אקעגען דעם, וואס איהר זאגט, ער לערענט זיך אויף... דאקטאר? הא? וואס זאגט איהר? איהר זענט דאך עפּיס א איד א חכם.

ירחמיאל־משה ווייסט, אז ער איז א איד א חכם, נאר וואס קאן ער איהם דערויף זאגען? אודאי, ווען ס'זאל זיין געווענדט אן איהם, אן ירחמיאל־משה'ן, וואלט ער איהם נישט געלאזט שטו־דיערען אין די גימנאזיעם; צו וואס טויג ישראל דעם שמש א זוהן פון גימנאזיעם מיט דאקטוירים גאר? נאר, אפּנים, עמיצער פרעגט ביי איהם איין עצה? און ירחמיאל־משה דער מלמד קוקט מיט פערגלעזערטע אויגען אויף דער וואנט און לאזט־ארויס א טיעפען זיפץ. ישראל דער שמש פערשטעהט, וואס בעדייט דער דאזיגער זיפץ: ער איז מיט זיך אליין אויך נאך נישט אינגאנצען פארטיג; ער איז אליין אויך נישט אזוי צופריעדען מיט דער גימנאזיע. נאר צוריק שמועסענדיג: סטייטש, זיין זוהן, זיין בנימטשיק וועט זיין „דאקטאר"!

— עלעהיי — זאגט ער צום מלמד און פער'גנבה'ט זיך מיט ווערטער — עלעהיי א בעל־מלאכה? „דאקטאריע" איז דען ניט קיין מלאכה? ובפרט ער דאווענט אלע טאג און לעגט תפילין, הלואי ווייטער, חלילה, ניט ערגער...

ישראל דער שמש שטעהט א ווייל, נאכדעם רופט ער זיך אן צום מלמד און קווינקעלט זיך:

— איך האב דאך אייך געזאגט, רבי, אז כ'האב צו אייך א בקשה, מטריח זיין זיך אפענטפערען אויפ'ן בריוועל. נאר וואס דען? איהר קענט דאך אונזער שטעדטעל... מע האט ליעב האל־טען יענעם אין מויל... און אליין בין איך א פארקויפטער מענטש... די וויסטע פרנסה... איך האב אייך געוואלט בעטען, ס'זאל דער־ווייל זיין בסוד. איהר פארשטעהט?...

— איך פארשטעה, פאר וואס זאל איך ניט פארשטעהן? — זאגט ירחמיאל־משה און זאטעלט זיך אן נאך א מאל מיט זיינע מאדנע ברילען, נעמט א שטיקעל פאפּיער און א טינט־און־פעדער,

טונקט איין די פּען און וואַרט וואָס דער שמש וועט איהם זאָגען וואָס צו שרייבען.

— שרייבט איהם, זייט מוחל, — דיקטירט איהם ישראל דער שמש — לבני היקר מוהר"ר בנימין. ראשית שרייב איך דיר, אַז מיר זענען אַלע, ברוך השם, אין בעסטען געזונט, געב גאָט דאָס נעמליכע פון איהם צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער, אמן. והשנית, שרייבט איהם, אַז איך און סימע, מיין ווייב הייסט דאָס, לאָזען איהם גריסען גאָר פריינדליך, און בעטען איהם, ער זאָל אונז שרייבען אָפטע בריוולעך פון זיין מאַכען וואָס ער מאַכט אין געזונט, און שרייבט, אַז מיר ווינטשען איהם אַלדאָס גוטס און הצלחה, ער זאָל מצליח זיין דאָרטען, און שרייבט איהם, ער זאָל זיך גאָר ניט זאָרגען, גאָט איז אַ פאָטער, דער עיקר, ער זאָל זיך אָפּהיטען אין געזונט זאָל ער זיך אָפּהיטען, און זיין אַ איד, וואָרום דאָס איז דער עיקר, און שרייבט איהם, אַז איך שיק איהם אַ קערבעל שיק איך איהם (ישראל קראַצט זיך אין אַלע קעשענעם), און שרייבט איהם, אַז איך וואָלט געשיקט מעהרער, האָב איך ניט, מחמת די פּרנסה איז איצטער זעהר געשלאָגען, עס פאַרדיענט זיך ניט קיין געלט פאַרדיענט זיך ניט, נישטאָ קיין יאָהרצייטען, און פון חתונות מיט ברית'ען שמועסט מען ניט, איך געדענק שוין ניט די צייט, ווען ס'זאָל זיין ביי אונז אַ חתונה, פון זינט רב הערש האָט חתונה געמאַכט די לעצטע טאָכטער איז ניט געוועזען ביז אהער איין חתונה. דאָס הייסט, ס'איז געוועזען אַ פּאָר חתונות, נאָר אַלץ הייסט חתונות. אויך מיר חתונות!...

— ששש... האַפּט ניט אַזוי! — זאָגט צו איהם דער מלמד. — איהר פאָהרט, ווי מיט פּאָטשטאָווע פערד, איך קאָן אייך ניט דעריאָגען. נו, ווייטער?

— און ווייטער שרייבט איהם, אַז מעהר איז ניטאָ וואָס צו שרייבען, און שרייבט איהם, אַז איך לאָז איהם גריסען גאָר פריינדליך, און סימע, די מאַמע הייסט דאָס, לאָזט איהם גריסען גאָר

פריינדליך, און אלע שוועסטער לאָזען איהם גריסען, פעסיל און סאָסי און ברכה'צי, גאָר פריינדליך, און שרייבט איהם, ער זאָל אָפּ־היטען אידישקייט און זאָל זיין א איד, דאָס איז דער עיקר, און ווייטער... אז איהר וועט אָפּשרייבען, וועל איך זיך אָפּ'חתמ'נען...

אז דער מלמד האָט דאָס אלכדינג אָנגעשריבען, האָט ישראל דער שמש 'פערקאַטשעט די ארבעל, גענומען די פען פאוואָלינקע מיט צוויי פינגער און האָט זיך אָנגעברייט צו טהון איין „איידעלע מלאכה", אנידערגעלעגט אויפ'ן פּאַפּיער זיין אייגענעם נאָמען ישראל, און דעם נאָמען פון זיין טאַטען נפתלי, עליו השלום, און די פאמיליע ריטעלמאַן, געדרעהט בשעת מעשה מיט דער צונג אין אלע זייטען, עס ווענדט זיך ביי וואָסער איין אות; למשל: א „למד" געהט רעכטס — געהט די צונג רעכטס, א „נון" געהט לינקס — געהט די צונג לינקס. פארהאַן מענשען, וואָס האָבען אזא טבע נישט נאָר בשעת זיי אליין — אפילו בשעת יענער טהוט עפּיס איין ארבייט און זיי שטעהען ביי דער זייט און קוקען, דרעהען זיי מיט דער צונג...

'סע פערשטעהט זיך, אז אין שטעדטעל איז מען גיך געוואָהר געוואָרען פון דעם סוד, אז ישראל דעם שמש'ס זוהנדעל שטודיערט אין די גימנאזיעם „אויף דאָקטאָר", און עס האָט איהם נישט גע־שאדט, חלילה, צו דער פרנסה גאָר נישט; מע האָט איהם נאָר דערקוטשעט מיט ווערטער:

— וועט איהר האָבען, הייסט דאָס, א זוהן א „יאָקטאָר" אָהן א היטעל? און אפשר נאָך מיט א קנעפּעל? וואָס פאַר א פנים וועט איהר דערמאָלט האָבען, רב ישראל? ווי א הוהן זיצט־אויס קאטשקעלעך; די קאטשקעלעך לאָזען זיך שווימען אויפ'ן וואסער, און די הוהן שטעהט און קוואָקעט...

ישראל דער שמש האָט דאָס אלסדינג איבערגעטראָגען שטיל־לערהייד און געטראַכט ביי זיך אין הארצען: „לאַכט, לאַכט פון מיין בנימטשיקען; דאָס איז ביי מיר א „וויגרישנע בילעט"!"...

---

## ג.

איינמאָל — ס'איז געווען ערב פּסח, סימע די שמש'טע און אַלע דריי טעכטער, פּעסיל און סאָסיל און ברכה'צי, האָבן גע־ראַמט אויף יום־טוב — עפּענט זיך די טהיר און עס קומט־אַריין עפּיס אַ יונגערמאַנטשיק מיט ווייסע קנעפּ, מיט אַ מאָדנע היטעל אויפ'ן קאָפּ, און פאַלט סימען אויפ'ן האַלז, און נאָכדעם פּעסלען און סאָסלען און ברכה'צין, און עס ווערד אַ קושעריי.

דאָס איז געווען בנימין.

סימע האָט זיך אַזש צעוויינט פאַר פרייד.

— זוהנעניו! קדיש מיינער!

איז אָנגעקומען ישראל אַ פּערסאָפּעטער, אַ דערשראָקענער, און האָט זיך צעשריגען אויפ'ן ווייב.

— שאַ, שאַ! זעה נאָר, זי האָט זיך אַ ביסעל צעיאָכמערט, טאָמער ווייסט דו וואָס איז דאָס געוויין וואָס?

און אַליין, אַז ער האָט בעטראַכט בנימינ'ען, ווי ער איז אויס־געוואַכסען, האָט ער זיך אויך קוים איינגעהאַלטען פון געוויין. נאָר אַ מאַנסביל איז ניט קיין אידינע. אַ אידינע אַז זי וויינט, מוז זי באַלד אָנהויבען שנייצען די נאָז; און אַ מאַנסביל אַז ער וויל אפילו וויינען, קאָן ער מאַכען אַזוי, אַז מע זאָל מיינען, אַז ער לאַכט.

— ווען ביזט דו געקומען ווען? אַנו, דרעה זיך נאָר אויס צו מיר מיט'ן הינטען! — מאַכט ער צום זוהן. — וואָס איז דאָס פאַר אַ מין הלבשה אויף דיר? טהו זיך אויס, פאַר וואָס טהוסט דו דיך ניט אויס?

און אַז בנימין האָט זיך אויסגעטהאָן און איז געבליבען אין אַ בלויען מונדיר מיט אַ סך זילבערנע קנעפּלעך, און די בעקלעך זענען געווען רויט, און די בלויע אויגען האָבען געגלאַנצט, — האָט ער טאַקי געהאַט דעם זיבעטען חן ניט נאָר ביי זיי — ביי

איטליכען אין די אויגען. ווער עס האָט איהם געזעהען, האָט זיך נישט געקאָנט זאַט אָנקוקען אין איהם. „קיין עין־הרע, אויס־געוואַכסען ישראל דעם שמש׳ס זוהנדעל, געוואָרען אַ פּאַרשוין!״... פּייגה־לאה דער שכנה׳ס טעכטערעל מינצי, אַ מיידעל פון אַ יאָהר נייענצעהן מיט שוואַרצע אויגעלעך און מיט אַ געדיכטען שוואַר־צען צאָפּ, פערפלאָכטען אונטען מיט אַ רויט סטיינגעלע, וואָס פּאַסט איהר זעהר צום פּנים, איז אַריינגעקומען צו סימען כלומרשט אַ פרעג טהון, אפשר געפינט זיך ביי איהר איין איבעריג טעפּעל, וואָס זי דאַרף עס נישט? — האָטש זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז סימע האָט אויף איהר לעבען נישט געפּרובט האָבען קיין איבעריגע טעפּלעך. דאָס איז נאָר געווען איין אויסרעד אויף אָנצוקוקען בנימינ׳ען, אַ גלאַנץ טהון מיט די שוואַרצע אויגעלעך און אַ וואָרף טהון הין און צוריק מיט׳ן געדיכטען שוואַרצען צאָפּ און מיט׳ן רויטען סטיינגעלע, זיך אויסדרעהען און אַנטלויפען, און שפּעטער אַביסעל נאָך אַ מאָל אַריינלויפען, מיט אַ נייעם אויסרעד און ווידער אַ מאָל דאָס אייגענע, אַזוי, אַז בנימינ׳ס דריי שוועסטער, פעסיל און סאָסיל און ברכה׳צי, אַלע דערוואַכסענע שוין, האָבען אַ קוק געטהאָן איינס אויפ׳ס אַנדערע, ווי איינער רעדט: „טאָמער ווייסט דו וואָס איז דאָס דרעהען, וואָס זי דרעהט זיך?״... און בנימין האָט דערווייל אַוועקגערופען די מאמע אויף אַ זייט און האָט איהר עפּיס געגעבען אַ מטבע, אַריינגערוקט אין האַנד אַריין, זי זאָל מאַכען „אַ שענעם פּסח״. סימע האָט אויף איהר לעבען אַזוי פיעל געלד נישט געהאַלטען אין האַנד! און פאַר די שוועס־טער האָט ער געבראַכט צו פיהרען מתנות און מתנות: סטיינגעס, מיט קעמעלעך, מיט שפּיעגעלעך, מיט שמאָכטעליאַקעס אָהן אַ שיעור! און דער מאַמען אַ זיידענע פעטשיילע, אַ געלע מיט רויטע און מיט בלויע קווייטען. סימע די שמש׳טע האָט זיך אַזש צע־ווײנט פאַר פרייד.

— וואָס איז דאָס? ווי קומט צו דיר געלט? — פרעגט איהם ישראל מיט אַ געלעכטער.

— וואָס הייסט, ווי קומט צו מיר געלט? — ענטפערט איהם בנימין מיט גדלות. — איך פאַרדיען שוין היינט, ברוך השם, אכט קאַרבען אַ חודש. איך געב „שטונדען". איך לעהרען, הייסט דאָס, מיט קינדער, צאָהלט מען מיר. איך בין שוין אין גימנאַזיע אין פינפטען קלאַס. אכט קלאַסען איז פאַרהאַן. נאָך דריי קלאַסען, דריי יאָהר הייסט דאָס, ענדיג איך די גימנאַזיע און טרעט־אַריין אין אוניווערזיטעט, שטודיערען אויף דאָקטאָר...

בנימין דערצעהלט און דערצעהלט, און אַלע שטעהען און לאָזען נישט אַראָפּ פון איהם קיין אויג, און טראַכטען זיך: „אָט דאָס זאָל טאַקי זיין בנימין? יענער באָרוויס'ער בנימטשיק, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין בית־המדרש?... אכט קאַרבען אַ חודש... אכט קלאַסען... אַ זיידענע פאַטשיילע... אוניווערזיטעט... דאָקטאָר"...

גאָט ווייסט, אויב עס האָט נאָך עמיצער געהאַט אַזאַ פרייליכען פסח, אַזאַ געהויבענעם סדר, ווי עס האָט געהאַט ישראל דער שמש. מילא, פון וויין אויף אַרבע־כוסות און פון פסח'יגען בראָנפען, פון פיש און קניידלעך און פאַלירטשיקעס, שמועסט מען ניט; איך רעד פון דער הגדה, וואָס ישראל און בנימין האָבען געזונגען ביידע איינס איבער דאָס אַנדערע — ס'איז געווען אַ מחיה צו הערען! אַז ס'איז געקומען צו „רבי אליעזר אומר מנין שכל מכה ומכה...", האָבען זיי זיך ביידע צעשאָקעלט און גענומען אַ הויכען טאָן, האָט סימע, וואָס איז געזעסען די גאַנצע צייט און געקוקט אויף איהר טרייסט, אויף בנימינ'ען, מיט אַ מאָל אָנגעהויבען מאַכען פיסקעס אויף צו וויינען, האָבען זיך אַלע דריי שוועסטער, פעסיל און סאָסיל און ברכה'צי, נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָבען זיך צעלאַכט, און אויף זיי קוקענדיג האָבען אַלע אָנגעהויבען לאַכען און סימע אויך — ס'איז שוין געווען אַ פסח ביי זיי, וואָס זאָלט איהר קלערען!

יום־טוב אין דער פריה, אַז בנימין איז געקומען אין שוהל אַריין, האָט מען בעטראַכט דאָס „סטעדענטעל" מיט די זילבערנע

קנעפּ, ווי אַ ווילדע חיה. יונגלעך, קונדייסים, האָבען איהם אַרומ־געריננעלט פון אַלע זייטען, געטייט מיט די פינגער און געלאַכט אין פּנים אריין. נאָר בנימין איז געשטאַנען די גאַנצע צייט מיט׳ן סדור׳על און האָט געדאַווענט, און אַז ס׳איז געקומען, אַז מע האָט איהם אויפגערופען צו דער תורה (רב מאָניש דער גבאי האָט צוליעב געטהאָן ישראל דעם שמש און האָט געשענקט זיין זוהן איין עליה), און בנימין האָט געמאַכט די ברכה הויך אויף אַ קול מיט׳ן יום־טוב׳דיגען ניגון, איז אין שוהל געוואָרען אַ הור־האַ: „וואָס זאָגט איהר אויף אונזער ישראל׳ס זוהנדעל!״

פאַר׳ן ארויסגעהן פון שוהל האָט דער נגיד פון שטעדטעל, רב הערש, אַ זאָג געטהאָן צום שמש, ער זאָל איהם צופיהרען זיין זוהנדעל.

— ישראל! — האָט געזאָגט רב הערש צום שמש ברייטליך, ווי אַ נגיד בעדאַרף צו זאָגען בשעת ער רעדט מיט אַ קלענערען פון זיך, האַלט זיך בשעת מעשה ביי׳ם זיידענעם גאַרטעל, קוקט נישט גלייך אין די אויגען אריין און רעדט מיט אַ צווייענדיג הוסטעל פונ׳ם האַלז און פון דער נאָז. — ישראל! אַנו, קום נאָר אהער, המ... המ... מיט דיין זוהנדעל; לאָם איך איהם... המ... המ... אויך אָנקוקען!

דערהערט, אַז רב הערש וויל רעדען מיט ישראל דעם שמש׳ס „סטעדענטעל״, האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטהאָן האָרכען, וואָס וועט מיט איהם עפּים רעדען דער נגיד און וואָס וועט ער איהם ענטפערען. בנימין איז צוגעגאַנגען צו רב הערשען, ווי צו זיינעם אַ גלייכען, גאָר נישט געשעמט זיך, איהם אָפּגעגעבען שלום, ווי איין אַלטער, און רב הערש האָט אַ קוק געטהאָן אויף בנימינ׳ען פון אויבען אַראָפּ, נישט געוואוסט, ווי אַזוי זאָל ער מיט איהם רעדען: זאָל ער איהם זאָגען „איהר״ — אַזאַ וועוורק? צופיעל כבוד פאַר׳ן שמש׳ס זוהנדעל! זאָגען איהם „דו״ — איז עפּים אויך נישט אַזוי, פאָרט אַ „סטעדענטעל״ מיט קנעפּ, אַ גאַנץ פּריצ׳על...

איז רב הערש געפאַלען אויף איין עצה און האָט מיט איהם אָנ־געהויבען רעדען גאָר בלשון נסתר: „וואָס מאַכט מען? ווען קומט מען? ווען פאָהרט מען צוריק?" בנימין האָט אַרויסגע־שטעלט דעם רעכטען פוס אויף צו־פריהער, איין האַנד האָט ער אַריינגעלעגט אין בוזעם און מיט דער אַנדערער האָט ער געשטשי־פעט די אויבערשטע ליפּ, אַפּגעענטפערט אויף איטליכס וואָרט גייציג, גאָר נישט אָנגעהויבען צו שעמען זיך אפילו! רב הערשען איז דאָס יאָ געפעלען און נישט געפעלען: „נישט קיין נאַריש בחור'על, נאָר, דאַכט זיך, איין עזות־פּנים אַ גרויסער"... אַזוי טראַכט זיך רב הערש און לאָזט זיך אריין מיט בנימינ'ען אין אַ ברייטען שמועס אריין מכח קלאַסען, וויפיעל איז פאַרהאַן קלאַ־סען? און צו וואָס בעדאַרף מען דאָס דוקא אַכט קלאַסען? פאַר וואָס ניט קיין נייען קלאַסען? און וואָס איז דער חילוק פון איין קלאַס ביז'ן אַנדערען קלאַס?... „אויף דער טאַבליצע אַזאַ שענער איד — און אַזאַ בהמה!"... אַזוי טראַכט זיך בנימין און גיט איהם צו פערשטעהן דעם שכל, וואָס איז דער חילוק פון איין קלאַס ביז'ן אַנדערען. רב הערשען שטעהט ניט אָן די מעשה, וואָס אַזאַ שנעק גיט איהם צו פערשטעהן דאָס, וואָס ס'איז נישטאָ גאָר צו פערשטעהן, מאַכט ער צו איהם:

— מילא בקצור, דאָס פאַרשטעהט אַ מינדסט קינד. אָבער פאַר וואָס איז דער שכל פון אַכט קלאַסען, ניט קיין נייען?

— וואָרום ווען סע זאָל זיין נייען קלאַסען, וואָלט איהר גע־פרעגט, פאַר וואָס עפּיס דוקא נייען קלאַסען, ניט קיין צעהן?

אַזוי ענטפערט איהם אָפּ בנימין, און דער עולם צעלאַכט זיך; גאָר איין רב הערש לאַכט נישט. ער קלערט זיך בשעת מעשה: „אָ, אַ רעכטער שייגעץ!" און טהוט אַ הוסטעל פונ'ם האַלז און פון דער נאָז: „המ... המ... צייט געהן אהיים... המ... המ... מאַכען קידוש"...

ווער עס האָט ניט אָנגעקוקט דעמאָלט ישראל דעם שמש, וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט, געקוקט פון איינעם אויפ'ן

אַנדערען און געשלונגען בנימינ׳ס ווערטער, דער האָט ניט געזעהען קיין גליקליכען מענשען קיינמאָל אויף זיין לעבען. ער האָט גע־וואַרט ביז רב הערש וועט שוין אָפּלאָזען זיין זוהן און ער וועט קאָנען געהן מיט איהם אהיים; דאָרט קוקט מען שוין אַרויס אויף איהם, די מאַמע מיט אַלע דריי שוועסטער; אויפ׳ן טיש ליגען שוין אָנגעגרייט מסתמא די שענע מצות און אין אויווען זידט א געשמאַקער באָרשט א פסח׳יגער, און הייסע קניידלעך מיט שמאַלץ, און אפשר נאָך א טייגעכץ אויך... און אז רב הערש האָט זיך אויסגעהוסט און איז געגאַנגען מיט זיינע מקורבים צו זיך אויף קידוש, האָט ישראל דער שמש פערבעטען צו זיך אויף קידוש זיין איין־און־איינציגען גוטען פריינד, זיין בעל־סוד, ירחמיאל־משה דעם מלמד, האָט איהם מכבד געווען מיט א גלע־זעל וויין פונ׳ם אמת׳ן ראָזינקעס־וויין, און סימע האָט זיך אויס־געפיינט פאַר איהם מיט אַזעלכע מינים חרעמזלעך, וואָס ס׳איז שווער געווען צו זאָגען מבינות, וואָס ליגט אין זיי: צי מעהר האָניג, צי מעהר שמאַלץ, מחמת זיי זענען געווען אי געגוג זיס, אי געגוג פעט, זיי האָבען זיך אַזש געקלעפּט צום גומען, און די שמאַלץ האָט גערונען איבער דער באָרד. ירחמיאל־משה, וואָס האָט געהאַט א טבע פון שווייגען און זיפצען, אז ער האָט גענומען דאָס ערשטע גלעזעל וויין פונ׳ם אמת׳ען ראָזינקעס־וויין, האָט זיך איהם שוין אָנגעהויבען דרעהען דער קאָפּ און די צונג האָט זיך ביי איהם אויפגעבונדען, און ער איז מיט א מאָל געוואָרען בע־רעדעוודיג, האָט פערהערט בנימינ׳ען, צי ער געדענקט נאָך דעם חומש מיט רש״י, וואָס ער האָט אמאָל געלערענט מיט איהם אין חדר.

בנימין האָט געדענקט אי דעם חומש, אי די רש״י, און ישראל דעם שמש׳ס הארץ איז שיער נישט אַרויסגעשפּרונגען פאַר תענוג.

— וואָס זאָגט איהר אויף איהם? — האָט ער זיך אָנגערופען צום מלמד שוין אויף יענער זייט טהיר.

— א כלי שלימה ! — מאכט צו איהם ירחמיאל־משה, נעמט־צונויף די ליפּען און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— אָבער א איד, הא ? — זאָגט צו איהם ווייטער דער שמש און קוקט איהם אין די אויגען אריין.

— מיט גאָט'ס הילף ! — מאכט ירחמיאל־משה.

— איאָ, א „וויגרישנע בילִיעט“, הא ?

דערויף טהוט ירחמיאל־משה א מאך מיט'ן קאָפּ, מיט די אויגען און מיט די הענד ; ער מאכט אזא מינע, וואָס ס'איז שווער צו פערשטעהן, וואָס ער מיינט ; מע קאָן רעכענען אי אזוי, אי אזוי, יאָ א וויגרישנע בילִיעט און ניט קיין וויגרישנע בילִיעט. וואָס ווייסט א מענש ?...

— א גוטען יום־טוב ! — זאָגט ער און קושט נאָך א מאָל די מזוזה. — גאָט זאָל העלפען דערלעבען איבער א יאָהר, און מע זאָל זיין געזונט און מע זאָל געהן איינער צום אנדערען אויף שמחות, אין גיכען אויף א חתונה ביי אייערע טעכטער, און נאָכ־דעם, אם ירצה השם, ביי אייער זוהן, און אידען זאָלען אויס־געלייזט ווערען פון אלע צרות, און מע זאָל הערען בשורות טובות ישועות ונחמות אויפ'ן כלל אידען, ווארום ס'איז שוין צייט גאָט זאָל עפּים רחמנות האָבען, אידען זאָלען עפּים אויפגערעכט ווערען, און ס'זאָל זיך פארבעסערען אין די פּרנסות, און ס'זאָל גלאט עפּים ווערען גוט אויף דער וועלט און פריילִיך אויפ'ן הארצען, און ס'זאָל זיין... ס'זאָל ווערען... ס'זאָל... ס'זאָל... ס'זאָל...

ירחמיאל־משה דער מלמד ווייסט שוין אליין ניט וואָס ס'זאָל זיין און וואָס ס'זאָל ווערען. ער האָט שוין, דאכט זיך, אויסגעשאָטען אלסדינג, וואָס ער האָט געהאט. איז ער געבליבען שטעהן ניט אהין ניט אהער ; ווי אזוי געהט מען אוועק גלאט אזוי, אין מיטען דרינען, אָהן א זיי־געזונד ? א גליק, וואָס ער האָט זיך דערמאנט :

— און ס'זאָל... קומען משיח !

— אָמן! — האָט איהם געענטפערט ישראל דער שמש און אין הארצען ביי זיך האָט ער געטראַכט: לאָז פריהער מיין בנימין ענדיגען דאָקטאָר און נאָכדעם לאָז קומען משיח...

---

ד.

ווי לעבעדיג און ווי פריילין עס איז געווען ביי ישראל דעם שמש אין שטוב בשעת בנימין איז אָנגעקומען, אַזוי איז דאָרטען געווען אומעטיג און טרויעריג ביי זיין אוועקפאָהרען צוריק אין דער גרויסער שטאָדט אריין. וויינען האָט קיינער ניט געוויינט, נאָר ס'איז גלאַט געווען איטליכען בעזונדער אָנגעזאָלעט אויפ'ן הארצען, ווי צו א לויה חלילה. סימע האָט זיך אפילו א פּאָר מאָל יאָ א נעם געטהאָן צום פארטוך, האָט ישראל, וואָס אלע אין שטוב האָבען געציטערט פאַר איהם און געהאַט דרך־ארץ, געגעבען אויף איהר אזא קוק, אז זי האָט פערשטאַנען, אז מע דאַרף נישט וויינען. ישראל האָט געוואָלט, ס'זאָל דוקא זיין פריילין, האָט ער פריהער בעוואָהרענט, אָנגעזאָגט דעם ווייב און אלע דריי טעכטער, אז קיינער זאָל זיך ניט דערוועגען לאָזען א טרער. נאָר אז בנימין האָט זיך אָנגעהויבען קושען און ס'איז געקומען צו דער מאַמען, האָט סימע ארויסגעלאָזט עפּיס א מאָד־נעם קוויטש פונ'ם האלז און איז פערשטאַרבען געוואָרען אויף בנימינ'ס האלז; דעמאָלט האָבען זיך אלע דריי שוועסטער גע־נומען שנייצען די נעזער, מחמת זיי האָבען דערפיהלט, אז ביי זיי אויף די ברעמען טאַנצען טרערען און אין האלז איז ביי זיי געוואָרען מיט א מאָל שרעקליך ענג... נאָר איין ישראל האָט זיך געהאלטען, ווי א מענש; ער האָט ניט אויפגעהערט צו לאַכען פון דער „ווייבעריי" מיט זייערע „וואָלוועלע טרערען", האָטש אליין האָט ער געפיהלט, ווי טויזענד קעץ גראַבלען איהם מיט די נעגעל ביי דער נשמה, און ס'איז איהם אָפּגעגאַנגען א מינוט ער

זאָל זיך צעוויינען. נאָר א מאַנסביל איז פאַרט א מאַנסביל; ער האָט זיך מיישב געווען און האָט גאָר אָנגעהויבען ווערטלען זיך, חאָטש עס האָט זיך ניט געקלעפּט א וואָרט צו א וואָרט, און ארומטאַנצען הין און צוריק, ווי א משוגע׳נער, געהאָלפען בנימינ׳ען זיך אָנטהון, געמאַכט חוזק פון די זילבערנע קנעפּ מיט דער פּאַדקע וואָס פון הינטען, און סוף כל סוף, נאָך אַלע ווערטלעך זאָגען מיט׳ן ארומטאַנצען, האָט ער אויסגעזעהען, ווי א מענש, וואָס האַלט ביי ארויסרייסען זיך א צאָהן.

נאָך איין נשמה איז געווען פערצאָרענט און שטאַרק טרויעריג פון בנימינ׳ס אוועקפאָהרען, חאָטש יענע נשמה האָט זיך אָנגע־קעהרט מיט איהם א ווילד־פרעמדע. דאָס איז געווען פייגה־לאה דער שכנה׳ס טעכטערעל מינצי מיט די שווארצע אויגעלעך, מיט׳ן געדיכטען שווארצען צאָפּ און מיט׳ן רויטען סטיינגעלע. וואָס פאַר א מחותנת׳טע איז דאָ געווען מינצי? וואָס האָט זיך אָנ־געקעהרט מיט איהר בנימין, וואָס זי איז ארויסגעגאַנגען איהם בעגלייטען אַזש אין דרויסען ארויס, געשטאַנען צונויפגעלעגט די הענד אויפ׳ן הארצען און געזיפצט? און וואָס האָט בעדייט דאָס קוקען, וואָס זיי האָבען זיך ביידע אַזוי געקוקט אין די אויגען אריין? ווען האָבען זיי צייט געהאַט צו בעקענען זיך, אז א גאַנץ פּסח איז בנימין געווען אין געפּעננעניש ביי זיינע דריי שוועס־טער, וואָס האָבען איהם נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין מינוט? נאָר אויך די אייגענע מעשה, ווער קאָן דאָס ערוב זיין פאַר א בחור מיט א מיידעל, אז זיי זיצען־אָפּ א פאָר וואָכען אונטער איין דאַך און עס ציהט זיי איינס צו דאָס אַנדערע, ווי א מאַגנעט? אפשר האָבען זיי זיך דורכגעוואָרפען מיט א פּאָר ווערטער און זיך נאָך א קוועטש געטהאָן די האַנד אויך — ווער קאָן דאָס וויסען?... אפשר האָבען זיי זיך בעגעגענט פאַרנאַכטליך אין הויז ערגיץ אין א ווינקעלע און האָבען זיך אין דער פינסטער שטילערהייד צעקושט — איך וויים? למאי זאָל איך זאָגען אַזעלכעס, וואָס איך האָב נישט געזעהען מיט די אויגען?... א קונץ נעמען און אויס־

טראכטען פונ'ם קאָפּ גלאַט אַ בבא־מעשה? מילא בנימין — גאָרנישט; ער וועט זיך אוועקפאָהרען צוריק אין דער גימנאַזיע און וועט פערגעסען דעם זיי־געזונד; אָבער מינצי? מינצי איז אַ מיידעל צו לייטען, און אַ שען מיידעל דערצו! זי בעדאַרף חתונה האָבען, איהר קאָן דאָס חלילה שאָדען צום שידוך!... אודאי וואָלט געווען אַ גרויסער יושר, אַז דער ראָמאַן זאָל זיך נישט ענדיגען אַזוי גיך, אַז די ליעבע צווישען זיי זאָל ברענען ווי אַ העליש פייער, אַז עס זאָלען געהן הין און צוריק פלאַמפייעריגע בריוולעך, אַז בנימין זאָל ענדיגען דאָקטאָר און קומען און פאַלען מינצי'ן צו די פיס; אָדער לאָז ער נישט וואַרטען, ביז ער וועט אַמאָל ענדיגען דאָקטאָר, און באַלד אַרויס'גנב'ענען מינצי'ן דורכ'ן פענסטער און אַנטלויפען מיט איהר קיין פאַריז, אַהין וואו עס לויפען אַלע העלדען פון אונזערע אידישע נאַטירליכע „העכסט־אינטערעסאַנטע" ראָמאַנען... אַי, וואָס װעלען זיי טהון אין פּאַריז? זיי וועלען דאָך דאָרט פּגר'ען פאַר הונגער! אַ דאגה מיר — אודאי דאַרף איך געהן פערזאָרגען דעם תכלית פון ישראל דעם שמש'ס זוהן מיט פייגה־לאה דער אַלמנה'ס טאָכטער! וואָס איז? איך קאָן ניט בעשטעהן, אַז בנימין אָדער מינצי זאָל פּלוצים בעקומען עפּיס אַ צעהן מיליאָנשטיקלעך ירושה פון אַ רייכען פעטער, וואָס איז געווען פריהער אַ באַנדיט און נאָכדעם אַ באַראָן, ווי אין אַלע „העכסט־אינטערעסאַנטע" ראָמאַנען? צי איך קאָן ניט אויספיהרען, אַז בנימין אַליין זאָל געפעלען ווערען אין פאַריז און זאָל ווערען פּרעזידענט? אָדער אין מינצי'ן זאָל זיך פערליעבען אַ פּרינץ (וואָס מאַכט אייך אויס וואָסער פּרינץ? קאַרג פּרינצען פאַרהאַנען אויף דער וועלט — טאַטעניו!), און זי זאָל פער־לייקענען פאַר איהם, אַז זי איז אַ כלה פאַר'ן פּרעזידענט, דאָס הייסט פאַר בנימינ'ען, און ער, דער פּרינץ הייסט דאָס, זאָל זי אָפּגילטען פון קאָפּ ביז פיס, און אַז עס קומט צו דער חופּה, וואַכסט־אויס בנימין, געוויינטליך פערמאַסקירט, מיט נאָך צוויי באַנדיטען, און גנב'עט־אַוועק די כלה פון אונטער דער חופּה און

אנטלויפט מיט איהר קיין לאָנדאָן — און געה לאָד מיך! יענער, דער פּרינץ, איז אָבער אויך נישט קיין פּראָמאָך, יאָגט ער זיי נאָך מיט א געזונדען פּאָלק זשאַנדאַרמען און וויל זיי חאַפּען; וואַרפט־אַראָפּ בנימין די מאַסקע, מע טהוט א קוק — שאַ, ס'איז גאָר דער פּרעזידענט פון פראַנקרייך! פאַלען זיי אין אָהנמאַכט, און מע טהוט פאַר איהם קניהען און בוקען, און מע פיהרט איהם מיט גרויס פּאַראַד קיין פּאַריז אינאיינעם מיט מינצי'ן, און פון דאָרטען פאָהרען זיי גלייך אהיים, אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און מיט בריליאַנטען, און קומען־אָן פונקט אין דער צייט, ווען ישראל ליגט פאַר צרות און פאַר הונגער טוידט־קראַנק, סימע איז שוין לאַנג געשטאָרבען (סע שפּיעלט א גרויסע ראָלע, טאָמער שטאַרבט א אידינע אין א ראָמאַן!), אלע דריי שוועסטער, פּעסיל און סאָסיל און ברכה'צי, שטעהען אויף די קניהעס ביי'ם טאַטענ'ס בעט און גיסען מיט טרערען, און פייגה־לאה די אלמנה ברעכט די הענד און בעוויינט איהר מינצי'ן מיט זודיגע טרערען.

— שוין באַלד א יאָהר — רופט זיך אָן צו איהר ישראל מיט זעהר א שוואַכער שטימע — שוין באַלד א יאָהר זינט אונ־זערע ליעבע קינדער זענען פאַרשוואונדען געוואָרען, און מיר הע־רען נישט אויף צו וויינען. מיין סימע נעבאַך איז געשטאָרבען; איך שטאַרב אוועק און לאָז־איבער מיינע דריי טעכטער, ווי אויפ'ן וואַסער. וואָס וועט זיין פון זיי? גוואַלד, גאָטעניו, וואָס שווייגסט דו?!

פּלוצים עפענט זיך די טהיר, און עס פאַלען אריין אין שטוב אריין בנימין דער פּרעזידענט פון פראַנקרייך און מינצי די פּרינ־צעסין פון לאָנדאָן, אָנגעטהאָן בגדי־מלכות.

— ליעבער פאָטער!

— ליעבע מוטער!

— ליעבער ברודער!

— ליעבע שוועסטער!

— טהייערע טאָכטער!

— וואו זענט איהר געווען אזוי לאנג?
— אין פּאריז און אין לאָנדאָן.
— וואָס איז ביי אייך דאָרטען אין די זעק און אין די טשע־מאָדאנקעס?
— גאָלד! סאמע אימפּעריאַלען! דאָס האָבען מיר אייך גע־בראכט א מתנה... יאָ, איהר ווייסט, אז אונז קומט מזל־טוב?
— וואָס איז דען?
— מיר זענען דאָך חתן־כלה!
— אויב אזוי, קומט דאָך אונז אַלעמען מזל־טוב!
— מזל־טוב! מזל־טוב! מזל־טוב!!!

. . . . . . . . . . . . . . . .

אזוי וואָלט איך געטהאָן, ווען איך זאָל שרייבען א נ א ט י ר־ל י כ ע ן „העכסט־אינטערעסאנטען ראָמאָן". נאָר איך דערצעהל גלאַט א מעשה פון איין אָרעם־בחור, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט נישט קיין פּאריז און נישט קיין לאָנדאָן, נאָר גלאַט אזוי אין א גרוי־סער שטאָדט אריין זיך לערנען, — האָבען מיר נישט נויטיג אויסצו־טראכטען פון'ם קאָפּ נסים ונפלאות, וואָס נישט געשטויגען נישט געפלויגען, און דערצעהלען בעסער די מעשה וואָס איז געווען.

---

ה.

דריי יאָהר זענען איבערגעגאנגען פון יענעם גליקליכען פּסח, וואָס מיר האָבען בעשריבען. א סך וואסערען זענען אָפּגעלאָפען, א סך צרות זענען אויסגעשטאַנען ישראל דער שמש דאָ און זיין זוהן בנימין דאָרטען; א סך נעכט איז ניט געשלאָפען ישראל דער שמש דאָ און בנימין זיין זוהן דאָרטען; ישראל דער שמש איז ניט געשלאָפען קיין נעכט, ווייל ער האָט איבערגעטראכט און גע־האַט יסורים פון זיין בנימינ'ען, וואָס ער האָרעוועט נעבאָך אזוי

שטארק, און בנימין איז ניט געשלאָפען קיין נעכט, ווייל ער האָט זיך געגרייט צום עקזאמען.

„גאָט זאָל מיר העלפען, איך זאָל שוין אריבערשפרינגען דעם עקזאמען, — אזוי האָט בנימין געשריבען אהיים — וועל איך דער־מאָלט קומען צו פאָהרען צו אייך, מיינע ליעבע און געטרייע, אויף א גאנצען זומער זיך אויסרוהען די ביינער!"...

און ישראל דער שמש האָט ארויסגעקוקט אויף דער גוטער בשורה פונ'ם „עקזאמענט", ווי מע קוקט ארויס אויף משיח'ן. איהם האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז בנימין קומט צו פאָהרען א פאר־טיגער דאָקטאָר, א גרויסער דאָקטאָר; די גאנצע שטאָדט לויפט זיך צונויף אָנקוקען „ישראל דעם שמש'ס דאָקטאָר"; מע שלאָגט איהם אָפּ די טהירען, דער מיט אזא בקשה און דער מיט אזא בקשה; איטליכער זוכט זיך א צד; אפילו הענזעל דער איינ־בינדער, א שלים־מזל מיט א קרום פיסעל, — אז ער געהט שפרינגט ער אונטער, — איז אויך געקומען צו שפרינגען.

— וואָס ביזט דו דאָ פאר א רב שמעלקע, הא? — פרעגט איהם ישראל.

הענזעל דער איינבינדער, געגוג ער הינקט־אונטער אויף א פוס, רעדט ער נאָך שעפּיליאַווע אויך, קאָן ניט אויסרעדען קיין רי"ש.

— סטייטש, יב ישיאל, איך בין דאָך אייעיעי איין אייגענעי קיוב.

— וואָס פאר א קרוב ביזט דו? — פרעגט איהם ישראל, חאָטש ער ווייסט גאנץ גוט, אז ער איז א קרוב, אפילו א ווייט־ליכער, נאָר פּאָרט א קרוב.

— מיין עלטעי־פעטעי יאובן און אייעי סימע'ס מוהמע ייזעל זענען געווען אייגענע שוועסטעי און בידעי.

— אודאי קעהרסט דו זיך אָן מיט מיין זוהן א קנעפּעל! — זאָגט צו איהם ישראל. נאָר הענזעל דער איינבינדער מאכט אזא קרום פנים, אז ער האָט אויף איהם רחמנות און לאָזט איהם צו.

— נו? — פרעגט איהם ישראל ביי'ם ארויסגעהן פון בנימינ'ען. — וואָס הערט זיך, שלים־מזל?

— הונדערט און צוואנציג יאָהר זאָלט איהר לעבען! — ענטפערט איהם הענזעל, האלט אַ זשמענע מיט גאָלד, שפּרינגט אויפ'ן פּיסעל און דאָס פּנים פּלאַמט איהם און שוויצט אַזש.

— די משפּחה דיינע! — זאָגט ישראל צו סימען מיט אַ שטאָך און בעווייזט איהר מיט די אויגען אויפ'ן שלים־מזל הענזעל דעם איינבינדער.

— נעבאָך אַ גרויסער אביון! — פּערענטפּערט איהם סימע.

— דערימאָך איז וואָס? קאָרג אָרעמע לייט פּאַרהאַן אין שטאָדט?... — אַזוי זאָגט ישראל, נאָר מיינען מיינט ער עפּיס אַנדערש; ער האָט מורא, אַז מע וועט אַזוי שלעפּען ביי זיין זוהן כסדר, וועט מען איהם מאַכען פּאָר אַ קבצן.

— גענוג! — זאָגט ישראל און שליסט צו די טהיר. — גענוג אייך שוין צו געהן אויף־און־אָפּ! לאָזט איהם אָפּרוהען זיך חאָטש אַ ביסעל פון'ם וועג!...

ישראל דער שמש איז אין זיינע לופטיגע גילדענע מחשבות פערגאַנגען אזוי ווייט, אַז ער האָט אָנגעהויבען מאַנקירען מיט דער שטעלע; ס'איז איהם נמאס געוואָרען דאָס שמשות, זיין איטליבען אַ משרת, אויסשטעהן יעדענ'ס קאַפּריז, טראָגען אויפ'ן קאָפּ איטליבענ'ס יאָהר־צייט, חנפה'נען איטליכען בעזונדער, יוצא זיין פּאָר, קיין עין־הרע, אַזאַ עולם מיט אידען, וואָס אַלע ווילען דוקא דעם אויבען־אָן אין מזרח, אַלע ווילען דוקא שישי, אַלע ווילען דוקא דעם ערשטען פּסוק פון „אתה־הראית"! און אַז די גבאים צווישען זיך קריעגען זיך, איז ווער דאָס כפּרה־היהנדעל? דער שמש! אַז צוויי נגידית'טעס אין שוהל צעאַמפּערען זיך איבער'ן אתרוג, וואָס מע האָט צו איינער געשיקט פריהער ווי צו דער אַנדערער, איז ועמען פליהט דעמאָלט אין טאַטען אריין? — דעם שמש! ווער האָרעוועט מעהר פון אַלע? ווער קומט אהיים שבת און יום־טוב שפּעטער פון אַלעמען? ווער זעצט זיך צום טיש דעמאָלט, ווען אַלע

שלאָפען שוין? אלץ דער שמש — אז אָך און וועה איז איהם! און טאָמער ווייסט איהר, וואָס האָט ער דערפון? צרות האָט ער דערפון, מיט עגמת־נפש, מיינע שונאים, מיט בזיונות, מיט גריזאָ־טע, אז קיין שבירות נעמט ער ניט, בלייבט נאָר די הכנסה, דאָס וואָס עם מאכט; איז ווי באלד עם מאכט זיך, מאכט דאָס, און אז עם מאכט זיך ניט, מאכט דאָס מכות...

— ישראל! ווערסט מוחל זיין א לויף טהון צו מיר אהיים. — אזוי האָט איהם אין יענער צייט א זאָג געטהאָן איינמאָל רב הערש דער נגיד און האָט זיך בשעת מעשה געגלעט דאָס בייבעל און גע־געבען אלע מאָל א צווייענדיג הוסטעל. — טהו א שפּרונג אויף איין פוס צו מיר אהיים, זיי מוחל, און המ... המ... זאָג מיין שרה'ן, אז ביי מיר אונטער'ן קישען המ... המ... האָב איך איבערגעלאָזט די שליסעלעך; טאָמער וועט זי זיי זוכען, זאָל זי וויסען המ... המ... וואו זיי צו זוכען.

ישראל דער שמש איז געוואָהנט געוואָרען שטעהן פאר רב הערש דעם נגיד, ווי א סאָלדאט פאר א גענעראל, און איידער ער לאָזט־ארוים דאָס וואָרט „געה", לויפט ער שוין; נאָר איצטיגס מאָל האָט זיך ישראל עפּיס נישט אזוי געחאפּט און האָט געמור־קעט אונטער דער נאָז:

— שליסעלעך... טאטענ'ס משרת... לאָז מען געהן, אז מע דארף... אבי טרייבען יענעם ווי א הונט...

— וואָס מורקעסט דו? — פרעגט איהם רב הערש דער נגיד, וואָס איז ניט געוואָהנט געוואָרען צו אזעלכע זאכען.

— ווער מורקעט ווער? איך מורקע דען? גלאט איך זאָג, לאָז מען געהן, אז מע דארף... דאָס הייסט, איך געה, אָטאָ געה איך... אָטאָ...

ישראל לאָזט זיך לויפען מכח די שליסעלעך און שעלט בשעת מעשה רב הערש דעם נגיד מיט אלע נגידים, זיי זאָלען געהן כפּ־הקלע. לאָז נאָר גאָט העלפען זומער, אז ס'וועט קומען צו פאָהרען זיין זוהן — שלאָגט ער מיט זיי אלעמען כפּרות!...

---

## ז.

גאָט האָט געהאָלפען, דער זומער איז געקומען, נאָר בנימין איז נישט געקומען. און בריעף האָט ער אויך אָנגעהויבען שיקען נישט אַזוי אָפט, ווי פריהער, און די בריעף אַליין זענען עפּיס אויך געוואָרען וואָס ווייטער אַ קירצער, אַ אומעטיגער. ער האָט נאָר מודיע געווען, אַז דעמאָלט און דעמאָלט בעדאַרף זיין ביי איהם אַזא און אַזא עקזאַמען.

„דער דאָזיגער עקזאַמען — אַזוי האָט געשריבען בנימין אין זיין לעצטען בריעף — דאָס איז ביי מיר דער יום־הדין, וואָרום טאָ־מער פעהלט מיר, חס ושלום, איין זעכצעהנטעל, וועל איך נישט קאָ־נען אריין, און אַז איך וועל ניט אריין איצט, וועל איך מוזען בלײַ־בען אויף איבער־אַ־יאָהר, און ווער ווייסט, וואָס וועט זיין איבער־אַ־יאָהר, טאָמער איז איבער־אַ־יאָהר נאָך ערגער? וואָס זשע וועל איך דעמאָלט טהון? וואָס וועט זיין ווייטער? אויף וואָס האָב איך בעדאַרפט אַזוי פיעל האָרעווען, פערשוואַרצט ווערען? אַזוי פיעל לערנען, חזר'ען אויף אויסווענינ, הונגערען גאַנצע טעג, ניט שלאָפען קיין נעכט און פריהרען, ווי אַ הונד? נישט איך אַליין פרעג די דאָזיגע קשיא — עס זענען דאָ נאָך אַ סך אַזעלכע, וואָס זענען פערבליבען נאָך פון פאַר־אַ־יאָהרען און קאָנען נישט אריין, ווייל סע פעהלט זיי צו דער נאָרמע, און אָט שפּרינגט־אונטער דער פּריזיוו, און אויפ'ן עקזאַמען שניידט מען — ס'איז שלעכט!... ביטער און פינסטער!"...

ישראל דער שמש איז אַרומגעגאַנגען אָהן אַ קאָפּ. ער האָט נישט געקאָנט פערשטעהן, פאַר וואָס זענען עפּיס בנימינ'ס בריוו־לעך געוואָרען מיט אַ מאָל אַזוי אומעטיג? ער האָט געבעטען ירחמיאל־משה דעם מלמד, ער זאָל שרייבען בנימינ'ען, וואָס איז דאָס פאַר נאָרמעס, און וואָס הייסט „עס פעהלט אַ זעכצעהנטעל"? מע מעסט דען ביי'ם עקזאַמען אויך מיט אַ מאָס, אַזוי ווי ביי'ם פּריזיוו? און וואָס הייסט „מע שניידט ביי'ם עקזאַמען"? ווער

שניידט ? פאר וואָס שניידט מען ? הכלל, ער זאָל איהם ארויס־שרייבען אלסדינג באריכות, און זאָל גאָר ניט זאָרגען, ער זאָל זיך פערלאָזען אויף דעם וואָס לעבט אייביג, ער קאָן אלץ, און דער עיקר, ער זאָל זיין א איד, וועט אלסדינג, אם ירצה השם, זיין גוט...

אויף דעם דאָזיגען בריעף און אויף אלע איבעריגע בריעף האָט שוין אָבער ישראל דער שמש מעהר קיין ענטפער נישט בעקומען. ישראל איז נישט געוואָהנט געוואָרען, אז פון בנימינ'ען זאָל אזא צייט קיין בריעף ניט זיין. ער האָט אזוי לאנג איהם געשריבען און געשריבען, ביז ער האָט אויפגעהערט צו שרייבען. ס'איז איהם גע־ווען א בזיון פאר ירחמיאל־משה דעם מלמד...

— וואָס קאָן עס זיין, וואָס ס'איז ניטאָ קיין בריעף אזוי לאנג ? — פרעגט סימע ביי ישראל'ען און בעקומט פון איהם א פסק, ווי געוויינטליך.

— כשר'ע בהמה ! ער האָט מעהר ניט וואָס צו טהון, נאָר שרייבען בריוולעך ? ווארט־אוים א ביסעל, לאָז ער אָפּגעבען דעם „אקזאמענט", וועט ער דיר דעמאָלט שרייבען !...

בעקומען איהרס, טרעט סימע אָפּ, ווי א הונד בשעת ער חנפה'ט זיך צו צום בעל־הבית, דרעהט מיט'ן וויידעל און בעקומט א „פשאָל־וואָן !"

ישראל איז ארומגעגאנגען מיט א געשוואָלען הארץ און מיט א שווער געמיטה ; ער האָט זיך גאָר קיין אָרט ניט געקאָנט געפי־נען. וואָס זיין קאָפּ האָט איבערגעקלעהרט אין דער צייט — זאָל קיין פאָטער נישט וויסען, און די חלומות, וואָס ער האָט געזעהן ביינאכט, זענען געווען מורא'דיגע, שרעקליכע חלומות. איינמאָל חלומ'ט זיך איהם, אז ער פאָהרט צו־גאסט צו זיין זוהן אינאיינעם מיט סימען. געפאָהרען־געפאָהרען, איבער בערג, איבער טהאָלען, וואלד־איין וואלד־אוים. געקומען צו פאָהרען צו א גרויסען פאַ־לאַץ, פרעגט ער : „דאָ זיצט ריטעלמאַן דער דאָקטאָר ?" זאָגט מען : „זיצען זיצט ער דאָ, נאָר מע קאָן איהם ניט זעהן". פרעגט ער : „פאר וואָס ?" זאָגט מען איהם : „דערפאר, ווייל מע לאָזט

קיינעם ניט צו". רופט זיך אָפּ ישראל: „געהט זאָגט איהם, זייט מוחל, אז דער טאטע איז געקומען". „און די מאמע" — רופט זיך אָן סימע. „אָט האָסט דו דיר, ס'קאָצעל קומט, זי איז אויך דאָ אין מיטען!" — זאָגט צו איהר ישראל. און אזוי ווי זיי רעדען, דער־זעהט ער פון דער ווייטען א „ידנעראל מיט פאליעטען"; ער וואָלט געמעגט שווערען, אז ס'איז בנימין. ישראל לאָזט זיך געהן, און סימע נאָך איהם, נאָר וויפיעל זיי געהען, קאָנען זיי צו איהם ניט גרייכען. „גיכער א ביסעל! זעה־נאָר, ווי זי שלעפּט זיך? נו, ריהר זיך! ריהר זיך!" — שרייט ער צו סימען, און ביידע לאָ־זען זיי זיך לויפען, לויפען מיט אלע כחות, און ישראל הערט נישט אויף צו שרייען אויף סימען: „גיכער! גיכער! שלעפּט זיך ווי א טשערעפּאַחע! סימע, פארברענט זאָלסט דו ניט ווערען!!"...

— גאָט איז מיט דיר, וואָס שרייסט דו? — זאָגט צו איהם סימע און טאָרעט איהם פונ'ם שלאָף. ישראל חאַפּט זיך אויף, שטעלט־אויס א פּאָר אויגען, שפייט־אויס דריי מאָל, קעהרט זיך אי־בער אויף דער אנדערער זייט, ווערד אנשלאָפען און זעהט א נייעם חלום, נאָך איין ערגערען ווי פריהער: א שווארצע חופּה... שווארצע ליכט... א שווארצע מטה... עמיצער שטעהט מיט איין אָפּ־צוויינגע און וויל איהם ארויסרייסען א צאָהן. לאָזט ער זיך ניט, בּאָרעט זיך. דערהערט ער בנימינ'ס קול:

— טאטע!... טאטע!... ס'איז פון דיין טובה וועגען...

. . . . . . . . . . . . . . . .

---

ז.

פון לעמעל דעם סטאראָסטא האָט איהר געהערט אמאָל? צי איהר הערט דאָס ערשטע מאָל לעמעל'ס נאָמען? ווי קומט דאָס? ער איז דאָך א איד, וואָס האָט א שם אומעדום. א חוץ וואָס ער איז א סטאראָסטע אין אופראווע און א קאָכלעפעל און

פיהרט דאָס גאַנצע שטעדטעל ביי דער נאָז, איז ער אַ גאַנצער מאַכער דאָרט אין דער „גובערניע", אויסגעבונדען מיט אַלע גרעס־טע. אז ער קומט צו פאָהרען אין דער „גובערניע", זאָגט ער, ווייסט ער ניט, וואוהין ער זאָל געהן פריהער; איטליכער, זאָגט ער, שלעפּט איהם צו זיך: „פאַני לעמעל! גאָספּאָדין לעמעל! רב לעמעל!" — סע טהוט זיך! אַלע מאָל, ווען ער קומט צו פאָהרען פון דער „גובערניע", מוז ער ברענגען עפּיס אַ נייעס, וואָס זאָל זיין נאָכדעם אויף דריי חדשים צו רעדען: אַ גרויסען אָנזעץ פון דריי מאָל הונדערט טויזענד, אַ מורא'דיגע שרפה, וואָס פינף און זיעבעציג נפשות זענען פערברענט געוואָרען, אָדער אַ שרעקליכע הריגה אין מיטען שטאָדט, וואָס די האָר שטעלען זיך קאַפּויר. און האָטש ביי לעמלען זענען די אָנזעצען אַ ביסעל צו אָפט, די שרפות מיט די הריגות כמעט אַלע וואָך, פון דעסט־וועגען איז קיינעם ביז אהער נישט איינגעפאַלען, ער זאָל זיך אָנידערשטעלען דערויף. אויף קיין מעשה פרעגט מען קיין קשיא ניט; למאי די גאַזעטען? די גאַזעטען מעגען? איהר דאַרפט נאָך געדענקען מן הסתם די שרעקליכע מעשה, וואָס איז געוועזען בעשריבען אָנומעלטען אויף אַלע גאַזעטען. פערלאָפען האָט זיך דאָס אין ביאַליסטאָק, אין ריגאַ אָדער אין זשיטאָמיר — איך געדענק שוין ניט אַקוראַט. אַזוי איז געוועזען די מעשה: איינמאָל איז געזעסען אַ פרוי מיט אַ זויגעדיג קינד אויף די הענד. פּלוצים צעוויינט זיך דאָס קינד. וויל די פרוי דעם קינד געבען זויגען און צעשפּיליעט זיך. שפּרינגט־אַרויף אַ שלאַנג צו איהר אויפ'ן שויס און האַפּט די ברוסט אין מויל אַריין און לאָזט ניט אַרויס שוין באַלד דריי מעת־לעת. אַלע דאָקטוירים מיט די גרעסטע פּראָפעסאָרען קומען צו פאָהרען און פאָהרען אַוועק. זיי ווייסען ניט וואָס צו טהון: אָפּרייסען די שלאַנג מיט גוואַלד — האָבען זיי מורא, טאָמער לאָזט זי דעם גיפט, איז די פרוי אַ פערפאַלענע; לאָזען זי זאָל זויג'ען — וועט זי פון איהר אַרויסציהען דאָס דם־התמצית! וואָס דער סוף וועט זיין — וועלען מיר מסתמא מודיע

זיין אונזערע לעזער... אזוי לאָזען־אויס די גאַזעטען, און שוין מעהר אַז דריי יאָהר שרייבען מיר אויס און לייענען די גאַזעטען און וויסען נישט עד היום דעם סוף פון דער שרעקליכער מעשה, און וואָס מאַכט די אומגליקליכע פרוי נעבאַך? רעכענען, אַז די שלאַנג זויגט נאָך — איז עפּיס נישט צו גלויבען, עס קומט אויס אביסעל חוץ לדרך הטבע; און וויעדער, אַז די פרוי זאָל האָבען געשטאָרבען — וואָלטען דאָך די גאַזעטען געשריבען. לכן מוזען מיר אָנקומען דערצו, אַז ס'איז נישט קיין פרוי, נישט קיין ברוסט און נישט קיין שלאַנג. וואָס דען איז דאָס? אפּנים, אַ ליגען!

אָדער נישט לאַנג האָבען מיר געלייענט אויף די גאַזעטען אַזאַ מעשה: אין אַ קליין שטעדטעל (דאַכט זיך, אין באָברויסק) איז געוועזען אַ אידישע חתונה. די כלי־זמר האָבען געשפּיעלט. די מחותנים האָבען געטאַנצט. די סאַרווערם מיט די סאַרווערקעס זענען ארומגעלאָפען פערטאַרעראַמט, ווי געוויינטליך אַ חתונה. פּלוצים זאָגט די כלה, ס'איז איהר נישט גוט, און לעגט זיך צו אויף אַ ווייל]עטשקע. און אַזוי ווי זי האָט זיך צוגעלעגט, אַזוי איז זי אַנשלאָפען געוואָרען. די כלי־זמר שפּיעלען, די מחותנים טאַנצען, די סאַרווערם מיט די סאַרווערקעס לויפען־ארום פער־טאַרעראַמט — די כלה שלאָפט. מע האָט שוין אָפּגעשפּיעלט, אָפּגעטאַנצט, אָפּגעגעבען די גילדענע יויך — די כלה שלאָפט. דער עולם איז זיך צעגאַנגען אהיים, מע פערלעשט די ליכט — די כלה שלאָפט. מע שטעהט אויף אין דער פריה — די כלה שלאָפט. מע לעגט זיך שלאָפען — די כלה שלאָפט. מע שטעהט אויף — די כלה שלאָפט. הקיצור, ס'איז שוין דריי וואָכען נאָך דער חתונה — און די כלה שלאָפט! „וואָס מיט איהר איז געשעהען, וועלען מיר מסתמא באַלד געבען צו וויסען אונזערע לעזער"... מע פערשטעהט זיך, שוין דאָס אַנדערע יאָהר אַז מיר שרייבען אויס נאָר דאָס דאָזיגע בלאַט, מיר האָבען מורא, טאָמער האַפּט זיך אויף די כלה און מיר וועלען אפילו ניט וויסען ווער ס'האָט אונז געשלייערט — עס איז אָבער ארויסגעוואָרפען די טרחה;

אלע טאָג, אז עס קומט אָן דאָס בלאַט, איז דאָס ערשטע פרעגט מיך מיין ווייב:

— וואָס הערט זיך מיט דער באָברויסקער כלה?

— נישטאָ גאָרנישט. די משמעות, אז זי שלאָפט נאָך. — אזוי ענטפער איך מיין ווייב, און ביי זיך אין הארצען טראַכט איך מיר: „אוי־וועה, איך האָב מורא, אויב די גאַנצע מעשה איז ניט קיין אויסגעטראַכטע מעשה, שקר וכזב?"...

אזוי איז מיט אונזער לעמלען אויך. דער חילוק איז נאָר, וואָס די גאַזעטען, אז עס מאַכט זיך, זיי האַקען אריין אַמאָל א ליגען, טהוען זיי דאָס מיט א מיין — זיי מיינען געלד; און אונזער לעמעל דער סטאַראָסטע איז גלאַט א שקרן און א פּלאַפּ־לער. היינט שטעלט זיך פאָר, וואָס פאר א יום־טוב ס'איז גע־ווען פאר אונזער סטאַראָסטע, אז ס'איז אָנגעקומען פּלוצים אין דער אופּראַווע פון דער „גובערניע" א פּאַפּיער, מע זאָל אוים־שליסען פונ'ם אידישען קהל בנימינ'ען, דעם זוהן פון ישראל ריטעלמאַן, מחמת ער האָט אָנגענומען איין אנדער גלויבען...

לעמעל דער סטאַראָסטע, אז ער האָט נאָר איבערגעלייענט דאָס פּאַפּיער, האָט ער פערגעסען אלע געשעפטען מיט דער אוּ־פּראַווע, געחאַפּט דאָס פּאַפּיער און איז אוועקגעלאָפען אין גאַס אריין, זיך אלע מאָל אָפּגעשטעלט, איינגערוימט איטליכען בע־זונדער א סוד אויפ'ן אויהער און צעפּויקט איבער דער גאַנצער שטאָדט.

פאַרהאַן צייטען, וואָס מע קאָן זיי אָנרופען די „שטילשווײי־גענדיגע טעג". דער הימעל איז לויטער, קיין שפּרינקעלע, קיין ווינטעלע, שאַ־שטיל ארום און ארום; אלע שלאָפען, ווי אויסגע־שטאָרבען די גאַנצע שטאָדט, — פּלוצים, מע ווייסט ניט פון וואַנען, עס פאַלט־אראָפּ א באָמבע און רייסט־אויף די גאַנצע וועלט. אלע חאַפּען זיך אויף און לאָזען זיך לויפען: „הא? וואָס? וואו? וואָס איז געשעהען?" — עס ווערד לעבעדיג, פריילין אין שטעדטעל.

די מעשה מיט ישראל דעם שמש'ס זוהנדעל איז געווען יענע באַמבע, וואָס האָט אויפגעריסען דאָס גאַנצע שטעדטעל און אויפ־געוועקט אַלע אידען. איטליכער בעזונדער איז געווען אַזוי צע־קאָכט און אויפגעטראָגען פון דער מעשה, גלייך ווי ס'איז איהם נוגע אין נפש אָדער אין פּרנסה, גלייך ווי עס געהט איהם מעהר נישט אָפּ, נאָר דאָס. אַ סך האָבען אוועקגעוואָרפען דאָס גע־שעפט, דאָס עסען אין מיטען, און אַרויסגעגאַנגען אין מאַרק „הע־רען וואָס הערט זיך?" אַרום רב הערש דעם נגיד'ס שטוב זענען געשטאַנען גאַנצע רעדלעך מענשען, און רב הערש אַליין איז גע־שטאַנען אין אַ חאַלאַט און אין דער יאַרמעלקע בייַ'ם גאַניק פון שטוב, אַרומגערינגעלט מיט זיינע מקורבים און מיט גלאַט אידען ווילד־פרעמדע, וואָס חנפה'נען און לעקען איהם, טאָמער וועט דערפון עפּיס אַרויס אַמאָל אַ שטיקעל טובה, אַ קשיה אויף אַ מעשה?... רב הערש דרשה'ט, און די לעקערס פּאַדטאַקעווען איהם:

— מסתמא! וואָס דען? זיי זענען ניט גערעכט? זיי זענען זעהר גערעכט!

— אַ שמש, אַ פּאַרך, אַ קבצן — וויל ער זיין קליגער פון דער גאַנצער וועלט! — זאָגט רב הערש מיט זיין צווייענדיג הוסטעל. — המ... המ... אַ דאָקטאָר האָט זיך איהם גאָר פאַרוואָלט מאַכען פון זיין זוהנדעל! און אַז ער וואָלט זיין אַ שמש ווי דער טאַטע, צי, חלילה, אַ מלמד, וויים איך ניט, וואָס ס'וואָלט געווען! איך וואָלט אַ בעלן זיין הערען, וואָס זאָגט דער שמש אונזערער אַצינד? צי ער ווייסט נאָך ניט פון דער בשורה, המ... המ...? עפּים זעהט מען איהם ניט, דעם שלים־מזל. וואו קאָן ער זיין?

עס האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבען זיך ניט גע־פוילט געהן אין שוהל אַריין און צום שמש אַהיים — און האָבען ישראל'ען נישט געקאָנט געפינען אין ערגיץ.

---

## ח.

די וואָס זענען געווען געוואָהנט געוואָרען צו די „העכסט־אינטערע־סאַנטע ראָמאַנען" וואָלטען א בעלן געווען, אַז ישראל דער שמש זאָל זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנד, אָדער ער זאָל לויפען צום טייך זיך טרינקען, אָדער ער זאָל אַרויף אין בית־מדרש אויפ'ן בוידעם און זיך אויפהענגען אויף די באַנטענעס, ווייב און קינדער זאָלען יאָמערען און קלאָגען, די שטאָדט זאָל זיך וויעגען, קאָכען ווי אין א קעסעל — הכלל, עס זאָל דונערען און בליצען! עס קאָן זיין, אַז איצטיגס מאָל וואָלט איך זיי צוליעב געטהאָן. נאָר וואָס קאָן איך מאַכען, אַז ישראל דער שמש ווייסט נאָך גאָר נישט פון קיין פּותר און פון קיין חלום? דעמאָלט, ווען די גאַנצע שטאָדט האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט'ן „פּאַפּיער", איז גאָר ישראל גע־זעסען ביי זיין איין־און־אייגציגען גוטען פריינד און בעל־סוד ירחמיאל־משה דעם מלמד. אין דער אייגענער צייט, וואָס ס'איז אָנגעקומען אין דער אופּראַווע דאָס געוויסע „פּאַפּיער", האָט ישראל דער שמש אָפּגענומען פון דער פּאָסט א גאַנצען פּאַקעט, וואָס איז איהם אָנגעקומען פון זיין זוהן. ער האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ גרויסען, אַזאַ לאַנגען בריעף נישט געהאַט פון בנימינ'ען — א גאַנצע מגילה! דורכגעלייענט מיט גרויס מיה א פּאָר בלעטלעך און ניט פערשטאַנען כמעט איין וואָרט, איז ער אַוועק צו ירחמיאל־משה דעם מלמד.

— ס'איז דאָ! — האָט ישראל אויסגעשריגען נאָך פון דער טהיר מיט א שמחה.

— א בריוועל פון אייער זוהן?

— נאָך א מין בריוועל, אויף דריי בויגעלעך פּאַפּיער!

דערהערט דריי בויגעלעך פּאַפּיער, האָט דער מלמד אַוועק־געלעגט שער־און־אייזען, און די תּלמידים האָבען זיך דערווייל מחיה געווען. א קלייניגקייט, מע וועט קאָנען שפּיעלען דערווייל אין „פּאַטשערלעך" און אין „טרעפּעניש", און גלאַט אַזוי זיך

אָפּרוהען פונ׳ם חומש איז אויך עפּיס ווערטה! ירחמיאל־משה האָט אָנגעטהאָן די בעקאַנטע ברילען אויף דער נאָז און האָט זיך גע־נומען לייענען דעם בריעף בקול רם און מיט א ניגון. נאָר כל זמן עס האָט זיך געלייענט, האָט זיך געלייענט; וואָס ווייטער־ווייטער האָט ער אָנגעהויבען א ביסעלע זיך פּעראיקען און אָפּשטעלען זיך, ווי מע געהט אויף שטיינער, ווייל ס׳איז אוועקגעגאַנגען הארבע עברי, מאָדנע ווערטער, אזעלכע, וואָס ער האָט זיי אויף זיין לע־בען אין ערגיץ ניט בעגעגענט. ער האָט אַלע מינוט צורעכט געמאַכט די בריל אויף דער נאָז, צוגעטראָגען דאָס בריוועל נע־הענטער צום פענסטער, געקנייטשט מיט די פּלייצעס און געקייעט די ווערטער:

— המ... המ... עפּיס מלאכים־שפּראַך... נאַציע, מאַנציפּאַ־ציע... פּצפּציה... לאָז מיך אזוי וויסען א בייזע וועטשערע!

ישראל איז געזעסען, געזעסען אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנד ביי׳ם עק טיש, געקוקט, געקוקט ירחמיאל־משה׳ן אין מויל אריין, זיך צוגעהערט מיט מח צו איטליכם וואָרט, געוואָלט חאַפּען דעם רעכטען געדאַנק — און ניט געקאָנט בשום אופן. ער האָט ניט פערשטאַנען, וואָס בעדייט דאָס, וואָס בנימין פּלוצים פּערענטפערט זיך און שווערט זיך מיט שבועות, אַז ער איז דער אייגענער מענש וואָס פריהער, אדרבה, נאָך מיט מעהר ליעב־שאַפט און נאָך מיט מעהר געטריישאַפט... ישראל האָט ניט גע־קאָנט פערשטעהן, פאַר וואָס זאָל ער איצטער ניט זיין דער אייגע־נער וואָס פריהער? און וואָס בעדייט דאָס דאָזיגע, וואָס ער בעט פון איהם, ער זאָל איהם מוחל זיין? וואָס זאָל ער איהם מוחל זיין?... „עס האָט אַנדערש נישט געקאָנט זיין, שרייבט ער, ער האָט גענוג געמוטשעט זיך, ווייל ער ווייסט, זאָגט ער, גאַנץ גוט, וואָס פאַר א וועהטיג ער טהוט־אָן זיינע עלטערען; נאָר דאָס שלאָגען זיך פון קינדוויז אָן צו דער ליכטיגקייט, דאָס רייסען זיך צו דער וויסענשאַפט איז ביי איהם אזוי גרויס, אזוי שטאַרק, אַז עס האָט גובר געוועזן".

דאַ דערמאַנט זיך ישראל אינ'ם חלום, וואָס סע האָט זיך איהם געחלומ'ט, און עס טהוט איהם אַ טיאַכקע דאָס האַרץ, ווי אַ מענש, וואָס דערמאַנט זיך, אַז מע בעדאַרף איהם מאַכען איין אָפּעראַציע... ער טהוט זיך אַ כאַפּ:

— וואָס? וואָס? נאָך אַ מאָל, לייענט נאָך אַ מאָל, וואָס שרייבט ער וואָס?...

ירחמיאל־משה טהוט אַ רוק די ברילען אַרויף און וויל לייענען נאָך אַ מאָל, פּלוצים עפענט זיך די טהיר און עס קומט אַריין...

בתיה־הינדע די רביצין, ירחמיאל־משה'ס ווייב, אַ אידינע ניט אַזאַ גראָבע ווי אַ הויכע, און ניט אַזאַ שענע ווי אַ געלע, מיט אַ גרויסען קאָשעק פונ'ם מאַרק. אין קאָשעק האָט זיך געפונען פון כל טוב: קאַרטאָפּלעס, און ציבעלעס, און צוויי שוואַרצע רעטאַכער, און אַ שטיקעל לונג־און־לעבער, וואָס זי האָט קוים אויסגעוויינט ביי שמחה־ליב דעם קצב, מחמת לונג־און־לעבער איז אַזאַ סחורה, וואָס אויף דעם איז, ברוך השם, פאַרהאַן תמיד הונגערט בעלנים; ווייבער שלאָגען זיך איבער דעם אין מאַרק, ווי, להבדיל, אין שוהל די מאַנסבילען איבער „אתה־הראית", — און ס'איז גאָר קיין חידוש ניט: אַז קאָסטען קאָסט דאָס וואָל־ וועל, און קיין ביינער האָט דאָס ניט. דאָס אַז מע קאָכט מיט קאַרטאָפּלעס און מיט ציבעלעס און מיט גענוג פעפער און סע דושעט זיך גוט איין און ס'איז מאָסטקע — איז דאָך עס טעם גן־עדן!...

אַריינגעקומען און דערזעהען דעם שמש זיצען ביי'ם טיש מיט איהר מאַן און לייענען, האָט בתיה־הינדע אַ קוק געטהאָן אויף זייביידען און געוואָלט זעהען, צי דער שלים־מזל ווייסט שוין, צי ניין? נאָר פון זייערע פּנים'ער האָט זי נישט געקאָנט אַרויסזעהען גאָרניט, האָט זי אַוועקגעשטעלט דעם קאָשעק און אַ וואונק געטהאָן צו איהר מאַן, בשעת מעשה זיך אַ וויש געטהאָן מיט דער האַנד איבער'ן פּנים פון אונטען אַרויף.

— חמיל־משה, קום־נאַ אהע!? — האָט זי איהם אַ זאָג געטהאָן. ירחמיאל־משה האָט זיך געשטויסען, אַז בתיה־הינדע וויל איהם מסתמא עפּיס זאָגען, האָט ער אויסגעטהאָן די ברילען און האָט זיך אַרויסגעהאַפּט אויף אַ מינוט אין הויז אַרויס, און דאָרט, אויף יענער זייט טהיר, איז פאָרגעקומען צווישען מאַן און ווייב שטילערהייד, אונטער פיער אויגען, אַזאַ מין געשפּרעך:

זי: ער ווייסט שוין?

ער: ווער?

זי: דער שלים־מזל.

ער: וואָסער שלים־מזל?

זי: דער שמש.

ער: פון וואָס?

זי: פונ׳ם זוהן.

ער: פון וואָסער זוהן?

זי: פון בנימינ׳ען.

ער: אַז וואָס?

זי: די גאַנצע שטאָדט האָט צו טהון!

ער: מיט ווע‍מען?

זי: מיט זיין זוהן.

ער: מיט וועמענ׳ס זוהן?

זי: מיט׳ן שמש׳ס זוהן.

ער: אַז וואָס?

זי: טפו זאָלסט דו ווערען!...

גאָט ווייסט, וויפיעל דאָס געשפּרעך וואָלט זיך נאָך געצויגען, ווען דער שמש אַליין זאָל ניט געווען אונטערקומען אַ דערשראָקענער און אַ פרעג טהון:

— האַ? וואָס? וואָס דערצעהלט איהר עפּיס? וואָס האָט איהר עפּיס געזאָגט בנימין — וואָס?

בתיה־הינדע האָט נישט געוואוסט, וואָס זאָל זי טהון, ווי אַזוי דרעהט מען זיך דאָ אויס? למאי זאָל זי זיין דער שליח?

אמעהר, וועט זי איהם בעסער אָפּשיקען גלייך צו לעמעל דעם סטאַראָסטע, לאָז ער זיך מיט איהם שלאָגען קאָפּ אָן וואַנד.

— גאָר נישט, וויים איך! — מאַכט בתיה־הינדע און ווישט זיך דאָס פּנים מיט דער האַנד אַרויף. — עפּיס א פּאַפּיער, זאָגט מען, איז אָנגעקומען מכח אייער זוהן.

— וואָסער א פּאַפּיער? — פרעגט ישראל, טוידט ווי די לעהם.

— אין דער אופּראַווע דאָרטען. — זאָגט בתיה־הינדע.

— וואָסער אופּראַווע?

— צום סטאַראָסטע.

— מכח וואָס?

— לעמעל, הייסט דאָס.

— אז וואָס?

— אייער בנימין, הייסט דאָס.

— וואָס בנימין? בנימין? — פרעגט שוין ישראל מיט כעס.

— איך וויים וואָס? פרעגט מיך בחרם! זייט זיך מטריח אהין, צו לעמלען הייסט דאָס, ער איז איצטער אין מאַרק, לעמעל הייסט דאָס, מיט׳ן פּאַפּיער.

„פּאַפּיער... לעמעל... אופּראַווע... בנימין... די גאַנצע שטאָדט... וואָס זאָל דאָס בעדייטען?” — טראַכט זיך ישראל, און ער פיהלט, אַז עס פלאַמט איהם א באַק און עס פייפט איהם אין אויהער. ער רוקט־אָן דאָס היטעל, בויגט זיך איין אין דרייען און לאָזט זיך געהן.

---

ט.

פאַרהאַן מענשען, וואָס האָבען ליעב אָנקוקען יענעם בשעת אומגליק, אַריינקוקען יענעם גלייך אין פּנים אַריין דוקא בשעת ער וויינט, נאָכקוקען יענעם, ווי אַזוי ער געהט נאָך דער לויה, זיך

צוקוקען, ווי יענער ברעכט די הענד, שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואנד, וכדומה. איך האָלט נישט פון אזעלכע סצענעס. לאָז מען זאָגען וואָס מע וויל — איך האָב פיינט טרויעריגע בילדער. מיין מוזע טראָגט נישט קיין שווארצען שלייער אויפ׳ן פּנים; מיין מוזע איז איין אָרעמע, נאָר אַ פרייליכע... וואוהין האָט זיך געלאָזט לויפען ישראל דער שמש? מיט וועמען האָט ער זיך געזעהען? וואָס האָט ער געהערט? וואָס האָט ער געזאָגט? — פרעגט נאָר נישט, איהר וועט דערפון קיין תענוג נישט האָבען. וואָס וועט אייך ארויסקומען, אשטייגער, אז איהר וועט געוואָהר ווערען, אז ס׳איז פארהאן מענשען, וואָס יענעמ׳ס צרה איז ביי זיי נאָר אַ „נייעס", יענעמ׳ס הארץ איז אַ פיעדעל, יענעמ׳ס נערוועז זענען סטרונעס, יענעמ׳ס וויינען איז אַ ניגון און יענעמ׳ס נשמה — אַ שפּיעלעכעל? וואָס וועט אייך ארויסקומען, למשל, אז איהר וועט שוין געוואָהר ווערען, אַז עס האָבען זיך געפונען אזעלכע, וואָס האָבען דערלעבט אַ נקמה אין ישראל דעם שמש, דערפאר, וואָס ער האָט זיך ארומגעטראָגען טאָג ווי נאכט מיט זיין „וויגרישנע ביליעט"?

— אַ מצוה! — האָט געזאָגט הנגיד רב הירש מיט זיין צוווייענדיג הוסטעל און געגלעט זיך בשעת מעשה דאָס בייכעל. — אַ מצוה! לאָז אַ קבצן המ... המ... ניט שפּרינגען אין פּנים אריין! דאָקטוירים גאָר, המ... המ...!

אַ סך האָבען, געוויינטליך, רחמנות געהאַט אויפ׳ן שמש נעבאך. נאָר איך מיין, אַז עס בעדארף אייך זיין קענטליך דאָס וואָרט „נעבאך".

— לאָז אייך גאָט היטען פון אַ אידישער טובה און פון אַ אידישען „נעבאך", — אזוי פלעגט זאָגען מיין באָבע מינדע עלית השלום — וואָרום פון אַ אידישער טובה קאָן הארט ווערען דער קאָפּ און פון אַ אידישען „נעבאך" — הייליק די צייהן...

ערשט ארום פארנאכטליך האָט זיך ישראל פערשלעפּט אהיים, קוים אַ לעבעדיגער, שטיל זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, אוים־

געטהאָן די שטיוועל, געריסען קריעה און האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א שעה „שבעה". דאָס אייגענע האָבען געטהאָן סימע און אַלע דריי טעכטער — פעסיל, סאָסיל און ברכה'צי, — געוויינט־ליך, גענוג געוויינט, גענוג געיאָמערט און גענוג געשלאָגען זיך קאָפּ אָן וואנד, חאָטש זיי האָבען גענוג איינגעלעגט די וועלט נאָך פריהער, איידער ישראל איז געקומען.

שפּעטער, אז ירחמיאל־משה דער מלמד איז געקומען זיי מנחם־אָבל זיין, האָט ער געטראָפען אזא מין בילד: ישראל איז געזעסען בעהאַלטען דעם קאָפּ צווישען די קניהעס; סימע האָט זיך פערשטעלט דאָס פּנים מיטביידע הענד און געוויינט שטילער־הייד, און פעסיל, סאָסיל מיט ברכה'צין זענען געזעסען מיט רויטע געשוואָלענע אויגען און געקוקט מיט פערגליווערטע פּנימ'ער איט־ליכע אין איין אַנדער ווינקעל. דער וועהטיג מיט'ן בזיון איז פאר זיי אַלעמען געוועזן, אפּנים, אזוי גרויס, אז זיי האָבען נישט גע־קאָנט קוקען איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען אריין...

אריינגעקומען איז ירחמיאל־משה שטיל, אָהן א גאָט־העלף, ווי געוויינטליך מע קומט אריין צו איין אָבל, זיך אוועקגעזעצט פאוואָלינקע ביי דער זייט, אויף איין עק בענקעל, א זיפץ געטהאָן און שא — שטום ווי די וואנד. שפּעטער א ביסעל — נאָך א זיפץ, און אַנשווייגען געוואָרען, און ווייטער א זיפץ, און וויעדער אַנשוויגען געוואָרען. ערשט אין עטליכע מינוט ארום האָט ער זיך ארומגעקוקט, אז ס'איז עפּיס נישט קיין תכלית זיצען אזוי און שווייגען, מע בעדאַרף עפּיס זאָגען א גוט וואָרט. נאָר וואָס זאָגט מען? מילא, נאָך א בר־מינן, אז עס מאכט זיך, חלילה, מע זיצט שבעה און מע קומט מנחם־אָבל זיין, געפינט זיך נאָך ווערטער: „ד' נתן ד' לקח"... אָדער: „א מענש איז, משטיינס געזאָגט, געגליכען צו א פליעג"... אָדער: „דער טוידט — דאָס איז אזא זאך, וואָס אויסדרעהען זיך דערפון קאָן מען ניט"... אָדער: „עט, הבל הבלים, גלויבט מיר, מיר וועלען אַלע שטאַר־בען"... וכדומה אזעלכע ווערטער, וואָס שטאַרק פריילייך אויפ'ן

הארצען קאָן פון זיי ניט ווערען; נאָר דאָך איז דאָס אַ שטיקעל רפואה: מענשען רעדען־אויס דאָס הארץ, ווערד אַ ביסעל גרינ־גער. אָבער וואָס קאָן מען זאָגען דאָ, ביי אַזאַ מין „שבעה" זיצען נאָך אַ לעבעדיגען?... ירחמיאל־משה טהוט זיך אַ דרעה אויפ'ן בענקעל מיט אַ הוסטעל, וויל עפּיס אַ זאָג טהון, נאָר סע זאָגט זיך ניט. ער פּרובט זיך עטליכע מאָל, ביז קוים־קוים — ער האָט זיך צערעדט. און אַז ער האָט זיך צערעדט, האָט ער נישט גע־קאָנט זיך אָפּשטעלען, נישט געוואוסט דורך וואנען מע חאַפּט זיך ארויס.

— טאַ, מילא, אויך די אייגענע מעשה. ס'איז דאָך נאָר, ווי זאָגט ער, אַ נסיון, מיין איך, פון גאָט, וואָרום אַלסדינג, הערט איהר, איז פון איהם, אָהן איהם טהוט זיך ניט קיין זאַך, אַ מינדסטען פינגער הויבט אַ מענטש נישט אויף פון אונטען ביז מע הייסט איהם נישט דאָרטען פון אויבען... ער איז, וואָס טויג מיר מעשיות, אַ רעכטער בעל־הבית, אוי, אַ בעל־הבית!... און איהם פאָלגט מען, נאָך אַ מין פאָלגען, אוי־אוי־אוי!... דערימאָך איז געדרונגען, איהר הערט, אַז עס באַדאַרף זיין אַזוי ווי עס איז. אַ סימן האָט איהר, עס זאָל באַדאַרפען זיין ניט אַזוי, וואָלט געווען ניט אַזוי, וואָרום ווער נויט דאָס איהם, ס'זאָל דוקא זיין אַזוי און ניט אַזוי? און אַז ער זאָל וועלען, ס'זאָל זיין ניט אַזוי, וועט איהם עמיצער זאָגען אַ דעה: ניין, לאָז בעסער זיין ניט אַזוי, מיין איך, לאָז בעסער זיין אַזוי און ניט אַזוי?...

ירחמיאל־משה האָט געפיהלט, אַז ער הויבט עפּיס אָן צו רעדען אַזעלכעס, וואָס ס'איז ניטאָ וואָס צו הערען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, גענומען אַ שמעק טאַבאַק, אָנגעבויגען דעם קאָפּ אויף אַ זייט און ארויסגעלאָזט אַ טיעפען זיפץ, און האָט ביי זיך גע'פועל'ט, אַז מע בעדאַרף זיך אויפהויבען געהן. נאָר ס'איז גרינג צו זאָגען „אויפהויבען זיך"; געה הויב זיך אויף, אַז מען איז צוגעקאָוועט צום בענקעל! נישטאָ, הערט איהר, קיין ערגע־רער וויזיט אויף דער וועלט, ווי מנחם־אָבל זיין. וויפיעל מאָל

מיר מאַכט זיך קומען צו יענעם מנחם־אָבל זיין, קאָן איך קיינ־מאָל נישט אויפהויבען זיך און אוועקגעהן אָהן א זייט־געזונד. איך בעט גאָט אַלע מאָל, עס זאָל זיך עפּיס טרעפען א נס מן השמים: אָדער דער וואָס זיצט זאָל אנשלאָפען ווערען זיצענדיג, וועל איך מיך פּאַוואָלינקע אויף די שפּיץ פינגער ארויס׳גנב׳ען פון שטוב; אָדער ס׳זאָל זיך מאַכען עפּיס פלוצים אין דרויסען א געשלעג, א שרפה, איין איינגעלויף, וועל איך מיך דערוויייל קאָנען ארויסחאַפּען פון געפּעננגיש... ירחמיאל־משה איז געזעסען נאָך אביסעל, ביז ער האָט א קוק געטהאָן פריהער אויף דער סטעלי און נאָכדעם אויף אַלע פיער ווענד, געזוכט, אפּנים, א זייגער, און א זאָג געטהאָן צו זיך אליין:

— מע באַדאַרף אָנהויבען טראַכטען מכח געהן... די וויסע־חברה׳ניקעס וועלען איבערקעהרען דעם חדר מיט דעם קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף.

און נאָך עטליכע מאָל לאָזענדיג זיך צו דער מהיר און אומ־קעהרענדיג זיך צוריק, האָט ער קוים אריבערגעשפּאַנט מיט איין פוס אויף יענער זייט שוועל, און ערשט דאָ האָט ער זיך דער־מאנט זיי אויסרעדען דאָס הארץ, טרייסטען, זיי זאָלען אויפ־הערען זאָרגען, וואָרום גאָט איז א פאָטער, ער קאָן... און ער האָט זיי אָנגעזאָגט נאָך א מאָל, אז על־פּי דין, דאָס הייסט, ווי דער מנהג איז, בעדאַרפען זיי זיצען נישט מעהר ווי א שעה, און טאָ־מער, חלילה, א ביסעל מעהר, איז אויך אָהן איין אומגליק, און אם ירצה השם, אויף דערנאָכט נאָך מעריב וועט ער זיך ארייננ־חאַפּען נאָך א מאָל א ביסעל זיצען, און זאָרגען זיך זאָלען זיי זיך נים זאָרגען, מחמת גאָט איז א פאָטער, וואָס ער קאָן מאַכען, קאָן דאָס קיין מענשען־פערשטאַנד נישט משיג זיין... ובפרט זיי האָ־בען קינדער, זאָלען געזונד זיין, שוין דערוואַכסענע, קיין עין־הרע...

די שעה איז איבערגעגאַנגען, און ישראל מיט זיין הויז־געזינד זענען אויפגעשטאַנען פון דער ערד שטיל, אָהן ווערטער, אָנגעטהאָן די שיך און צעקראָכען זיך איטליכער אין א בעזונדער

ווינקעל... ישראל (איך זאָל ניט מורא האָבען פאַר א גוזמא, וואָלט איך געזאָגט, אז ער האָט זיך אין דעם איינעם טאָג א רוק געטהאָן אויף צעהן יאָהר!) האָט אויף דער גיך אָפּגעחאַפּט מנחה, זיך אָפּגעקלאַפּט תחנון, אויסגעשפּיגען „עלינו" און געלאָזט זיך געהן אין בית־המדרש אריין, ער זאָל חאָטש פערחאַפּען צו מעריב. דערוויילן איז ער דאָך שמש, א פערקויפטער מענש, מוז ער זיין אויפ'ן אָרט. פּרנסה, הערט איהר, — אוי איז דאָס א סגולה, א מיטעל צו פערטרייבען אַלע זאָרגען, פערגעסען אַלע צרות!...

— וואָס הערט זיך עפּיס מיט אייער „וויגרישנע ביליעט"? — האָבען זיך געפונען אזעלכע לעדיגגעהערס, וואָס האָבען איהם א פרעג געטהאָן. — וואָס מאַכט עפּיס אייער זוהן?

— עליו השלום, וואו האָב איך א זוהן? — ענטפערט ישראל מיט א ביטער שמייכעל...

אין דעם דאָזיגען שמייכעל איז געלעגען אזוי פיעל גאַל, אז די לעדיגגעהערס איז אזש געוואָרען איבער דער טבע, און זיי זענען אָפּגעטראָטען אויף א זייט. ס'איז געווען געגוג, מע זאָל איהם נאָר א קוק טהון אין פּנים אריין, אז מע זאָל מיט איהם שוין מעהר ניט וועלען רעדען פון זיין זוהן.

* * *

וואָס איז געווען ווייטער? וואָס איז דער סוף מיט בנימינ'ען? צי האָט ער געשריבען נאָך בריעף? און וואָס האָט ער געשריבען? און צי האָט איהם דער פאָטער געענטפערט, צי ניין? און אז ער האָט איהם געענטפערט — וואָס האָט ער איהם געענטפערט? — קוועטשט מיך ניט; אצינד וועל איך אייך ניט זאָגען גאָרנישט. איך בין אייך נאָר מחויב צו זאָגען, אז פאַר ישראל דעם שמש איז שוין נישט געווען מעהר קיין בנימין. געשטאָרבען בנימין.

דער „וויגרישנע ביליעט", דאָס לאָטעריי־צעטעל, איז פאַר ישראל דעם שמש אַרויס אין טיראַזש...

# מיט'ן עטאַפּ

קאַפּיטעל א.

## המן איוואַנאָוויטש פּליסעצקי.

אזוי האָט מען גערופען דעם נייעם פּריסטאַוו, וואָס איז אראָפּגעקומען קיין טעפּליק. דאָס הייסט, דער אמת'ער נאָמען זיינער איז געווען גאָר אַהאַמעמנאָן אַפּאָנעגענאָ־וויטש, נאָר די טעפּליקער אידען, וואָס האָבען ליעב צונעמע־נישען, האָבען איהם משנה־שם געווען איבער צוויי טעמים: ערש־טענס, איז המן איוואַנאָוויטש אַ סך קירצער און אַ סך גרינגער אויסצורעדען; געהט, אַשטייגער, נעמט־אָן אַ פולע מויל מיט צונג און רעד־אויס „אַ־האַ־מעמ־נאָן אַ־פּאָ־נע־גע־נאָ־וויטש”! דאָס איז גומער איינס. והשנית, זינט טעפּליק איז אַ שטאָדט, געדענקט מען נאָך ניט אַזאַ המן אַ פּריסטאַוו, ווי דער דאָזיגער נייער פּריס־טאַוו המן איוואַנאָוויטש פּליסעצקי. אין טעפּליק זענען שוין גע־ווען אַלערליי פּריסטאַוועס, אי גוטע, אי שלעכטע, אי נעמערס, אי נקי־כפּים'ניקעס, דאָס הייסט, אַזעלכע, וואָס פּשוט נעמען זיי ניט, סיידען אַמאָל אונטער אַ יום־טוב „לשנה־טובה”, וואָס רעכענט זיך ניט, אָדער אַ מתנה צום טאָג פון געבאָרען, און ווער זאָגט זיך אָפּ דערפון?... מיר זענען אַלע אַמאָל געבאָרען געוואָרען, און דער טאָג פונ'ם געבאָרען איז ביי יעדען מענשען אַ יום־טוב, איינגעפיהרט

פון קדמונים, נאָך פון פּרעה מלך מצרים, ווי מיר ווייסען דאָס פון דער היייליגער תורה, אז אינ׳ם טאָג פון זיין געבאָרען האָט פּרעה געמאַכט א סעודה פאַר אַלע זיינע קנעכט, דעם שר־המשקים ארויס־געלאָזט פון טורמע און דעם שר־האופים אויפגעהאָנגען אויף א בוים, אזוי ווי יוסף האָט זיי פּותר־חלום געווען מיט דריי טאָג פריהער... אָנגעקומען קיין טעפּליק, האָט ער זיך, צום אַלעם ערשטען, גענר־מען רייניגען דאָס שטעדטעל, נאָר רייניגען וואָס רייניגען הייסט. די טעפּליקער פערד־גנבים, וואָס האָבען א שם אויף דער גאַנצער וועלט, האָט ער אין איינע צוויי חדשים אויסגערויכערט, נישט גע־לאָזט פון זיי, איהר זאָלט זאָגען, איינעם אויף א רפואה. אויף וועמען ער האָט נאָר געהאט א שטיקעל אויג, האָט ער איהם גע־פּאַקט, נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און אָפּגעשיקט מיט׳ן עטאַפּ קיין הייסין אין טורמע אריין, — לאָז מען זיך מיט איהם דאָרטען רעכענען. נאָכדעם האָט ער זיך גענומען צו די גאַסען און צו די אידען. די גאַסען האָט ער געוואָלט, מע זאָל האַלטען ריין, נישט וואַרפען קיין מיסט גלייך אין פּנים אריין, נישט גיסען קיין פּאָמעניצעס ביי דער טיר און נישט טהון קיין אַנדערע זאַכען וואָס ניט שען... און די אידען, האָט ער געוואָלט, זאָלען זונטאָג פאַר האַלבען טאָג ניט עפענען קיין קלייטען, מלמדים זאָלען ניט קנעלען אָהן שיינצעטלעך און קיין עירוב אין שטאָדט זאָל ניט זיין; מע וועט זיך בעגעהן, האָט ער געזאָגט, אָהן דעם דאָזיגען „טעלע־גראַף" אויך... און אפילו אין שוהל, טאָמער האָבען זיך אידען צעשלאָגען, צעאַמפּערט פאַר „אתה־הראית", מכבד געווען איינס דאָס אַנדערע מיט פּעטש, האָט ער זיך אויך ליעב געהאט אריינ־מישען. אָט אזא רשע איז דאָס געווען!

מילא, די קלייטען מע זאָל האַלטען צוגעמאַכט — האָט ער געפּועל׳ט. אי, טאָמער ניט אזוי פּינקטליך ביז דוקא צוועלף א זייגער? — האָט ער זיך שוין געמאַכט ניט וויסענדיג, וואָרום ער האָט שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. וואָס ער האָט געקאָנט, האָט ער געטהאָן; נאָר זיין א שומר ביי די אידישע קלייטען, אַב־

טונג געבען, טאמער עפּענט אויף א איד א האלבע טיר — דאס איז דאך א זאך וואס אוממעגליך. זעהט איהר, מיט'ן עירוב האט ער די ערשטע צייט יא געהאט אביסעל צרות. אלע פרייטאג־צו־נאכטס פלעגט מען דעם עירוב אנציהען, און שבת אין דער פריה פלעגט ער איהם אראפּרייסען, און אויף איבעראכטאג שבת איז אויסגעוואכסען א פרישער עירוב, און אזוי עטליכע מאל כסדר. און וויפיעל ער האט ניט נאכגעקוקט דורך די שומרים, ווער סע ציהט אן דעם עירוב, האט ער ניט געקאנט חאפּען דעם גנב, ביז ער האט זיך אליין מיט זיין כבוד געמוזט איינמאל בעהאלטען אין דרויסען, אין א ווינקעלע, און איז אויסגעזעסען די גאנצע נאכט און געלאקערט, און ערשט העט־העט ארום פארטאג האט ער גע־פּאקט פּייסי דעם שמש'ס יונגעל סאמע ביי דער רעכטער ארבייט, ווי ער פערדרעהט דאס שטריקעל. האט ער איהם אנגענומען פאר'ן לינקען אויהער און אפּגעפיהרט איהם אין סטאן אריין און פערשפּארט אויף א גאנצען טאג אין „חדר". פון דעמאלט־אן איז טעפּליק געבליבען אהן איין עירוב עד היום הזה, און דער עולם האט אנגעהויבען טראגען אים שבת נאזטיכלעך און זייגערס אויף וואס די וועלט שטעהט.

נישט אזוי גרינג איז איהם אנגעקומען די מלחמה, וואס ער האט געפיהרט מיט די מלמדים. די מלמדים האבען איהם געטהאן צום טוידט. אט האט ער געפּאקט א מלמד מיט צוואנציג תלמידים און צוגעמאכט דעם חדר, און אט האט ער איהם געחאפּט מיט די אייגענע תלמידים שוין אין איין אנדער געסעל. צוגעמאכט דעם דאזיגען חדר אויך און געמאכט א פּראטאקאל, ער טהוט א קוק — אהא! ער האט זיך פערקליבען ערגיץ אויף א בוידעם אין דער ווייבערשער שוהל און פון דארטען זיך געלאזט הערען מיט'ן גע־זאנג פון זיינע צוואנציג תלמידים — איין אומגליק מיט די אידי־שע קינדער! מע קאן זיי גארנישט אפּטרייבען פונ'ם לערנען!

„ממה נפשך, האסט דו זיך שוין פערקליבען אויף א בוידעם קנע־לען, טא זיץ דארטען און קנעל צעזעצטערהייד אין דער קרענק,

נאָר ליאַרעם ניט אַזוי, לאָזען האָטש מיינע אויהערען ניט הערען!"...
אַזוי האָט געטענה'ט פּליסעצקי מיט'ן מלמד און האָט איהם גע־שוואָרען, אַז טאָמער האַפּט ער איהם נאָך אַ מאָל, שיקט ער איהם אַרויס פון טעפּליק אין פיער און צוואַנציג שעה. דער מלמד האָט די מעשה גאַנץ גוט אויסגעהערט און געטהאָן זיינס, אַראָפּגעלאָזט זיך פון דער וויבערשער שוהל און אַראָפּגענידערט ערגיץ אין אַ קעלער און דאָרטען געקנעלט, און דוקא מיט אַ ניגון, מיט'ן גע־וויסען מלמד'ישען ניגון, וואָס אָהן איהם האָט דאָס אידישע לערנען פּונקט אַזא טעם, ווי דער קאַלטער קוגעל וואָס די היינטיגע אַריס־טאָקראַטען אין די גרויסע שטעדט עסען אין דערוואַכען... המן איוואַנאָוויטש האָט אַזוי לאַנג „געוואָיעוועט" מיט די מלמדים, ביז ער האָט אַ שפּיי געטהאָן אויף זיי און האָט זיך געמאַכט כלא ידע...

---

קאַפּיטעל ב'.

## דער טעפּליקער נגיד שלום־בער טעפּ־ליקער פון טעפּליק.

מחמת אין טעפּליק זענען די איינוואָהנער, צום מייסטען, אידען, האָט דער נייער פּריסטאַוו געהאַט צו טהון כמעט נאָר מיט אידען, און ער האָט זיך אין אַ קורצער צייט בעקענט מיט אַלע טעפּליקער בעלי־בתים, געוואוסט יעדען איינציגען ביי'ם נאָמען, געוואָהר געוואָרען ביי זיי אַלסדינג, די גרעסטע סודות, גערעדט מיט זיי האַלב אויף אידיש און גיך געוואָרען צוגעלאָזט, ווייך ווי וואַכס — אַ גוטער ברודער!

די נגידים, די פיינע־בריהס, די קאַכלעפלען, די וואָס האָבען ליעב געוועלטיגען, אַז זיי האָבען דערזעהען, אַז דאָס פּריצ'על לאָזט זיך צו, האָבען זיי אָנגעהויבען זיך איינקויפען צו איהם תחילת

מיט אַ שטיקעל שבת׳דיגע פיש („זשידיוווסקאַ ריבאַ״), אַ גלעזעל פּסח׳יגען בראָנפען („פּייסאַחאָווקאַ״), פערביסען מיט אַ שטיקעל אידישע מצה („זשידאָווסקאַיאַ מאַצאַ״), און נאָכדעם האָבען זיי זיך שוין געפּרובט אונטערפאָהרען צו איהם מיט אַ שמייכעלע — נתנ׳ען איהם עפּים אין יד אריין. האָבען זיי אָבער געחאַפּט פונ׳ם דאָזיגען המן אַזאַ מיאוס׳ען פּסק, אַז זיי ווילען שוין פערזאָגען קינדס־קינדער, אַז מע זאָל יענעם אין יד אריין קיין מעות ניט נתנ׳ען, איידער מע ווייסט איהם, ו ו ע ר ער איז און ו ו אָ ס ער איז...

— טי דומאַיעש, יאָסקאָ, פּאָדשמיראָוואַט מעניאַ טוואָאימי מעות׳אַמי, זנאַטשיט טי גרויסער מאַשעניק! אַ נעם איהם אַ חדר! *

די ווערטער „אַ נעם איהם אַ חדר״ זענען ביי איהם תמיד געווען פאַרטיג אויף דער צונג, און געהייסען האָט דאָס איינזעצען, פערשפּאַרען, אָדער אָפּשיקען מיט׳ן עטאַפּ אין דער שטאָדט אריין, קיין הייסין. און האָט ער די דאָזיגע ווערטער ארויסגעלאָזט פונ׳ם מויל, איז שוין געווען פערפאַלען, כל מלכי מזרח ומערב האָבען שוין דערצו ניט געקאָנט העלפען גאָרניט! אָט אַזאַ מין נפש איז דאָס געווען! און דער גוטער יאָהר זאָל איהם וויסען — האָט זיך ארייַנגעחאַפּט צו איהם אין די הענד אריין איין אָרעמאַן, וואָס האָט ניט מיט עפּים צו געהן, האָט דער דאָזיגער רשע ארויסגענומען פון זיין אייגענער קעשענע אַ קערבעל אָדער צוויי און געשענקט אַ נדבה, און אַ זאָג געטהאָן דערביי אויף זיין אויסגעמישטע לשון:

— נאַ טיבע מילאָסט חסד נאַ ווערצאָוועס**.

נאָר אויף וויפיעל ער האָט רחמנות געהאַט אויף איין אָרעמאַן, אַזוי פיעל האָט ער פיינט געהאַט אַ נגיד. און ווער שמועסט

---

* דו רעכענסט, יאָסי, מיך אונטערשמירען מיט געלד, איז אַ סימן, אַז דו ביזט אַ שווינדלער, זעצט איהם איין! — ** נאַ דיר אַ גמילות־חסד אויף הוצאות.

א טעפּליקער נגיד, און ווער שמועסט נאָך דעם טעפּליקער נגיד שלום־בער טעפּליקער פון טעפּליק — איהם האָט ער גאָרנישט גע־קאָנט סובל זיין און לאַנג־לאַנג געזוכט אויף איהם א חטא און נישט געקאָנט געפינען, ביז גאָט האָט איהם געהאָלפען, ער האָט איהם געפּאַקט. ומעשה שהיה כך היה:

דער דאָזיגער שלום־בער טעפּליקער פון טעפּליק, א חוץ וואָס ער איז געווען א איד א נגיד, איז ער געווען איין עקשן און א גדלן און א גרויסער בעל־נצחון. האָט זיך איהם עפּיס פערוואָלט א זאַך, און האָט ער זיך שוין איינגעשפּארט, איז געווען גרינגער נעמען און אריבערטראָגען טעפּליק אויף איין אַנדער אָרט, איי־דער איבערשפּארען שלום־בערען. אז המן איוואַנאָוויטש האָט ארויסגעגעבען זיין בעפעהל, אז מע זאָל דאָס מיסט אין דרויסען ניט ווארפען און די פּאָמעניצע ביי דער טיר נישט גיסען, האָט שלום־בער טעפּליקער פון טעפּליק געפרעגט א קשיא: „ועמענ׳ס עסק איז דאָס? ס׳איז מיין מיסט מיט מיין פּאָמעניצע, מעג איך מיר טהון מיט דעם וואָס איך וויל״.

— רב שלום־בער, — האָט מען זיך געפּרובט איהם איבער־שפּארען — דער המן וועט דערזעהען די פּאָמעניצע, וועט זיך טהון חושך!

— מיט׳ן קאָטער! — האָט דערויף גענטפערט שלום־בער, וואָס האָט פיינט געהאַט צו רעדען א סך ווערטער.

— רב שלום־בער, איהר וועט האָפּען איין אַקט!

— זיבען און זיבעציג אַקטען!

— רב שלום־בער, מע וועט זיך, חלילה, אויסגליטשען נעבען אייער שטוב, און די שעה זאָל ניט זיין אויסברעכען א פוס.

— האַלז־און־נאַקען! — האָט שלום־בער גענטפערט און גע־הייסען, מע זאָל שיטען מיסט און גיסען פּאָמעניצעס אויף וואָס די וועלט שטעהט!

איז געקומען צו איהם פליסעצקי מיט פאליציי און האט איהם געמאכט איין אקט, האט שלום-בער זיך אנידערגעשטעלט מיט איהם א ביסעל אויס'טענה'נען גאנץ ברייטליך, ווי א נגיד קאן. האט איהם פליסעצקי געלאזט בעטען, ער זאל בעסער שווייגען, און בשעת מעשה געזאגט איהם א פאר הארבע ווערטער: „אידישע חוצפה" („זשידאווסקאיע נאחאלסטווא"), „שווייג, דו אידישע צורה!" („מאלטשי, זשידאווסקאיא ראזשא"), וכדומה נאך אזעלכע מינים קאמפלימענטען. האט דאס אונזער נגיד פערדראסען, און ער האט מכבד געווען דעם פריסטאוו מיט'ן נאמען ה מ ן , גע־זאגט איהם פאר עדות, אז ער איז איין אמת'ער המן, אט דער המן וואס אין דער מגילה! — האט מען דאס פערצייכענט אין פראטאקאל און אונטערגעפיהרט אונטער אזא „סטאטיא", אז מע האט אונזער שלום-בער טעפליקער פון טעפליק פער'משפט, מחילה, זיצען צוויי וואכען — און עס האט נישט געהאלפען קיין שום רבונו-של-עולם!

סע פערשטעהט זיך, אז גאנץ טעפליק האט זיך געוויעגט, געגאנגען הארארם פון אזא מעשה. סטייטש, מע האט פער'משפט דעם נגיד צוויי וואכען טורמע! די גאנצע שטאדט איז ארויס־געגאנגען אנקוקען, ווי מע פיהרט שלום-בער'ן אין „חדר" אריין. סע איז נישט געבליבען, ווי מע זאגט, קיין קינד אין וויעגעל, און שלום-בער טעפליקער פון טעפליק, אז מע האט איהם דורכגע־פיהרט איבער'ן מארק אין „סטאן" אריין, האט ער אראפגעלאזט דעם קאפ, און זיין ווייב סטיסי-פערעל די נגידית האט זיך פאר בזיון בעהאלטען אין דער היים, און דער גאנצער עולם איז געשטא־נען, געקוקט און געשוויגען, אינווייניג אין הארצען דוקא געווען צופריעדען: ערשטענס, א מצוה; לאז א איד א נגיד ניט זיין ביי זיך אזוי תקיף. און צווייטענס, האט מען שלום-בער טעפליקער פון טעפליק גלאט נישט ליעב געהאט אין שטאדט, דערפאר וואס ער איז געווען, ניט אויסגערעדט זאל זיין, א גרויסער „דבר־אחר", א קמצן, און זיין ווייב סטיסי-פערעל האט געזשאלעוועט א אידען

אַ שטיקעל ברויט, חאָטש זיי זענען געווען, ווי מע זאָגט אין טעפּליק, „אָנגעשטאָפּט מיט געלד”, און קיין קינדער האָבען זיי אויך ניט געהאַט. „ווען איך זאָל האָבען זייער געלד, — האָט זיך יעדער טעפּליקער געווינשעוועט און האָט באַלד געמאַכט אַ גרויסע הנחה — ווען איך האָב חאָטש האַלב, חאָטש אַ דריט־חלק פון זיי, וואָלט די שטאָדט פון מיר אַ סך מעהר הנאה געהאַט!”... און עס קאָן זעהר זיין; נאָר אַזוי ווי אין טעפּליק האָט געהאַט געלד נאָר איין שלום־בער טעפּליקער און זיין ווייב סטיסי־פּערעל, און ווייטער קיינער ניט, האָט דערפון אין טעפּליק קיינער קיין הנאה נישט געהאַט: ניט די שטאָדט, ניט שלום־בער דער נגיד, ניט זיין ווייב די נגידית. און אפשר האָבען די צוויי יאָ געהאַט הנאה פון דעם? עס ווענדט זיך, וואָס ביי אייך ווערד אָנגערופען „הנאה”? ביי די טעפּליקער אידען ווערד אָנגערופען „הנאה”, אַז איהר פערנעמט אומעדום דעם אויבען־אָן, סיי אין שוהל, סיי אויף איין אסיפה, סיי אויף אַ שמחה; אַז איטליכער טראָגט אייך אַקעגען דעם גוט־שבת, דעם גוט־יום־טוב, דעם גוט־מאָרגען; אַז בשעת איהר רעדט, שווייגט מען, און וואָס איהר זאָלט ניט זאָגען, איז דאָס אַ חכמה. הנאה הייסט, אַז איין מאָל אין יאָהר שמחת־תורה קומט זיך צונויף דער גאַנצער עולם צום נגיד שלום־בער טעפּליקער פון טעפּליק בלומרשט אויף „פּראַקעס”, ער זיצט כמלך בגדוד אויבען־אָן און הייסט דעם עולם נעמען צו ביסלעך בראַנפען, און סטיסי־פּערעל די נגידית קוקט אין די גלעזלעך אַריין... מע זינגט אַ ניגון, און מע חאַפּט אַ טענצעל, וכדומה אַזעלכע מינים פערגעניגען, וואָס אויב איהר זענט ניט קיין טעפּליקער, קאָנט איהר גאָרניט האָבען אין דעם קיין שום געפיהל. און גלאַט וואָס איז ווערטה דאָס, אַז אַ מענש פיהלט, אַז ער איז איינער, אַז נאָר ער איז דער „עפּים” — ער, און ווייטער קיינער?

אין טעפּליק איז געווען נאָר איין שלום־בער טעפּליקער; אין טעפּליק איז געווען נאָר איינער אַזוינער, און ווייטער קיינער.

---

קאַפּיטעל ג.

# אַ פּריוויליגעטער קבצן.

אין טעפּליק זאָלען ניט זיין קיין מסירות און קיין מוסרים, דאָס הייסט, מענשען, וואָס געבען אכטונג איינס אויפס אַנדערע, אַז מע זאָל ניט מאַכען קיין פערברעכען און קיין פאַלשקייטען, — וואָלטען נייען און נייענציג חלקים עבירות פערבליבען אומבע־שטראָפט, און טעפּליק וואָלט געווען פול מיט בעל־עבירה׳ניקעס, ווי, להבדיל, סדום. נאָר מחמת אין טעפּליק גיט מען שטאַרק אכטונג איינס אויפס אַנדערע, און אַז מע דערזעהט עפּיס איין עולה אויף יענעם, אָדער מע דערהערט, אָדער מע שמעקט־אָן, אָדער מע דאַכט זיך נאָר אויס, אַז יענער האָט געטהאָן איין עולה, נעמט מען און מע שרייבט אַוועק „צו נאַטשאַלסטווע" עטליכע ווערטער: אַזוי און אַזוי איז די מעשה, טאָמער גלויבט איהר ניט, זייט זיך מטריח אַהין און אַהין — וועט איהר דאָרט געפינען דאָס און דאָס... אַי, טאָמער לאָזט זיך נאָכדעם אויס אַ בוי־דעם — איז אויך אָהן איין אומגליק; קומען קומט דערפאַר גאָרניט, וואָרום אונטערשרייבען דעם אייגענעם נאָמען איז ניט נויטיג, איהר קאָנט זיך חתמ׳ענען פערשטעלט: אָדער „איש־אמת", אָדער אַ „גוּ־טער פריינד", אָדער אַ „פריינד פונ׳ם דין", אָדער גאָר אָהן אַ שום חתימה מאַכט אויך ניט אויס, אַבי איהר זאָלט אָנווייזען וואוהין מע זאָל געהן און וואָס מע זאָל זוכען... פּליסעצקי האָט זיך, נישקשה, געמעגט בעריהמען, אַז קיין שפּיאָנען בעדאַרף ער נישט האָבען, די טעפּליקער בעלי־בתים זענען אַליין גוטע שפּיאָנען.

נאָך אַזאַ מין הקדמה וועט אייך שוין קיין חידוש ניט זיין, וואָס מע האָט איינמאָל אין אַ שענעם פריהמאָרגען בעלאַגערט בערעל דעם רויטען מיט דעם קרומען פּוס פּונקט אין דער מינוט, ווען ער איז געזעסען אויף דער ערד, די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע פער־קאַטשעט און אונטערגעשטעקט אין גאַרטעל אריין, איבער אַ גרוי־

סען בוטעל מיט ראָזינקעס־וויין און צעגאָסען איהם אין קליינע פלעשלעך, וואָס ער אליין טאַקי פלעגט זיי נאָכדעם פרייטאָג צע־טראָגען אויף קידוש, געשמאַק געקייעט מיט׳ן מויל די פּראָבקעס און צוגעקלאַפּט פון אויבען מיט דער האַנד און שטאַרק געשוויצט. פּליסעצקי האָט פּאַוואָלינקע אויפגעעפענט די טהיר, בעטראַכט בע־רעל דעם רויטען, ווי געשמאַק ער אַרבייט, געשטאַנען אַ פּאָר מינוט אויף דער שוועל, זיך איבערגעקוקט מיט פּאָליציע, און אַז בערעל האָט אויפגעהויבען די אויגען און דערזעהען — המן איוואַנאָוויטש שטעהט ביי דער טהיר, איז ער אויפגעשטאַנען פון דער ערד, צור־געגאַנגען צו איהם מיט׳ן קרומען פּוס, אַ קוק געטהאָן איהם גלייך אין די אויגען אריין, ווי איינער רעדט: „דו ווערסט מיך מסתמא שטראַפירען? שטראַפיר מיך, וואָס ווערסט דו ביי מיר נעמען? דעם דלות?”

ווי קומט דאָס, וואָס אונזער בערעל איז געווען אזוי תקיף? ווייל ער האָט נישט געהאַט וואָס צו שרעקען זיך. אמת, ער האָט געמאַכט פון ראָזינקעס וויין, צעגאָסען איהם אין פלעשלעך און צעטראָגען איהם צווישען בעקאַנטע אויף קידוש, און דערפון טאַקי געלעבט, נאָר אז אַך און וועה איז געווען צום וויין און אז אַך און וועה איז געווען צום לעבען! דער וויין איז ניט געווען קיין וויין, דאָס לעבען איז ניט געווען קיין לעבען; גאָרניט, אבי יוצא זיין, מאַכען אַ ברכה „בורא פּרי הגפן” — פּאָרט ניט קיין פּראָסטער בראָנפען, און אַ שטיקעל טהועכטס, אַ פּרנסה, איז דאָס פּאָרט, חאָטש האָבען האָט ער דערפון געהאַט, משטיינס געזאָגט, וואַסער אויף חלה, נאָר אַלץ גלייכער ווי גאָרנישט... וועה־וועה, וויפיעל אידען זענען פאַרהאַן אין טעפּליק, וואָס טהוען גאָרנישט און פער־דיענען גאָרנישט און האָבען גאָרנישט, אָבער טאַקי לחלוטין גאָר־נישט!

און טאַקי אָט די דאָזיגע „גאָרנישטדיגע” אידען, וואָס טהוען גאָרנישט און פערדיענען גאָרנישט און האָבען גאָרנישט, האָבען זיך מתקנא געווען אין בערעל דעם רויטען, וואָס לעבט „ווי אַ

מאַגנאַט", האָט אַלע שבת פיש און פלייש, זאָגט מען, און קוילעטש אודאי, און קינדער אין חדר האַלט מען, און דעם אַ קליידעל מאַכט מען, און אַ ציעג איין אייגענע האָט מען — און אַלץ פונ'ם ביסעל ראָזינקעס, וואָס ער „פערקאַלעפּוטשעט" און מאַכט דערפון וויין אויף קידוש! האָט מען גענומען און מע האָט אַוועקגעשריבען פּלי־סעצקי'ן אַ בריעף מיט'ן געוויסען נוסח, וואָס הויבט זיך אָן בזו הלשון:

„אַזוי ווי מיר האָבען שטענדיג אין זינען נאָר קאַזנאַ מיט איהרע אינטערעסען, און אַזוי ווי פאַר דער קאַזנאַ איז דאָס געווים אַ גרויסער היזק טאָמער האַנדעלט איינער אָהן אַ פּאַטענט, און אַזוי ווי בערעל דער רויטער, אָ ן ז ש ע ב ע ר ק אָ ק ר י ו ו אַ ק, האַנדעלט מיט וויין אָהן אַ שום פּאַטענט שוין אַזוי פיעל יאָהרען, און אַזוי ווי ער אַליין, בערעל דער רויטער, אָ ן ז ש ע ב ע ר ק אָ ק ר י ו ו אַ ק, מאַכט איהם טאַקי מיט זיינע אייגענע הענד, און אַזוי ווי די רעכטע פאַבריקאַציע קומט־פאָר ביי בערעל דעם רויטען, אָ ן ז ש ע ב ע ר ק אָ ק ר י ו ו אַ ק, און אַזוי ווייטער".

דאָס תקיפות פון איין אָרעמאַן איז גאָר קיין קאַטאָוועס ניט: וואָס אָרעמער דער אָרעמאַן איז, איז ער ביי זיך מעהר תקיף, אַ סך מעהר תקיף ווי דער גרעסטער נגיד. איך האָב אַליין געהערט פון איין אָרעמאַן, וואָס האָט זיך אויסגע'טענה'ט מיט'ן אַנדערען אָרעמאַן:

— וואָס גלייכסט דו זיך צו מיר, דו פאַרך איינער? דו פאַר־מאָגסט נאָך אַ פאָר גאַנצע שטיוועל מיט אַ שטיקעל פּאַלטאָ, און איך האָב דערויף אפילו קיין השגה ניט!

די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען מיט אַזאַ גרויסקייט, אַז ווען עס שטעהט דערביי רויטשילד, פאַלט ער אַראָפּ ביי זיך.

המן איוואַנאָוויטש האָט דערווייל בעטראַכט בערעל דעם רויטענ'ס אַפּאַרטאַמענטען, וואָס זענען בעשטאַנען פון דריי חדרים, דאָס הייסט, צוויי אַלקערס מיט אַ קיך, און אַלע דריי חדרים זענען געווען פערשטעלט מיט בעטלעך, און די בעטלעך זענען געווען

בעזעצט מיט קינדער, און די קינדער זענען געווען האַלב־אָנגעטהאָן און האַלב־נאַקעט, דאָס הייסט, פונ׳ם האַלז ביז׳ן פּופּיק זענען זיי געווען אָנגעטהאָן, און פונ׳ם פּופּיק און ווייטער זענען זיי געווען נאַקעט, און באָרוויס אודאי. פאַר דער דאָזיגער האַלב־נאַקעטער און באָרוויסער חברה איז דער פּריסטאַוו געווען איין אָנגעלעגטער פּאַרשוין, וואָס זיי האָבען אַזעלכם קיינמאָל נישט געזעהען. זיי האָבען זיך ניט געפּוילט, אראָפּ פון די בעטלעך, פּאַוואָלינקע זיך אונטערגעגנב׳עט צום פּריץ און געקוקט איהם אין פּנים אריין, בעטראַכט די גילדענע קנעפּ און אַ טאַפּ געטהאָן דעם קוטאַס פונ׳ם שווערט, און פּליסעצקי האָט דערווייל געפיהרט אַ שמועס מיט בערעל דעם רויטען, וואָס מיר געבען איהם דאָ איבער וואָרט ביי וואָרט:

פּליסעצקי: ווערליג מע שרייבט אויף דיר, באַדאַרפסט דו פּאַרדיענען שען געלט?

בערעל: נישט צו פאַרזינדיגען, הלואי ווייטער ניט ערגער, בעסער האָט קיין שיעור ניט.

פּליסעצקי: וואָס זשע געהען ביי דיר די קינדער נאַקעט און באָרוויס?

בערעל: בכדי זיי זאָלען בעסער וואַכסען.

פּליסעצקי: און מיט׳ן געלט וואָס טהוסט דו?

בערעל: איך טהו אַזוי ווי די גמרא לעהרענט אונז.

פּליסעצקי: די גמרא? ווי אַזוי לעהרענט אייך די גמרא?

בערעל: די גמרא לעהרענט אונז טהיילען דאָס געלט אויף דריי חלקים: אַ דריטעל אין דער ערד, אַ דריטעל אין מזומן, אַ דריטעל אין מסחר.

פּליסעצקי: איך זעה ארויס, אז דו ביזט אַ גאַנץ פּרייליבער פּאַרשוין.

בערעל: וואָס האָב איך צו זאָרגען? וואָס פעהלט מיר און וואָס האָב איך? זאָג מיר בעסער, אדוני פּריץ, וואָס שרייבען

דיר אויף מיר די אידען און וואָס קאָן מיר קומען נאָך דיין איצ־טיגען וויזיט?

פּ ל י ס ע צ ק י: וועסט אַלסדינג וועלען וויסען, וועסט דו גיך אַלט ווערען. דו ווייז מיר נאַר אַקאָרשט אַלע דיינע שאַפּעס. איך דאַרף ביי דיר נאָך עפּיס אַ זוך טהון, טאָמער וועל איך ביי דיר געפינען, אַ חוץ וויין, נאָך עפּיס גוטע זאַכען...

ב ע ר ע ל: אָך, מיט'ן גרעסטען כבוד! טאָמער געפינסט דו ערגיץ אַסיגנאַציעס, אָדער גאָלד, אָדער זילבער, איז יחדיו, חצי שלי וחצי שלך.

פּ ל י ס ע צ ק י: ביזט מיר עפּיס צו פריילין, ווי איינער וואָס פאַר'ן טוידט.

ב ע ר ע ל: עס קאָן זיין, קיינער ווייסט ניט וועמענ'ס מאָר־גען, ווי אין דער גמרא ביי אונז שטעהט געשריבען: „זאָלסט תשובה טהון אַ טאָג פאַר'ן טוידט". און אַזוי ווי אַ מענטש ווייסט דאָך ניט, ווען דער מלאך־המות קאָן איהם אַ חאַפּ טהון פאַר'ן גאָרגעל, לכן...

דאָ האָט איהם דער פּריסטאַוו איבערגעשלאָגען די רעד, אַ רוף געטהאָן פּאָליציע פון דרויסען און געהייסען, מע זאָל איהם נעמען אין „חדר" אריין. דערהערט די דאָזיגע ווערטער, איז ביי בערלען פּערקיהלט געוואָרען אינווענינ, און אין שטוב איז געוואָרען אַ געוויין, גלייך ווי מע וואָלט אַרויסגעטראָגען אַ טוידטען.

סע פערשטעהט זיך, אַז באַלד איז מען אין טעפּליק געוואָהר געוואָרען פון דער מעשה פון איין עק שטאָדט ביז'ן אַנדערען, און מען איז צונויפגעלאָפען פון אַלע גאַסען זעהען, ווי מע פיהרט נאָך אַ אידען אין „חדר" אריין, מע ווייסט ניט פאַר וואָס. דאָס הייסט, פאַר וואָס — איז מען שוין געוואָהר געוואָרען; וואָס הייסט, מע וועט אין טעפּליק ניט געוואָהר ווערען? ובפרט מע האָט גע־זעהען, אַז המן איוואַנאָוויטש האָט געטראָגען אַ פּלעשעל מיט וויין, וואָס בערעל מאַכט אויף צו פערקויפען אָהן אַ פּאַטענט. די זאַך איז נאַר — וואָס קאָן איהם דערפאַר קומען? שטראָף, צי טורמע?

אויף דערויף האָבען די טעפּליקער אידען זיך געשאַרפט די מוחות, און רחמנות געהאַט אויף בערעל דעם קבצן א סך מעהר, ווי אויף שלום־בער דעם נגיד, און נישט געקאָנט העלפען איהם דערצו גאָרניט, סיידען מיט א קרעכץ.

---

קאַפּיטעל ד.

## נאָך א פּערברעכער.

המן איוואַנאָוויטש האָט דעם טאָג געגומען זיך צו די טעפּלי־קער אידען גאָר אויף איין אַנדער אופן. ער האָט דעם אייגענעם טאָג געפּאַקט נאָך א אידען, אַזעלכען, וואָס האָט, אייגענטליך, גאָרניט פערזינדיגט, נאָר ס'איז אַזוי געווען די מעשה: ס'איז געווען אין טעפּליק א בעהעלפער, העניך דער בחור. האָט דער דאָזיגער העניך געהאַט איין עלטערען ברודער דוד־ליב. האָט דער דוד־ליב בעדאַרפט שטעהן היינטיגס יאָהר צום פּריזיוו און האָט געוואָלט האָבען א לגאָטע, ווייל זיין אַנדערער ברודער העניך איז נאָך ניט אַלט געווען קיין אכצעהן יאָהר, — אַזוי האָט געזאָגט דוד־ליב און אַזוי האָבען אויסגעוויזען זיינע פּאַפּיערען, וואָס ער האָט צוגעשטעלט אין דער פּריסוטסטוויע אין הייסין. נאָר דאָס איז נאָך אַלץ ווינציג, וואָס א איד קאָן זאָגען און „צושטעלען" פּאַפּיערען; מע בעדאַרף א קוק טהון אויפ'ן קליינעם אַליין, וועט מען שוין וויסען, וויפיעל ער איז אַלט. איז אָנגעקומען צו פּלי־סעצקי'ן א פּאַפּיער, ער זאָל צו־שטעלען העניכען קיין הייסין, און פּליסעצקי, אַז מע שרייבט איהם „צו־שטעלען", בעדאַרף זיין „צו־געשטעלט". האָט ער צוגעשיקט צו איהם דעם אוריאַדניק און מע האָט דעם בחור גענומען און יעבראַכט צו פיהרען צום פּריסטאַוו אין „סטאַן" אריין.

דער קאָליר פון העניכ'ס פּנים איז געווען דאָס, וואָס מע רופט אָן א „מיתה־משונה־קאָליר", און דערצו האָט ער נאָך געהאַט א

בעלמע אויף איין אויג, און געקוקט האט ער אויף א זייט, א ביסעל צוגעשאָקעלט מיט'ן קעפעל אויך; הייגט דער איבערשרעק, וואָס מע האָט איהם אויפגעחאפט, ווי ער שטעהט און געהט. ער ווייסט ניט פאר וואָס און פאר ווען — דאָס אלסדינג האָט איהם צוגעגע־בען א בעזונדער מין ווילדקייט, און ער האָט געמאכט אויפ'ן פּריס־טאוו גאָר נישט קיין גוטען איינדרוק, און צווישען זיי איז פאָרגע־קומען א קורצער, נאָר א לעבעדיגער שמועס:

— דאָס ביזט דו, העניך טעלערלעקער? — האָט איהם פּלי־סעצקי א חאפ געטהאָן און בעטראכט איהם פון אויבען אראָפּ.

— דאָס בין איך העניך טעלערלעקער. — האָט איהם העניך געענטפערט גאָר גייציג, און האָט באלד בערעכענט, אז דאָס רופט מען איהם מכוח'ן פריזיוו פון זיין ברודער דוד־ליב, האָט ער פער־חאפּט פריהער, נאָך איידער מע וועט ביי איהם פרעגען: — איך בין נאָך ניט אלט קיין אכצעהן יאָהר, ווי איך בין א איד, אז ניט!...

— אזוי? א חוץ שבתים און יום־טובים! — האָט איהם פּליסעצקי געענטפערט און א קוק געטהאָן איהם גלייך אין די אוי־גען אריין און דערזעהען די בעלמע. פון דעם דאָזיגען קוק איז העניכען געוואָרען פינסטער אין די אויגען, קאלט אין בויך און קאָ־לעמוטנע אויפ'ן הארצען, און ס'איז איהם דורכגעפלויגען אין איין רגע א טרויעריגע מחשבה אין קאָפּ: „אוים לגאָטע, פארפאלען דוד־ליב!"... און העניך האָט שטארק חשק געהאט א טובה טהון דעם ברודער נעבאך, און ער האָט זיך ארויסגעשטעלט פאר א שתדלן און האָט בעקומען לשון און מיט א מאָל צערעדט זיך פאר פייער און פאר וואסער: „איך שווער אייך, אז איך בין מעהר ניט אלט ווי זיעבעצעהן יאָהר מיט א חודש, אָדער אפשר נאָך אָהן א חודש, איך זאָל אזוי דערלעבען קומען אהיים בשלום! קוקט ניט דערויף, וואָס איך זעה אוים אפשר עלטער, ס'איז ביי אונז אזא גדל'ע, אזא וואוכס הייסט דאָס, וואָס פון פופצעהן יאָהר אָן הויבט זיך אָן שיטען ביי אונז א בערדעל"...

פליסעצקי האָט אויף העניכען געקוקט, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געשמייכעלט, ווי אייגער רעדט: „צו דיין בעלמע, וואָס דו האָסט אויפ'ן אויג, און צום מיתה־משונה־קאַליר פון דיין פּנים'על פּאַסט דיר טאַקי דאָס בערדעל, כלעבען"... נאָכדעם האָט ער אַ זאָג געטהאָן צום סאַטסקי, אַז ביז ער וועט דאָ איבערקוקען זיינע פּאַפּיערען זאָל ער איהם אראָפּפיהרען אראָפּ אין „חדר" אריין, און העניך האָט אָנגעוואָהרען מיט אַ מאָל דעם גאַנצען מוטה, דאָס פּנים איז איהם געוואָרען נאָך מעהר טוידט ווי תמיד, און אין הארצען ביי זיך האָט ער בעגראָבען דעם ברודער נעבאָך אויף אייביג: „אוי, ביזט אויף צרות, דוד־ליב, אַז אָך און וועה איז דיר!"...

---

— הער נאָר אויס, דו, אָדם אַ מענטש, צפור אַ פויגעל, קאַטש־קע רוק זיך! ווי קומסט דו אהער אין קאָטשומענט אריין? וואָס פאר אַ מעשה האָסט דו פארשטופּט און ווער האָט דיך גע'מסר'ט?

אזוי האָט זיך אָנגערופען בערעל דער רויטער צום נייעם פאַר־שוין, צו העניך דעם בחור, און דער נגיד שלום־בער טעפּליקער פון טעפּליק האָט איהם פון דערוויטען גענומען בעטראַכטען פונ'ם קאָפּ ביז די פיס, ווי מע בעטראַכט אַ גנב, וואָס מע האָט איהם נאָר־וואָס געהאַפּט מיט אַ גנבה. העניך פון זיין זייט האָט בע־טראַכט דעם נגיד, ווי אַ דולער, און פון גרוים התפּעלות, וואָס ער זעהט פאר זיך אָט דעם נגיד, האָט ער אָנגעהויבען בעלעבעטשען מיט דער צונג, אליין נישט געוואוסט וואָס ער רעדט. און בערעל דער רויטער, וואָס איז פון תמיד אָן, ווי מיר ווייסען שוין, געווען אַ פרייליכער פאַרשוין, ליעב געהאַט זאָגען ווערטלעך דעמאָלט אפילו, ווען ער האָט ניט געהאַט אויף שבת, האָט זיך דאָ איצט פאר'ן נגיד אויסגעשטעלט, געמאַכט חוזק פונ'ם נארישען בחור, ווי דער שטיינער איז פון איין אָרעמאַן, אַז ער בעגעגענט זיך מיט'ן אנדערען אָרעמאַן, נאָך אַ גרעסערען שלים־מזל פון זיך, און

בכדי דער נגיד זאָל האָבען פערגעניגען, טרעט ער צו יענעם מיט די פיס.

— ס'איז אַ מעשה דאָ מיט מיר, איך ווייס ניט אַליין נאָך וואָס, מיין דוד־ליב, וועה איז מיר! טאָמער, איך ווייס, אַ קשיא אויף אַ מעשה, עטוואָס מעהר פון אַכצעהן איך, איז ער אַ פאַר־פאַלענער חלילה...

אזוי בעלעבעטשעט העניך, דערצעהלט די מעשה, ווי אַרום ער קומט אַהער, און בערעל דער רויטער שלאָגט איהם איבער:

— וואָס פּאַטשט דו מיט די ליפּען, דו שוטה בן פּיקהאָלץ? זאָג ווערטער! מירקע, געב לשון!

— איך זאָג וואָס מיין דוד־ליב געבאָך, — מאַכט צו איהם העניך און שטעלט זיך פּלוצים אָפּ אין מיטען און טהוט אַ פרעג ביי בערעל דעם רויטען:

— ווי אזוי זעה אויס ביי אייך אשטייגער אין די אויגען איך?

— ווי אזוי דו זעהסט אויס? דו זעהסט אויס ווי אַ פּראַ־אדם, — ענטפערט איהם בערעל און צעלאַכט זיך אַליין פון דער חכמה, און קוקט אויפ'ן נגיד, צי דער נגיד לאַכט אויך... דעם נגיד אָבער לאַכט זיך ניט. ער בעטראַכט דעם שלים־מזל העניך, ווי ער געהט אָפּגעריסען־אָפּגעשליסען, און וואונדערט זיך, צו וואָס, אשטייגער, לעבט אזעלכס אויף דער וועלט?

— ניין! — זאָגט העניך און קוקט מיט איין אויג אויפ'ן נגיד און מיט דער בעלמע אויף בערלען. — ניט דאָס מיין איך! איך מיין, וויפיעל, אשטייגער, וואָלט א י ה ר געגעבען מיר?

— וואָס געגעבען?

— יאָהרען, הייסט דאָס, מיין איך.

— אַ? וויפיעל דו ביזט אַלט? איך רעכען, אז נישט מעהר ווי אַ יאָהר צוויי און צוואַנציג, און אפשר נאָך מיט אַ סמיטשיק?

העניך האָט פאַר הארצוועהטיג און פאַר כעס אזש ארויסגע־לאָזט א קוויטש און איז אַנגעפאַלען אויף בערעל דעם רויטען, גלייך ווי יענער האָט איהם געוואָלט קוילען.

— משוגע, צי חסר דעה? וואָס רעדט איהר וואָס? ערשט ניט לאַנג צוואַנציג דוד־ליב געוואָרען יאָהר הייסט דאָס, און מיט דריטהאַלבען עלטער פון מיר סך־הכל, הייגט דער חשבון אייערער וואו איז? אַבי הייסט דאָס גערעדט!

און העניך האָט בשעת מעשה אויסגעזעהען אזוי וויסט, אזוי טרויעריג, אויף זיין פנים איז געלעגען אויסגעצויגען אזוי פיעל רחמנות, אַז דער נגיד אַליין האָט זיך פעראינטערעסירט און האָט איהם א פרעג געטהאָן:

— איהר זענט, הייסט דאָס, צוויי ברידער, אפנים, ווי סע זעהט אויס?

— צוויי ברידער מיט איין אַלטער מאַמע הייסט דאָס, און א מיידעל פון א יאָהר דרייצעהן דיענט, און נאָך א ברודערעל א קלענערס אין א קלייט בלומרשט, און נאָך מיידלעך צוויי קליי־נע, מיט איינעם אין דער תלמוד־תורה א יונגעלע, און אויף זיין קאָפּ אַלע, און טאָמער חלילה וחס געהט אוועק ער, מעגען נעמען די טאָרבעס מיר און געהן איבער די הייזער אַלע...

און העניך דערצעהלט, ווי אַזוי ער קאָן, די גאַנצע מעשה מיט'ן פּריזיוו, מיט הער לגאָטע, וואָס, אפנים, עמיצער האָט איהם גע'מסר'ט, אַז ער איז עלטער פון אכצעהן יאָהר, חאָטש ער קאָן געהן שווערען א שבועה דאורייתא, אַז ער איז נאָך ניט אַלט קיין אכצעהן, נאָר עפּיס מעשה־שטן, ווי אויף צו להכעיס, שיט זיך איהם, העניכען, א באָרד, און אַלע זאָגען אויף איהם, אַז ער זעהט־אויס פון א יאָהר צוואַנציג, אויב ניט מעהר; ווי באַלד אַזוי, האָט דאָך ניט דוד־ליב קיין לגאָטע אפילו א ברעקעל ניט, הייגט וואָס וועלען זיי טהון, טאָמער חלילה „קריכט ער אוועק"?...

און הענטיך קערעוועט זיך אפ מיט דער בעלמע אויף א זייט, הויבט אן הוסטען בלומרשט, שנייצט־אויס די נאז און ווישט זיך די אויגען.

— נעבאך א רחמנות... — האט זיך ניט ווילענדיג ארויס־געחאפט ביי'ם נגיד.

— א שלים־מזל! — האט איהם בערעל דער רויטער צוגע־געבען מיט א האלב שמייכעלע, וואס האט בעדייט אי חוזק גע־מאכט, אי רחמנות געהאט. — ער, ווי איהר קוקט איהם אן, איז א שלים־מזל, און דער ברודער זיינער — איך קען איהם — איז גלאט א צעקוועטשטער; ער טויג אזוי פאר א סאלדאט, פונקט אזוי ווי איך...

און בכדי מע זאל זעהן, אז ער, בערעל דער רויטער, טויג טאקי ניט פאר קיין סאלדאט, שטעלט ער ארויס דאס קרומע פיסעל זיינס.

---

קאפיטעל ה.

## דער עטאפ האט געריהרט.

ביז דעם האזיגען טאג, וואס עס קומט פאר אונזער געשיכטע, און ביז דער לעצטער מינוט האט זיך דעם טעפליקער נגיד שלום־בער טעפליקער פון טעפליק נישט געגלויבט, אז מע וועט איהם נעמען און שיקען מיט'ן עטאפ אין היימין. ער האט זיך די גאנצע צייט גע'בריה'ט, געשריבען פאפיערען, געזוכט זכות־אבות. נאר פליסעצקי האט זיך געלעגט אין דער לענג און אין דער ברייט, אז אונזער טעפליקער נגיד זאל מאכען א שפאציער פון טעפליק קיין היימין מיט'ן עטאפ, און דוקא צו פוס.

— טי פאידיאש או מעניא מיט די רגלים! — האט איהם המן איוואנאוויטש געזאגט האלב אויף רוסיש און האלב אויף לשון־קודש, ווי זיין שטייגער איז. און ווי אויף צו

להכעיס, איז דער טאָג געווען אַ ליכטיגער, אַ ווארעמער זומער־טאָג. ווי אַ חתן פון דער חופה איז ארויסגעגאנגען דער קיילעכיגער פייעריגער זון־קוגעל, פריילין ווי אַ גבור, אָנגעגרייט צו מאַכען די גרויסע הימעלדיגע רייזע, בעלייכטען אַלעמען מיט זיין שיין און בעגיסען איטליכען מיט זיין ווארעמקייט, קיינער וועט זיך ניט אויסבעהאַלטען פון זיין היץ, בשעת ער צעברענט זיך גוט און גליהט אָן די ערד, ווי אַ קאַלך־אויווען. קרעמער האָבען איבערגעלאָזט זייערע קראָמען, בעלי־מלאָכות — זייערע ווארשטאטען, מלמדים — זייערע חדרים, און מען איז געגאנגען קוקען, ווי מע פיהרט דעם נגיד מיט'ן עטאפּ. און די טעפּליקער אידען, בעטראכט דעם נגיד, ווי ער שטעהט מיט איין אראָפּגע־לאָזטען קאָפּ, האָבען זיי געזאָגט איינס דאָס אנדערע, אז מע בעדארף זיך נאָר אראָפּנעמען אַ מוסר; און אינוועניג ביי זיך אין הארצען האָט מען געקוועלט, דערלעבט אַ נקמה. רחמנות האָבען זיי נאָר געהאט אויף בערעל דעם רויטען נעבאך און אויף העניך דעם בחור. פון דעם נגיד'ס וועגען האָט מען ארויסגעטראָגען געפּלאָכטענע קוילעטשען, געבראָטענע קאטשקעס מיט נאָך אנ־דערע מינים עסענווארג אין וועג אריין. און בערעל דעם רויטען האָט דאָס ווייב מיט די קינדער געבראכט צו טראָגען אַ בולקע, פּיש־קארטאָפליעס מיט אַ זשמוט יונגען קנאָבעל. נאָר איין העניך איז געבליבען אָהן אַ שום שפּייז אין וועג אריין; האָבען זיך ארומגעקוקט ווילד־פרעמדע, זיך צונויפגעלעגט פאר רחמנות און געקויפט פון זייגעטוועגען אַ ברויט, אַ פּאָר פישלעך מיט ציבע־לעס. און די אַלע מאכלים האָט מען איבערגעגעבען דעם עטאפּ אויף די הענד, ..ן דער עטאפּ האָט דאָס אלסדינג צוגענומען גאָר פריינדליך, צוגעזאָגט, אז ס'וועט זיין גאנץ, ס'וועט ניט געמינערט ווערען דערפון אַ האָר אפילו. און המן איוואנאָוויטש האָט זיך בעוויזען ביי זיך אויפ'ן גאניק און אַ זאָג געטהאָן צום עטאפּ, ער זאָל ריהרען, און דער עטאפּ האָט געריהרט, און נאָך איהם גאנץ טעפּליק.

דער עטאַפּ איז בעשטאַנען פון איין לאַוורע דעם סאָטסקי, אַ האָריגער נפש מיט אַ האָריגער סוויטקע, מיט אַ הויך האָריג היטעל אַ מיט אַ גרויסען סוקעוואַטען שטעקען, פון אויבען מיט אַ גרויסער הילצערנער גאַלקע און פון אונטען מיט אַ שאַרף שטיק אייזען ווי אַ שפּיז. די געבראָטענע קאַטשקעס מיט די געזאַל־צענע שלעך האָט ער פערנומען אונטער איין אָרעם, די בולקעס מיט'ן קנאָבעל מיט די שאָר ירקות — אונטער'ן אַנדערען אָרעם, דעם ראַפּאָרט האָט ער פערשטעקט פאַרענט אין בוזעם, און דער עולם האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין גיך, אַ סך גיכער, ווי מע קאָן זיך פאָרשטעלען. די גיכקייט האָט זיך גענומען דערפון, וואָס אונזערע אַרעסטאַנטען האָבען געוואָלט שוין פּטור ווערען, אַרויס גיכער פון דער שטאָדט, געבעטען לאַוורען דעם סאָטסקי, ער זאָל צעטרייבען דאָס קליינוואַרג, וואָס האָבען זיך ניט געפוילט אַרויס־בעגלייטען זיי העט־ווייט, אַזש אויף יענער זייט מיהלען; האָט לאַוורע אויפגעהויבען דעם לאַנגען שטעקען מיט'ן אייזערנעם שפּיץ, און חברה קונדייסים זענען זיך צעלאָפען, ווי די איבערגעשראָ־קענע פויגלעך, און די אַרעסטאַנטען זענען געבליבען אַליין אויפ'ן פרייען פעלד, אויפגעהערט לויפען מיט אַזאַ אימפּעט, אָנגעהויבען מאַכען אביסעל קלענערע טריט און אַ שמועס געטהאָן מיט'ן עטאַפּ מכוח צוזעצען זיך אַ ביסעל אויפ'ן גרינעם גראָז און אַ ביסעל איבער־חאַפּען דעם אָטהעם.

דער עטאַפּ, דאָס הייסט לאַוורע דער סאָטסקי, איז גאָרניט געווען אַזאַ שלעכטער מענש. מע האָט דאָס ביי איהם דוקא גיך גע'פועל'ט, ובפרט, אַז ער האָט אַליין אויך געוואָלט אַ ביסעל שוין אָפּרוהען זיך און האָט שטאַרק חשק געהאַט איבערחאַפּען, פערזוכען פון יענע געבראָטענע קאַטשקעס, וואָס דער ריח האָט איהם אַ גאַנצען וועג געקיצעלט אין נאָז. פון די אידישע קוילע־טשען האָט ער שוין אפילו געפּרובט אָפּברעכען אַ פּאָר שטיקלעך און האָט געפונען, אַז זיי זענען גאַנץ גוט אויפ'ן טעם; אויך פון די פישלעך האָט ער פערזוכט, וואָס אינאיינעם מיט'ן קנאָבעל

איז דאָס געווען גאָר נישקשה׳דיג. און מחמת די אַרעסטאַנטען זענען געגאַנגען פריהער און דער עטאַפּ פון הינטען, האָבען די אַרעסטאַנטען נישט בעמערקט, אַז דער עטאַפּ קייעט, און אַז זיי האָבען זיך אַרומגעקוקט, האָבען זיי צווישען זיך איבערגעשמועסט זיך אויף אידיש.

— דער ערל אכל׳ט גאַנץ געשמאַק. — זאָגט דער נגיד און קוקט אויף לאַוורען, ווי ער קנייפּט דעם קוילעטש און רוקט אין פּנים.

— זאָגט חאַטש „קיין עין־הרע ניט". — מאַכט בערעל דער רויטער פרייליך, ווי זיין שטייגער איז. — איך קאָן אייך שוועה־רען בנאמנות, אַז איך האָב, אויף איהם קוקענדיג, באַקומען אַפּעטיט צום עסען. וואָס זאָגסט דו, העניך? סע חלש׳ט דיר נאָך ניט אונטער׳ן טלית־קטן?

העניך דער בחור האָט אַ געשמאַקען שלונג געטהאָן די שליים, ווי איין אָכם בשעת ער איז מעלה גרה, און דערביי אַ זאָג גע־געבען אויף זיין איבערגעקעהרטער שפּראַך:

— זאָגען שטאַרק קאָן איך ניט, אַז איך בין הונגעריג, נאָר אין מויל, מהכתיתי, עפּיס געמומען וואָלט איך, ס׳זאָל זיין וואָס.

— ביי מיר איז פאַרהאַן אַלסדינג. — רופט זיך אָן דער נגיד און חאַפּט אַ קוק אויפ׳ן עטאַפּ.

— ביי מיר, אָהן אַביסעל בראָנפען, הייסט נאָך ניט אַלס־דינג. — מאַכט בערעל דער רויטער און חזר׳ט דאָס איבער מיט אַ כיון נאָך אַ מאָל אויף רוסיש, בכדי דער ערל זאָל פערשטעהן פון וואָס מע רעדט.

— טשי פּראַוודאַ, לאַוורע, שאָ בעז הורילקי שאָ בעז זור־באַוו?* — טהוט בערעל דער רויטער אַ מאַך צום עטאַפּ.

— אַוווזשעזש! ** — ענטפערט איהם דער עטאַפּ גאַנץ ערנסט.

* ס׳איז אמת, לאַוורע, אַז אָהן בראָנפען איז ווי אָהן ציינער?

** אודאי!

און מע האט זיך אזוי לאנג איבערגעוואָרפען מיט ווערטער, ביז ס'איז געבליבען ביי'ם עולם: אזוי ווי ס'איז ניט ווייט פון דאנען קיין גראנאָוו, סך־הכל א פאָר ווערסט, זאָל איינער פון די ארעסטאנטען, העניך דער בחור געוויינטליך, ער איז יונגער, א שפרונג טהון אהינצוצו אויף איין פוס און ברענגען א פלעשעל בראָנפען, און די איבעריגע צוויי ארעסטאנטען, שלום־בער טעפ־ליקער פון טעפליק און בערעל דער רויטער, נעמען איהם אויף זיך, אויף זייער ערבות, אז ער וועט ניט אנטלויפען. און מע האט זיך צוגעזעצט אויפ'ן גראָז אין מיטען פעלד, אויף א בערגעל אונטער א בוים,ביידע ארעסטאנטען האבען זיך ארייננעלאָזט אין א שמועס, און דער עטאפ האט זיך בעזעצט נעבען זיי און געקוקט אהין, אויפ'ן וועג קיין גראנאָוו.

---

קאפיטעל ז.

## ער דערמאנט איהם אלטע חטאים.

ווען איך זאָל זיין א מאהלער אָדער חאָטש א פאָטאָגראַף, וואָלט איך אראָפּגעחאפּט די דאָזיגע גרופּע, די דריי נפשות, וואָס זיצען זיך אזוי שען אין מיטען פעלד, אויפ'ן בערגעל, אונטער א בארענבוים מיט קליינע גרינע בלעטלעך, א בוים, וואָס סע וואַכ־סען אויף איהם פעלד־בארלעך, יעגע מינים בארלעך, וואָס זענען הארטער פון שטיינדלעך, און וואָס מע קאָן זיי ניט נעמען אין מויל אריין, און וואָס מע ווייסט ניט, אויף וואָס האָט זיי גאָט בעשאפען אויף דער וועלט... צווישען לאָזערע דעם סאָטסקי מיט דעם הויכען האָריגען היטעל פון איין זייט און בערעל דעם רויטען מיט'ן קרומען פוס און מיט'ן רויטען ריהרעוודיגען פנים מיט ווייספערלעך פון דער אנדערער זייט, האָט אונזער טעפליקער נגיד שלום־בער טעפליקער פון טעפליק מיט די קליינע אויגעלעך

און מיט'ן שיטערען בערדעל, מיט דער נייער שווארצער געווענ־טענער קאפאטע און מיט'ן שבת'דיגען זיידענעם קאשקעט אויפ'ן קאפ, אויסגעזעהען ווי א מחותן צווישען בעלי־בתים, אדער ווי א געהויבענער פארשוין צווישען פראסטע מענשען, וואס האבען די עהרע צו זיצען מיט איהם אינאיינעם. אזא מענש ווייסט שוין, ווי אזוי זיך צו האלטען, דאס הייסט, האלטען האלט ער זיך בלומרשט פראסט, כלומרשט גלייך מיט אלעמען, נאר פארט נישט דאס, וואס אלע. פון וואס ער וויל, פון דעם רעדט מען, וואס ער זאגט, בעדארף מען הערען, און אז יענער רעדט, מעג ער איבער־שלאגען אין מיטען.

— וואס זאגט איהר אויף דער היץ? — האט ער א זאג געטהאן צו בערעל דעם רויטען מיט א זיפץ און א קוק געטהאן ארום און ארום, פערקאטשעט די ארבעל ביז די עלענבויגענס און זיך געפאכט מיט'ן זיידענעם קאשקעטעל איבער'ן קאפ.

— יא, ס'איז ניט קאלט. — האט איהם בערעל געענטפערט און אויך א קוק געטהאן אהין, וואו דער נגיד קוקט.

— ס'זאל חאטש ניט זיין קיין רעגען. — טהוט זיך דער נגיד ווייטער א זאג און א קוק ארויף אויפ'ן הימעל.

— יא, עס פאסט אונז טאקי צו די זיידענע קליידער! — גיט איהם נאך בערעל און קוקט אהין, וואו דער נגיד קוקט.

— ניט קיין שלעכטער ערל אונזער שומר. — זאגט זיך ווייטער דער נגיד און קוקט אויף א לאנגען וואגען א לעדיגען, וואס פאהרט־דורך פארביי מיט א פאר גרויסע אכסען און א קליין שייגעצעל זיצט אויפ'ן וואגען און דרעהט מיט דער בייטש.

— אונזער שומר? — מאכט בערעל און קוקט אהין, וואו דער נגיד קוקט. — עס מעגען זיין פאר איהם די כפרה דריי אידען אזעלכע, וואס געהען מסר'ען איין ארעמאן, אז ער מאכט עטליכע פלעשלעך וויין פון ראזינקעס און צעטראגט זיי צווישען באקאנטע אויף קידוש און לעבט דערפון מיט ווייב און קינדער שוין כמה וכמה יאהרען.

— ווי מיינט איהר? — שלאָגט איהם איבער דער נגיד אין מיטען די רעד און קוקט אויפ'ן וועג, וואָס געהט קיין גראַ־גאָוו. — ווי מיינט איהר? ער קאָן ניט פארבלאָנזעט ווערען, מיין איך מאכען פליטה, אָט דער דאָזיגער בחור, ווי אזוי רופט איהר איהם?

— אָט דער שמינדער בגעץ? — מאכט בערעל און קוקט אויפ'ן וועג, וואָס געהט קיין גראַנאָוו. — ער האָט דען עפּיס חוטא בעגל געווען, געטהאָן א קרימינאַל, וואָס ער זאָל דארפען אָפּ־טרעטען? ער איז אזא פארברעכער, פונקט אזוי ווי איך, למשל.

— וואָס קאָן איך, אשטייגער, קומען פאר אזא מעשה? — טהוט איהם דער נגיד א חאפּ און קוקט אויף בערלען פון אויבען אראָפּ מיט איין אויג; דאָס אנדערע האָט ער צוגעמאכט, קייעט בשעת מעשה א גרעזעל אונטער די צייהן.

— פאר וואָסער מעשה? פאר'ן ראָזינקעס־ווײַן? קיין „רעסטאָנסקע ראָטע" פאר דעם „קרימינאַל" אודאי ניט. נאָר איך וויים, וואָס מע קאָן אויף מיר ארויפלעגען פאר א שטראָף? לאָז מען מיך שטראָפירען — וואָס הער איך זיי? וואָס וועט מען ביי מיר נעמען? דעם דלות? סיידען זיצען? מילא, וועלען מיר זיצען א פאָר טעג. למאי איהר? איהר זענט דאָך עפּיס, קיין עין־הרע, א איד א נגיד, כלעבען! איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, רב שלום־בער, האָט קיין פאראיבעל נישט, איך אויף אייער אָרט וואָלט ניט געזעסען אין „חדר" איבער אזא נארישקייט, איבער א פּאָמעניצע גאָר. ערשטענס, וואָלט איך ניט געפיהרט מיט פאָליציע קיין עקשנות, און צווייטענס, ווען איך בין אין אייער שטאנד, וואָלט מען מיך ניט געפיהרט מיט'ן עטאפּ פאר אזא זאך. טעפּליק אליין וואָלט דאָס גאָר ניט באדארפט דער־לאָזען, אז דער נגיד פון שטאָדט זאָל געהן מיט'ן עטאפּ, ווי א פּראָסטער מענטש, גלייך מיט אלע קבצנים...

אין איין אנדער צייט וואָלט בערעל דער רויטער פאר אזא שפּראך געקאָנט האפּען א מיאוסען פּסק פונ'ם טעפּליקער נגיד;

ער וואָלט געווים „געעפּענט ביי איהם מיט'ן קאָפּ די טהיר" פאַר אַזעלכע ווערטער. נאָר איצט, געהענדיג מיט'ן עטאַפּ קיין הייסין, האָט שלום־בער מקבל באהבה געווען אויף זיך אַלסדינג. איצט האָט מען איהם געקאָנט זאָגען וואָס מע וויל. און בערעל דער רויטער האָט זיך גערעכענט מיט איהם, ווי ווייט ער האָט נאָר געקאָנט, און דוקא מיט גוטע רעדעלעך, דוקא ניט געקריעגט זיך. ער האָט זיך צוגערוקט מיט זיין קרומען פוס צום נגיד אַזוי נאָהענט, אַז דער נגיד האָט זיך געמוזט אַביסעל אָוועקרוקען פון איהם, און בערעל האָט אָנגעהויבען בזו הלשון:

— איהר ווייסט, רב שלום־בער, פון ווען אָן מיר קענען זיך שוין? מיר קענען זיך שוין פון אַ צייט מיט יאָהרען! איך געדענק אייך, אַז איהר זענט נאָך געווען אָט אַזאַ וועווריקעל (בערעל האָט בעוויזען מיט דער האַנד האַרט ביי דער ערד). איהר באַדאַרפט זיין אין מיינע יאָהרען, אפשר עלטער מיט אַ יאָהר אָדער צוויי, און איהר דאַרפט מיך געדענקען, וואָרום מיין זיידע און אייער פאָטער זענען געווען... שרעקט זיך נישט, ניט קיין קרובים, דאָס הייסט, אפילו יאָ שטיקלעך שני־שבשלישים, זעהר ווייטע קנעפּלעך פון דער מאַמע'ס צד, נאָר גאַנץ נאָהענטע שכנים אין אַלטען בית־המדרש, אַ שטאָדט אַקעגען אַ שטאָדט, אייער פאָטער אין מזרח־וואַנט און מיין זיידע אין שפּיעגעל־באַנק, אַזוי אַז איהר פלעגט זיך שטעלען שמונה־עשרה, האָבען מיר אייך געזעהען פון הינטען. איך געדענק נאָך אפילו אייער פאָטער'ס אַטלעסענע, גלאַנצענדיגע פּלייצע מיט די ברייטע אַבסלען, מיט דער גרויסער זילבערנער עטרה פונ'ם טלית, און מיין זיידע, רב נפתלי דער וויינער, איהר דאַרפט איהם געדענקען, פלעגט אָנרוקען דעם געלען טלית איבער'ן קאָפּ און מיך קנייפּען, איך זאָל אַריינקוקען אין סדור אַריין, וואָרום איך האָב אַזוי געוואָלט דאַווענען מסתמא ווי איהר. איך האָב גאַנץ גוט געזעהען, — איך בין דאָך געשטאַנען פון הינטען — אַז בשעת שטילע שמונה־עשרה האָט איהר גאָר געקוקט אַראָפּ אויף די שטיוועלעך, וואָס

האבען ביי אייך געסקריפּעט, און ווי אזוי האָב איך אייך, למשל, מקנא געווען אויף אייערע תמיד נייע שטיוועלעך, אז מיינע זענען געווען תמיד אַלט, שטענדיג מיט לאַטעס, וואָרום איבער מיין קראַנקען פוס האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט האָבען קיין רעכטע שטיוועל, און איבער דעם דאָזיגען קראַנקען פוס האָב איך תמיד געהאַט צרות: אַ חוץ וואָס ס'איז מיר שווער געווען צו געהן, פלעגט מען נאָך פון מיר שטענדיג לאַכען און רופען מיך „קריוואַק" און נאָכקרימען זיך מיר, ווי איך געה, און מעהר פון אַלע טאַקי איהר, רב שלום־בער, ס'זאָל אייך צו קיין חרפּה ניט זיין, מיט נאָך אַזעלכע נגיד'ישע קינדער, פאַנסקי צאַפּיקלעך, ווי איהר...

— איך? — טהוט זיך דער נגיד אַ חאַפּ און דערמאַנט זיך, אז ס'איז אמת, מע פלעגט איהם טאַקי נאָכמאַכען, ווי ער שפּרינגט אויף איין פוס.

— דאָס נאָכמאַכען אַליין וואָלט נאָך געווען נישקשה; איהר פלעגט מיך ניט וועלען אריינגעמען אין דער חברה, מיך טרייבען מיט שטעקענס און אָנטרעטען מיר אויפ'ן קראַנקען פוס, זיך שטעלען בלומרשט אומגעהרען מיט'ן אָפּצאַס אויף די פינגער, אַזוי אַז איך זאָל פּיהלען, איך זאָל טאַקי שרייען. פלעג איך שרייען, און איהר פלעגט לאַכען, זיך האַלטען ביי די זייטען...

— דאָס טראַכט איהר אויס שוין מסתמא פונ'ם קאָפּ. — רופט זיך אָן צו איהם דער נגיד און ווערד רויט פאַר בזיון, וואָס ער פלעגט זיך אַזוי רעכענען מיט אַ קאַליקע, און ער דערמאַנט זיך, ווי אַזוי ווילד געבאַלעוועט ער איז געווען קינדווייז, געקאָנט טהון וואָס ער האָט געוואָלט.

— אַ סימן וועל איך אייך זאָגען: איך האָב דערצעהלט דעם זיידען, האָט דער זיידע דערצעהלט אייער פאָטער, האָט אייער פאָטער נישט געוואָלט גלויבען און האָט זיך צעשריען אויף מיין זיידען, אַז זיין זוהן איז אַ שטיל קינד און וועט זיך ניט אָנהויבען מיט „קבצנישע קינדער". איהר הערט? ק ב צ נ י ש ע

ק י נ ד ע ר!... פון דעמאָלט אָן בין איך געוואָרן געוואָהר, ווער איך בין, אז איך בין א קבצניש קינד... האָב איך אומיסטנע גע־פרעגט דעם זיידען, וואָס דאָס בעדייט. האָט מיך דער זיידע קלאָר געמאַכט, וואָס הייסט א קבצניש קינד און וואָס הייסט א נגידיש קינד. נאָר איך האָב נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס מעג א נגידיש קינד אָנטרעטען א קבצניש קינד אויפ'ן פוס, און א קבצניש קינד באַדאַרף שווייגען? האָב איך געפרעגט דעם זיידען. האָט מיר דער זיידע געזאָגט: דערפאַר, ווייל א נגיד איז ניט קיין קבצן און א קבצן איז ניט קיין נגיד, דאָס הייסט, א נגיד איז א נגיד און א קבצן איז א קבצן... האָב איך דאָס ניט אָנגע־הויבען צו פאַרשטעהן און האָב א קוק געטהאָן דעם זיידען אין די אויגען אריין, טאָמער וועל איך עפּיס פון די אויגען געוואָהר געווען א פשט צו די ווערטער. האָב איך אָבער פון זיינע אויגען ניט ארויסגעזעהען גאָרניט! איך האָב נאָר ארויסגעזעהען ווי א טונקעלע חמארע אויף זיין פנים און קנייטשען אויפ'ן שטערן, און ווייטער גאָרניט... און איך באַדאַרף זיך מודה זיין פאַר אייך, ס'איז דאָך שוין איין עבר'דיגע זאַך: איך האָב פון דעמאָלט אָן פיינט געקראָגען אַלע נגידים מיט אַלע נגידישע קינדער, און מעהר פון אַלע האָב איך פיינט געקראָגען אייך...

— מיך? — דער נגיד האָט זיך אזש א חאַפּ געטהאָן פאַר'ן הארצען.

— אייך, אייך! איהר זענט דאָך דעמאָלט געווען נאָך גאָר א יונגעל, האָט קיין פאַראיבעל נישט — א שנעק; מיר זענען ביידע, הייסט דאָס, געווען דעמאָלט נאָך יונגע ווערוריקלעך; און נאָכדעם אפילו, אז מיר זענען אונטערגעוואַכסען, געוואָרען ביידע בר־מצוה־יונגלעך, בחורים'לעך שוין, האָט איהר זיך גאָר אָפּגעקע־רעוועט פון מיר, זיך געמאַכט גלייך ווי איהר קענט מיך ניט, מורא געהאַט קוקען אויף מיר, טאָמער זאָג איך אייך א גוט שבת, וועט איהר מיר חלילה דאַרפען ענטפערען א גוט יאָהר, האָט איהר געזשאַלעוועט, אַפּנים; עס האָט אייך ניט געלוינט...

דער טעפליקער נגיד, שלום־בער טעפליקער פון טעפליק, האט זיך אזש א רוק געטהאן אויפ'ן ארט און א מאך געטהאן מיט דער האנד, ווי איינער רעדט: „מאהלט אייך, ס'איז ניט אזוי די מעשה"... און ביי זיך האט ער זיך דערמאנט, אז ס'איז מעגליך, ווארום זיין פאטער פלעגט איהם זאגען שטענדיג, אז ער איז ניט גלייך צו אנדערע יונגלעך...

— האט קיין פאראיבעל נישט, רב שלום־בער, א נאריש־קייט געדענקט זיך. אויף מיין ערשטער חתונה (איהר האט פריהער חתונה געהאט פאר מיר) האב איך אייך געשיקט א חתונה־צעטעל, האט איהר אפילו ניט געענטפערט מיט קיין בריעף.

— כלעבען, איך געדענק ניט...

— ווי קומט איהר געדענקען? למאי איהר געדענקט ניט דאס אויך מסתמא, אז איך בין, ניט היינט געדאכט, דאס ערשטע מאל געבליבען איין אלמן, האב איך געשיקט מיין פעטער יאסי'ן (דער זיידע איז שוין דעמאלט געווען א שוכן־עפר), ער זאל אייך זאגען, אז איך בין געבליבען מיט צוויי קליינע קינדער, ווי אויפ'ן וואסער, האט איהר איהם געענטפערט, אז איהר זענט א יונגער־מאן, וואס קאטארי מישט זיך ניט אין קהל'שע זאכען...

— א י ך האב אזוי געענטפערט? זעהט נאר, צי אייער פע־טער יאסי האט אייך ניט דערצעהלט, מחילה, קיין ליגען...

— עס קאן זיין, אפשר זענט א י ה ר גערעכט... איך וויים נאר, אז איהר האט מיר ניט געהאלפען ניט דעמאלט דאס ערשטע מאל און ניט דאס אנדערע מאל, אז איך בין, ניט היינט געדאכט, אפגעברענט געווארען, ארוים ווי די מאמע האט מיך געהאט, און אויך שפעטער, אז מיר האבען זיך בעגעגענט איינמאל אין הייסין אויף דער אכסניה, אויב איהר געדענקט, בשעת יריד, איהר זענט געקומען צו פאהרען קויפען, דאכט זיך, אויב איך האב ניט קיין טעות, א פאר פערד, און אפשר א בהמה, און אפשר גאר פאר־קויפען קארן? —

דער נגיד רייבט זיך דעם שטערן, ווי א מענש, וואָס וויל זיך דערמאָנען אַ זאַך, וואָס ער געדענקט נישט, און ס'איז איהם אַ חידוש, וואָס ער האָט דאָס שוין לאַנג פערגעסען און יענער ניט. און עס שטעהט איהם ניט אָן די מעשה, וואָס בערעל דער רויטער, וואָס אין טעפּליק וואָלט ער גאָר ניט האָבען די זכיה מיט איהם צו רעדען צוויי איבעריגע ווערטער, זאָל האָבען אַ העזה איהם אויסצווזעצען דאָ די פעהלערען, דערמאָנען איהם אַלטע חטאים! און סע שטעהט איהם ניט אָן די מעשה, און ער וויל עפּיס אָנ-הויבען רעדען, קומט אָן העניך פון גראַנאָוו מיט אַ פלעשעל בראָנפען, קוים וואָס ער האָפּט דעם אָטהעם, אזוי איז ער גע-לאָפען, מורא געהאַט, טאָמער פאָהרט עמיצער אָן און מע פּאַקט איהם מיט'ן בראָנפען. און אַלע דריי פערברעכער זעצען זיך צו דער סעודה, נעמען פריהער צו קאָפּלעך בראָנפען, זענען מכבד אויך דעם עטאַפּ מיט אַ פּאָר גלעזלעך; דער עטאַפּ זאָגט זיך ניט אָפּ, נאָר ער פערקרימט זיך, ווישט-אָפּ מיט דער האָריגער סוויטע די גראָבע וואָנצעס און שיקט-אָפּ צו אַלדי שווארצע יאָהר גראַנאָוו מיט זיין שטאַרקען בראָנפען.

— דוזשע הירקא, נעחיי יאָמו סים טשערטיוו! * — מאַכט לאָוורע און טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד, ווי אַ מענש, וואָס גיט זיך אַ נדר, אַז מעהר זאָל ער שוין אין מויל אריין ניט נעמען קיין טראָפּען אפילו! פון דעסטוועגען, אַז ס'איז געקומען נאָך די פיש און מע האָט זיך גענומען צו דער קאַטשקע, האָט מען איהם פאָרט איינגעבעטען, ער זאָל נעמען אַ גלעזעל. עס האָט זיי טאַקי געקאָסט אביסעל מיה, נאָר מע האָט ביי איהם גע-פועל'ט, ער זאָל דאָס אויסטרינקען ביז'ן דנאָ, מחמת מע וויל איהם אָנגיסען נאָך אַ גלעזעל.

איבערגעביסען, האָט זיך דער עולם צוגעלעגט אַ ביסעלע אונטער'ן שאָטען פון'ם בארענבוים, נישט חלילה דרימלען, נאָר

---

* צו ביטער, זיעבען רוחות זאָל איהם זיין!

גלאַט אַזוי קוקען אַרויף אין בלויען הימעל אריין, זעהען ווי קליינע חמאַרעס רוקען זיך אָן, צערייסען זיך, ווערען צעגאַנגעז אַזוי ווי רויך, און אַ מחנה ווראָנעס, וואָס האָבען זיך אויסגעמושטירט אין צוויי פּאַסען, ווי אַ דל״ת, שוועבען און שוועבען און שטעהען אויף איין אָרט.

ליגען מיט׳ן פּנים ארויף און קוקען אין הימעל אריין נאָכ׳ן עסען איז אַ טייערע סגולה אויף צו אנשלאָפען ווערען. דער ערשטער האָט דאָס בעוויזען דער עטאַפּ אַליין, וואָס ס׳האָט זיך גיך געלאָזט הערען פון איהם אַ מורא׳דיגער חראָפּ, ווי פון איין איבער־געשראָקען פערד, און תיכף נאָך איהם האָט זיך געלאָזט הערען איין אַקאָמפּאַנימענט פון העניכ׳ס נאָזלעכער, וואָס האָבען אויך געאַרבייט ניט שלעכט, חאָטש ער האָט זיך אַלע מאָל אַליין אויפ־געחאַפּט פון זיין חראָפּען און געבעלעבעטשעט מיט דער צונג, ווי זיין שטייגער איז:

— איינגעמיעדט זעהר וואָס בין געלאָפען איך פיער ווערסט גוטע, אַלץ מורא געהאַט טאָמער חלילה פאָהרט ער אָן און פּאַקט מיך, דער פּריסטאַוו הייסט עס...

נאָר דער טעפּליקער נגיד שלום־בער טעפּליקער פון טעפּ־ליק און בערעל דער רויטער זענען ניט געשלאָפען. דער נגיד האָט זיך שטאַרק פּעראינטערעסירט צו וויסען, וואָס פאַר אַ בקשה האָט צו איהם בערעל געהאַט דעמאָלט אין הייסין אויפ׳ן יריד. און בערעל דער רויטער האָט איהם צוליעב געטהאָן און האָט איהם דערצעהלט די מעשה, וואָס מיר געבען זי איבער מיט זיין אייגע־נער שפּראַך, וואָרט ביי וואָרט.

---

קאפיטעל ז.

## א נארישקייט געדענקט זיך.

— האָט קיין פּראַיבעל ניט, א נאַרישקייט געדענקט זיך. — אזוי הויבט אָן בערעל די מעשה מיט א לעבעדיגען טאָן, ווי זיין שטייגער. — געקומען בין איך קיין הייסין ניט אויפ'ן יריד; מיינע אָכסען האָבען זיך נאָך געהאָדעוועט און מיינע שיפען אויפ'ן ים זענען נאָך געווען ווייט. וואָס זשע האָב איך געטהאָן אין הייסין אויפ'ן יריד, ווילט איהר וויסען? איך בין געקומען אָנקוקען א חתן גאָר פאר מיין מיידעל, די עלטערע הייסט עס, פונ'ם ערשטען ווייב. כ'האָב מיך מיישב געווען, פארשטעהט איהר מיך, דאָס ערשטע קינד, א יתומה, חאָטש אפילו א יונג קינד, נאָר א שטיפמאַמע פּיקט אין קאָפּ אריין, איך זאָל זי חתונה מאַכען, חאָטש פרעגט זי, וואָס וועט איהר ארויסקומען, אז איך וועל זי שוין חתונה מאַכען? ווער וועט איהר העלפען קאָכען און באַקען און צוואָגען די קליינע קינדער, און וועמען וועט זי שעלטען, טראָגען פאר די צעפּ? נאָר געה רעד מיט א אידינע! בקיצור, ס'איז געבליבען חתונה מאַכען. נאָר ס'איז גרינג צו זאָגען: חתונה מאַכען! מיט וואָס? מיט די פינף פינגער? אין אונזער גראַד, ווי ניט ווי — אויסקליידען דאַרף מען. עס רעדט זיך אזוי „אויסקליידען"; מיינען מיינט מען א קליידעל א סיצענס, און א פּאָר שיך און זאָקען, און העמדער חאָטש א האַלב טוץ, און פון בעט־געוואַנט שמועסט מען ניט, א פּאָר קישענס, איין איבערבעט, א שטיקעל קאָלדרע... און ווי אזוי, איך בעט אייך, גיט מען ניט חאָטש אזא הונדער־טער נדן? און דאָ איז ניטאָ קיין הונדערט קאָפּיקעס אפילו. און ווי אויף צו להכעיס, זעצט ער מיר מיט בריעף, משה־אהרן

דער שדכן, ימח שמו, איהר דאַרפט איהם קענען, איין בריעף נאָכ'ן אנדערען, אז ס'איז פּאַרהאַן אין הייסין, שרייבט ער מיר, איין אנטיקעל, א מציאה, איינס ביי גאָט, דאָס אנדערע ביי יענקעל דעם סטאָלער, א בחור'על פון געמיינעם גראַד, נאָר א געראַטענער, מיט לערנען און מיט שרייבען און מיט שפּיעלען אויפ'ן פיעדעל — סע עקט זיך גאָר די וועלט מיט איהם! שרייב איך איהם אוועק, משה־אהרנ'ען הייסט עס, א בריוועל, אז ער־שטענס, האַלט איך נאָך ניט ביי קיין שדוך, צווייטענס, דאַרף איך וויסען, וויפיעל וויל ער נדן, טאָמער איז דאָס ניט פאַר מיין בייטעל? און דריטענס, לאָז קומען יענקעל דער סטאָלער פריהער אקאַרשט אָנקוקען די כלה... קומט מיר אָן צוריק א בריעף פון איהם טאַקי, פון משה־אהרנ'ען הייסט דאָס, אז דאָס, וואָס איך שרייב, אז איך האַלט ניט ביי קיין שדוך — איז בלאָטע, וואָרום ער געהט מיט דעם גאַנג, אז א מיידעל איז ניט קיין יונגעל — וואָס זאָגט איהר אויף זיין אויפטהו? — און דאָס, וואָס איך פרעג זיך נאָך מכות נדן, איז דאָס גלאַט, זאָגט ער, פון מיר א גרויס נאַרישקייט. מע רעדט דען פון איין אָכס, מע זאָל זיך, זאָגט ער, דאַרפען דינגען? אזוי טאַקי שרייבט ער מיר. און מכות אָנקוקען מיין טאָכטער איז, זאָגט ער, איין איבעריגע זאַך גאָר. וואָרום ס'איז גלייך ווי אָנגעקוקט. געוועזן עפּיס איי־נער א הייסינער ביי מיר אין שטוב, קאָן ער זיך, זאָגט ער, גאָר פון איהר ניט אָפּלויבען! בקיצור, בריעף אהער, בריעף אהין — איך האָב גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און האָב עולה רגל געוועזן, צו פוס הייסט דאָס, קיין הייסין. געקומען קיין הייסין און דערזעהען דעם בחור, בין איך צו איהם צוגעזאָדען געוואָרען! וואָס זאָל איך אייך זאָגען? איך האָב נאָך אזא מין אנטיק זינט איך לעב, זינט איך שטעה אויף מיינע פיס, ניט געזעהען און ניט געהערט אפילו! מילא, א פּנים — א פּרינץ; א קאָפּ — א מיניס־טער; א מויל — פּערעל; א האַנד — גאָלד! דאָס לערענט, דאָס רעדט, דאָס שרייבט און דאָס לייענט — אויסקושען דאַרף

מען איהם איטליכם אבר! היינט שפיעלט דאָס אויפ׳ן פיעדעל — אַ כפרה, הערט איהר, אַלע שפיעלערס מיט אַלע כלי־זמר פון דער וועלט! איך וויים גאָרניט, וואו ווערד אזעלכם געבוירען? וואָס טויג אייך, ער האָט מיך געפּלעפּט, דער שקאָץ, און איך האָב מיר געגעבען דאָס וואָרט, אז ס׳זאָל זיך קעהרען די וועלט, איך מוז איהם נעמען פאַר אַ חתן! נאָר געה נעם, אז סע נעמט זיך ניט! נישטאָ מיט וואָס, האָטש לעג זיך און שטאַרב! איין הונדערטער איך זאָל האָטש האָבען, דאָס הייסט, האָטש אויף איבערדרעהען זיך, איהר פאַרשטעהט אַ מעשה? וואָרום דעם בחור אַליין האָט ניט אויסגעמאַכט גאָר ניט, געב איהם יאָ, געב איהם ניט; דער סטאָלער, ימח שמו, האָט זיך אָבער געשטעלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, עס מעג קומען די בת־מלכה אַליין, וועט ער איהם אָהן נדן נישט לאָזען געהן צו דער חופה, מע זאָל אויפלויפען. „רב משה־אהרן, זאָג איך, וואָס שווייגט איהר?” „וואָס, זאָגט ער, זאָל איך שרייען? גיט זיך עפּיס איין עצה, זאָגט ער, וואָרום ס׳איז שלעכט. מיט דעם סטאָלער, זאָגט ער, וועט איהר גאָרניט מאַכען, ס׳איז אַ ביטערער יונג, איך האָב איהם שוין, זאָגט ער, אַליין געוואָלט געבען נעכטען מיט׳ן העבעל איבער׳ן קאָפּ!” איהר הערט ווער־טער? און דאָ דער חתן דרעהט זיך פאַר די אויגען, נעמט צו ביי מיר אַ שטיק חיות. איך פּיהל, אז ממש איך עק זיך, איך געה־אויס, איך שטאַרב. אָט־אָט שטאַרב איך!... דערוויי׳ל, איך טהו אַ קוק אויף דער אכסניה — רב שלום־בער טעפּליקער! גאָט אַליין, טראַכט איך מיר, האָט אייך געבראַכט! און איך בין נישט פויל אויף דער פעז און געה־צו צו אייך און שטעק אייך אָפּ אַ ברייטען שלום־עליכם, אשטייגער, ווי דאָ אַצינד. וואָס מיין איך? איך מיין, אז מסתמא וועט איהר מיך אַ פרעג טהון, וואָס טהו איך אין הייסין? וועל איך אייך זאָגען — אַ שידוך; וועט איהר מיך פרעגען: וואָסער שידוך? וועל איך אייך זאָגען — מיט יענקעל דעם סטאָלער; וועט איהר פרעגען: וואָס געב איך נדן? וועל איך אייך זאָגען — אָט דאָס איז טאַקי דער גאַנצער

אומגליק, וואָס דער סטאָלער הייסט זיך אנידערלעגען א הונדער־טער, און איך האָב א פּייג, ניט קיין הונדערטער — וועט שוין זיין רעכט, איהר פארשטעהט, צי ניין? ווי זשע איז אָבער דער דין, אז איהר האָט מיך אפילו ניט אָנגעהויבען צו פרעגען, וואָס איך טהו אין הייסין? האָב איך מיך ניט געפּוילט און האָב אייך אליין דערצעהלט, אז איך בין געקומען נישט צוליעב דעם ירידֿ, נאָר מכח א שידוך. וואָס האָב איך געמיינט? איך האָב געמיינט: ווי וועט איהר מיך ניט א פרעג טהון, וואָסער שידוך? וועל איך אייך זאָגען: מיט יענקעל דעם סטאָלער; וועט איהר פרעגען: וואָס געב איך נדן? וועל איך אייך זאָגען — הערטסט דו, אָט דאָס איז דאָך דער גאנצער אומגליק!... צום סוף — ווער? וואָס? איהר הויבט אפילו ניט אָן צו פרעגען! בין איך מיך מיישב און דערצעהל אייך אליין, ווער דער שידוך איז, און לויב דעם בחור אין טאָג אריין, ווי דער אמת איז. הקיצור, איך רעד און איהר שווייגט! איך זעה ארויס, אז מיינע ווערטער קריכען אייך, אפּנים, ווינציג־וואָס אין קאָפּ אריין, ווי זאָגט מען, אין איין אויהער אריין, פונ'ם אנדערען ארויס; האָב איך מיך מיישב געוועזן: וואָס וועל איך דאָ שפּיעלען פּאָליטיק? אמעהר, לאָם איך שוין אָפּזאָגען אלסדינג, ווי זאָגט איהר, א צאָהן ארויס־רייסען — מיט'ן וואָרצעל! אודאי האָט איהר מיר דעמאָלט אָפּ־געזאָגט, ווי א טוידטען, און נאָך גוט אָפּגעבאָדען אויך!

— איך האָב אייך אָפּגעבאָדען? וואָס האָב איך אייך דען געזאָגט?

— ווילט איהר, איך זאָל אייך זאָגען מיט א סימן? א נארישקייט געדענקט זיך. איהר האָט מיך אפילו געפרעגט, וואָס פאר א מחותן בין איך מיט אייך, וואָס איהר זאָלט זיך צעוואָרפען אויף מיר מיט הונדערטערס?

— מסתמא האָט איהר מיר ניט געזאָגט, אויף וואָס איהר דאַרפט...

— נאָך אַ מין זאָגען! אַ סימן האָט איהר, איהר האָט מיר אַפילו דעמאָלט אַ זאָג געטהאָן: למאי איהר וואָלט וועלען אַ שידוך טהון מיט רויטשילדען?... און אַז איך האָב אייך געזאָגט, אַז ער שפּיעלט אויפ'ן פּיעדעל, דער חתן הייסט דאָס, האָט איהר מיך אַ פרעג געטהאָן — אַ נאַרישקייט געדענקט זיך: „וואָס עפּיס אויפ'ן פּיעדעל? פאַר וואָס ניט אויפ'ן טרומייט?"... מיר האָט זיך געעקט דאָס חיות, געפּאַלען שטיקער פלייש, און איהר האָט געמאַכט חוזק, געזאָגט ווערטלעך. אפנים, ס'איז אייך גע־ווען גוט אויפ'ן האַרצען?...

דער טעפּליקער נגיד, שלום-בער טעפּליקער פון טעפּליק, האָט אויסגעהערט די מעשה, געשוויצט און געשוויגען. ער זאָל גע־דענקען אַקוראַט, ווי די מעשה איז געווען, געדענקט ער ניט; נאָר געווען איז עפּיס אַ מעשה מיט אַ הונדערטער — דאָס ווייסט ער געוויס... און ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין, פאַר וואָס האָט ער דעמאָלט אָפּגעזאָגט אַ געמיינעם אידען אין אַזאַ זאַך, וואָס פאַר איהם איז דאָס געווען אַ קלייניגקייט — ער האָט גענוג הונדער־טערס, און פאַר יענעם וואָלט דאָס געווען כמוצא שלל רב. און די מעשה אַליין פּעראינטערעסירט איהם שטאַרק, און ער טהוט אַ פרעג ביי בערעל דעם רויטען:

— נו, און מיט'ן שידוך וואָס איז געוואָרען ביי אייך?

— גאָרנישט.

— וואָס הייסט גאָרנישט?

— ער האָט ניט געוואָלט, דער סטאָלער הייסט דאָס, חאָטש געב איהם אַ קרענק!

— און אייער טאָכטער? אייער מיידעל?

— מיין טאָכטער? אַז אָך און וועה איז מיר! זי ליגט שוין לאַנג אין דער ערד... איך אַליין האָב זי באַגראָבען... גע־נומען און באַגראָבען אַ קינד... דאָס הייסט, וואָס בין איך שול־

דיג? פון זיך האָב איך קיין געלט נישט געקאָנט מאכען!... געוואַרט נאָך א יאָהר, נאָך צווי, קיין אידישער מאָנאסטיר איז ניט פאַרהאַן, און דאָ די שטיפמאַמע פּיקט — בקיצור, איך האָב זי חתונה געמאכט פאַר איין אייגבינגדער, איין אָרעמאַן נעבאָך, א גאַנץ עהרליכער אפילו, נאָר א קראַנקער, א טשאַכאָטניק, אָפּ־געמוטשעט זיך עטליכע יאָהר און אוועקגעשטאָרבען און איבער־געלאָזט מיר א ירושה דריי אייניקלעך יתומים, וואָרום זי האָט זיך אָנגענומען פון איהם די טשאַכאָטקע און איז אין א יאָהר אַרום איהם נאָכגעשטאָרבען, זיי צו לענגערע יאָהר. איהר פאַר־שטעהט א מעשה? — און אצינד, לא די איך האָב אַליין, קיין עין־הרע, קינדער פון ביידע ווייבער, באַדאַרף איך האָבען אויף זיך נאָך דריי יתומים׳לעך. דערפאַר זאָלט איהר אָבער אָנקוקען קינדער, קיין עין־הרע, — איך ווייס ניט, צי ס׳איז פאַרהאַן אַזעל־כע געראָטענע קינדער ביי׳ם גרעסטען נגיד, מע זאָל אויספאָהרען די גאַנצע וועלט! „זיידע, וואוהין פיהרט מען דיך?״ — האָבען זיי נעבאָך א פרעג געטהאָן ביי מיר, בשעת דער המן האָט גע־הייסען מיך נעמען אין „חדר״ אריין. „קיין הייסין, האָב איך זיי געזאָגט, אויף איין טאָג פאָהר איך אהינצוצו. איך וועל אייך ברענגען פון דאָרטען, זאָג איך, טשיקעלאַד!״ מיינט איהר, זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען, אז איך זאָג א ליגען? איהר האָט באַ־דאַרפט אָנקוקען, ווי זיי האָבען זיך אַלע דריי אַרומגעשטעלט אַרום מיר, ווי די שעפּעלעך, נישט געוויינט, ניין! נאָר טרערען זענען געשטאַנען ביי זיי אויף די אויגעלעך. איהר קאָנט פאַרשטעהן, וואָס דאָס איז פאַר קינדער, אז המן איוואַנאָוויטש אַליין האָט אַרויסגענומען פון זיין אייגענער קעשענע א גילדען און האָט זיי געשענקט, זיי זאָלען זיך קויפען קאָנפעקטען.

---

קאפיטעל ח.

## שייך צו העניך דעם בחור און צו זיין הויזגעזינד.

בערעל דער רויטער איז בעצייטענס אנשוויגען געוואָרען, אויפגעשטאַנען פונ'ם אָרט, זיך אויסגעגלייכט א ביסעל דעם קראַנקען פוס און איז צוגעגאַנגען צו העניכען, האָט איהם מכבד געווען מיט א שנעל אין נאָז אריין.

— הער נאָר דו, שמינדער בגעץ, האָסט זיך גוט אויסגעשלאָפען?

העניך מיט דער בעלמע האָט זיך פונ'ם שנעל אויפגעחאַפּט, זיך אויסגעווישט די אויגען און דערזעהען, דער נגיד קוקט אויף איהם, האָט ער זיך געשווינד אויפגעהויבען פון דער ערד, אָנגעהויבען בעלעבעטשען מיט דער צונג, ווי זיין שטייגער איז:

— בין גאָר ניט אָנגעהויבען שלאָפען, אַלץ געטראַכט האָב איך, טאָמער חלילה, ווי איך בין א איד, מיין דוד־ליב, מע זאָגט מיר מעהר פון אַכצעהן אַלט, מיט די קינדער וואָס וועט זיין?

— א ביסעל א לשון, ברענען זאָל ער! — מאַכט בערעל דער רויטער צום נגיד. — א רעכטער שלים־מזל! איהר קאָנט פארשטעהן, אַז איך בין קעגען איהם דער נגיד. דאָס האָט ער מיר צו פארדאַנקען, וואָס זיין דוד־ליב האָט איצט אַזאַ שטעלע און קאָן אויסהאַלטען, קיין עין־הרע, אַזאַ געזינדעל פון אַכט פּיקערס.

— נייען, קערט איהר מיינען. — פּערריכט איהם העניך מיט זיין איבערגעקעהרט לשון אויף דער לינקער זייט. — צוויי ברידער מיט א מאַמע איין אַלטע, און א מיידעל פון א יאָהר דרייצעהן דיענט, און נאָך א ברודערעל א קלענערס אין א קלייט כלומרשט, און נאָך מיידלעך צוויי קליינע, מיט איינעם אין תלמוד־תורה, א יונגערער, היינט וואו בין איך?

— דו ביזט אין דער ערד ! — מאַכט צו איהם בערעל. — ביזט געווען אַ בהמה און וועסט בלייבען אַ פערד ! אַזוי ווי איהר קוקט איהם אָן, אָט דעם פּעטאַך, — מאַכט בערעל צום נגיד — האָט ער אַ ברודער דוד־ליב, איז ער אַ מיניסטער אַקעגען איהם. דאָס הייסט, איבעריג קלוג איז ער אויך ניט ; ער איז אַ מיטעל־מעסיגער, דאָס הייסט, ניט קיין גרויסער חכם און ניט קיין קליי־נער נאַר. איין מעלה האָט ער — ער איז אַיין עהרליכער. דאָס הייסט, זיי זענען אַלע עהרליכע, האַפּען נישט קיין בייגעל פונ'ם מאַרק. קומט צו געהן צו מיר איינמאָל דוד־ליב און דערצעהלט מיר אַ גאַנצע מעשה : באשר אין הייסין האָט זיך אויסגעבויעט אַ צוקערניע, און זי געהער, די צוקערניע הייסט דאָס, צו רב זלמן ראַדעמישלער, און רב זלמן ראַדעמישלער איז אַ סאַדעגירער חסיד, און איך בין אַ סאַדעגירער חסיד, און זיין פאָטער בעני טעלער־לעקער, עליו השלום, איז געווען אַ סאַדעגירער חסיד, — בכן וויל ער, דוד־ליב הייסט דאָס, איך זאָל מיך זעהען מיט רב זלמן ראַ־דעמישלער און זאָל ביי איהם פועל'ען, אפשר וועט ער איהם צו־נעמען, דוד־ליבען הייסט דאָס, קיין הייסין אויף דער צוקערניע, איהם געבען עפּיס אַ שטעלע. „וואָס פאַר אַ שטעלע, כדומה למשל, קאָנסט דו, זאָג איך, פאַרטרעטען ?" זאָגט ער צו מיר : „וואָסער ס'ניט איז, זאָגט ער, אבי אַ שטעלע". „שטעהן זאָלסט דו, זאָג איך, אין געהאַקטע וואונדען, וואָס קאָנסט דו ?" וואָס איך קאָן ? — זאָגט ער. — איך קאָן אַלסדינג : איך קאָן אי חשבונ'ען, אי רעכענען, אי בוכהאַלטעריע, אי שרייבען, אי פאַרשרייבען"... „וואו, זאָג איך, האָסט דו דאָס אַלסדינג אויסגעלערנט זיך ?" „פון זיך אַליין", מאַכט ער צו מיר און נעמט־אַרויס אַ בויגען פּאַפּיער און גיט מיר, איך זאָל בעווייזען רב זלמנ'ען זיין כתב. בקיצור, וואָס טויג אייך, ער האָט מיר אַזוי לאַנג דעקוטשעט, ביז איך האָב איהם אויסגע'בטל'ט אַלע בייזע חלומות, און האָב זיך אַוועקגעלאָזט קיין הייסין צו רב זלמן ראַדעמישלער, און דוקא, ווי זאָגט ער, המן איוואַנאָוויטש, מיט די רגלים. געקומען קיין

הייסין צו רב זלמנ׳ען — לאָזט מען מיך ניט אַריין. וואָס איז די מעשה? זאָגט מען מיר: אויב איך בין געקומען גלאַט אַזוי, האָט רב זלמן קיין צייט ניט, און אויב איך דאַרף האָבען „פּאַ־דיעלו", זאָל איך מיך מטריח זיין אין קאַנטאָר אַריין. בין איך מיך מיישב: פּע, סע שטעהט מיר ניט אָן די גאַנצע מעשה! וואָס איז דאָס פאַר אַ דבורים — ניטאָ קיין צייט? פּאַ־דיעלו? קאַנטאָר? ביי אונז, סאַדעגירער, געהען נישט אָן אַזעלכע שטיק! „געהט, זאָג איך, זאָגט רב זלמנ׳ען, אַז איך, בערעל דער רויטער פון טעפּליק, בין געקומען צו איהם מכוח זעהר אַ נויטיגען ענין, און דוקא ניט פּאַ־דיעלו, און דוקא באַלד, וואָרום איך האָב קיין צייט ניט!" זאָגט מען מיר: רב זלמן דאַווענט, ער האַלט פון פאַרענט. „אויב אַזוי, זאָג איך, איז עפּיס אַנדערש! דאַווענען פון פאַרענט דאַוועען איך אויך". חאָטש אַפילו, אַז מע וויל שמועסען צוריק, וואָס געהער זיך אָן איינם מיט׳ן אַנדערען? מע קאָן דאַווענען פון פאַרענט און אָפּמאַכען בשעת מעשה טויזענד גע־שעפטען. נאָר ווי די מעשה איז — אַ נגיד איז ער דאָך, און פאַר אַ נגיד דאַרף מען האָבען דרך־ארץ; אַ סימן — ווען איך בין, למשל, אַ נגיד, וואָלט פאַר מיר די גאַנצע וועלט געהאַט דרך־ארץ... בקיצור, איך זעץ מיך אַוועק און וואַרט. איך וואַרט אַ שעה און צוויי און דריי, און דוקא אין דרויסען ביי דער טהיר — אַ מעשה אָהן איין עק. איך זעה: מענטשען געהען אויף־און־אָפּ, דער אַריין, דער אַרויס. פון קיך דערוויייל טראָגט מען סאַמאָ־וואַרען מיט כל המינים גוטע זאַכען... קלער איך מיר: ע, דאָס טויג דאָך אויף כפּרות! מע זאָל מיך אַזוי פיהרען אין באָד אַריין — דאָס שטעהט מיר שוין ניט אָן! און בין מיך מיישב, וואָס וועל איך וואַרטען אויף כבוד? איין עפּען־אויף די טהיר, און אַריין גלייך אין שטוב אַריין, און „שלום־עליכם, רב זלמן!" „עליכם שלום, פון וואַנען איז אַ איד?" „פון טעפּליק, זאָג איך, איהר האָט מיך ניט דערקענט? בערעל הייס איך, געוועזן אינאיינעם אַמאָל אין סאַדעגירע". „סע קאָן זיין, מאַכט ער, נאָר איך האָב

אייך ניט דערקענט און קען אייך איצטער אויך ניט; ס'איז ביי מיר, זאָגט ער, ניט פאר אייך געדאכט, שטארק געשלאָגען די ראיה. געווען, זאָגט ער, ביי מאנדעלשטאמען, מיר פארשריבען שווארצע ברילען און אָנגעזאָגט, איך זאָל ניט לייענען גאָרניט און ניט שרייבען און היטען זיך פון דער שיין"... „ע, טראכט איך מיר, רב זלמן, איהר פארדעדט מיר די צייהן"... און רוף זיך אָן צו איהם: „הערט זשע אויס, רב זלמן, די מעשה דערפון איז אזוי. בענין האָט איהר דאָך געקענט, מסתמא?" מאכט ער צו מיר: „וואָסער בענין?" „בעני טעלערלעקער, זאָג איך, פון טעפּ־ליק". — „ניין, מאכט ער, איך הער דאָס ערשטע מאָל אזא נאָ־מען — טעלערלעקער". „וואָס טויג מיר, זאָג איך, רב זלמן, פוילע תנועות? איהר האָט איהם גאנץ גוט געקענט, מיר האָבען אינ־איינעם, זאָג איך, געטרונקען מיט איהם וויין אין סאַדעגירע, און געטאנצט ביי'ם רבין אויפ'ן טיש, און ניט איין מאָל אפילו גע־קושט זיך, לאָז ער זיין ווייט אָפּגעשיידט, ער איז שוין אויף דער אמת'ער וועלט, דאָ ניט לאנג געשטאָרבען, אייך צו לענגערע יאָהר". דערהערט די דאָזיגע ווערטער „געשטאָרבען", ווערד מיין רב זלמן גאָר איין אנדער מענטש — די נגידים האָבען, אפּנים, שטארק מורא פאר'ן טוידט! — און רופט זיך אָן צו מיר: „וואָס זשע ווילט איהר פון מיר?" „וואָס, זאָג איך, זאָל איך וועלען? איך וויל נאָר מקיים זיין צוואת המת; דער דאָזיגער בעני טעלער־לעקער, עליו השלום, האָט א פּאָר שעה פאר'ן טוידט צוגערופען מיך און נאָך אידען דערצעהלט א מעשה, אז ער איז געווען ביי אייך א פּאָר מאָל אין הייסין, געוואָלט מיט אייך עפּיס איבער־שמועסען, האָט מען איהם ניט צוגעלאָזט, און מחמת ער איז געווען א מענטשעל, פארשטעהט איהר מיך, א שטילס, לאָז ער מיר מוחל זיין, אָהן חכמות, האָט ער געזעהען, מע לאָזט ניט צו, האָט ער פארקערעוועט דעם דישעל און מארש צוריק אהיים. אצינד, אז ער האלט ביי געהן אין אזא ווייטער נסיעה, וואָס צוריק קומט מען שוין ניט, געזעגענט ער זיך מיט איטליכען בא־

זונדער און לאָזט גריסען פריהער דעם רבין און נאָכדעם אייך, און בעט, מע זאָל אייך איבערגעבען, אז ער פארלאָזט זיך אינ־גאנצען אויף אייך, אז איהר וועט מסתמא די אלמנה מיט די יתומים ניט פארלאָזען". „וואָס זשע קאָן איך פון זייערטוועגען טהון?" מאכט ער און נעמט זיך צו דער קעשענע. טראכט איך מיר: א נדבה? צדקה תציל ממות? פע! „וויל איך, אז איהר זאָלט, זאָג איך, צונעמען זיין עלטערען זוהן דוד־ליבען, איהם געבען עפּיס א שטעלע". א נגיד, אז ער דערהערט דאָס וואָרט „שטעלע", באַקומט ער דעם שלאָג. „ווי קומט צו מיר א שטעלע? וואו האָב איך היינט שטעלעס? פארנומען אלע שטעלעס!" „דאָס וועט איהר, זאָג איך, דערצעהלען איין אנדערען, און מיט מיר טאָרט איהר אזא שפּראַך ניט רעדען, און בעני'ס יונגעל באַ־דארפט איהר צונעמען גאָר אָהן א שום תירוץ. ער קאָן, זאָג איך, חשבונ'ען, און רעכענען, און בוכהאלטעריע, און שרייבען, און פאר־שרייבען, און הייסט, זייט מוחל, געבען א ביסעל בראָנפען און עפּיס צובייסען, וואָרום איך האָב נאָך היינט אין מיין מויל נישט געהאט".

בקיצור, וואָס זאָל איך אייך לאַנג מאריך זיין — די סאדע־גירער זענען ביי זיך פראָסט; ער האָט מיר צוגעזאָגט, אז ער נעמט איהם צו, און איך האָב עולה רגל געווען אהיים און האָב צוגעשיקט צו איהם דוד־ליבען, און ער האָט זיך דאָרט פריהער אביסעל אָפּגעוואלגערט, וואָרום רב זלמן האָט איהם געזאָגט, אז ער מוז איבעררעדען פריהער מיט'ן זוהן, מיט רב יוסילען, און רב יוסילע איז ניטאָ. נאָכדעם, אז ס'איז געקומען ר'ב יוסילע, איז ניט געווען רב זלמן. וואָס טויג אייך מעשיות, מע האָט איהם צוגענומען, און ער איז היינט דאָרטען גאָר א גאנצער פלאָקענ־שיסער.

— א קאסירער, — פעררריכט איהם העניך און גיט צו פער־שטעהן אויף זיין לשון, וואָס בעדייט קאסירער: — ער פאר־

נעמט זיך מיט געלט הייסט דאָס, ער נעמט־או געלט און ארויס גיט ער געלט.

— אַ דאַנק דיר, וואָס דו האָסט זיי קלאָר געמאַכט, וואָס הייסט קאַסירער, אַניט, וואָלטען זיי ניט געוואוסט. — מאַכט צו איהם בערעל דער רויטער און געהט צום עטאַפּ און טהוט איהם אַ טאָרע ביי דער סוויטע און וועקט איהם אויף.

— עי, לאַוורע, מיט'ן קאָפּ זאָלסט דו אָנלעגען, פּאָרא נאַ פּאָח־מעליע!

און לאַוורע פאָלגט איהם, שטעהט־אויף פּאַוואָלי פון דער ערד, פערשטעלט זיך מיט דער האַנד און קוקט אין הימעל אריין, וואו האַלט די זון, נעמט דעם שטעקען, צעהלט איבער די דריי ארעסטאַנטען און לאָזט זיך אין וועג אריין.

---

קאַפּיטעל ט.

## דער נגיד שלאָגט זיך על־חטא.

די זון האָט שוין געהאַלטען ווייט באַרג־אראָפּ אינ'ם שפּאַציער איבער'ן טיעפען בלויען הימעל, די היץ האָט אָנגעהויבען ווערען אַ ביסעל קלענער, און דער עטאַפּ האָט געהאַלטען ביי אריינצוקו־מען קיין גראַנאָוו — דער ערשטער פּונקט פון זייער נסיעה, און בכדי מע זאָל קומען פּאַרטיג אויפ'ן אָרט, האָבען זיך אַלע דריי ארעסטאַנטען אוועקגעשטעלט הינטער'ן שטאָדט, נעבען אַ ווינט־מיהל, מיט'ן פּנים צו מזרח, דאַוונען מנחה, און לאַוורע איז גע־שטאַנען אָנגעשפּאַרט אויפ'ן גרויסען שטעקען, וואָס מיט'ן אייזער־נעם שפּיץ פון אונטען דאָס היטעל פעררוקט אַ ביסעל צוריק, און געקוקט, ווי די אידען שאָקלען זיך און שלאָגען זיך מיט די הענד אין הארצען. געשמאַקער פון אַלע האָט געדאַוונט דער נגיד. שלום־בער טעפּליקער פון טעפּליק האָט שוין לאַנג מיט אַזאַ כונה

ניט געהאַוועט, ווי אַצינד. ער האָט זיך באמת געשלאָגען: אשמנו, בגדנו, גזלנו, מיט'ן גאַנצען האַרצען, חרטה געהאַט אויף דעם, וואָס ער האָט געזינדיגט פאַר לייטען, געקאָנט העלפען איין אָרעמען אידען און ניט געהאָלפען, געקאָנט איהם גליקליך מאַכען אפשר און האָט דאָס ניט געטהאָן. פאַר וואָס? ווייסט ער אַליין ניט! און ער האָט גענומען פערגלייכען זיך צו אָט דעם קבצן, בערעל דעם רויטען, און ס'איז איהם געוועזן בזי־בזיון פאַר זיך אַליין. אָט דער דאָזיגער קבצן, וואָס האָט אַליין קוים א טאָג אי־בערצוקומען, האָט זיך ניט געפוילט פון יענעמ'ס וועגען געהן צו־פוס, אונטערפאַלען צו א גביר, זיך מאַכען מיט דער בלאָטע, אַבי טהון א טובה איין אָרעמען אידען. און ער? שלום־בער טעפּליקער פון טעפּליק האָט נישט געוואָלט הערען, נישט זעהען יענעמ'ס צרות — קאַלט, קאַלט ווי אייז. און עס האָט איהם שטאַרק־שטאַרק פערדראָסען, וואָס סע האָט זיך אַזוי געמאַכט, און מעהר פון אַלץ האָט איהם פערדראָסען די מעשה מיט'ן שידוך אין הייסין אויפ'ן יריד... ער האָט דערפיהלט, אַז ער, שלום־בער, איז פאַר בערעל דעם רויטען א גרויסער חייב, און אפשר האָט ער א גרויסען חלק אין בערעל דעם רויטענ'ס טאָכטער'ס טוידט, וואָרום ווען ער הערט זיך דעמאָלט צו צו זיין בקשה, ווען ער לעגט־צו האָטש א לויט רחמנות, האָטש איין טראָפּען ליעבשאַפט צו איין אָרעמען אי־דען, בשעת יענעם ליגט דער חלף אויפ'ן האַלז, וואָלט איצט אפשר יענעמ'ס טאָכטער געלעבט און געווען אפשר גליקליך?... און שלום־בער פיהלט זיך, אַז ער זאָל קאָנען פערריכטען האָטש וויפיעל ס'ניט איז זיין פערברעכען, עפּיס ברענגען א קרבן, מיט וואָס ניט איז פערשמירען, בעפּוצען, פערהיילען די דאָזיגע מכה, וואָלט איהם צוגעקומען א שטיק געזונד. נאָר ער ווייסט נישט, ווי אַזוי ער זאָל דאָס טהון? און ער פערטיעפט זיך אינ'ם דאַוונען, און דאָס גאַנצע לעבען זיינס שטעהט־אויף פאַר זיינע אויגען, ווי פון א קבר, און כמעט דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען טראַכט ער וועגען אַזעלכע זאַכען, כמעט דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען דערזעהט

ער זיך ווי אין א שפיגעל; ער דערזעהט זיך דורך און דורך, און ער פערשטעהט ניט, ווי אזוי איז ער געווען ביז אהער אזוי בלינד? ווי אזוי האט ער געקאנט מיינען אויף זיך, אז ער איז איין עהרליכער איד און א לייטישער מענש? ווי אזוי האט ער געקאנט מיינען, אז ער איז יוצא דערמיט, וואס ער דאווענט אלע טאג און וואס ער רוקט־אריין אמאל א הארטען דרייער א נדבה?...

און דער טעפליקער נגיד, שלום־בער טעפליקער פון טעפליק, הויבט זיך אן דערמאנען, ווי אזוי ער האט „געטהאן צדקה", זיך געדונגען פאר איטליכען גראשען, וואס מע האט ביי איהם געריסען ווי מיט צוואנגען, און ער דערמאנט זיך, ווי אזוי ער האט אריינגע־געבען אמאל א ספר־תורה אין שוהל אריין, געטהאן דאס פאר זיין נשמה, מחמת ער האט נישט קיין קינדער, האט נישט קיין קדיש, געמאכט א סיום־התורה, ניט געזשאלעוועט קיין לעקאך און בראנ־פען, געהוליעט א גאנצע נאכט, און אויף מארגען, אז דער סופר רב שמשון איז געקומען צו איהם בעטען א גמילות־חסד, האט ער איהם אפגעזאגט ווי א טוידטען... וכדומה אזעלכע „מעשים טובים" הויבט ער אן דערמאנען זיך אצינד, און ער ווערד פער־ברענט פאר בושה פאר זיך און פאר א סך אזעלכע שענע אידען נגידים ווי ער, וואס זענען פערקאכעט אין זייער געלד, וואס קאָ־נען זיך מיט דעם ניט צעשיידען. און שלום־בער דערפיהלט, אז זיין נשמה איז ביז אהער געשלאפען, אז זיין הארץ איז געלעגען ערגיץ אונטער א פרעס, מיט אייז בעדעקט. קיין קאפ ווארעמקייט, קיין ברעקעל רחמנות! און עס ווילט זיך איהם עפיס טהון אצינד פון בערעל'ס וועגען, עפיס אזעלכס, וואס זאל פעררריכטען דעם גרויסען פעהלער, פערגעבען די גרויסע עבירה קעגען איהם, אפ־ווישען זיין שולד! נאר ער ווייסט ניט, וואס ער זאל טהון און ווי אזוי ער זאל דאס טהון. און ער לאזט זיך אראפ גאנץ טיעף צו זיך אין הארצען, אין דער נשמה אריין, און פערשטעהט ניט בכלל, וואס איז געווען ביז אהער זיין לעבען אויף דער וועלט, און וואס האט ער דא מתקן געווען? אפגעלעבט זעכס און פופציג

יאָהר, מעהר ווי דריי פערטעל פון זיין לעבען, געפיהרט א לאנגע מלחמה, געקלויבען א גראָשען צו א גראָשען, נישט געגעבען יענעם, נישט פערגונען זיך אליין, — פון וועמען'ס וועגען ווערט דאָס אלסדינג זיין? וועמען ווערט ער דאָס איבערלאָזען, אז קיין קינדער האָט ער ניט, און די קרובים זענען איהם שונאים — זיי זאָלען קאָנען, וואָלטען זיי איהם דערטרונקען אין א לעפעל וואסער! און שלום־בער הויבט־אָן אונטערפיהרען א חשבון צו אלץ, וואָס ער האָט געטהאָן, און איבערקלערען, פאר וואָס האָט ער אזוי פיעל שונאים? פאר וואָס האלט נישט פון איהם די וועלט? און עס שטעהען־אויף פאר איהם זכרונות שוין לאנג פערגעסענע און מחשבות, וואָס זענען געלעגען ביי איהם ביז אהער טיעף אויפ'ן דעק פון זיין נשמה, און עס ווערד איהם קאלעמוטנע אויפ'ן הארצען... און ער גיט זיך דאָס וואָרט, אויף די עלטערע יאָהרען חאָטש פערבעסערען זיך, און זיין נשמה חאפט זיך אויף, און זיין הארץ ווערד צעגאנגען, און אין זיינע אויגען ווערד ליכטיג — ער דערזעהט אזעלכעס, וואָס ער האָט ביז אהער ניט געזעהען, און דערפיהלט אזעלכעס, וואָס ער האָט ביז אהער ניט געפיהלט. ער פיהלט זיך ווי א נייגעבאָרענער, עפּיס אזוי פריש און לעבעדיג, ווי נאָך קיינמאָל ניט אין זיין לעבען.

אָפּגעדאווענט מנחה, לאָזען זיך אונזערע פארשוינען מיט'ן עטאפּ ווייטער אין וועג אריין. בערעל שפּרינגט־אונטער מיט איין פוס, מאכט חוזק פון העניכען, און דער נגיד געהט פערטראכט, אלע מאָל גיכער און גיכער. זיין קאָפּ איז איצט פול מיט מחשבות, זיין הארץ פול מיט געפיהלען! עפּיס קלערט ער, עפּיס טהוט ער, עפּיס בויעט ער.

— וואָס לויפט איהר אזוי? — מאכט צו איהם בערעל דער רויטער. — איהר פליהט אזוי, אז איך קאָן אייך מיט מיין קראנקען פוס ניט אָניאָגען.

— ס'איז אייך שווער צו געהן, רב בערעל? — אזוי מאכט צו איהם דער נגיד מיט אזא ווייכקייט, וואָס ער האָט דאָס פון

איהם נאָך קיינמאָל ניט געהערט. — האַלט זיך אָן ביי מיר, נאַט אייך מיין האַנט, רב בערעל. אם ירצה השם, אַז מיר וועלען קומען בשלום צוריק אַהיים, זאָלט איהר ביי מיר זיין, און דו אויך, העניך, וואָרום איך דאַרף אייך זעהר נויטיג האָבען, איך דאַרף אייך עפּיס זאָגען.

בערעל האָט ניט פערשטאַנען, וואָס פאַר א נויטיגע זאַך בע־דאַרף ער זיי זאָגען? און פאַר וואָס עפּיס אין דער היים דוקא? פאַר וואָס זאָל ער עס ניט זאָגען באַלד? און בכלל, וואָס איז ער עפּיס פּלוצים געוואָרען אַזוי ווייך און האַפּערדיג?...

פון העניכען שמועסט מען ניט; יענער האָט גאָר געעפענט דאָס מויל, ניט פערשטאַנען, וואָס הייסט איהם דער נגיד קומען? ער האָט זיך איינגעשטעלט און האָט א זאָג געטהאָן:

— אויב נאָר ער וועט רחמנות האָבען דער אויבערשטער, דוד־ליב מיינער וועט אַרויס...

— סאַי ווי סאַי, — מאַכט צו איהם דער נגיד, — טאָמער אפילו ניין — נעם איך איהם אויף זיך, דאָס הייסט, אייך נעם איך אויף זיך, אַלעמען נעם איך אויף זיך... האַלט זיך אָן אָן מיר, רב בערעל, ס'איז אייך שווער צו געהן...

* * *

אַז דער עטאַפּ איז אריינגעקומען קיין גראָנאָוו, איז שוין די זון געווען א פערגאַנגענע, איבערגעלאָזט נאָך זיך א סימן, א גרוי־סען גילדענעם פּאַס אויפ'ן ברעג הימעל. און בעגעגענט האָט מען אונזערע פאַרשוינען מיט מוזיק — א גאַנצער כאָהר, וואָס איז גע־ווען אויסגעמישט פון א קוואַקען פון זשאַבעס און פון א מעקען פון דער טשערעדע שאָף און ציעגען, וואָס האָבען אויפגעהויבען א מורא'דיגען שטויב — און דאָס איז געווען דאָס גליק, וואָס איבער די גראָנאָווער ציעגען האָבען די גראָנאָווער אידען דורכגע־לאָזט דעם עטאַפּ, נישט בעמערקט אפילו, ו ו ע מ ע ן מע האָט דאָ

דורכגעפיהרט פארביי גראנאוו! אניט, וואלטען זיי די גראנאָ־וועד אידען דאָרט מקבל פנים געווען מיט'ן זעלבען כבוד און ארויסגעבעגלייט מיט דעם זעלבען פאראד, ווי מע האָט זיי מקבל פנים געווען נאָכדעם אין מיכאילאָווקע, אין מיטשולקע, אין קראָס־נאָפּילקע, אין זדאקאָוויץ און אין די אלע איבעריגע עטאפּנע פונק־טען, וואָס צווישען טעפּליק און צווישען הייסין.

# הונדערט איינס

## א.

דער שענער דער אַלטער טייך בוג, וואָס לויפט איבער'ן יוג צווישען דניעפּער און צווישען דניעסטער און פּאָלט־אריין, ווי זיי, אין שווארצען ים אריין, שניידט־דורך לויפענדיג צוויי גובערניעס, חערסאָנער און פּאָדאָליער, דאָרט וואו עס ליגען צעוואָרפען אָהן אַ שום סדר צוויי אידישע שטעדטלעך: האָלטע און באָהאָפּאָליע: די דאָזיגע צוויי שטעדטלעך — דאָס איז, איי־גענטליך, איין שטאָדט, נאָר דער טייך האָט זיי ווי צעשניידט, ווי צעריסען אויף דער האַלב, און מענשען האָבען זיי צוריק צונויפ־געבונדען מיט אַ בריק, אַזוי אַז פוןביידע שטעדט איז געוואָרען ווידער איין שטאָדט: אַט זענט איהר, דאַכט זיך, אין באָהאָ־פּאָליע, עס געהט ניט אוועק קיין פינף מינוט — זענט איהר שוין אין האָלטע; און דאָס אייגענע צוריק: אַט זענט איהר נאָר־וואָס געוועזען אין האָלטע, איהר טהוט אַ קוק — אהא, איהר זענט שוין ווידער אין באָהאָפּאָליע!

האָלטע האָט אַ צייט מיט יאָהרען זיך גערעכענט פאַר אַ דאָרף, און באָהאָפּאָליע — פאַר אַ שטעדטעל. איז דערפאַר אויף האָלטע געפאַלען דער גורל פון'ם 3־טען מאי 1882, אַז אידען טאָרען זיך דאָרטען איבעראַנייעס ניט בעזעצען.

פון דעמאָלט אָן איז האַלטע געוואָרען שטאַרק חשוב ביי די באַהאָפּאָליער אידען, וואָס האָבען אַלע מיט אַ מאָל בעקומען חשק זיך בעזעצען דוקא אין האַלטע, און דוקא נאָכ'ן 3־טען מאַי.

פון יענעם 3־טען מאַי אָן האָבען די באַהאָפּאָליער אידען אָנ־געהויבען זיך שטילערהייד אריבערפעקלען קיין האַלטע. נאָר ס'איז זיי ניט געראָטען; מע האָט זיי געבעטען מחילה זעהר שען איבער דער בריק צוריק קיין באַהאָפּאָליע: „גאָספּאָדין איצקאָ, פּאָזשאַ־לאָיטיע נאַזאַד דאָ באָהאָפּאָלסקאהאָ ראבינא!" אָדער מע האָט איהם פערקערעוועט דעם וואָגען אָהן ווערטער און אַ זאָג געטהאָן מיט אַ געלעכטער: „אַ פּאָהר־פּאָהר נא באַרדיטשעוו".

— סטייטש! — האָט נעבאַך יענער גע'טענה'ט. — איך בין אַ האַלטער פון כמה וכמה יאָהרען! יאַ מאַיע סאָבסטווענע גאָרעד או שקאָלע — איך האָב דאָרט איין אייגענע שטאָדט אין בית־מדרש! יאַ מאַיע סקילקע ראָדיטשי נא קלאַדבישטשע — איך האָב דאָרט קרובים אויפ'ן בית־עולם!

די אַלע טענות האָבען אָבער געהאָלפען, ווי דער פּאַראַיאָה־ריגער שניי.

— דאָקומענטע — פּאַפּיערען! — האָט מען איהם געענט־פערט, און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ חתונה מיט „פּאַפּיערען". אידען האָבען דעמאָלט געגעבען צו לייזען געלד פאַר פּאַפּיער... די האָדאָטאַיעס האָבען מאַסף ממון געווען, די מוסרים האָבען גע־האַט וואָס צו טהון... ווען עס האָט געגאָלטען, און ווען ניט. אַ סך האָבען אידען אַליין קאַלי געמאַכט זיך מיט זייערע מסירות; איבער זייערע מסירות האָבען נעבאַך אַ סך משפּחות געמוזט פער־נעמען די בעבעכעס און עמיגרירען איבער דער בריק פון האַלטע קיין באַהאָפּאָליע, און ס'איז צוגעקומען נייע קבצנים, נייע עסערס, וואָס עסען איינס דאָס אַנדערע... אידען האָבען זיך ניט געוואָלט אַזוי גיך אונטערגעבען, האָבען זיי מלחמה געהאַלטען (אויף פּאַ־פּיער, געוויינטליך). און ס'איז אַוועק אַ מלחמה צווישען אידען מיט פּאָליציע און צווישען אידען מיט אידען; עס זענען געפלוי־

גען פּאַפּיערען אין פּאָליציע, פון פּאָליציע אין דער גובערניע, פון דער גובערניע אין סענאַט, פון סענאַט אין דער גובערניע און פון דאָרט צוריק אין פּאָליציע — און די מלחמה האָט זיך אזוי גע־צויגען צוואַנציג יאָהר כסדר. איך האָב מורא, אַז דער היסטאָ־ריקער, וואָס וועט אַמאָל קומען בעשרייבען די געשיכטע פון די דאָזיגע צוויי שטעדטלעך, וועט ער מוזען דאָס דאָזיגע שטיקעל צייט אַ נאָמען געבען: „די געשיכטע פון דער צוואַנ־ציג־יעהריגער מלחמה". די אַלטער מיט די באָהאָפּאָליער אידען וועלען שוין וויסען וואָס מע מיינט...

צווישען די אנשי־מלחמה זענען געווען צוויי מענשען: ירחמיאל־משה באָהאָפּאָלסקי פון האַלטע און זיינער אַ בלוטיגער שונא נחמן־ליב האַלטיאַנסקי פון באָהאָפּאָליע.

---

## ב.

עס זאָל אייך גאָר ניט זיין קיין חידוש און איהר זאָלט ניט פרעגען קיין קשיות, וואָס ירחמיאל־משה איז אַ האַלטער און הייסט באָהאָפּאָלסקי און נחמן־ליב איז אַ באָהאָפּאָליער און הייסט האַלטיאַנסקי? למאַי איך קאָן איינעם אַ טשערקאַסקי, וואָס וואָהנט אין ביעלאָצערקאָוו, און איינעם אַ ביעלאָצערקאָווסקי, וואָס וואָהנט אין טשערקאַס? הייגט קאָן איך איינעם אַ טאַראַשטשאַנ־סקי, וואָס וואָהנט אין קרעמענטשוג, און אַ קרעמענטשוצסקי, וואָס זיצט אין טאַראַשטשע? דאַכט זיך, וואָס וואָלט געווען אַזוי שלעכט, אַז טשערקאַסקי, וואָס קומט אַרוים מסתמא פון טשערקאַס, זאָל זיך זיצען אין טשערקאַס, ביעלאָצערקאָווסקי אין ביעלאָצערקאָוו, טאַראַשטשאַנסקי אין טאַראַשטשע און קרעמענטשוצסקי אין קרעמ־ענטשוג? איז דער תירוץ: ווען איטליכער מענש זאָל דאַרפען זיין צוגעבונדען צו זיין שטאָדט, וואָלט דאָך די וועלט קיין קיום ניט געהאַט!... נאָר מיר קעהרען זיך אום צום 3־טען מאַי 1882.

נחמן־ליב האַלטער, וואָס איז כל ימיו געווען אין באַהאַפּאָליע, האָט בעדאַרפט פונקט דעם 2־טען וואָס אקעגען יענעם 3טען מאַי נעכטיגען אין האַלטע און זיין דאָרטען פערשריבען ביי׳ם אוריאַד־ניק אויף א פּראָטאָקאָל — און דאָס האָט איהם געדיענט פאַר א בעוויז, אַז ער איז א האַלטער תושב. אָט דאָס הייסט, אַז סע באַשערט איינעם א גליק, דעם אנדערען איין אומגליק!

סע פערשטעהט זיך, אַז ירחמיאל־משה׳ן האָט די דאָזיגע מעשה רעכט פערדראָסען, און ער האָט געטהאָן אַלסדינג, וואָס ער האָט געקאָנט, און האָט אַזוי לאַנג געגראָבען אויף נחמן־ליב׳ען, ביז ער האָט דערוויזען מיט אותות ומופתים, אַז נחמן־ליב איז א באַהאַפּאָליער. אודאי איז נחמן־ליב אויך ניט געשלאָפען און אויסגעוויזען מיט פּאַפּיערען, אַז דעם 2־טען אקעגען 3־טען מאַי 1882 איז ער געווען פערשריבען אין האַלטע ביי׳ם אוריאַדניק אין די ביכער; א סימן איז: דער נאָמען אליין, האַלטיאַנסקי, בעווייזט, אַז ער, נחמן־ליב, איז א האַלטער, און ירחמיאל־משה איז א באַהאַפּאָליער, ווי דער נאָמען זיינער בעווייזט: באַהאַ־פּאָלסקי פון באַהאַפּאָליע...

אַזוי האָט געשריבען נחמן־ליב אין דער גובערניע אריין אויף ירחמיאל־משה׳ן. ירחמיאל־משה האָט אָבער אויך ניט געשוויגען. ער האָט ארויסגענומען פּאַפּיערען און אויסגעוויזען מיט עדות, אַז נחמן־ליב, חאָטש ער רופט זיך האַלטיאַנסקי, איז ער א באַהאַ־פּאָליער. א סימן: ער האָט אין באַהאַפּאָליע איין אייגענע דירה מיט א שטאָדט אין דעם מגיד׳ס קלויז. וואָס דאַרף א האַלטער איד א דירה אין באַהאַפּאָליע מיט א שטאָדט אין דער באַהאַפּאָ־ליער קלויז?

הקיצור, מע האָט זיך אַזוי לאַנג געשלאָגען מיט פּאַפּיערען אין דער גובערניע אריין, און די צוויי אידען האָבען זיך אַזוי צו־געגעסען, ביז ס׳איז אָנגעקומען, מע זאָל זיי ביידען ארויס׳משלח׳ען פון האַלטע און אכטונג געבען, מע זאָל זיי אהינצו ניט אריינ־לאָזען, א חוץ בייטאָג.

ג.

— בהמה, וואָס שווייגסט איהר?

— וואָס וועט מיר העלפען, אז איך וועל שרייען?

— פאַרהאַן אַ סענאַט, גיט איין אין סענאַט!

— וואָס זאָל איך איינגעבען אין סענאַט, אז די גובערנסקי פּראַוולעניע האָט געפונען, אז איך בין אַ באָהאָפּאָליער?

און דערצו האָט זיך אריינגעמישט ירחמיאל־משה׳כע:

— מע דאַרף ניט געהן אין סענאַט! סענאַט פעהלט איהם נאָך! דו ווילסט, אפנים, מע זאָל אונז ארויסשיקען פון באָהאָ־פּאָליע אויך?

אומעטום פלעגט ירחמיאל־משה׳כע אויספיהרען. נאָר דאָ האָט זי ניט געקאָנט פּועל׳ען גאָרניט. ירחמיאל־משה איז געוועזען אַ גוטער עקשן און איז אוועק מיט אַ פּאַפּיער אין סענאַט אריין, און שטעלט אייך פאָר אַ מעשה:

ס׳איז אוועקגעגאַנגען אַ היבש שטיקעל צייט, איך האָב מורא אויב ניט אַ יאָהר צוואַנציג; איינמאָל זיצט ער זיך אַזוי ביי זיך אין קלייט, תחילת זומער איז דאָס געוועזען, ער האָט אפילו ניט אין זינען געהאַט דעם סענאַט אין דער לינקער פּאה, כמעט פערגעסען גאָר, אַז ס׳איז פאַרהאַן אַ סענאַט אויף דער וועלט, קומט מען צו געהן און מע רופט איהם צום פּריסטאַוו.

— וואָס איז שוין עפּיס אַ נייעם ביי דיר? וויעדער אַ מאָל „סוויטשנע סבאָר”? זיינע עסקים! — רופט זיך אָן ירחמיאל־משה׳כע צו ירחמיאל־משה׳ן.

— לאָז מיך אַזוי וויסען אַ בייזע וועטשערע מיט דיר אינ־איינעם! — מאַכט ירחמיאל־משה. — אַ פּריסטאַוו רופט, קאָן מען קיין דבר־אחר ניט זיין און מע מוז געהן.

— זעה נאָר, מע זאָל היך דאָרט חאַטש ניט „רעשטע־וועו״! — בעגלייט איהם ארויס ירחמיאל־משה׳כע פון קלייט מיט א יברכך.

עס האָט נישט געדויערט קיין האלבע שעה, איז ירחמיאל־משה אריינגעפלויגען אין קלייט אריין, קוים געקאָנט אויסרעדען:

— מזל־טוב!... אָנגעקומען פון סענאַט... געקומען, אז איך בין א באָהאָפּאָליער... איך מעג שוין, הייסט דאָס, זיצען אין באָ־האָפּאָליע...

ירחמיאל־משה׳כע האָט א פּליעסק געטהאָן מיט די הענד:

— א גדולה אויף דער באבע! וואָס זאָגט איהר אויף דעם מזל־טוב? ער מעג שוין זיצען אין באָהאָפּאָליע!

— טפו, וואָס זאָג איך באָהאָפּאָליע? איך מיין האָלטע מיין איך!

— האָלטע? אזוי זשע רעד!... נו, ירחמיאל־משה, וואָס האָב איך דיר געזאָגט?

— וואָס האָסט דו מיר געזאָגט?

— איך האָב דיר ניט געזאָגט, זאָלסט געהן אין סענאַט?...

ירחמיאל־משה איז געווען אזוי צופריעדען, אזוי גליקליך, אז ער איז ארויסגעלאָפען אין שטאָדט און אויסגעפּויקט פון איין עק ביז׳ן אנדערען, אז ס׳איז אָנגעקומען פון סענאַט, אז ער איז א האָלטער און מעג זיצען אין האָלטע, און ער קלויבט זיך אריבער, אם ירצה השם, אין גיכען קיין האָלטע. ירחמיאל־משה האָט דעם טאָג נישט געגעסען, נישט גערוהט; ער איז געלאָפען פון איינעם צום אנדערען. עס האָט איהם עפּיס געטראָגען אין דער לופטען. ווען ער האָט בעגעגענט, האָט ער אָפּגעשטעלט.

— געהערט?

— וואָס? פון סענאַט? געהערט, ווי דען? מזל־טוב אייך.

— מיט מזל זאָלט איהר לעבען.

— ווען רעכענט איהר אריבערפאָהרען?
— אם ירצה השם, נאָך שבועות.
— לאָז גאָט געבען אין א גוטער שעה.
— א דאנק!

---

ד.

א ישועה, אז גאָט העלפט א מענשען, איז אודאי זעהר גוט, נאָר א ישועה מיט א נקמה אינאײנעם — דאָס איז אײנע פון די גרעסטע זאכען אויף דער וועלט, וואָס דאָס פערגעניגען דערפון לאָזט זיך ניט בעשרײבען; זעהען, ווי יענער איז מקנא, ווי דער שונא ווערד צעזעצט קוקענדיג, נעמט־אײן א מיתה משונה — דאָס גיט־צו דעם מענשען אזוי פיעל מוטה, שטארקײט און אכזריות, אז פאר נצחון פערגעסט ער זיך און הויבט אָן צו טהון נארישקײטען.

אונזער ירחמיאל־משה האָט ניט אויפגעהערט צו גראגערען מיט'ן סענאט אויף יעדען טריט און שריט, אזוי אז עס האָט זיך אלעמען צוגעגעסען, געוואָרען נמאס, טריף ווי חזיר. עס האָט שוין פשוט געשלאָגען צו דער גאל אויסהערען פון איהם נאָך א מאָל סענאט, און ווידער א מאָל סענאט, און אָבער א מאָל סענאט!

נאָר אויב דאָס איז געווען נמאס צו הערען דער גאנצער שטאָדט, הײנט ווי האָט דאָס געקאָנט בראָטען און ברענען נחמן־ליב'ען נעבאך, אז ער האָט דאָס בעדארפט אלײן אויסהערען פון איהם אלע מינוט, אלע רגע? ירחמיאל־משה האָט שטענדיג גע־זוכט מיט די אויגען נחמן־ליב'ען, און וואו נחמן־ליב איז גע־שטאנען — אהין איז ער צוגעגאנגען און געזאָגט:

— אפנים, אז אין סענאט זיצען טאקי פאָרט מענטשען!...

נחמן־ליב טרעט־אָפּ אויף אַ זייט און בעהאַלט זיך, נאָר ירחמיאל־משה זוכט איהם אָפּ און רעדט ווייטער, נישט צו איהם, צו אַנדערע, נאָר אַזוי, אַז ער זאָל אויך הערען:

— איך בין אומיסטנע נעכטען איבערגעבליבען נעכטיגען אין האַלטע אויף ביינאַכט, געוואָלט, דער פּריסטאַוו זאָל צו מיר קומען; איז ער, אויף צו להכעיס, ניט געקומען!

צווישען ירחמיאל־משה'ן מיט ירחמיאל־משה'כען איז געוועזן, ברוך השם, אַזאַ גוט לעבען, אַז אומעטום, וואו זי האָט נאָר געקאָנט, האָט זי איהם געטהאָן אויף קידער־ווידער; נאָר דאָ, ביי נחמן־ליב'ס מפּלה, איז זי איהם געקומען צו הילף און האָט איהם געהאָלפען פּויקען איבער דער שטאָדט און דעקוטשען נחמן־ליב'ען מיט נחמן־ליב'עכען, אַזוי אַז יענע האָט שוין געבעטען גאָט, עס זאָל שוין אַוועקגעהן שבועות און ירחמיאל־משה מיט ירחמיאל־משה'כען זאָלען שוין אַרויספאָהרען צו אַלדי שוואַרצע יאָהר. — „מע קאָן גאָר קיין קאָפּ ניט אויפהויבען פון זיי!" און גאָט האָט רחמנות געהאַט, ס'איז אַוועקגעגאַנגען שבועות און ירחמיאל־משה מיט ירחמיאל־משה'כען האַפּען זיך נישט אַריבערצופאָהרען קיין האַלטע. וואָס האָבען זיי קיין צייט ניט? זיי ווילען פערשפּעטיגען שפּעטער מיט אַ וואָך? אבי, דאַנקען גאָט, זיי מעגען שוין! — ביז ס'איז געקומען זונטאָג, דער 25־טער מאַי, און די בלעטער (ווער האָט אויסגעטראַכט אָט די „בלעטער"?) האָבען געבראַכט צו טראָגען אַ ידיעה פון הונדערט איין שטאָדט, וואָס אידען מעגען דאָרטען זיצען, בויען הייזער, קויפען ערד, פלאַנצען גערטנער! הונדערט איין שטאָדט, און האַלטע אויך בתוכם — אַזאַ מעשה איז ניט געהערט געוואָרען! ירחמיאל־משה האָט נישט געגלויבט קיינעם.

— עס קאָן ניט זיין, ס'אַ ליגען! — האָט ער געשריגען. — צוואַנציג יאָהר כסדר האָט מען נישט געטאָרט איבערנעכטיגען אַ נאַכט, פּלוצים וועט מען מעגען בויען הייזער, קויפען ערד, פלאַנצען גערטנער? און גראָדע הונדערט מיט איין

שטאָדט, און גראָדע האַלטע אויך בתוכם! דאָס האָבען שונאים אויסגעטראַכט, דאָס וואַכסט מסתמא פון נחמן־ליב'ען, נחמן־ליב'ס קאָפּ דערבײַ, פאַרחאַפּט זאָל ער ווערען!

— דעמאָלט ווען ביי מיר וועט אויסוואַכסען האָר אויף דער דלאָני, דעמאָלט וועט מען מעגען זיצען אין האַלטע!

אזוי האָט ירחמיאל־משה געשריגען, און ירחמיאל־משה'כע, וואָס האָט אויך געהערט אין מאַרק עפּיס א נייעס מכח הונדערט איין שטאָדט און האַלטע אויך בתוכם, האָט איהם צוגעברעמעלט, פאַרטאַקעוועט:

— אויב ס'איז אמת די מעשה מיט דיין סענאַט, מעגסט דו זיך טאַקי באַגראָבען מיט איהם אינאיינעם.

אזוי זאָגט ירחמיאל־משה'כע און ברענט און פלאַמט, ווי א פערפלאַמטער שבת־קוילעטש.

פּלוצים עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין דער שמש פון'ם מגיד'ס קלויז מיט א אידיש בלאַט־צייטונג.

— נאַט אייך, רב ירחמיאל־משה, דאָס האָט מען אייך געשיקט א בלאַט, איהר זאָלט מוחל זיין איבערלייענען וואָס דאָ שטעהט; דאָ איז פאַרהאַן עפּיס א נייעס, זאָגען זיי, מכח באַהאַפּאַליע און מכח האַלטע, ה ו נ ד ע ר ט א י י ן ש ט אָ ד ט, פאַרקנייטשט אָן־אָ און אונטערגעשטרייכט נומער 94.

ירחמיאל־משה האָט שוין פערשטאַנען, ווער האָט זיך דאָס מטריח געווען. ער האָט גענומען דאָס בלאַט, אָנגעטהאָן די ברילען, און עס האָט זיך איהם א וואָרף געטהאָן אין די אויגען אריין דער נומער 94 און דאָס וואָרט „האַלטע". דאָס איבעריגע האָט ער שוין גאָר ניט געוואָלט לייענען. ער האָט פערשטאַנען, אז די מעשה איז איין אמת, און איז צוגעגאַנגען צו ירחמיאל־משה'כען. ירחמיאל־משה'כע האָט שוין פערשטאַנען וואָס דאָס בעדייט, האָט זי א זאָג געטהאָן צו ירחמיאל־משה'ן מיט א ביטער געלעכטער:

— נו? ד י י ן סענאַט!...

— וואָס עפּיס מ י י ן סענאַט?

— וועמענ'ס דען סענאַט? ס'האָט זיך איהם פאַרגלוסט אַ סענאַט האָט זיך איהם פאַרגלוסט! קומען זאָל אויף אייך אַלע אַ שׂרפה, רבונו של עולם!

---

## ה.

אַ וויסטער טאָג איז דעמאָלט געקומען אויף ירחמיאל־משה'ן מיט זיין ווייב. שטיל, אָהן ווערטער, האָט זי געגרייט צום טיש, געקלונגען שטאַרק מיט די טעלער און מיט די לעפעל, געשמיצט מיט די גאָפּלען.

— געה שווין, געה וואַש זיך שוין! — רופט זיך אָן ירחמיאל־משה'כע צו ירחמיאל־משה'ן. — זיעבעצעהן מאָל באַדאַרף מען איהם בעטען צום טיש!

— זיעבעצעהן מאָל? דאַכט זיך, נאָך אפילו איין מאָל ניט? — מאַכט ירחמיאל־משה מיט אַ זיפץ און געהט זיך וואַשען און הויבט אויף ביידע הענד אין דער הויך און זאָגט „שאו ידיכם" און טראַכט זיך בשעת מעשה: „הונדערט מיט איין שטאָדט... פראַנק און פריי... און האַלטע אויך בתוכם"... ער זעצט זיך צום טיש, מאַכט אַ המוציא און זוכט עפּיס אויפ'ן טיש און קאָן ניט געפינען, און מחמת מע טאָר ניט מפסיק זיין, מאַכט ער מיט די הענד, קוקט אָן אַ זייט און רעדט אויף לשון־קודש:

— אי־אָ־נו־מלח — זאַלץ!?

— מלח, זאַלץ, שמאַלץ! אָט שטעהט דאָך די זאַלץ ביי דיר אונטער דער נאָז! אַטאַ, וואָס אָקעסט דו, וואָס?

ירחמיאל־משה האָט קוים אַראָפּגעשלונגען דאָס שטיקעל ברויט, זיך שיער ניט דערוואָרגען מיט'ן ערשטען ביסען, און האָט זיך געחאַפּט צום לעפעל ווען מע האָט בעדאַרפט אַ גאָפּעל, און צום גאָפּעל ווען מע האָט בעדאַרפט אַ לעפעל. אַ גאַנץ עסען

זענען זיי געזעסען דער אהער, דער אהין, און געשוויגעןביידע. עס האָט זיך געהערט אַ קלינגען פון די כלים, אַ זופּען און ניאַמקען פונ׳ם עסען. איין מאָל נאָר האָט ירחמיאל־משה׳כע אַ זאָג געטהאָן:

— אַ שטילער מלאך דורכגעפלויגען...

ירחמיאל־משה האָט גאָרנישט געענטפערט, און אזוי איז איבערגעגאַנגען דער גאַנצער וואַרעמעס שטיל, מע האָט געקאָנט הערען אַ פליעג. נאָכ׳ן עסען האָט ירחמיאל־משה געקאַלופּעט מיט׳ן גאָפּעל די צייהן און אַ זאָג געטהאָן צו דער סטעלי:

— מים־אחרונים־וואַסער...

ירחמיאל־משה׳כע האָט איהם אַ קוק געטהאָן אין די אויגען אריין, איינגעבויגען דעם קאָפּ אַ ביסעל אויף אַ זייט:

— זאָג נאָר, ירחמיאל־משה, אויף וועלכער זייט ביזט דו דאָס אויפגעשטאַנען היינט?

ירחמיאל־משה האָט איהר דערויף נישט געענטפערט גאָר־ניט. ער האָט נאָר אָפּגעגאָסען מים אחרונים, אַ שמיץ געטהאָן דעם טעלער פון זיך און האָט אָנגעהויבען בענשען שטילערהייד.

אצינד איז געווען די בעסטע צייט, אז ירחמיאל־משה׳כע זאָל זיך מיט איהם קאָנען אָפּרעכענען, דאָס הייסט, דערגעהן איהם די יאָהרען מיט ווערטער, עסען איהם און טאָטשען, ווי אַ וואָרעם, און איהם געבען וויפיעל סע וועט אין איהם אריין, ער זאָל ניט זיין משוגע, נישט ארויסבעווייזען דעם כהן און נישט שמיצען זיך מיט קיין טעלער.

— זעה נאָר, ער שמיצט זיך דאָס אַ ביסעל! גלייך ווי מע ווערד פון איהם גליקליך... אַ מאַנסביל... מיינט ער שוין, אז ער מעג אַלסדינג... אַ מאַנסביל און אַ חשוב אין סענאַט! אַ קליינינ־קייט? פּסנו!

ירחמיאל־משה האַלט דעם קאָפּ אראָפּ, די אויגען צוגע־מאַכט, שאָקעלט זיך און בענשט שטילערהייד: „הזן ומפרנס לכל

ומטיב לכל״... און ירחמיאל־משה׳כע טהוט זיך איהרם; זי
טאַטשעט איהם:

— פרעג איהם וואָס? ווייסט ער אַליין ניט! וואָס ביזט
דו, אשטייגער, אין קאַקעס (אין כעס) אַ גאַנץ פריהמאָרגען?
ס׳איז דאָך דיין סענאַט, ניט מיינער!

ירחמיאל־משה הויבט־אָן בענשען אַ ביסעל העכער:

— „ככתוב ואכלת ושבעת...״ און לאָזט אויס מיט אַ ניגון
און ציקעלט זיך: „על האָ־אָ־אָ־אָרץ ועל המזון״.

ירחמיאל־משה׳כע לאָזט דורך אַ מיגוט און הויבט אָן ווייטער:

— אַ מין רציחה! אַ מין כעס! עס האָט זיך אין איהם אַ
ביסעל צעברענט אַ פּייער! מע זאָל באַהיט און באוואָהרענט
ווערען!

ירחמיאל־משה העכערט דאָס קול נאָך שטאַרקער:

— „לער לחן ולחסד ולרחמים ולרות הצלה והצלחה״...

— דאַכט זיך, פאַרקעהרט? — זאָגט ירחמיאל־משה׳כע. —
אז מע דערהערט ישועות ונחמות אויף אידען, באַדאַרף, אדרבה,
הנאה טהון?

ירחמיאל־משה העכערט דאָס קול נאָך שטאַרקער:

— „ברכה וישועה נחמה פרנסה וכלכלה ורחמים וחיים ושלום
וכל טוב!״...

ירחמיאל־משה׳כע וויל ניט אנשווייגען ווערען:

— פרעג איהם, אשטייגער, וואָס אהרט דאָס איהם? וואָס
דערלעגט ער דאָ? נחמן־ליב וועט מעגען זיצען אין האָלטע? לאָז
ער זיצען אין געהאַקטע וואונדען! עס זאָל מיך אָנהויבען צו
אהרען!... צעזעצטערהייד!...

ירחמיאל־משה זידט ווי אַ קעסעל, האַלט־איין דעם כעס אין
זיך ווי ווייט ער קאָן און הויבט אָן זאָגען די „הרחמנס״ נאָך
העכער און מיט אַ וויינענדיגען ניגון.

אַ מענש איז דאָך אָבער ניט פון אייזען. ירחמיאל־משה׳כע
טאַטשעט איהם אזוי לאַנג, ביז ער נעמט־צונויףביידע קולעקעס

אקעגען איהר פּנים, קריצט מיט די צייהן און שרייט־אוים אויף
א קול:

— אוי, הרחמן הוא יברך אותי ואת אשתי ואת זרעי ואת
זרע זרעי! טפו!... — און לויפט־ארוים פון שטוב, ווי א משוגע־
נער.

* * *

נחמן־ליב מיט נחמן־ליב׳עכען זענען אריבערגעפאהרען קיין
האַלטע, און ירחמיאל־משה מיט ירחמיאל־משה׳כען זענען פער־
בליבען אין באַהאָפּאָליע עד היום הזה!

# מיין ערשטער ראָמאַן

---

## דאָס ערשטע קאַפּיטעל.

[די ערשטע שטעלע און דער כח פון פּראָטעקציע].

ווער עס האָט פערזוכט דעם טעם פון זיצען שפּעט ביינאַכט א הונגעריגער ביי א שמעלצענדיג ליכטעל, איינגעהילט אין א צעריסען פּעלצעל, און חזר'ען גראַמאַטיקע: אימעניטעלנעי — ביעלעי סוויעזשעי חליעב; ראָדיטעלנעי — ביעלאַהאָ סוויעזשאַ־האָ חליעבאַ; דאַטעלנעי — ביעלאָמאו סוויעזשעמאו חליעבאו, און בשעת מעשה זאָל זיך גלוסטען חאָטש א שוואַרץ אַלט געבאַקען שטיקעל ברויט — און ס'איז ניטאָ... ווער עס האָט פערזוכט דעם טעם פון שלאָפען אויף א האַרטער באַנק מיט א ווייכען קולאַק צו־קאָפּענס, און דאָס לעמפּעל טשאַדעט, און דאָס קינד וויינט, און די אַלטע וואָרטשעט... ווער עס האָט פערזוכט דעם טעם פון א פּאָר שטיוועל, וואָס איין אָפּצאַס איז אָפּגעשפּרונגען און א פּאָד־מעטקע שלעפּט זיך נאָך און קוואַטשקעט, און איהר קאָנט פון איהר בשום אופן ניט פּטור ווערען... ווער עס האָט פערזוכט דעם טעם פון אָפּטראָגען דעם זייגער אין לאָמבאַרד אריין, און דער לאָמ־באַרד וויל איהם ניט אָננעמען, מחמת די קאָפּערטע איז ניט פון ריין זילבער און די געדערים זענען ניט ווערטה קיין פּיערער... ווער עס האָט פערזוכט דעם טעם פון בעטען ביי א גוטען פריינד

א גמילות־חסד, און ער לאָזט זיך לאַנג ניט בעטען, לעגט־אַריין די האַנד אין קעשענע און חאַפּט־אַרויס דאָס בייטעלע און שוועהרט אייך, אַז ער האָט ניט אַ גראָשען... ווער עס האָט דאָס אַלסדינג פערזוכט, אַליין איבערגעלעבט, — דער וועט מיך אפשר פער־שטעהן, ווי אַזוי מיר איז געווען אויף דער נשמה, אַז איך האָב בע־קומען אַ שטעלע — די ערשטע שטעלע — פון צוועלף קאַרבען אַ חודש מיט קעסט און קוואַרטיר און אויף אַלעם גרייטען!

ווי אַזוי איך האָב די שטעלע בעקומען — וויל איך אייך נישט בעמיהען, און איך מיין, אַז איך בין גאָר נישט מחויב אייך אַלס־דינג דערצעהלען, אַז איך האָב אַ פעטער, און דער פעטער האָט אַ מוהמע, און די מוהמע האָט אַ בעקאַנטען, און דער בעקאַנטער האָט אַ קרוב, און די מוהמע האָט אַ מחותן זעהר אַ רייכען, נאָר אַ פּראָס־טען בעל־הבית, וואָס וואָהנט אין אַ דאָרף, האָט אַ זוהן אַ בן־יחיד און זוכט אַ לעהרער אויף אידיש און אויף רוסיש און אויף דייטש און אויף בוכהאַלטעריע, און זאָל זיין אַ טאַטענ'ס אַ קינד, און זאָל קאָסטען וואָלוועל — פּונקט אָנגעמאָסטען פאַר מיר! און איך האָב אָנגעווענדט אַלע מיינע כחות און איך בין אַוועקגעלאָפען צום פעטער און האָב געבעטען דעם פעטער, ער זאָל בעטען די מוהמע, אַז זי זאָל בעטען דעם בעקאַנטען, אַז ער זאָל בעטען דעם קרוב, אַז דער קרוב זאָל פּועל'ען ביי זיין מחותן דעם רייכען בעל־הבית, אַז ער זאָל נעמען מיך, ניט קיין אַנדערען, וואָרום אחוץ מיר איז פאַרהאַן אין מאַזעפּעווקע נאָך אַזעלכע בחורים'לעך, וואָס קע־נען אידיש און רוסיש און דייטש און בוכהאַלטעריע, און וואָס זענען אייך גרייט צו פאָהרען אין דער וועלט אַריין, אַבי אַ שטי־קעל ברויט. נישט אַזוי גיך האָט מיין בעל־הבית אַרויסגערעדט דאָס גוטע וואָרט, אַז ער נעמט מיך; ער האָט זיך לאַנג געשלאָ־גען מיט דער דעה: ערשטענס, צי זאָל ער נעמען אַ לעהרער, צי ניין? און צווייטענס, אויב נעמען, צי זאָל ער נעמען מיך, צי אַיין אַנדערען? ביז גאָט האָט געהאָלפען, ס'איז ביי איהם געבליבען, אַז ער זאָל יאָ נעמען, און דער גורל איז געפאַלען אויף מיר, מחמת

די קענטעניִשען (אַזוי האָט ער געזאָגט) שפּיעלען ביי איהם אַ קליי־נע ראָלע; קענערס, האָט ער געזאָגט, זענען היינט פאַרהאַן ווי די הינט; דער עיקר איז ביי איהם, אַז דער לעהרער זאָל זיין „אַ טאַטענ'ס אַ קינד". און אַזוי ווי איך בין אַ טאַטענ'ס אַ קינד, דערפאַר „נעמט ער מיך". אַזוי האָט ער מיר געזאָגט, מיין נייער פּרינציפּאַל. נאָר איך האָב מורא, אַז ער האָט געזאָגט, מחילה, ליי־גען: מיינע איבעריגע קאָנקורענטען זענען אויך „טאַטענ'ס קינ־דער" נישט ווינציגער פון מיר. נאָר וואָס דען? זכות־אָבות, פּראָטעקציעס.

יאָ, גרויס און שטאַרק איז דער כח פון פּראָטעקציע! און אַז וואויל אין דעם מענשען, וואָס האָט אַ פעטער, וואָס ער האָט אַ מוהמע, וואָס זי האָט אַ בעקאַנטען, וואָס יענער האָט אַ קרוב, וואָס ער האָט אַ מחותן אַ רייכען בעל־הבית, וואָס וואָהנט אין אַ דאָרף און האָט אַ בן־יחיד און זוכט אַ לעהרער אויף אידיש און אויף רוסיש און אויף בוכהאַלטעריע, און זאָל זיין אַ „טאַטענ'ס אַ קינד", און ס'זאָל קאָסטען וואָלוועל!...

---

## דאָס צווייטע קאַפּיטעל.

[מיין פּרינציפּאַל פערוויעגט מיך מיט זיינע גוזמות, און איך האָב אַ דרימעל].

ווער איז געווען מיין פּרינציפּאַל? וואָס איז ער געווען? וואָס פאַר אַ פּנים האָט ער געהאַט: צי אַ הויכער, צי אַ נידעריגער? צי אַ דינער, צי אַ גראָבער? צי אַ געלער, צי אַ שוואַר־צער? איך מיין, אַז ס'איז אייך ניט אַזוי נויטיג צו וויסען. ווי אַזוי מע רופט איהם — איז אייך, דאַכט מיר, אויך ניט נוגע אין לעבען. עס קאָן זיין, אַז ער לעבט נאָך ערגיץ, פּאַסט מיר גאָר ניט, איך זאָל אַרויסשטעלען דעם נאָמען זיינעם. לאָם איך אייך בעסער איבערגעבען דעם שמועס, וואָס מיר האָבען געהאַט דאָס ערשטע

מאָל, בשעת ער האָט מיך גענומען צו זיך אין וואָגן אריין — א גאַנץ פיינער עקיפּאַזש מיט צוויי שענע פערד — און האָט מיך מכבד געווען מיט א ציגאַר — די ערשטע ציגאַר, וואָס איך האָב אויף מיין לעבען פאַררויכערט און וואָס האָט מיך אָפּגעקווילעט אויף אייביג...

— פאָהרט איהר ארויס, הייסט דאָס, יונגערמאַן, דאָס ערש־טע מאָל פון שטאָדט אין דאָרף אריין? — אזוי מאַכט ער צו מיר און קוקט אויפ'ן גרויען אַש פון דער שוואַרצער ציגאַר. — איהר קערט אודאי מיינען, יונגערמאַן, אז א דאָרף איז מי יודע וואָס, און מיר, דאָרפסאַידען, ווייסען ניט וואָס גוט איז? איהר וועט זיך פאַרגינען אָנקוקען, יונגערמאַן, א זיצעכטס פון א דאָרפסאיד, א שטוב מיט א הויף מיט א גאָרטען — א פּאַלאַץ, א דוואָרעץ! חדרים און חדרים'לעך, איך זאָל אייך זאָגען, יונגערמאַן, בלא גוזמא, כמעט ביז צוואַנציג. וואָס זאָג איך צוואַנציג? אריבער דרייסיג! אי, צו וואָס דאַרף איך אזוי פיעל חדרים? איך ווייס אליין ניט: צוליעב די געסט. עס קומען צו מיר אָפטמאָל געסט. וואָס זאָג איך אָפטמאָל? אַלע וואָך, אַלע טאָג. ניטאָ דער טאָג, סע זאָל ניט קומען קיין גאַסט, צוויי געסט, דריי געסט, און נאָך וואָסערע געסט! א פּריץ, א פּריסטאַוו, איין איספּראַווניק, א מיראָוואָי... איך לעב מיט זיי אַלע זעהר גוט. לאָם איך האָבען די ברכות, וויפיעל מאָל סע מאַכט זיך: איך זעה א קאַרעטע מיט פיער פערד פאָהרט־צו גלייך צום גאַניק; פרעג איך: ווער איז דאָס געקומען? זאָגט מען מיר: יעוואָ פּרעוואָסחאָדיטעלסטוואָ, דאָס הייסט, דער גובערנאַטאָר אַליין... נו, קאָן מען ניט זיין קיין דבר־אחר, און מע מוז איהם אויפנעמען, ווי סע קעהר צו זיין, איהם אָפּטרעטען די גרעסטע חדרים מיט'ן גאַנצען גאָרטען. און ביי מיר א גאָרטען — מעג מען איהם אָנקוקען! א וואַלד, ניט קיין גאָרטען! מיינע עפּעל, מיט מיינע בארען, מיט מיינע פלוימען! היינט וויינטרויבען? אַלסדינג איז ביי מיר, ברוך השם, פאַרהאַן אייגענם: ווישניק פון מיינע ווינשעל, און וויין פון מיינע וויינ־

טרויבען, און ראָזינקעס אייגענע, און אפילו פיש אויך אייגענע פון׳ם אייגענעם טייך, און נאָך וואַסערע פיש, קאַרעסען און קאַר־פען און שלייען און לעשטשעס — לעשטשעס אָט אַזעלכע אַ... — דערביי טהוט מיין פרינציפּאַל אַ מאַך מיט ביידע הענד אין דער ברייט, און איך בויג זיך אָן אַביסעל אויף אַ זייט, בכדי איך זאָל איהם קאָנען דורכלאָזען זיינע לעשטשעס...

ער הערט נישט אויף צו דערצעהלען גוזמות, און איך הער, הער מיט קאָפּ, שלינג, שלינג די ווערטער. די קאַרעטע וויעגט זיך ווי אַ וויעגבעטעל, די פערדלעך שמייסען מיט די ווידלען און לויפען, לויפען אָהן איין אָפּשטעל, און איך קאָן אייך אקוראט ניט זאָגען, צי פון׳ם וויעגען זיך אין דער ווייכער קאַרעטע, צי פון די פערד׳ס שמייסען מיט די ווידלען, צי אפשר פון׳ם פרינציפּאַל׳ס גוזמות — איך הויב אָן צו חאַפּען אַ דרימעל... עס איז אַ שענע וואַרעמע זומער־נאַכט! אַ גרינג ווינטעל פער׳גנבה׳ט זיך אַלע מאָל און טהוט מיך אַ שמיר, אַ גלעט, ווי מיט סאַמעט, איבער׳ן פנים, און איך ווער אנשלאָפען, און פון׳ם שלאָף הער איך, אז מיין פרינציפּאַל חראַפּעט געשמאַק.

אז מיר זענען געקומען צו פאָהרען אויפ׳ן אָרט, האָט שוין די זון געהאַט איינגעפּאָהרען אַ שטיק הימעל; ריין איז זי געווען, די יפהפיה, ריין און לויטער, ליכטיג און לעבעדיג, געשמייכעלט צו מיר גאַר פריינדליך און אָפּגעגעבען מיר אויפ׳ן נייעם אָרט אַ שענעם, אַ ברייטען גוט־מאָרגען.

---

## דאָס דריטע קאַפּיטעל.

[אַ צעטעל פון ליגנערס, אַ קאַלטער קוק און אַ וואַרעמע רעקאָמענדאַציע].

פאַרהאַן אַלערליי מינים ליגנערס אויף דער וועלט. פאַרהאַן ליגנערס אַזעלכע, וואָס קיינער נויט זיי ניט, קיינער שלעפּט זיי ניט פאַר דער צונג, נאָר גלאַט אַזוי — ס׳איז דאָ אַ מויל און סע

רעדט. צווישען די דאָזיגע ליגנערס זענען פאַרהאַן דרייערליי מינים: אַ ליגנער אויף נעכטען, אַ ליגנער אויף היינט און אַ ליגנער אויף מאָרגען. דער נעכטיגער ליגנער וועט אייך דערצעהלען בבא־מעשיות, וואָס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען; ער וועט אייך שווערען, אַז ער איז דערביי אליין געווען — און געהט זייט חוקר ודורש, זוכט עדות, לייקענט איהם אָפּ!... אַ היינטיגער ליגנער — דאָס איז ניט קיין ליגנער, אייגענטליך, נאָר אַ בעריהמער; ער וועט אייך דערצעהלען, אַז ער האָט, אַז ער ווייסט, אַז ער קאָן — און געהט פערהערט זיך מיט איהם!... דער מאָרגענדיגער ליגנער — דאָס איז גלאַט אַ גוטער מענש, וואָס זאָגט אייך צו גילדענע בערג: ער וועט געהן, ער וועט רעדען, ער וועט טהון פון אייערטוועגען — און איהר דאַרפט איהם גלויבען אויף נאמנות. די אַלע דריי מינים ליגנערס ווייסען, אַז זיי זאָגען אַ ליגען, נאָר עס מאַהלט זיך זיי אויס, אַז יענער גלויבט זיי. פאַרהאַן אָבער אַזאַ מין ליגנער, וואָס בשעת ער זאָגט־אָפּ דעם ליגען, מיינט ער אַליין, אַז ער האָט געזאָגט איין אמת, און איז איבערצייגט, אַז יענער מיינט אויך, אַז ס'איז איין אמת, און בשעת מעשה האָט ער באמת הנאה. דאָס איז אַ מענש, וואָס לעבט אינ'ם עולם־הדמיון, אַ מענש, וואָס פאַנטאַזיערט. מע קאָן זאָגען: דאָס איז אַ מין מחבר, וואָס קלערט־אויס אַלע מאָל אַ נייע מעשה, פע געסט וואָס ער האָט נעכטען דערצעהלט, און די פאַנטאַזיע ארבייט ביי איהם אַלע מאָל אַ פרישען געדאַנק, אַ שפּאָגעל־נייע אידעע.

אָט פון דעם לעצטען מין ליגנערס איז געווען מיין פּרינציפּאַל. איהר פערשטעהט שוין אַליין גאַנץ גוט, אַז פונ'ם דוואָרעץ האָט זיך אויסגעלאָזט אַ גאַנץ געוועהנליכער הויף, פונ'ם פּאַלאַץ — אַ גאַנץ געוועהנליכע שטוב מיט אַ סך ווינציגער פון דרייסיג חדרים און חדרים'לעך. דער גאָרטען איז געווען אַ גאַנץ געוועהנליכער גאָרטען. אויפ'ן אָרט פון ווייַנטרויבען זענען געווען גרינע אַגרעסען, אויפ'ן אָרט פון וויין — פשוט'ער עפּעל־קוואַס, און אויפ'ן

אָרט פון די גרויסע לעשצעס זענען געווען קליינע העכטלעך, אַז דאָס — ניט פון׳ם איינגעמס טייך, נאָר געבראַכטע פון מאַרק...

בעגעגענט האָט אונז אַ גראָבע אידינע מיט אַ פּאַק שליסלען. דער קוק, וואָס זי האָט אויף מיר געוואָרפען, איז געווען אַ קאַל־טער קוק, און מע קאָן ניט זאָגען, אַז ס׳איז מיר געווען זעהר שטאַרק אָנגענעהם. דער דאָזיגער קוק האָט בעדייט: „וואָס איז דאָס פאַר אַ שלים־מזל?"... מיין בעל־הבית האָט דעם קוק פער־שטאַנען און האָט מיט אַ חניפה׳לע ווי פערענטפערט זיך פאַר איהר:

— דאָס האָב איך געבראַכט אַ נייעם לעהרער פאַר׳ן „קינד"... וואו איז דאָס „קינד"?

— דאָס קינד שלאָפט נאָך. — האָט זי איהם געענטפערט מיט אַ קול פון אַ מאַנסביל און האָט מיך מכבד געווען מיט נאָך איין קאַלטען קוק, וואָס קאָן פערקיהלט ווערען פון איהם אין די נעדערים. אַ גליק, וואָס דער פרינציפּאַל האָט געהייסען, מע זאָל עפּים געבען צום טיש, און האָט מיך בעזעצט נעבען זיך און האָט מיר אין עטליכע מינוט, ביז מע האָט דערלאַנגט דעם סאַמאָוואַר, אויסדערצעהלט וואָס זיין זוהן קען, ווי גוט ער לערענט און ווי שען ער שרייבט.

— זיין שרייבען האָט אַ שם! די וועלט טראָגט זיך אַרום מיט זיינע בריעף! דייטש איז ביי איהם די מוטער־שפּראַך. היינט רעדט ער פראַנצויזיש!

די בעל־הבית׳טע מיט די שליסלען האָט דערלאַנגט צום טיש קעז און פּוטער און סמעטענע און מילך און האָניג, און נאָך גוטע זאַכען, און עס וואָלט געווען גאָר ניט שלעכט, ווען זי זאָל אַליין זיך ניט געווען אַוועקזעצען אַקעגען און וואַרפען אויף מיר מיט איהרע זיסע אויגען. מיין פּרינציפּאַל האָט פערשטאַנען איהר קוק און האָט איהר אויף אַ מינוט אויסגערעכענט דעם יחוס מיי־נעם, ווער איך בין און וואָס איך קען, און איך האָב געפיהלט, אַז עס ברענט ביי מיר דאָס פּנים מיט די אויגען מיט׳ן קאָפּ און מיט

די האָר פונ׳ם קאָפּ. נאָך מיין פּרינציפּאַל׳ס וואָרעמער רעקאָ־מענדאַציע איז אויסגעקומען, אַז איך בין דעם בעל־שם׳ס איין אייניקעל און קום־אַרויס פון סאַמע רבנים מיוחסים און גבירים אדירים, און קאָנען קאָן איך מעהר פון אַ סטודענט און פון אַ דאָקטאָר און פון אַ פּראָפעסאָר און פון דריי פּראָפעסאָרען... צי האָט זי געגלויבט די דאָזיגע פּזמונות — ווייס איך ניט. נאָר דער קאַלטער האַרטער קוק איהרער איז געוואָרען, דאַכט מיר, אַ ביסעל וואָרעמער אין ווייכער.

---

## דאָס פּיערטע קאַפּיטעל.

[דאָס „קינד" עסט פאַר דריי סאָלדאַטען, און דער לעהרער געהט אויס פאַר הונגער].

דאָס קינד איז געוועזן אַ הויכער, אַ גראָבער, אַ געזונדער, אַ ווייסער, אַ שענער, אַ לעבעדיגער, אַ פריילִיכער בחור מיט ווייסע רויטפּאַרביגע באַקען, מיט היבשע פעטע פּיסקעס, מיט אַ הויכען ווייסען שטערן, מיט גוטע גרויע אויגען, מיט פּעכקע ווייסע הענד, ווי פּאַמפּושקעס, און האָט ליעב געהאַט דריי זאַכען: עסען און שלאָפען און לאַכען. נאָר מעהר פון אַלץ האָט ער ליעב געהאַט דאָס עסען. און עסען האָט מען דאָרט געגעסען פון אין דער פריה ביז ביינאַכט. אַ חוץ טיי און קאַווע און איבערבייסען און אָנבייסען און וואָרעמעס און מיטאָג און וועטשערע, האָט די מאַמע אַלע מאָל אַריינגעשיקט דעם „קינד" אַ גלעזעל שאָקאָלאַד, אַ בייגעל, אַ קיכעל, אַ לעקאַכעל, אַ ביסעל איינגעמאַכטס, און אָפּט־מאָל אַ לעבערעל, אַ פּופּיקעל, און גלאַט אַ שטיקעל בולקע, דאָס האַרץ זאָל ניט חלש׳ען... און דער לעהרער האָט דאָס בעדאַרפט צו־זעהען, שלינגען די שליים און פערשטילען דעם הונגער מיט אַ ציגאַר־טיטון...

די ערשטע צייט, ביז דער רבי איז זיך ניט צונויפגעגאַנגען מיט'ן תלמיד, האָט ער געליטען דעם אמת'ען טעם פון הונגער, וואָרום דעם תלמיד'ס מוטער, די בעל־הבית'טע מיט די שליסלען, האָט איהם געגעבען מכות, ניט קיין עסען. אין שטוב האָט זיך תמיד געפונען עסענוואַרג, און איבערהויפט מילכיגס, לרוב, נאָר אַלסדינג איז געווען אונטער'ן שלאָס. דער פּרינציפּאַל פלעגט זיך אָפטמאָל אריינמישען, מע זאָל געבען דעם לעהרער עסען; דערויף פלעגט די בעל־הבית'טע אָנהויבען קלינגען מיט די שליסלען — א סימן, אַז זי איז אין כעס — און זאָגען:

— סטייטש, ווי דען? מע גיט איהם עסען דריי מאָל א טאָג, האָסט דו געהערט א ביסעל!...

און דאָס איז געווען א גרויסער ליגען! נישט נאָר דריי מאָל א טאָג — אפילו איין מאָל ניט. איך האָב וויפיעל מאָל בעמערקט פון דער ווייטען, ווי מע וואַרפט־ארויס שטיקער פלייש, ווי מע גיסט־אויס קריגלעך מיט מילך — אין דער צייט, ווען איך האָב גע'חלש'ט ביי זיך אין חדר נאָך א שטיקעל ברויט. די טעג, וואָס דער פּרינציפּאַל איז ניט געווען אין דער היים, בין איך פּשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער. מיין גליק איז געווען, וואָס איך בין בעצייטענס געוואָרען חבר מיט מיין תלמיד.

---

## דאָס פינפטע קאַפּיטעל.

[דער רבי מיט'ן תלמיד שלאָגען בלאָט און מע לעבט א גוטען טאָג].

— אויב איהר ווילט זיך האַלטען דאָ און מיר זאָלען זיין חבר — אזוי האָט זיך אָנגערופען איינמאָל אין א פריהמאָרגען צו מיר דאָס „קינד", בשעת מיר זענען געזעסען אליין אין אונזער בעזונדער חדר מיט אָפענע פענסטער אין גאָרטען ארויס — אויב איהר ווילט, מיר זאָלען זיין חבר און איהר זאָלט ניט אוועק־

פֿאָהרען, זאָלט איהר די ספרים מיט די ביכער פֿאַרוואָרפֿען אונ־טער'ן טיש, און אַליין זאָלען מיר אָדער שפּיעלען אין „דאַמקעס", אָדער אין „זעכס־און־זעכציג", אָדער מיר זאָלען זיך גאָר אויס־ציהען אויף די בעטלעך מיט'ן פּנים אַרויף און שפּייען אויף דער סטעלי.

און נישט לאַנג געטראַכט, נעמט מיין תלמיד און טהוט אַ שליידער די ספרים מיט די ביכער אונטער'ן טיש, טהוט זיך אַ וואָרף אויפ'ן בעטעל מיט'ן פּנים אַרויף און טהוט אַ שפּיי דורך די ציינער, נאָר אַזוי קונציג, אַזוי בריה'ש, אַז ער דערלאַנגט גלייך צו דער סטעלי, און מיר ביידע הויבען אָן לאַכען.

פֿון דעמאָלט אָן איז אַוועקגעגאַנגען ביי אונז אַ לעבען, ווי גאָט אין אָדעס. דער תלמיד האָט אויסגעלעהרענט דעם רבי'ן שפּיעלען אין „דאַמקעס" און „זעכס־און־זעכציג" (איך בין זיך מודה, אַז ביז דעמאָלט האָב איך ניט געוואוסט קיין צורה פֿון קיין קאָרט, און אַז איך האָב מיך בעקענט מיט דעם שפּיעל, האָב איך ליעב גע־קריגען אַ קאָרטעל דאָס חיות!). דער רבי האָט געשלאָגען בלאָט מיט'ן תלמיד און האָט פֿערוואָרפֿען אַלע ספרים מיט אַלע ביכלעך און האָט געשפּיעלט מיט'ן תלמיד אין „דאַמקעס" אָדער אין „זעכס־און־זעכציג", אָדער געלעגען און געשפּיגען אויף דער סטעליע, אָדער געגעסען אינאיינעם מיט איהם, פֿערזוכט פֿון אַלע מאכלים צו ביסלעך, און האָט זיך אַרום איהם גוט אונטערגעפּיטערט. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט ער פֿערבייגעהענדיג אַ קוק געטהאָן אויף זיך אין שפּיעגעל, דערזעהען אַ פּאָר באַקען — און האָט זיך אַליין ניט דערקענט...

צו אונז אין חדר איז נישט אַריינגעקומען קיינער, אַ חוץ דער דיענסט מיט עסענוואַרג. מיין פּרינציפּאַל איז זעלטען געווען אין דער היים, און די בעל־הבית'טע מיט די שליסלען האָט געהאַט צו טהון טאָג ווי נאַכט מיט'ן מילכיגס און מיט די קרינגלעך און האָט ניט אַריינגעשמעקט צו אונז. מיר האָבען דאָס געלעבט באמת אַ גוטען טאָג, געווען פֿראַנק און פֿריי, נישט געהאַט אויף זיך קיין

שום עול פון קיין שום זאַך און פון קיין שום מענשען — ממש אַ גן־עדן!

נאָר איין מאָל האָט מיך דער פּרינציפּאַל אַ חאַפּ געטהאָן:

— נו? ווי אַזוי לערענט ער?

— אויסגעצייכענט! — זאָג איך און פערקרים זיך ניט אפילו.

— איאָ? וואָס האָב איך אייך געזאָגט? — מאַכט ער צו מיר, און איך וואונדער זיך, ווי אַזוי איך קוק איהם גלייך אין די אויגען אריין.

אין דער דאָזיגער שטוב, וואו איינער האָט גענאַרט דעם אַנ־דערען, וואו אַלע האָבען געפאַלשט, געזאָגט ליגען, וואו דער שקר איז געהאָנגען אויבען־אויף, געשוועבט, זיך געלאָזט הערען אין דער לופט, — אין דער דאָזיגער שטוב האָט מען געקאָנט זיך אויס־לערנען זאָגען אַ ליגען.

---

## דאָס זעכסטע קאַפּיטעל.

[די ערשטע ליעבע־בריוולעך צווישען חתן־כלה און דאָס ערשטע פייערעל צינדט זיך אן].

איין ארבייט איז ביי אונז יאָ געווען: אָפּנעמען די פּאָסט און ענטפערען אויף די בריעף. און בריעף האָבען מיר געהאַט כמעט אַלע טאָג; איך זאָג „מיר" האָבען געהאַט, ווייל מירביידע האָבען בעדאַרפט אויף זיי געבען תשובה. די בריעף זענען געווען געשריבען צו מיין תלמיד פון זיין פיעל־געליעבטער כלה, חאָטש ער אַליין האָט זיך מיר מודה געווען, אַז ער האָט זי ווינציג־וואָס ליעב.

תחילת זענען די בריעף געווען ניט אַזוי אָפט — איין מאָל אין צוויי וואָכען, איין מאָל אין וואָך; נאָר פון זינט איך בין אָנ־

געקומען, איז דאָס שרייבען געוואָרען פערגרינגערט, און די בריעף האָבען אָנגעהויבען געהן הין און צוריק אָפטער.

— נאַט לייענט איבער און ענטפערט איהר אָפּ. וואָס דולט זי מיר א מוח! — אזוי האָט מיר מיין תלמיד איינמאָל געזאָגט און א וואָרף געטהאָן מיר אין פּנים אריין זיין פיעל־געליעבטער כלה'ס א בריוועל.

איך האָב איבערגעלייענט דאָס בריוועל, און ס'איז מיר גע־פעלען געוואָרען וואָס זי שרייבט:

מיין ליעבער טהייערער חתן! דו ווייסט, עס האָט זיך מיר צוגעגעסען דיינע גרוסען, וואָס זענען געראָטען איינס אינ'ם אנ־דערען, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט, ווי צוויי טראָפּען וואַסער, וואָס געהען פון איין טייך. איך וויל הערען פון דיר עפּיס א פרישׁ וואָרט, אזא וואָרט, וואָס זאָל מיר דערוואַרעמען דאָס הארץ און בעלייכטען די נשמה. צו קאַלט איז דאָס הארץ, צו טונקעל די נשמה!...

פון מיר דיין געטרייע כלה . . .

איך האָב ניט לאַנג געטראַכט און האָב דערויף אָפּגעענטפערט פאַר מיין תלמיד בזו הלשון:

מיין ליעבע געטרייע כלה! דו שרייבסט מיר, אז מיינע ווער־טער זענען געראָטען איינס אינ'ם אנדערען, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט; ווי קאָן דען אַנדערש זיין, אז איין געפיהל האָט זיי געבוירען? דו זאָגסט, אז זיי זעהען אויס, ווי צוויי טראָפּען וואַ־סער, וואָס געהען פון איין טייך; ווי קאָן דאָס אנדערש זיין, אז זיי געהען פון איין קוואַל, פון איין הארצען? דו בעטסט ביי מיר א פרישׁ וואָרט; קאָן דען זיין פרישער ווי דאָס וואָרט „ליעב"? קאָן דען זיין ניט ליכטיג אויף דער נשמה, אז איך דערמאָן זיך אין דיר, טהייערע כלה?!

פון מיר דיין געטרייער חתן . . .

דערויף האָבען מיר אין גיכען בעקומען אַ תשובה:
ליעבער טהייערער חתן!

דיינע זיסע ווערטער האָבען מיך איצטיגס מאָל דערפרישט און דערוואַרעמט, און ס'איז מיר ליכטיג געוואָרען אין אַלע ווינ־קעלעך. איך וואָלט געמעגט שווערען, אז איך האָב דערהערט אַ ניי מין געזאַנג, אַ גן־עדן־מעלאָדיע פון אַ טהייערער, אַ ליכטיגער נשמה, און איך האָב דערפיהלט עפּיס ווי אַ נייע הויט אויף זיך. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז עס וואַכסען ביי מיר פליגעל, און איך שוועב, איך שוועב אין דער לופטען, און אַ גאַנצע קאַפּעליע מלאכים געהען מיר אַקעגען, בעגריסען מיך, טראָגען מיר אַ גרוס פון מיין ליעבען טהייערען זיסען חתן, וואָס שרייבט אַזעלכע זיסע ווערטער, וואָס מיין האַרץ און מיין נשמה זענען איהם אינגאַנצען, אינגאַנצען איבערגעגעבען פון איצט אָן אויף תמיד, אויף אייביג!

פון מיר דיין דיך ליעבענדע און תמיד געטרייע כלה...

ליעבע, זיסע, טהייערע און געטרייע נשמה מיינע!

ניין, דו האָסט זיך נישט טועה געווען, מיין טהייערע כלה! נישט קיין פּשוטע קאַלטע ווערטער זענען דאָס געווען, נאָר גע־פיהלען, וואָס גיסען זיך ארויס גלייך פון'ם האַרצען און גיסען זיך אריין צו יענעם; פעדים, וואָס ציהען זיך גלייך פון דער נשמה און ציהען־צו צו זיך און פערבינדען און פערקניפּען צוויי יונגע נשמות אויף שטענדיג, אויף אייביג, אויף אייביג. אָט־אָ־יענע אייגענע קאַפּעליע מלאכים, וואָס האָבען דיר אָפּגעגעבען אַ גרוס פון מיר, האָבען מיר געבראַכט צו טראָגען פון דיר נאָך אַ סך אַ פריינדליכערען גרוס, און מיט דער אייגענער קאַפּעליע מלאכים שיק איך דיר איבער איצטער, מיין טהייער האַרץ, אַ הייסען קוש, אַ הייליגען קוש פון דיין אייביגען, אייביגען פריינד, וואָס טראָגט דיין ליכטיג געשטאַלט ביי זיך אין האַרצען תמיד, אויף דער וואָהר און אין חלום.

פון מיר דיין ברענענדיג פערליעבטער חתן...

## דאָס זיעבעטע קאַפּיטעל.

[מאַטעריאַל פאַר אַ נייעם בריעפענשטעלער].

אַ פונק ווערד אומגעהרען פערטראָגען גאָט ווייסט פון וואַנען און פאַלט אויף אַ שטרויענעם דאַך, צינדט זיך אָן פון דעם אַ פייערל; קומט דער ווינד און צעבלאָזט דאָס פייערל, און עס ווערד אַ העליש פייער, אַ שרפה, אַ שרפה!

די ערשטע בריוולעך זענען געווען דער ערשטער פונק, וואָס האָט זיך צעבלאָזען, צעברענט און צעפלאַקערט אין אַ העליש פייער. די בריוולעך זענען געווען וואָס ווייטער אַלץ הייסער און הייסער; דאָס פייער איז געוואַכסען וואָס ווייטער אַלץ גרעסער און שטאַרקער. עס האָט אויסגעבראָכען אַ גרויסע, אַ מורא'דיגע שרפה ביי מיר אין הארצען, אַ פייער האָט זיך צעוואָרפען אין מיין גאַנצען לייב, אָנגעצונדען אַלע מיינע נערוועז, אויפגעזאָדען און אויפגעקאָכט מיין בלוט, מיך געמאַכט קראַנק, אוים מענש. איך האָב פערלאָרען דעם אַפּעטיט צום עסען, איך האָב אויפגעהערט שלאָפען, איך בין אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעדולטער. מיין נשמה איז געלעגען דאָרטען, אין די בריוולעך, און אין זיי טאַקי איז געווען מיין איינציגער טרייסט און מיין פרייד. אַ בריעף אַז עס פלעגט אָנקומען, איז געווען ביי מיר אַ יום־טוב; איך האָב דעם בריעף געעפענט, איך האָב איהם געלייענט און איך האָב אויף איהם געענטפערט. מיין תלמיד האָט נאָר בעדאַרפט איבערשרייבען מיט זיין האַנד, און איך האָב איהם בעדאַרפט אונטערטרייבען צו דער אַרבייט. און וויפיעל האָט דאָס מיך געקאָסט בלוט, אַז איך האָב בעדאַרפט טראָגען דעם וועהטיג אינווייניג ביי זיך אין הארצען טיעף־טיעף פערבאָרגען, זיך בעהאַלטען בחדרי־חדרים מיט'ן קאָפּ אין קישען און שטילערהייד זיך אויסוויינען, אויפשטעהן און מאַכען אַ פריילּיך פּנים און זיך זעצען מיט מיין ליעבען תלמיד צו דער אַרבייט — שפּיעלען אין „דאַמקעס” אָדער אין „זעכס־און־זעכציג”.

איין שטיקעל גליק איז געווען, וואָס קיינער האָט נישט בעמערקט אויף מיין פּנים, אַז איך געה־אויס, אַז איך צאַנק, ווי אַ ליכט. איין שטיקעל גליק, וואָס מיין תּלמיד האָט זיך צו מיר ניט אַזוי שטאַרק צוגעקוקט; ווען ער זאָל זיך צו מיר שטאַרק צוקוקען, וואָלט ער מיך געוויס געפּאַקט. איך שטעל מיר פאָר, וואָס פאַר אַ פּנים איך וואָלט ביי איהם געהאַט אין די אויגען, ווען ער זעהט מיך קושען זיין כּלה׳ס בריוולעך פון אַלע זייטען!... און ווי אַזוי קושט מען ניט אַזעלכע בריוולעך? זעהט אַליין וואָס זי שרייבט צו מיר:

מיין ענגעל, מיין נשמה, מיין טרייסט!

איך דאַרף דיר זאָגען דעם אמת. איך בין זיך מודה פאַר דיר, מיין טהייערע, אַז איך האָב דיך ביז אַהער ניט געקענט. איך האָב מיר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז איך וועל געפינען אין דיר אַזאַ קוואַל פון סאַמע געהויבענע געפיהלען, פון סאַמע הויכע געדאַנקען, פון סאַמע טיעפען פערשטאַנד, און אַזאַ איין אוצר פון וויסענשאַפט! פון דיינע קלוגע ווערטער זעה איך אַרויס, ווי ווייט דו ביזט בעלעזען, ווי ווייט דו ביזט פול אומעדום!

און עס וואונדערט מיך זעהר, פאַר וואָס האָב איך דאָס נישט געוואוסט פריהער? דאָס בעווייזט מיר נאָר דיין תּמימות מיט דיין פּראָסטקייט, וואָס געבען דיר צו חן אין מיינע אויגען נאָך מעהר ווי ביז אַהער. זאָל איך מיך ניט שעצען פאַר איינע אַ גליקליכע, וואָס מיין גורל איז געפאַלען אויף אַ מענשען, וואָס אין איהם שפּיעגלען זיך אָפּ אַלע בעסטע מעלות: שענקייט, קלוגשאַפט, קענטעניש, תּמימות און גוטסקייט? דיין גוטסקייט קוקט־אַרויס פון דיינע זיסע קלוגע ווערטער. דו טהוסט מיך בעשענקען מיט דיינע ליעבע בריעף פון דיין מילדער האַנד, און איך דאַנק דיר טויזענד מאָל, און איך בעט דיך אויף ווייטער נישט פערגעסען.

דיין געטרייע און אויף אייביג דיך ליעבענדע כּלה . . .

דערויף האָב איך איהר געענטפערט אַ ביסעל פערשטעלט:

מיין טהייערע, מיין ליעבע, מיין קלוגע און מיין וואוילע! דו האָסט מיך ניט געקענט דערפאַר, ווייל דו האָסט מיך ניט גע־זעהן, און דער, וואָס דו האָסט איהם געזעהן, איז געווען ניט איך, נאָר איין אָפּשיין פון מיר. שטעל דיר פאָר, אז מיר האָבען זיך נאָר־וואָס בעקענט, אז מיר האָבען זיך נאָך גאָרנישט געזעהן, אז מירביידע זענען נייגעבאָרען, און אַך! ווי גליקליך זענען מיר, וואָס מיר קענען נישט די וועלט, די פאַלשע ביטערע וועלט מיט די פאַלשע ביטערע מענשען!...

פון מיר דיין שטערבליך פערליעבטער חתן...

האָב איך בעקומען פון איהר אזא מין ענטפער:

מיין ליעבער, מיין טהייערער, מיין מלאך פון גאָט! דיין זיסען בריעף, וואָס איך האָב פון דיר דערהאַלטען, איז פאַר מיר געווען אַ ספר החתום, אַ רעטעניש. דו שרייבסט אזוי פערשטעלט, אז איך בעדאַרף מיר לאַנג ברעכען דעם מח, ביז איך זאָל דיך פערשטעהן, און מיר דאכט, אז איך מעג מיך איבערנעמען און זאָגען, אז איך פערשטעה דיך אקוראט. דו זאָגסט, אז מיר דאַרפען זיך שעצען גליקליך, וואָס מיר קענען נאָך ניט די פאַלשע ביטערע וועלט מיט די פאַלשע ביטערע מענשען. ס'איז אַ סימן אז איך בין טאַקי איינע איין אומגליקליכע, וואָרום איך קען שוין גראָדע יאָ די פאַל־שע ביטערע וועלט מיט די פאַלשע ביטערע מענשען! און ווי זיס איז מיר צו דענקען, אז ס'איז פאַרהאַן חאָטש איינער אַ לייטישער און אַ פיינער, איין אמת'ער, אַ קלוגער און אַ גוטער מענש, און דער איינער — דאָס ביזט דו, מיין אויסדערוועהלטער בעשערטער. זיי געזונד, מיין טהייערער. שרייב מיר, וואָס לייענסט דו אצינד און וואָס פאַר אַ ביכער קאָנסט דו מיר רעקאָמענדירען צום לייענען? איך קוועטש דיר די האַנד מיט גרויס ליעבשאַפט און בלייב אויף אייביג

דיין געטרייע, געטרייע כלה...

האָב איך דערויף געענטפערט בזו הלשון:

מיין לעבען, מיין זעלע, מיין גן־עדן!

אז דו וואונדערסט זיך אַזוי אויף מיר, היינט וואָס פאַר א חידוש, וואָס פאר א רעטעניש בעדאַרפסט דו שוין זיין פאר מיר? איך האָב מיר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט אין חלום אפילו, אז איך זאָל האָבען אַזעלכע בריעף פון דיר! פון די געצעהלטע לשון־קודש ווערטער, וואָס ווארפען זיך דורך אין דיינע בריעף, זעה איך ארויס, אז דיר איז ניט פרעמד אונזער הייליגע שפראַך. אָ, דער־פאַר אליין שעץ איך דיך אַזוי הויך, אז איך האָב מורא, איך בין נישט ווערטה דיין נאָמען צו דערמאַנען! איך קוק אויף דיין פאָר־טרעט און זאָג זיך אליין: אָט דאָס איז זי, די אמת'ע אידישע טאָכטער! אָט דאָס איז מיין אידעאַל און פאר דיר בין איך גרייט אלע מינוט זיך מקריב זיין מיט מיין גאַנצען לעבען! דו פרעגסט מיך, וואָס זאָלסט דו לייענען? איך שיק דיר דאָ א גאַנץ צעטעל פון די בעסטע רוסישע און אויסלענדישע קלאַסיקער, ווי גאָגאָל, טורגעניעוו, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, פושקין, לערמאָנטאָוו, שעק־ספיר, געטע, שילער, היינע, בערנע. איך האָף, אז דו וועסט געווים הנאה האָבען. און שרייב מיר באַלד ענטפער, וואָרום דער טאָג, וואָס איך האָב פון דיר א בריעף, איז ביי מיר א יום־טוב. לעב וואָהל, מיין טהייערע! לעב וואָהל, מיין געטרייע! ווי עס ווינשט דיר פון טיעפען הארצען

דיין דיך ליעבענדער און איבערגעבענער חתן...

האָט זי מיר דערויף אַזוי געענטפערט:

מיין קרוין, מיין שאַץ, מיין טרייסט, מיין הארץ!

איך פערשטעה ניט, וואָס דו ביזט אַזוי נתפעל געוואָרען פון א פאָר לשון־קודש־ווערטער, וואָס דו האָסט בעגעגענט אין מיינע בריעף! לשון־הקודש — דאָס איז דאָך אונזער נאַציאָנאַל־שפראַך, דאָס חומש — דאָס איז דאָך אונזער איינציגער נאַציאָנאַל־פאָנד, אונזער גאַנץ פערמעגען! וואָס פאַר א דאַנק פערדיענט א אידישע טאָכטער דערפאַר, וואָס זי פערשטעהט אידיש? שעמען בעדאַרף

זיך א אידישע טאָכטער, אויב זי ווייסט ניט האָטש עטליכע שירים פון יהודה הלוי אויסווענדיג; א חרפה און א בושה בעדאַרף זיין אונז אַלעמען, אז א אידיש מיידעל, וואָס האָט דורכגעמאַכט א גימנאַזיע, ווייסט ניט ווער איז מאַפּו, לעווינזאָהן, סמאָלענסקין, גאָרדאָן וכדומה אונזערע אייגענע קלאַסיקער!... פאַר דיין צעטעל דאַנק איך דיר פיעל מאָל. עס טהוט מיר באַנג, וואָס איך האָב די אַלע קלאַסיקער, וואָס דו האָסט מיר אויסגערעכענט, שוין לאַנג דורכגעלייענט אינאיינעם מיט נאָך בעריהמטע שרייבערס און פּאָע־טען, ווי, למשל: בייראָן, סוויפט, סערוואַנטעס, דיקענס, טעקעריי, שעלי, באַלזאַק, דאָדע, הוגאָ, סענקעוויטש, אָרזשעשקאָ, און נאָך און נאָך א סך אַנדערע. איך האָב געוואָלט עפּיס ניייעס, עפּיס א פרישע זאַך אויף צו לייענען, און ניט קיין ראָמאַן, נאָר איין ערנסט וואָרט.

פערבלייב געזונד, מיין ליעבער און מיין זיסער, און שאַץ מיך ניט צו הויך, וואָרום וואָס צו איז איבעריג; איך בין א גאַנץ גע־וועהנליכע אידישע טאָכטער, וואָס איז דיר איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען.

דיין געטרייע כלה . . .

האָב איך איהר דערויף געענטפערט...

נאָר טאָמער וואָלט געוועזן גענוג שוין צו ברענגען בריעף סאַי פון חתנ׳ס צד, סאַי פון כלה׳ס צד? איך האָב מורא, עס וועט אויסקומען ניט קיין ראָמאַן, נאָר א בריעפענשטעלער. איך דאַרף דאָ זאָגען נאָר איין זאַך: די דאָזיגע בריעף ליגען נאָך עד היום ביי מיר אין טישקעסטעל בעהאַלטען, פערדרוקט העט־וויית אין א ווינקעלע. קיין בן־אדם האָט זיי נישט אָנגעקוקט. זיי זענען ביי מיר טהייער, ווי אַלטע־אַלטע כתבים, שטילע עדות פון מיינע ער־שטע פריידען און ליידען. זיי זענען אויסגעטריקענטע אָפּגעבליאַ־קעוועטע בלומען אויפ׳ן קבר פון מיין ערשטער ליעבע, פון מיין ערשטען ראָמאַן.

---

## דאָס אַכטע קאַפּיטעל.

[איך באַר זיך אין ליגען און גליה ווי אויף פּאָקען].

דער מענש, וואָס איז פערליעבט, קאָן מען דאָס איבערלייענען ביי איהם אויפ'ן פּנים, ארויסזעהען נאָך דער נאָז; מע בעדאַרף זיך נאָר רעכט צוקוקען צו איהם, ווי די אויגען בלאָנזען ביי איהם ארום, ווי ער שמייכעלט עפּיס מאָדנע, ווי ער ענטפערט נישט צו דער זאַך, ווי ער קוקט אַלע מינוט אין שפּיעגעל, בייט אַלע טאָג דאָס האַלזטיכעל, און אז ער געהט, טאַנצט ער, און איז אַ גוטער פריינד דער גאַנצער וועלט — ער זאָל זיך ניט שעמען פאַר לייטען, וואָלט ער זיך צעקושט מיט'ן קוימענקעהרער...

נאָך מיר איז אָבער ניט געווען ווער עס זאָל נאָכקוקען. אמת, אַ פּאָר מאָל האָט מיך מיין תלמיד אַ פרעג געטהאָן, בשעת מיר האָבען געשפּיעלט אין „דאָמקעס", וואָס בין איך עפּיס אַזוי צע־טראָגען, וואָס איך שלאָג מיינע אייגענע ציגלעך? האָב איך מיך געוואונדערט און געפרעגט: „וואָסערע ציגלעך?" אויך מיין פּרינ־ציפּאַל האָט ביי'ם טיש זיצענדיג מיך אַ חאַפּ געטהאָן, וואָס האָב איך אַזא שלעכט פּנים? האָט איהם די בעל־הבית'טע מיט די שליסלען אַ זאָג געטהאָן (כלומרשט מיט אַ רחמנות־פּנים, און אין הארצען איז איהר צוגעקומען אַ שטיק געזונד), אז פון אַ צייט אז דער לעהרער עסט גאָר ניט!...

— וואָס איז די מעשה? — האָט מיך דער פּרינציפּאַל אַ פרעג געטהאָן און האָט אַליין געענטפערט פאַר מיר: — ס'איז פון צופיעל ארבייטען, פון צופיעל לערנען; גאַנצע טעג זיצט איהר פאַרשפּאַרט אין צווייען און לערענט. געהט זיך אַמאָל דורך!...

— ווען האָבען מיר צייט געהן, אז מיר האָבען אַזוי פיעל ארבייט? — האָט זיך ארייננעמישט מיין תלמיד אַזוי תמעוואַטע־נאַאיוו, אז עס האָט זיך מיר געגלוסט איהם אָנשפּייען אין פּנים און אויסשרייען אויף אַ קול:

— גוואלד, גוואלד, אידישע קינדער, וואָס פאַר ליגנערס איהר זענט! אַ ליגנער אויף אַ ליגנער, איין ליגנער גרעסער פון׳ם אַנ־דערען!...

איך האָב דאָס אָבער ניט געזאָגט; אָנשטאָט דעם, וואָס איך זאָל זאָגען דעם אמת, האָב איך בעסער געזאָגט אַ ליגען:

— איך האָב מיך פאַרבענקט אהיים...

— נישקשה, ער מעג בענקען! — האָט מיר מיין פּרינציפּאַל אונטערגעהאָלפען דעם ליגען מיט׳ן גאַנצען כח פון זיין רייכער פאַנטאַזיע. — ער האָט נאָך וועמען צו בענקען; זייער משפחה איז די ערשטע, די איינציגע משפחה, ניט נאָר ביי זיי אין שטאָדט — מע קאָן זאָגען, אַז אין גאַנצען קאַנט געפינט מען ניט אַזאַ משפחה. דער קאָוונער רב איז, דאַכט זיך, אייערער איין אייגענער געוועזען?

— אַ פעטער. — זאָג איך אומפערשעמט.

— און דער פאָרעצער מגיד איז, דאַכט זיך, אויך געוועזען אייערער אַ פעטער?

— איין עלטער־פעטער. — זאָג איך.

— און עפּשטיין, דער גרויסער עפּשטיין — וואָס קעהר זיך מיט אייך אָן?

— אַ שני שבשלישי. — זאָג איך.

— און רב משה׳לע האַלפּערין איז, דאַכט זיך, אויך אייערס אַ פריינדעל...

— פון דער מאַמע׳ס צד. — זאָג איך.

— נו, און די טאָלטשינער — זאָגט ער — די טאָלטשינער גבירים, האָב איך געהערט, זענען אייך גאָר נאָהענטע קרובים, דאַכט זיך?

— שוועסטער־קינדער — זאָג איך — פון דער מאַמע׳ס צד, אייגענע שוועסטער־קינדער.

און איך בין העכסט צופריעדען, נישט אַזוי מיט מיינע נייר־געבאָרענע קרובים, ווי מיט דעם, וואָס איך קאָן מיר זיין רוהיג, וואָס איך קאָן מיר בלייבען אליין מיט מיינע זיסע חלומות, מיט

מיינע הייליגע געפיהלען און מיט די ליעבע, זיסע, טהייערע ברויו־לעך פון מיין תלמיד'ס כלה, וואָס זענען ביי מיר טהייערער פון אַלע מיינע אויסגעטראַכטע און אמת'ע פריינד, פון אַלע מיינע ווייטע און נאָהענטע קרובים.

אָט וואָס זי שרייבט מיר אין איינעם פון איהרע ווייטערע בריעף:

מיין איינציגער טרייסט! מיין מלאך פון הימעל!

וואָס זאָל דאָס בעדייטען, וואָס דו ביזט אַזוי טרויעריג? פאַר וואָס זעהען־אויס דיינע לעצטע בריעף אַזוי מעלאַנכאָליש? למאי רעדסטו דו פונ'ם טוידט? וואָס בעדייטען דיינע רעטהענישען, וואָס דו לעגסט מיר פאָר? פאַר וואָס זאָגסט דו אויף זיך, אַז דו ביזט דער אומגליקליכסטער פון אַלע אומגליקליכע? למאי זאָלסט דו מיר אָנטהון אַזוי פיעל יסורים? פאַר וואָס זאָלסט דו מיר ניט אַנטפּלעקען יענעם גרויסען סוד, וואָס דו טראָגסט בעהאַלטען? וואָס פאַר סודות קאָנען ביי דיר זיין פאַר דער, וואָס האָט אַזוי ליעב נאָר דיך און ווייטער קיינעם ניט, און וואָס קוקט שוין אַרויס, צעהלט שוין די טעג פון אונזער גיכען גליקליכען פערבינדען זיך אויף אייביג!...

דערויף איז אָוועקגעגאַנגען פון חתנ'ס צד אַזאַ מין תשובה:

מיין הייליגע נשמה, מיין שוואַרצאַפּעל פונ'ם אויג! מיין גאָטהייט! איך בעט דיך, זיי מיר מוחל מיינע לעצטע בריעף! פערגעס, וואָס איך האָב דיר געשריבען! דו ביזט גערעכט, מיין טהייערע, דו ביזט גערעכט. איך טאָר מיך נישט בעקלאָגען, איך טאָר מיך נישט אָנרופען מיט דעם נאָמען „אומגליקליכער”. אומ־גליקליך איז דער, וואָס האָט קיינמאָל נישט ליעב געהאַט, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען געליעבט!... איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, אַז פאַר מיר איז גענוג דיינע בריעף אַליין, פאַר מיר איז גענוג, איך זאָל דערלעבען נאָר איין קוק טהון אויף דיר — און שטאַרבען... נאָר ניין, איך האָב זיך געגעבען דאָס וואָרט, איך זאָל מעהר ניט

רעדען פונ׳ם טוידט! דו ווילסט וויסען יענעם גרויסען סוד? אוי, ניין, דו וועסט איהם ניט וויסען ביז עם וועט קומען די גליקליכע (אָדער די אומגליקליכע) שעה פון זעהען זיך פאר דער חופה; דעמאָלט וועסט דו געוואָהרע ווערען פון אַלסדינג... דערווייל זיי מיר געזונד, מיין טהייערע, מיין הייליגע, און שרייב מיר, שרייב מיר, שרייב מיר!

דיין אומגליקליכער גליקליכער, אָדער דיין גליקליכער
אומגליקליכער, וואָס וואָלט אַ בעלן געווען, די צייט זאָל זיך
ציהען און ציהען... אייביג און אייביג...

. . . . . . . . . . . . . . .

---

## דאָס נייענטע קאַפּיטעל.

[דאָס גרייטען זיך צו דער חתונה און מיינע נארישע חלומות].

דער וואָס איז אַמאָל אַליין געווען פערליעבט חאָטש אַ דריט־חלק פון דעם וואָס איך — דער וועט פערשטעהן מיין הארץ, בשעת ס׳איז געקומען די גליקליכע אָדער די אומגליקליכע צייט פון אונזער גרייטען זיך צו דער חתונה; און דער וואָס האָט געלייענט מיט קאָפּ די פריהעריגע קאַפּיטלעך — דער וועט פערשטעהן מיין הארץ, בשעת מע האָט אָנגעמאָסטען מיין תלמיד די חתונה־מלבושים, וואָס מע האָט איהם גענייהט דריי וואָכען כסדר. חבוט־הקבר איז גאָר ניט אַקעגען מיינע שמערצען; דער גיהנם — איז אַ גן־עדן אַקעגען מיין גרויסען, גרויסען וועהטאָג.

איהר רעכענט מסתמא: קנאה, שנאה? חלילה! איך האָב געוואוסט גאַנץ גוט, אַז ליעב האָט מען ניט מיין תלמיד, נאָר מיך — מיך, דעם אמת׳ען מחבר פון די בריעף. איך האָב געוואוסט גאַנץ גוט, אַז בשעת זעהען זיך וועל איך איהר בעדארפען נאָר אַנט־פּלעקען דעם סוד, יענעם הייליגען סוד, זאָגען נאָר איין וואָרט, וועט

זי מיך פערשטעהן, און עס וועט אַלסדינג זיין רעכט. נאָר ווי אַזוי טהוט מען דאָס אָפּ? ווי אַזוי מאַכט מען, אַז איך זאָל קאָנען מיט איהר רעדען אונטער פיער אויגען האָטש עטליכע מינוט? איך האָב מיר געבראָכען דערויף דעם קאָפּ, געבויעט זיעבעצעהן טויזענד פּלאַנען, איינער ערגער פונ׳ם אַנדערען, און זיעבּינציג טויזענד פאַנטאַזיעס, איינע נארישער פון דער אַנדערער. איך בין זיך מודה ומתודה, אַז עס זענען מיר געקראָכען אין קאָפּ אַזעלכע מיאוסע מחשבות, וואָס איך שעם זיך זיי איבערגעבען אויף פּאַפּיער, האָטש ס׳איז שוין אַוועקגעגאַנגען פון דעמאָלט־אָן אַ היבשע שטיק צייט. מיינט נישט, חלילה, אַז איך האָב געוואָלט אומברענגען מיין קאָנ־קורענט, סמ׳ען דעם תלמיד מיינעם! לאָז גאָט אָפּהיטען אַלע אידישע קינדער פון אַזעלכע מיאוסע מחשבות! איך האָב נאָר געבעטען גאָט, ער זאָל אַזוי עפּיס טהון אַ נס, אַז מיין תלמיד זאָל פון זיך אַליין ווערען קראַנק, זיך אַוועקלעגען און אָפּטראָגען זיך אויף יענער וועלט, אָפּרייניגען מיר דעם אָרט...

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז איך האָב געטראַכט פון דעם טאָג מיט נאַכט, ארויסגעקוקט, אַז מיין תלמיד זאָל האַפּען ערגיץ אַ פערקיהלונג, זיך דערשוויצען און האַפּען אַ ווינטעל, אָנהויבען הוסטען, אָדער ליגען אויף אַ היציגער שלאַפקייט, אָדער אויסגלי־טשען זיך אויפ׳ן גלייכען וועג, זיך ברעכען האַלז־און־נאַקען, אָדער אומגעהרען האַפּען פון עמיצען אַ שטיין אין קאָפּ אריין, אָדער אַ משוגע׳נער הונד זאָל איהם בעפאַלען, און ער זאָל אַראָפּ פונ׳ם זינען, אָדער אַ שטורעמווינד זאָל אויסרייסען אַ בוים מיט׳ן וואָרצעל און אומוואַלגערען גלייך אויף איהם, אָדער איין אַנדער נס זאָל גע־שעהען, — אַבי ער זאָל מיר אָפּרייניגען דעם פּלאַץ.

און בשעת מעשה האָט מיר געקלעהמט דאָס הארץ, ווען גע־טהאָן אויף איהם. נעבאַך איין אומשולדיגער נפש — פאַר וואָס קומט דאָס איהם? פאַר וואָס זאָל ער געהן אַזוי יונג פון דער וועלט? און אין הארצען האָב איך איהם שוין בעוויינט, באמת בעוויינט, אָנגעשריבען אויף איהם אַ קלאָג־בריעף צו מיין געליעב־

טער און צו מיין טהייערער, אויסגעלאָזט מיט זעהר אַ טרויעריג ליעד. אינ׳ם ליעד בעוויין איך און בעקלאָג גאַנץ ערנסט מיין יונגען תלמיד, וואָס איז אוועק נעבאך פאר דער צייט; די וועלט האָב איך געגליכען צו אַ בית־עולם און איהם צו אַ יונגען בוים. אויפ׳ן בוים —

שטעהט און קלאָגט, אוי וועה,
דער בית־עולם־סאָלאָוויי,
און די שטערען גיסען טרערען...

וואָס ווייטער שטעהט — געדענק איך ניט.

און ווידער חלומ׳ט זיך מיר אין דער פאַנטאַזיע, אַז ס׳איז שוין אוועקגעגאַנגען אַ יאָהר נאָך זיין טוידט, און מיר ביידע, איך און מיין געליעבטע, זענען געקומען צו איהם אויף „קבר־אבות" אַ ביסעל זיך אויסוויינען, איהם געבראַכט אַ מתנה פרישע שמעקענדיגע בלומען מיט אַ ליעד, וואָס לאָזט זיך אויס אזוי:

אויף דיין קבר די בלומען זאָלען בליהען,
אין גן־עדן דיין נשמה זאָל רוהען!...

אַז בלומען אויף אַ קבר זאָלען בליהען — דאָס איז עפּיס ניט אזוי מעגליך; נאָר אַז מיין תלמיד האָט געבליהט, געבליהט, ווי אַ רויז — דאָס איז געוויס. ער איז געוואָרען וואָס אַ טאָג געזינטער, דאָס פּנים ליכטיגער, דאָס קלאָר־ווייסע לייב פערוואַכסען מיט שמאַלץ, און איז געווען צופריעדען, פריילין, לעבעדיג און גליקליך — גליקליך נישט פון ליעבע, נאָר פון דעם, וואָס ער פאָהרט־אריבער אין אַ נייע אָרט, אין אַ גרויסער שטאָדט, צווישען נייע מענשען, און וועט נישט אָנקוקען מעהר זיינע אייגענע, וואָס האָבען זיך איהם צוגעגעסען, געווען נמאס ווי דער טוידט.

אזוי האָט ער זיך מיר אַליין מודה געווען ניט איין מאָל, חאָטש אין די אויגען האָט ער זיי נאָכגעגעבען, אז ער וועט שטארק־שטארק בענקען נאָך זיי, אז ער ווייסט גאָר ניט, ווי אזוי ער וועט דאָס גאָר איבערטראָגען אפילו.

— אָבער נאָך מיר וועסט דו בענקען? — האָב איך אַ פרעג געטהאָן מיין תלמיד.

— געוויס! געוויס! — האָט ער מיר געענטפערט און האָט מיך ארומגענומען גאָר פריינדליך. — דיך וועל איך נעמען מיט זיך! מיר וועלען דאָרטען לעבען אַ גוטען טאָג. מיר וועלען שפּיע־לען אין „דאָמקעס", געהן אין טהעאטער, איך וועל דיך ניט אָפּ־לאָזען פון זיך קיינמאָל, קיינמאָל ניט!

איך האָב געוואוסט, אז ס'איז אַ גרויסער ליגען.

געבאָרען, אויפגעוואַכסען און אויפגעצויגען געוואָרען אויף שוא ושקר, האָט ער דאָ אויך געזאָגט אַ ליגען.

---

## דאָס צעהנטע קאַפּיטעל.

[ברוך הבא — געסט].

איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען דאָס אויפנעמען מיט'ן כבוד, וואָס מע האָט אונז אָפּגעגעבען, אז מיר זענען געקומען אויף דער חתונה. קודם כל האָט מען אונז ארויסגעשיקט אַ גרויסארטיגע קאַרעטע צום וואָקזאַל און מע האָט אונז פערפיהרט אין זעהר אַ שענער שטוב, אָפּגעגעבען איטליכען בעזונדער איין אנדער חדר און מכבד געווען מיט דער גוטער קאַווע מיט פּוטערגעבעקס, און נאָכ־דעם מיט'ן שענעם אָנבייסען, פרישע פיינקוכענס מיט געבראָטענע קאַטשקעס, און מענשען — מענשען ווי מיסט זענען געקומען אונז מקבל פנים זיין, אָפּגעבען שלום, אַלע מאָל נייע פאַרשוינען.

ביי מיר האָבען דאָ אַלע מענשען אויסגעזעהען ווי מוראשקעס, געשעמערירט אין די אויגען, געזשומעט ווי די פליעגען. איך בין

געווען פערנומען מיט מיינע אייגענע מחשבות, מיט מיינע זעהר ניט פריילינע געדאנקען: „ווי אזוי מאכט מען דא, איך זאל זיך קאנען מיט איהר זעהען? מי יודע, צי עס וועט מיר געראטען? און וואס וועט זיין, אז זי וועט געוואהר ווערען פונ'ם היילינען סוד? און טאמער חלילה וחס..." איך האב גאר מורא זאגען וואס... א שרעק! א שרעק!...

אין קעשענע איז ביי מיר געווען, נאך פון דער היים ארויס־פאהרענדיג, צוגעגרייט... שרעקט זיך נישט — ניט קיין פיסטאליעט, חלילה, נאר א בריעף צו „איהר", א בריעף אויף דריי בויגען פא־פיער, בעשריבען מיין ראמאן, ווי אזוי ער האט זיך אנגעהויבען, און מיין ביאגראפיע אין קורצען. נאר ווי אזוי גיט מען איהר איבער דעם בריעף? דורך וועמען? און ווען וועט זי צייט האבען איהם איבערלייענען?

און די מחותנים מיט די מחותנת'טעס פון כלה'ס צד לויפען ארום הין און צוריק, ווי די פער'סמ'טע מייז, טרייבען די סאר־ווערס, זיי זאלען זיך גרייטען צו דער חופה־וועטשערע, און טריי־בען די שמשים, זיי זאלען ברענגען די כלי־זמר מיט'ן רב, מע זאל שטעלען די חופה וואס פריהער, ווארום חתן־כלה פאסטען.

אז דער חתן האט ניט געפאסט — בין איך איין עדות; ער האט ביי מיר אין חדר זעהר פיין איבערגעביסען מיט א האלבער קאטשקע, און געזאגט האט ער, אז ער פאסט, בריה'ש אנגעצויגען אויף זיך א פנים פון א חתן, וואס פאסט און וואס דער קאפ איז איהם פערטיעפט אין זעהר ערנסטע מחשבות.

געבארען, אויפגעוואכסען און אויפגעצויגען געווארען אויף שוא ושקר, האט ער דעם טאג פון דער חופה אויך געזאגט א ליגען.

און דערווייל זענען אנגעקומען די כלי־זמר און מע האט זיך אנגעהויבען גרייטען צום בעדעקענס. ס'איז געווארען נאך א גרע־סערער טומעל, ווי פריהער; אלע האבען גערעדט, אלע האבען זיך געהאפט, אלע האבען זיך געמאכט גלייך ווי מע טהוט עפיס — „גיכער, גיכער! לאז מען געהן! קומט־קומט!"...

און מע האָט אונז גענומען — װער װײס איך ניט; און מע האָט אונז געפֿיהרט אונטער די הענד — װאוהין װײס איך ניט; און מע האָט צו אונז עפּיס גערעדט, עפּיס געזאָגט — װאָס װײס איך ניט. מיר האָט זיך געדרעהט דער קאָפּ, געשעמערירט אין די אױגען, געזשומעט אין די אױהערען, און דאָס האַרץ, דאָס האַרץ — טיק־טאַק! טיק־טאַק!

די כלי־זמר האָבען געשפּיעלט. עס האָט געװײנט אַ פּיעדעל, עס האָט געטערעליקעט אַ טראָמײט, עס האָט געפּײפט אַ פֿלײט, עס האָט געבאַראַבאַנעט די קעסעל־פּױק — באָם־באָם־באָם! און דאָס האַרץ, דאָס האַרץ — טיק־טאַק! טיק־טאַק!...

---

## דאָס לעצטע קאַפּיטעל.

[דער „עפּילאָג" פֿונ'ם ראָמאַן].

צװישען אַלע פֿאַרשױנען, װאָס האָבען זיך אַרומגעדרעהט און געשעמערירט פֿאַר מײנע אױגען, האָב איך בעמערקט אײנעם, װאָס האָט זיך אַרומגעדרעהט גלײך מיט מיר, װי אַ װילד־פֿרעמדער. דאָס איז געװעזען אַ יונגערמאַן מיט ברילען און מיט לאַנגע האָר, װאָס האָט געהאַט אױף זיך נאָר אײן אַרבײט; זײן אַרבײט איז געװעזען — אױף אַלסדינג קוקען און אַלסדינג זעהען, און װי עס האָט אױסגעװיזען, האָט ער די אַרבײט געטהאָן גאַנץ געשמאַק: ער האָט געהאַלטען אין אײן קוקען.

אַז זײנע ברילען האָבען זיך אָפּגעשטעלט אױף מיר, האָט זיך מיר אױסגעװיזען, אַז ער זעהט מיך דורך און דורך, אַז ער זעהט מײן האַרץ, אַז ער זעהט מײן סוד, מײן הײליגען־הײליגען סוד, און איך האָב אַראָפּגעלאָזט די אױגען. איך האָב אָבער דערפֿיהלט אױף זיך די ברילען; איך האָב געפֿיהלט, אַז ער הערט ניט אױף אױף מיר צו קוקען, און איך האָב ניט װילענדיג אױפגעהױבען די אױגען און האָב זיך װיעדער בעגעגענט מיט זײנע ברילען, װאָס

האָבען געקוקט מיר אינוועניג אין הארצען אריין און געצויגען מיך צו זיך, ווי א מאַגנעט.

איך ווייס ניט, ווי אַזוי דאָס איז געוואָרען, נאָר איך און דער יונגערמאַן מיט די ברילען זענען געשטאַנען נאָהענט איינער נעבען דעם אַנדערען און האָבען גערעדט, געוועהנליך פון דער חתונה, פונ׳ם בעדעקענס און פון חתן־כלה.

דעם חתן האָבען ביידע מחותנים צוגעפיהרט אונטער די הענד צו דער כלה, און די כלה איז געזעסען אין מיטען שטוב אויף א בענקעל מיט צעלאָזטע האָר, דאָס פּנים פערשטעלט מיט ביידע הענד — אפּנים, זי האָט געוויינט. די כלי־זמר האָבען געשפּיעלט. עס האָט געוויינט א פּיעדעל, עס האָט געטערעלייקעט א טראָמייט, עס האָט געפּייפט א פלייט, עס האָט געבאַראַבאַנעט די קעסעל־פּויק — באַם־באַם־באַם! און דאָס הארץ — טיק־טאַק! טיק־טאַק!

„אַט־אַט — האָב איך מיר געטראַכט — אַט־אַט, נאָך א מינוט, נאָך א מינוט — און אַלץ איז פערפאַלען!"...

— א טעלעצע! — רופט זיך אָן צו מיר פּלוצים דער יונגערמאַן מיט די ברילען גלייך אין די אויהערען אריין.

— וואו איז א טעלעצע? — פרעג איך איהם און קוק זיך ארום אויף אַלע זייטען.

— אָט זיצט זי דאָך! — מאַכט ער צו מיר און בעווייזט מיר מיט די ברילען אויף דער כלה.

ער האָט דערזעהען נאָך מיין פּנים, אַז איך בין שטאַרק פערחדוש׳ט, מאַכט ער צו מיר שטילערהייד אויפ׳ן אויהער:

— א קאַלב, א בהמה, א גלאַטע, א כשר׳ע בהמה! קיין צלם פאַר קיין אַלף, און א מרשעת דערצו! און נעמט אַזאַ פיינעם חתן! איהר זעהט, דאַכט זיך, זיין לעהרער?

איך ווייס ניט, צי ער האָט מיר אוועקגערופען, צי איך האָב איהם אוועקגערופען, צי מיר האָבען זיך ביידע אוועקגערופען אויף א זייט, נאָר אין צוויי מינוט ארום זענען מיר געזעסען איינער

אַקעגען דעם אַנדערען, ווי אַלטע בעקאַנטע, און דער יונגערמאַן מיט די ברילען — ער איז געווען דער כלה'ס אַ לעהרער — האָט מיר איבערגעגעבען אויף איהר אַזעלכע זאַכען, וואָס עס וואָלט געווען גלייכער און געזינטער פאַר מיר, איך זאָל דאָס בעסער ניט וויסען...

— סטייטש, און איהרע בריעף? — האָב איך אויסגעשריגען. — אום גאָטעס ווילען, איהרע בריעף?!

דערהערט די דאָזיגע ווערטער, האָט דער יונגערמאַן מיט די ברילען זיך געחאַפּט פאַר'ן האַרצען און האָט אָנגעהויבען צו לאַכען און צו קאַטשען זיך פאַר געלעכטער.

— איהרע בריעף? חאַ־חאַ־חאַ! איהרע בריעף! אוי, איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטען — איהרע בריעף!

— וועמענ'ס דען בריעף זענען דאָס?

— איהרע? חאַ־חאַ־חאַ! איהרע בריעף? מיינע! חאַ־חאַ־חאַ, מיינע בריעף! מיינע! מיינע!! מיינע!!!

איך האָב געמיינט, אַז דער יונגערמאַן איז נאָר אַראָפּ פון זינען און ער וועט דעם שלאָג בעקומען. ער האָט מיך געחאַפּט פאַר ביידע הענד, מיך גענומען דרעהען איבער'ן שטוב, מיך געשלאָגען אין די פּלייצעס און ניט אויפגעהערט צו לאַכען:

— איהרע, חאַ־חאַ־חאַ! איהרע בריעף!??

עס האָט זיך אייך ווען גע'חלומ'ט אַ זיסער חלום: אַ פּאַלאַץ אַ שענער, גוטע מאכלים, די בעסטע וויינען, פרישע פּירות, נאָר־וואָס פונ'ם בוים, אַ ריח פון בשמים, אַ גן־עדן... און איינע עפּיס אַ „זי" אינ'ם געשטאַלט פון אַ פּרינצעסין מיט גילדענע בעזילבערטע האָר... און איהר שוועבט, ניט איהר געהט, און איהר פליהט־פליהט אַלץ העכער־העכער, גלייך אין הימעל אַריין... פּלוצים הערט איהר אַ פּייפען, וואָס געהט פון אַ וואַלד אַרוים — פּי־יו־יט! און אַ פּאַטש פון פליגלען און אַ משונה־מאָדנע געלעכטער „חאַ - חאַ", וואָס צעטראָגט זיך איבער'ן גאַנצען וואַלד און לאָזט זיך אויס מיט אַ לאַנגען געהויך — אאאי!!! פאַר אייערע אויגען איז אַ טיעפער

אָפּגרונד, אַט־אַט פאַלט איהר אַראָפּ. איהר טהוט אַ ציטער און חאַפּט זיך אויף מיט אַ קאָפּוועהטיג און קאָנט לאַנג נישט קומען צו זיך...

דעם דאָזיגען זיסען חלום האָב איך איבערגעלעבט אין דער מינוט, וואָס דער יונגערמאַן מיט די ברילען איז געשטאַנען איבער מיר און האָט ניט אויפגעהערט צו לאָבען פון מיינע בריעף און אויסרעכענען די מעלות פון מיין געליעבטע... ער האָט געלאַכט, און מיר האָט זיך געטריפט בלוט, אַ טראָפּען נאָך אַ טראָפּען, און געפאַלען אויף מיין פערוואונדעט הארץ, אויף מיין פער'סמ'טע נשמה.

און דאָרט אין זאַל האָבען געשפּיעלט די כלי־זמר. די פּיעדעל האָט געוויינט, די טרומייט האָט געטערעלייקעט, די פליוט האָט געפייפט, דער באַס האָט געברומט, די קעסעל־פּויק האָט געבאַראַ־באַנעט — באַם! באַם! באַם! און דאָס הארץ — דאָס הארץ איז מיר געוועזן פּוסט און לעדיג, אויף דער נשמה וויסט און פינס־טער, חושך אין אַלע ווינקעלעך.

# צווײ אַנטיסעמיטען

א.

מאַקס בערליאַנט איז אַ גערויכערטע ליולקע. ער פאָהרט פון לאָדז קיין מאָסקווע און פון מאָסקווע קיין לאָדז עטליכע מאָל אין יאָהר. ער איז בעקאַנט מיט אַלע בופעטשיקעס אויף די וואָקזאַלען, אויסגעבונדען מיט אַלע קאָנדוקטאָרען, געוועזען שוין אין די טיעפע גובערניעס, דאָרט וואו אַ איד טאָר נישט זיין מעהר ווי פיער און צוואַנציג שעה, געשוויצט אין אַלע אוטשאַסטקעס, אויסגעשטאַנען אונטערוועגענס גענוג בזיונות, ניט איין מאָל זיך געערגערט, אָפּ־געגעסען דאָס הארץ — און אַלץ איבער'ן אידענטום. דאָס הייסט, ניט איבער דעם, וואָס ס'איז פאַרהאַן אַ אידענטום, נאָר דערפאַר, וואָס ער אַליין איז, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אַ איד; און ניט אַזוי דערפאַר נאָך, וואָס ער איז אַ איד, ווי דערפאַר, וואָס ער האָט, מחילה, אַ אידיש אויסזעהען. אָט דער צלם אלקים — אוי, דער צלם אלקים! אויגען שווארצע, גלאַנצענדיגע, האָר אויך שווארצע, גלאַנצענדיגע — אמת'ע סעמיטישע האָר; איין אויסשפּראַך אַ גע'־הרג'עטע, איין עכטע אַ אידישע, מיט אַ חי"ש, און דערצו אַ נאָז — אוי, אַ נאָז!

און ווי אויף צו־להכעיס, איז אונזער העלד בעשטראָפט מיט אַ מין פּראָפעסיע (ער איז אַ קאָמיוואָיאַזשער), וואָס ער מוז זיך ארומפיהרען מיט דער נאָז איבער דער וועלט, און דוקא רעדען, און דוקא אַ סך רעדען — מע זאָל איהם זעהען, הייסט עס, און מע זאָל איהם הערען. קורץ — ס'איז אויף איהם אַ רחמנות.

אמת, אונזער העלד האָט זיך נוקם געווען אין דער באָרד. אָנגעטהאָן זיך און אויסגעפּוצט, טאַקי נאָר ווי אַ כלה, פערדרעהט די וואָנסעס ארויף, זיך פערלאָזט אַ לאַנגגען נאָגעל און געטראָגען אַ שניפּס „אשר לא שניפּסו אבותינו", זיך געוואוינט צו די מאכלים וואָס אויפ'ן וואָקזאַל, אויסגעלאָזט זיין גאַנץ בימער הארץ צום דבר־אחר (ס'זאָל איהם אָנגעהן, דעם חזיר, חאָטש האלב, וואָס מאַקס האָט איהם געווינשעוועט, בשעת ער האָט איהם פערזוכט צום ערשטען מאָל!), און וואָס טויג אייך גרוים? ער האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען און האָט אָנגעהויבען עסען ראַקעס.

פאַר וואָס זאָג איך „ער האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען"? ווייל אייערע שונאים זאָלען אזוי וויסען פון זייער נאָז, ווי מאַקס בערליאַנט האָט אפילו אָנגעהויבען צו וויסען, ווי אזוי מען איז זיך נוהג מיט ראַקעס: צי מע שניידט זיי מיט אַ מעסער? צי מע שטעכט זיי מיט אַ גאָפּעל? צי מע עסט זיי גאַנצערהייד?

און פון דעסטוועגען, נאָך די אַלע גליקען, קאָן זיך מאַקס בערליאַנט ניט אויסבעהאַלטען מיט זיין אידישקייט — ניט פון איינגענע, ניט פון פרעמדע. מע דערקענט איהם, ווי אַ בייזען שילינגער, פּונקט אזוי ווי דעם פערשאָלטענעם קין, און מע גיט איהם צו וויסען אויף יעדען טריט און שריט, ווער ער איז און וואָס ער איז. קורץ — ס'איז אויף איהם אַ גאָט'ס רחמנות!

## ב.

נאָר אויב מאַקס בערליאַנט איז געווען איין אומגליקליכער מענש ביז קישינעוו, איז נאָך קישינעוו ניט געווען צו איהם קיין גלייכען. טראָגען אין זיך טיעף אין הארצען אַ גרויסען וועהטיג און שעמען זיך מיט איהם — דאָס איז אַ מין גיהנום, וואָס נאָר דער קאָן איהם פערשטעהן, ווער עס פיהלט איהם. מאַקס האָט זיך געשעמט מיט קישינעוו, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען זיין קישינעוו... און טאַקי עפּיס גאָר ווי אויף צו־

להכעיס, האָט מען איהם פּונקט אין יענער צייט, וואָס נאָך קישי־נעוו, ארויסגעשיקט אהין, אין יענע מקומות, קיין בעסאַראַביע, און ער האָט געפיהלט, אז דאָ הויבט זיך אָן פאר איהם אַ נייער גיהנום. קאַרג האָט ער זיך אָנגעהערט פון די דאָזיגע שענע מעשיות דאָרט ביי זיך אין דער היים? קאַרג האָט איהם געקאָכט דאָס הארץ, פערלאָפען מיט בלוט, אויף די רציחות, וואָס מע האָט אַזעלכס ניט געהערט אויף דער גאַנצער וועלט? ער וועט דען פער־געסען יענעם טאָג, בשעת איינמאָל אין שוהל האָט מען געמאַכט איין „אל־מלא־רחמים" אויף די „הרוגי־קישינעוו"? אַלטע אידען האָבען דעמאָלט געוויינט, ווייבער זענען געפאַלען חלשות...

געווים האָט זיך אייך געטראָפען אַ מאָל פאָהרען אין באַהן פערביי איין אָרט פון אַ „קאטאַסטראָפע". איהר ווייסט טאַקי גאַנץ גוט, אַז איהר קאָנט זיצען רוהיג: נאָך אַ מאָל אַזאַ אומ־גליק, אַ קאַטאַסטראָפע, אויף דעם זעלבען אָרט וועט זיך ניט טרע־פען. נאָר איהר דערמאַנט זיך, אַז אָט־אָ־דאָ האָבען נישט לאַנג געקאַטשעט זיך באַרג־אַראָפּ איין וואַגאָן נאָכ'ן אַנדערען, און דאָ האָבען מענשען געלעגט דעם קאָפּ, דאָ האָבען געטרישטשעט ביינער, גערונען בלוט, געשפּריצט מאַרך — איהר זענט זיך מחיה, אַז איהר פאָהרט אריבער דאָס אָרט בשלום...

מאַקס האָט געוואוסט, אַז דאָ, אין די מקומות, וועלען זיין אַ סך דבורים, מיט מימרות, מיט מעשיות, מיט זיפצען, מיט קרעכ־צען פון אייגענע, און אָנצוהערענישען מיט שטעכווערטלעך פון פרעמדע; און וואָס נעהענטער ער איז געוועזן צו יענע מקומות, האָט ער אַלץ מעהר געזוכט מיטלען, ווי אזוי צו אַנטלויפען, אויס־בעהאַלטען זיך פון זיך אַליין...

געקומען שוין גאָר נאָהענט, האָט ער תחילת געוואָלט בלייבען זיצען אין וואַגאָן איינער אַליין. נאָכדעם האָט ער זיך בערעכענט און איז דוקא אראָפּגעשפּרונגען מיט נאָך פּאַסאַזשירען אויפ'ן וואָקזאַל, דוקא צוגעגאַנגען צום בופעט מיט אַ ברייטקייט, ווי אַ מענש, וואָס ס'איז איהם שטאַרק אויפגעלעגט אויפ'ן הארצען, דוקא

געמאכט אַ שנעפּסעל, פאַרביסען מיט די אַלע גוטע זאַכען, וואָס אַ איד טאָר ניט, פאַרטרונקען מיט אַ גלעזעל ביער, פאַררויכערט אַ ציגאַר און איז צוגעגאַנגען צו דער שאַפע, וואו מע פאַרקויפט ביכער און צייטונגען, און דערזעהען ליגען דאָס געוויסע שענע אַנטי־סעמיטישע בלאַט פון׳ם געוויסען שענעם אַנטיסעמיט קרושעוואַן מיט׳ן געוויסען שענעם נאָמען „ב ע ס א ר א ב ע ץ״. דאָרט, אין יענע מקומות, דאַרפט איהר וויסען, וואו עס באַקט זיך דאָס דאָזיגע שענע בלאַט, ליגט זיך עס גאַנץ רוהיג: קיינער נעמט דאָס ניט אין האַנד אַריין; די דאָרטיגע אידען נעמען דאָס ניט, ווייל ס׳איז „מוקצה מחמת מיאוס״, און ניט־אידען האָט זיך עס שוין צוגעגעסען. ליגט זיך עס דערפאַר בשלום אין שאַפע און דערמאַנט נאָר דעם עולם, אַז ס׳איז פאַרהאַן אויף דער וועלט איינער אַ קרושעוואַן, וואָס רוהט נישט, וואָס שלאָפט ניט און וואָס זוכט מיטלען, ווי אַזוי צו בעהיטען און בעוואָהרענען און בעשירמען די וועלט פון דער געפעהרליכער קרענק, וואָס מע רופט זי „אידישקייט״.

מאַקס בערליאַנט איז געווען דער איינציגער, וואָס איז צו־געגאַנגען צו דער שאַפע און האָט זיך געהייסען געבען אַ נומער „בעסאַראַבעץ״. צוליעב וואָס, למשל? אפשר צוליעב דעם איי־גענעם טעם, וואָס ער האָט זיך געהייסען דערלאַנגען ראַקעס? און אפשר האָט ער טאַקי געוואָלט זעהען, וואָס שרייבט עפּיס אַזאַ כלב שבכלבים וועגען אידען? ס׳איז אַ סברה, זאָגט מען, אַז דאָס רוב אַנטיסעמיטישע בלעטער לייענען סעמיטען, דאָס הייסט, מיר אַליין טאַקי מיט אונזער כבוד... די בעלי־בתים פון די בלעטער ווייסען דאָס גאַנץ גוט און געהען מיט דעם גאַנג, אַז „דער איד איז טריפה און דער גראָשען איז כשר״...

בקיצור, אונזער מאַקס האָט געהאַנדעלט אַ נומער „בעסאַ־ראַבעץ״, אַריינגעגאַנגען מיט איהם אין וואַגאָן אַריין, אויסגעצוויגען זיך איבער דער באַנק און איבערגעדעקט זיך מיט׳ן בלאַט, ווי מע דעקט זיך איבער, למשל, מיט אַ קאָלדרע אָדער מיט אַ פּלעד, און בשעת מעשה איז איהם דורכגעפלויגען אַ מחשבה:

„וואָס וועט זיך, אשטייגער, קלעהרען אַ איד, למשל, אַז ער וועט צוגעהן און דערזעהען אַ מענשען ליגען אויסגעצויגען און איבערגעדעקט מיט אַ „בעסאַראַבעץ”? געווים וועט שוין קיינעם ניט קומען אויף די געדאַנקען, אַז דאָ ליגט אַ איד... אַ אידעע, כלעבען, אַ טהייער מיטעל אויף פּטור צו ווערען פון אידען און בלייבען אקעגען נאַכט אויסגעצויגען איינער אליין, ווי אַ שררה, אויף אַ גאַנצער באַנק”...

אַזוי האָט זיך געטראַכט אונזער העלד, און בכדי ס׳זאָל שוין טאָקי קיין בן־אָדם ניט וויסען, ווער דאָ ליגט, האָט ער זיך איבער־געדעקט מיט׳ן „בעסעראַבעץ” איבער׳ן פּנים, פערשטעלט די נאָז אויך, מיט די אויגען, מיט די האָר, מיט׳ן גאַנצען צלם־אלקים, און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ בילד, ווי אַזוי ביינאַכט קריכט אַ איד מיט אַ סך פּעקלעך אין וואַגאָן אריין, זוכט נעבאַך איין אָרט אויף צו זעצען זיך, דערזעהט ער, עס ליגט אַ פאַרשוין מיט אַ נומער „בעסעראַבעץ” איבערגעדעקט — געווים אַ פּריץ, און געווים אַ רשע איין אַנטיסעמיט, און אפשר טאָקי קרושעוואַן אליין — שפּרינגט ער אודאי נעבאַך אָפּ, דער איד מיט די פּעקלעך, שפּייט־אויס דריי מאָל, און ער, מאַקס, בלייבט אליין, איינער אליין, ווי אַ גראַף, איבער דער גאַנצער באַנק. חאַ־חאַ־חאַ, כלע־בען, אַ טהייער מיטעל, נאָך בעסער ווי אַ מענש זאָל פּלוצים אין וואַגאָן בעקומען די חאָלערע!...

דער דאָזיגער פּלאַן געפעלט אונזער מאַקסען אַזוי שטאַרק, אַז ליגענדיג אונטער׳ן „בעסאַראַבעץ”, צעלאַכט ער זיך אַזש, און אַ מענש, דאַרפט איהר וויסען, אַז ער האָט איבערגעביסען, פער־טרונקען מיט אַ גלעזעל ביער, פערדרויכערט אַ ציגאַר און ליגט אקעגען נאַכט אין וואַגאָן איינער אליין אויף אַ גאַנצער באַנק, אויסגעצויגען ווי אַ גראַף, איז איהם גוט צו לאַכען...

שאַט, לאָז זיין שטיל. אונזער העלד מאַקס בערליאַנט, דער קאָמיוואָיאַזשער, וואָס פאָהרט פון לאָדז קיין מאָסקווע און פון

מאָסקווע קיין לאָדז, ליגט איינער אַליין אויף אַ באַנק, צוגעדעקט מיט אַ נומער „בעסאַראַבעץ", און חאַפּט אַ דרימעל. לאָמיר איהם ניט שטעהרען.

## ג.

מאַקס בערליאַנט איז טאַקי אַ איד אַ חכם, נאָר היינטיגס מאָל האָט ער דוקא נישט געטראָפען. ס'איז טאַקי אַריינגעקומען אין וואַגאָן אַ פּאַרשוין, אַ גראָבער, אַ געזונדער, אַ פּאַרסאַפּעטער, מיט עטליכע טשעמאָדאַנעס, איז טאַקי צוגעגאַנגען צו מאַקסען, טאַקי בעטראַכט איהם, ווי ער ליגט דאָס איבערגעדעקט מיט אַ נומער „בעסאַראַבעץ", נאָר ער האָט ניט אויסגעשפּיגען דריי מאָל און איז ניט אָפּגעשפּרונגען. ער איז נאָר געשטאַנען און האָט בע־טראַכט דעם דאָזיגען נפש, דעם אַנטיסעמיט מיט דער סעמיטישער נאָז (בשעת שלאָפען האָט זיך דאָס בלאַט אַ ביסעל אַראָפּגע־גליטשט, און די חרפה, די נאָז הייסט עס, האָט זיך אַנטפּלעקט און אַרויסבעוויזען ביי אונזער העלד מיט איהר גאַנצען פּראַכט און גלאַנץ).

געשטאַנען עטליכע מינוט מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען און אוועקגעלעגט די טשעמאָדאַנעס אויף דער צווייטער באַנק, וואָס אַקעגען מאַקסען, האָט זיך אונזער נייער פּאַרשוין אַרויסגע־חאַפּט אויף אַ פּאָר מינוט אויפ'ן וואָקזאַל, אַריינגעקומען צוריק אויך מיט אַ נומער „בעסאַראַבעץ", אויפגעבונדען אַ טשעמאָדאַן, אַרויסבעקומען פון דאָרטען אַ קישעלע מיט אַ קאָלדרע, מיט אַ פּאָר שטעקשיך, מיט אַ פּלעשעל אָדעקאָלאָן, זיך געמאַכט גאַנץ היימיש, אויסגעצויגען זיך איבער דער באַנק און איבערגעדעקט זיך מיט'ן „בעסאַראַבעץ", פּונקט אַזוי ווי אונזער מאַקס בערליאַנט, געלעגען און געראַכערט, געקוקט אויף מאַקסען און געשמייכעלט, צוגעמאַכט פריהער איין אויג, נאָכדעם דאָס אַנדערע, אָנגעהויבען פּאַוואָלינקע דרימלען.

מיר לאָזען שלאָפען אונזערע ביידע „בעסאַראַבצעס", אַ באַנק קעגען אַ באַנק; מיר ווילען בעקאַנט מאַכען דעם לעזער מיט דעם צווייטען פּאַרשוין, ווער ער איז און וואָס ער איז.

ער איז אַ גענעראַל... ניט קיין גענעראַל פון דער מלחמה און ניט קיין גענעראַל־גובערנאַטאָר, נאָר אַ גענעראַל־אינספּעקטאָר, איין אַגענט, הייסט דאָס, פון אַ געזעלשאַפט. הייסען הייסט ער נ י ע מ ט ש י ק, דער נאָמען זיינער איז חיים, נאָר שרייבען שרייבט ער זיך אַלבערט, און רופען רופט מען איהם פּעטי.

אין פלוג, קומט דאָך אויס אפילו אַ ביסעל ווילדליך: מילא, אַז פון חיים וואַכסט־אויס איין אַלבערט — פערשטעהט זיך נאָך; וואָרום למאי ווי אַזוי ווערד ביי אונז פון וועלוועל „וולאַדימיר", פון ישראל „איסידאָר" און פון אברהם „אַוואַקום"? נאָר ווי אַזוי איז דאָס געוואָרען פון חיים „פּעטי"? מוז מען זיך, אַלזאָ, אַריינלאָזען אַ ביסעל אין חקירה, זיך פערטיעפען אין חכמת הלשון און געהן מיט׳ן שכל־הישר: ראשית חכמה, וואַרפען מיר אַרויס די חית פונ׳ם „חיים". נאָכדעם בעטען מיר מחילה די צוויי „יוד׳ען" מיט דער „מם" — בלייבט שוין נאָר איבער די „אלף" אליין. שטעלען מיר צו צו דער „אלף" נישט מעהר ווי אַ „למד" מיט אַ „בית" מיט איין „עין" מיט אַ „ריש" מיט אַ „טית" — מאַכט דאָס ניט אַלבערט? נו, און פון אַלבערט ווערד שוין במילא אַלבערטי, בערטי, בעטי, פּעטי. Sic transit gloria mundi — אָט אַזוי, הייסט דאָס, ווערד פון אַ קאַטשקע איין אינדיק.

בקיצור, אונזער פּאַרשוין הייסט פּ ע ט י נ י ע מ ט ש י ק און איז אַ גענעראַל־אינספּעקטאָר און פאָהרט־אויס די וועלט, ווי מאַקס בערליאַנט; נאָר ער איז בטבע שוין גאָר איין אַנדער מין נפש: אַ לעבעדיגער, אַ פריילִיכער, אַ בערעדעוודיגער. און חאָטש ער הייסט פּעטי און איז אַ גענעראַל־אינספּעקטאָר, פון דעסטוועגען איז ער אַ איד גלייך מיט אַלע אידען, און האָט ליעב אַ אידען, ליעב צו דערצעהלען מעשיות און אַנעקדאָטען פון אידען.

פּעטי ניעמטשיק מיט זיינע אַנעקדאָטען האָט אַ שם אויף דער וועלט. איין שטיקעל חסרון, וואָס וואו ערגיץ איין אַנעקדאָט, האָט זיך עס, זאָגט ער, געטראָפען מיט איהם אַליין טאַקי, און בשעת מעשה שווערט ער אייך אָפּ מיט כל השבועות שבעולם, און אַלע מאָל טרעפט זיך מיט איהם דער אַנעקדאָט אין איין אַנדער אָרט; ער פערגעסט פון איין מאָל צום אַנדערען. די משמעות, אַז פּעטי ניעמטשיק, דער גענעראַל־אינספּעקטאָר, איז אַ ביסעל געחאַפּט אויף דער עברי, דאָס הייסט, ער איז אַ שטיקעל בעל־מגזם, אָדער, ווי מע רופט דאָס אין אונזערע קאַנטען, ער איז, מחילה, אַ ליגנער. האָט קיין פּאַראיבעל נישט, וואָס מיר דריקען זיך אויס אַזוי גראָב; עס וואָלט, אייגענטליך, געווען געגנוג, מיר זאָלען זאָגען אויף איהם, אַז ער איז איין אַגענט, און וואָס איין אַגענט איז — ווייסט איהר דאָך אַליין...

אַריינגעקומען אין וואַגאָן און דערזעהען אונזער מאַקס בערליאַנט ליגען אויסגעצויגען אויף דער באַנק, איבערגעדעקט מיט אַ נומער „בעסאַראַבעץ", און דערקענט נאָך דער נאָז, אַז דער פּאַרשוין איז קיין שום מחותן ניט מיט קרושעוואַנען און מיט זיין שענעם „בעסאַראַבעץ", איז די ערשטע מחשבה זיינע געווען:

— איין אַנעקדאָט!... אַ נייער אַנעקדאָט!... ער וועט שוין האָבען, מיט גאָט'ס הילף, וואָס צו דערצעהלען און דערצעהלען!

און פּעטי ניעמטשיק האָט זיך אַראָפּגעחאַפּט אויפ'ן וואָקזאַל, האָט זיך בעוואָהרענט אויך מיט אַ נומער „בעסאַראַבעץ" און האָט זיך אַוועקגעלעגט אַקעגען מאַקסען — זעהען וואָס וועט דאָ זיין? — און איז אויך אַנשלאָפען געוואָרען...

אַצינד לאָזען מיר איבער דעם „בעסאַראַבעץ" נומער צוויי, דאָס הייסט, דעם גענעראַל־אינספּעקטאָר פּעטי ניעמטשיק, און קעהרען זיך אום צוריק צום „בעסאַראַבעץ" נומער איינס, דאָס הייסט, צום קאָמיוואָיאַזשער מאַקס בערליאַנט.

## ד.

מאַקס בערליאַנט האָט געהאַט אַ שווערע נאַכט... אַפּנים, עס האָבען אין איהם גערעדט די מאַכלים, וואָס ער האָט געחאַפּט אויפ'ן וואָקזאַל, מחמת עס האָבען זיך איהם געפּלאָנטעט משונה־מאָדנע ווילדע חלומות. למשל, עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער איז ניט מאַקס בערליאַנט — אַז ער איז גאָר קרושעוואַן, דער רעדאַקטאָר פונ'ם „בעסאַראַבעץ", און אַז ער פאָהרט ניט אין וואַגאָן, נאָר רייטענדיג אויף אַ דבר־אחר, און אַ ראָק, אַ רויטער ראָק, אַ געקאָכטער, ווינקט צו איהם מיט די הערנער, און עס הערט זיך פון ערגיץ אַ געוויין: „קי־שי־נעוו!"... און ווי עפּיס אַ ווינטעל בלאָזט איהם אין די אויהערען, און ער הערט אַ שעלעשטשען פון בלעטער אָדער פון ווייבערשע קליידלעך, און ער וויל עפענען איין אויג און קאָן ניט, און ער טאַפּט זיך ביי דער נאָז — נישטאָ קיין נאָז, קיין סימן פון קיין נאָז; אויפ'ן אָרט פון דער נאָז טאַפּט ער אָן אַ „בעסאַראַבעץ", און ער ווייסט ניט וואו ער איז. ער וויל זיך ריהרען און קאָן נישט. ער פיהלט, אַז דאָס איז אַ חלום, נאָר ער קאָן נישט גובר זיין דעם שלאָף, ער קאָן נישט געוועלטיגען אויף זיך, ער קאָן נישט! ער ליגט און ליידט געבאַך גרויסע יסורים, ער איז ווי אין דער הינהער־פּלעט. ער פיהלט, אַז עס געהען איהם אוים די כחות. נעמט ער זיך אָן מיט'ן לעצטען ביסעל קראַפט און לאָזט־אַרויס אַ שטילען קרעכץ, וואָס נאָר ער אַליין קאָן איהם האָרכען, און עפענט־אויף אַ שטיקעל אויג, קוים־קוים וואָס ער זעהט, און ער דערזעהט אַ שטראַהל פון אַ ליכט און אַ געשטאַלט פון אַ מענשען, וואָס ליגט אויסגעצויגען אַקעגען איהם, אויך איינער אַליין, ווי ער, אויף אַ גאַנצער באַנק, און אויך איבערגעדעקט, ווי ער, מיט אַ נומער „בעסאַראַבעץ", — און אונזער מאַקס ווערד נבהל ונשתומם: עס מאַהלט זיך איהם אוים, אַז דאָס זעהט ער טאַקי זיך אַליין אויסגעצויגען אויף יענער באַנק, און

ער קאָן בשום אופן נישט פערשטעהן דעם שכל, ווי קומט ער, מאַקס, אַהין, אויף יענער באַנק? און ווי אַזוי זעהט דאָס אַ מענש זיך אַליין אָהן אַ שפּיגעל?... ער פּיהלט, אַז איינציג־ווייז שטעלען זיך איהם די האָר קאַפּויר...

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז הויבט־אָן אונזער מאַקס קומען צו די געדאַנקען און פערשטעהן, אַז יענער, וואָס ליגט דאָרט אויף יענער באַנק, איז ניט ער, מאַקס, נאָר איין אַנדערער. איז איהם אָבער קשה: פון וואַנען האָט זיך גענומען אַהער דער דאָזיגער פּאַרשוין, און גראָד אַקעגען איהם, און גראָד מיט אַ „בעסאַראַ־בעץ"?

אונזער מאַקס האָט קיין צייט ניט וואַרטען ביז טאָג, און עס ווילט זיך איהם טרעפען דאָס רעטעניש וואָס גיכער, און טאַקי שוין, און טאַקי באַלד; און ער טהוט זיך אַ ריהר און הויבט־אָן צו שעלעשטשען מיט'ן בלאַט, און ער דערהערט, אַז יענער פּאַר־שוין, וואָס אויף יענער באַנק, טהוט זיך אויך אַ ריהר און שעלעש־טשעט אויך מיט'ן בלאַט. בלייבט ער שטיל און קוקט זיך איין נאָך שטאַרקער, און דערזעהט, ווי יענער פּאַרשוין, וואָס אויף יענער באַנק, קוקט אויף איהם מיט אַ האַלבען שמייכעל. און אונזערעביידע „בעסאַראַבצעס" ליגען איינס אַקעגען דאָס אַנ־דערע, און קוקען איינס אויפ'ס אַנדערע, און מע שווייגט. ביידע אַנטיסעמיטען חלש'ען, געהען־אויס וויסען, ווער מע איז; נאָר מע האַלט זיך איין מיט אַלע כחות און מע שווייגט. פּאַלט פּעטי אויף אַ שכל און הויבט־אָן אויסצופייפען שטילערהייד אַ בע־קאַנטען אידישען מאָטיוו פון אַ בעקאַנט אידיש ליעדעל:

„אויפ'ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל"...

און מאַקס האַלט איהם אונטער אויך שטיל און אויך מיט אַ פייפען:

„און אין שטוב איז היים"...

זעצען זיך אַוועק פּאַוואָלינקע אונזערעביידע אַנטיסעמיטען, וואַרפען־אַראָפּ פון זיך די „בעסאַראַבצעס" און לאָזען־אויס ביידע דעם בעקאַנטען אידישען מאָטיוו פונ'ם בעקאַנטען אידישען ליע־דעל, שוין נישט מיט קיין פייפען, נאָר מיט ווערטער ממש:

„און דער רבי לעהרענט
מיט די קינדערלעך
דעם אלף־בית!"...

# אָפּגעשלאָגענע הושענות

## א.
## איסר דער שמש.

I

דערמאָן איך מיך אָן איסר דעם שמש, שטעלט זיך מיר פאָר אין דער פאַנטאַזיע אַ מין אַלכסנדר מוקדון, אַ נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט, וכדומה אַזעלכע בילדער, גבורים פון דער היסטאָריע...

אַ קליינינקייט איסר? אַ מענש, וואָס פיהרט די גאַנצע שוהל מיט אַלע בעלי־בתים ביי דער נאָז. אַ מענש, וואָס האַלט דאָס גאַנצע שטעדטעל ביי זיך אין בוזעם. אַ מענש, וואָס דיענט ביי אַלעמען און געוועלטיגט אויף אַלעמען. אַ מענש, וואָס איז יעדען אונטערוואָרפען און האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט. אַ מענש, וואָס האָט אַ בייזען קוק, מורא'דיגע ברעמען, אַ מעשענע באָרד, אַ געזונדען קולאַק מיט אַ לאַנגען שטעקען. אַ ווערטעלע אויסצורעדען איסר!

ווער האָט געמאַכט איסר'ען פאַר אַ איסר? פרעגט מיך עפּיס גרינגערס. פאַרהאַן טיפּען, וואָס מע קאָן זיי אָנרופען: „פערגליווערטע", „שטעהענדיגע", דאָס הייסט, אַזעלכע, וואָס ריהרען זיך ניט פונ'ם אָרט: אָט אַזוי ווי איהר האָט זיי געזעהן דאָס ערשטע מאָל, אַזוי זענען זיי געבליבען ווי אויף אייביג.

עס ווייזט זיך אייך אויס, אז זיי זענען תמיד אזוי געווען און וועלען אייביג אזוי בלייבען. קינדווייז פלעג איך מיך ניט קאָנען אָפרייסען פון דעם איסר׳ען; מיך האָט אינטערעסירט איין זאך: ווי אזוי איז געווען איסר, בשעת ער איז נאָך ניט געווען קיין איסר? דאָס הייסט, בשעת ער האָט נאָך נישט געהאַט אָט די מורא׳דיגע ברעמען, אָט די גרויסע האָרבאַטע נאָז, וואָס איז שטענדיג אָנגעשטאָפּט מיט טאַבעקע, אָט די מעשענע באָרד, וואָס הויבען הויבט זי זיך אָן, דאַכט זיך, אזוי געדיכט און גראָב, און לאָזען לאָזט זי זיך אויס דוקא דין, מיט עטליכע שיטערע לאַנגע בייזע האָר? ווי אזוי האָט ער אויסגעזעהן, למשל, בשעת ער איז געווען א יונגעל, געגאַנגען באָרוויס, געלערענט אין חדר און געחאַפּט פּעטש פונ׳ם רבי׳ן? און וואָס איז געווען איסר, בשעת די מאַמע זיינע האָט איהם געטראָגען אויף די הענד, איהם געגעבען זויגען, איהם אויסגעוויגט דאָס נעזעל: „איסר׳על, זיסער קדיש מיינער, ליכטיגער פּנים געטרייער, מיר זאָל זיין פאַר דיינע ביינדעלעך!״? —

אָט אזוי פלעג איך זיך קינדווייז אמאָל פערטראַכטען, זיך ניט קאָנען אָפּרייסען פון איסר׳ען.

— אהיים, ממזרים, א רוח אין אייער פאָטער און מוטער אריין! — פלעגט איסר אפילו קלערען וועגען איהם נישט לאָזען.

דאַכט זיך, אז איך בין א י נ ע ר, פון דעסטוועגען היים איך ביי איהם מיט א לשון רבים: מ מ ז ר י ם! פאַר וואָס קומט מיר „ממזרים״? איסר האָט פיינט, פערשטעהט איהר מיך, אז מע שטעהט און מע קוקט איהם אין די אויגען אריין. איסר האָט פיינט קליינוואַרג, קאָן נישט אָנקוקען קיין קינדער! „קינדער, זאָגט ער, — דאָס זענען כל מום רע; קינדער זענען פאַקאָסטניקעס, צו־להכעיס׳ניקעס; קינדער זענען ציעגען, וואָס שפּרינגען אין פרעמדע גערטנער; קינדער זענען הינט, וואָס סיפּען ביי די פּאָלעס; קינדער זענען חזירים, וואָס קריכען אויפ׳ן טיש; קינדער דאַרפען וויסען דרך־ארץ, קינדער דאַרפען ציטערען, קינדער

דארפען האָבען דאָס נייעניעהריגע קדחת!..." און מיר האָבען טאַקי געציטערט, טאַקי געהאַט דאָס נייעניעהריגע קדחת.

וואָס האָבען מיר מורא געהאַט, פרעגט איהר? אַנו, פּרובט, אדרבה, האָט ניט מורא, אַז מע טהוט אייך אַ נעם פאַר'ן אויהער און מע פיהרט אייך צו צו דער טהיר און מע גיט אייך האַלז־און־נאַקען און מע זאָגט אייך:

— אהיים, ממזרים, אַ רוח אין אייער פאָטער און מוטער אריין!

איהר וועט זיך אפשר קלאָגען אויף איהם פאַר דער מאַמען? נו, אדרבה, פּרובט! וואָס וועט זיין, ווילט איהר וויסען? אָט וועל איך אייך זאָגען וואָס ס'וועט זיין: איהר וועט קומען אהיים און בעווייזען דער מאַמען איין אָנגעריסענעם אויהער; וועט די מאַמע אָנפאַלען אויפ'ן טאַטען מיט אַ גוואַלד: „זעה־נאָר, זעה דעם בן־יחיד דיינעם, ווי דער רוצח דער גזלן האָט איהם אָנגע־ריסען איין אויהער!" וועט אייך דער טאַטע נעמען פאַר אַ הענ־טעל און וועט אייך ברענגען אין שוהל אריין און צופיהרען גלייך צו איסר דעם שמש, ווי איינער רעדט: „נאַט, זעהט וואָס איהר האָט געטהאָן מיט מיין בן־יחיד, איהר האָט דאָך איהם שיער־שיער ניט אָפּגעריסען איין אויהער". וועט איסר געבען אַ הוק אויפן טאַטען: „געהט אייך געזונטערהייט מיט אייערע ממזרים!" (איהר הערט? אַ בן־יחיד איז ביי איהם אויך „ממזרים"!). און דער טאַטע וואָס וועט טהון? דער טאַטע וועט אָנרוקען דאָס היטעל און וועט געהן אהיים. וועט איהם די מאַמע פרעגען: „נו?" וועט איהר דער טאַטע זאָגען: „איך האָב דאָס איהם מכבד געוועזן, אָט דעם המן הרשע! וואָס נאָך האָב איך איהם געקאָנט טהון?"...

זעהר ניט שען אפילו, אַז אַ טאַטע זאָל זאָגען אַזאַ גראָבען ליגען! נאָר וואָס זאָל מען טהון, אַז מען איז ביי אַ שמש אין גלות?

## II

מע קאָן זאָגען, אז די גאַנצע שטאָדט איז ביי איסר'ען אין גלות. וואָס ער וויל, דאָס טהוט ער. וויל איסר ניט הייצען די שוהל ווינטער אינ'ם פראָסט, מעגט איהר צעזעצט ווערען רעדענ־דיג, וועט ער אייך הערען, ווי דעם פאָראַיאָהריגען שניי. וויל איסר, מע זאָל זיך שטעלען דאַוונען פריה, וועט איהר שוין פער־שפּעטיגען ווען איהר זאָלט ניט קומען. וויל איסר אייך נישט געבען קיין עליה אכצעהן וואָכען דורכאיינאַנד, מעגט איהר קוקען צו איהם אויף דער בימה פון היינט ביז מאָרגען, הוסטען צעזעצ־טערהייד — ער וועט אייך ניט זעהן, ניט הערען! דאָס אייגענע איז מיט'ן טלית, און מיט'ן חומש, און מיט'ן מחזור, און מיט'ן אתרוג, און מיט דער הושענא. איסר וועט אייך ברענגען דער־מאָלט, ווען ער וועט וועלען, ניט ווען איהר ווילט! וואָס זענט איהר עפּיס פאַר א „איהר״? „בעלי־בתים — זאָגט ער — זענען ווי די הינט, און ער איז איינער, איין שמש, קיין עין־הרע, אויף אזוי פיעל עולם — משוגע צו ווערען!״

און איסר שמיצט זיך, ווארפט זיך, מאַכט איטליכען מיט דער בלאָטע. דער גרעסטער בעל־הבית קאָן ביי איהם האַפּען א פסק, ער זאָל ניט טרעפען די טהיר. „מיך — זאָגט ער — זאָלט איהר בעסער ניט זאַטשעפּען, ווארום איך האָב קיין צייט ניט מיט אייך צו רעדען! איהר זענט א סך, און איך בין, קיין עין־הרע, איינער!״ און קיינער זאַטשעפּעט איהם ניט; איהר זענט געהערען, אז ער טשעפּעט אייך ניט.

ס'פערשטעהט זיך, אז קיינער וועט זיך ניט איינשטעלען פרעגען ביי איסר'ען, וואו קומט אהין דאָס געלד, וואָס פאַלט־אריין פון די „בעבור־שנדרס״, פון די יאָהר־צייט־ליכט, פון דער פּושקע, וכדומה אזעלכע זאכען, וואָס זענען שייך צו בעל־הבתיש־קייט. ווארום בעל־הבית אין שוהל איז דאָך ער — היינט וועמען דאַרף ער דאָס אָפּגעבען דין־וחשבון? דער עולם איז געהערען,

אז ער לאָזט זיי צו־רוה און וואַרפט זיי ניט די שליסלען פון בית־המדרש אין פנים אריין: „געהט האַלט־אויס אַליין אַזאַ שוהל מיט האָלץ און מיט וואַסער, מיט ליכט און מיט שוועבעלעך, און אַ האַנטוך אויסוואַשען דאַרף מען אויך, און אַ טאָפּלי אַריינשטעלען דאַרף מען אויך, און אויסשמירען די ווענט מיט דער סטעלי דאַרף מען אויך, און אַ סטענדער פאַרריכטען דאַרף מען אויך, אַון אַ סדור צו־קויפען דאַרף מען אויך, און אַ סליחה איינבינדען דאַרף מען אויך; און וואו איז אַ גרייגער, וואו איז אַ דריידעל, וואו איז אַ חנוכה־ליכטעל, וואו איז אַ לולב, וואו איז איין אתרוג, וואו איז אַ הושענא, און וואו איז אַ דאָס, און וואו איז אַ יענץ?"... און חאָטש אַלע ווייסען גאַנץ גוט, אַז אַ גרייגער און אַ דריידעל און אַ חנוכה־ליכטעל און אַ לולב און איין אתרוג און אַ הושענא און אַ דאָס און אַ יענץ — זענען אַלץ אַזעלכע זאַכען, וואָס נישט נאָר מע דאַרף אויף זיי אויסגעבען געלד, אדרבה, זיי ברענגען נאָך אַריין געלד, — פון דעסטוועגען וועט זיך קיינער נישט דער־וועגען אַריינשטעקען די נאָז. דאָס געהער צום שמש; דאָס איז זיין הכנסה. „די שענע שכירות, וואָס מע נעמט זיך אָן ביי אייך?... „דער קאָפּ קאָן האַרט ווערען!... וואַסער אויף קאַשע!"... אזוי זאָגט איסר, און דער עולם שווייגט.

דער עולם שווייגט; חאָטש דער עולם ווייסט גאַנץ גוט, אַז איסר לעגט־אָפּ אַ קערבעל; דער עולם ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער שמש איז אָנגעשטאָפּט מיט געלד. ס'איז גאָר אַ סברא, אַז שטי־לערהייד פערלייהט ער אַמאָל עטליכע גראָשענס, מאַכט אַ הלואה'־לע, געוועהנליך, אויף אַ בעוואָהרעניש, אויף אַ משכון. און אַ שטיבעל האָט איסר איין אייגענס, און אַ בהמה איין אייגענע, און טרינקען טרינקט ער אויס אַלע טאָג, און דוקא פון אַ גרויס גלאָז, און אַ פּעלץ טראָגט ער ווינטער, ברוך השם, ווי דער שענ־סטער בעל־הבית, און שיך טראָגט די שמש'טע גאַנצע, און אַ יופּע האָט זי זיך געמאַכט ניט לאַנג אַ נייע — פאַר קהל'ס געלד: „פאַר אונזער בלוט, אויסקרענקען זאָל זי דאָס, רבונו של עולם!"...

אזוי מומלען די בעלי־בתים צווישען זיך שטילערהייד, אז דער שמש זאָל ניט הערען. און אז דער שמש געהט־צו, האַקט מען איבער דעם שמועס און מע הויבט אָן רעדען פון עפּיס אַנדערש, בליצלען מיט די אויגלעך, סמאַרקען בשעת מעשה מיט די נעז און נעמען ביי איהם אַ שמעק טאַבעקע מיט צוויי פינגער פון זיין הילצערן פּושקעלע: „זייט זשע מוחל!"...

אָט דער „זייט־זשע־מוחל" איז אַ פּאַסקודנער זייט־זשע־מוחל. אין איהם ליגט אַ חניפה'לע: „זייט זשע מוחל, ביי אייך דאַרף זיין אַ רעכטער שמעק טאַבעקע"... אין איהם ליגט אויך איין אָנצוהערעניש אויף אַוועקצוגעהן: „זייט זשע מוחל, גיט אַ שמעק טאַבעקע און געהט אייך געזונטערהייד"...

איסר איז אַ מבין סאַי אויף דער חניפה'לע, סאַי אויף דעם אָנצוהערעניש. איסר ווייסט, אז דער עולם וואָלט וועלען איהם מאַכען אוים שמש, אזוי ווי מע וויל לעבען. נאָר ער הערט זיי אַלעמען, ווי המן דעם גריינער. איסר האַלט זיי רעכט אין די לאַפּקעס. איסר ווייסט וואָס ער האָט צו טהון.

III

ווער עס וויל יוצא זיין פאַר אַלעמען, דער איז נישט יוצא פאַר קיינעם; און אז ס'איז בעשערט זיך בוקען, זאָל מען זיך בוקען צום קאָפּ, ניט צו די פיס.

דאָס האָט פערשטאַנען איסר, און האָט געשלאָגען בלאָט מיט די גבאים, מיט די עטליכע געצעהלטע רעדעלפיהרער פון שטאָדט. זיי האָט ער דוקא געפאָלגט, געקראָכען אונטער די נעגעל, נישט געפוילט זיך פון זייערטוועגען געהן איין איבעריגען גאַנג, און גע'חנפה'ט האָט ער זיי, אז ס'האָט געשלאָגען צו דער גאַל! און ווער שמועסט, אז ס'איז געקומען די צייט פון דער קלפי, פון קלויבען גבאים, — דעמאָלט האָט איסר נישט גערוהט. ווער עס האָט נישט אָנגעקוקט דעמאָלט איסר'ען, דער האָט קיין

שענס ניט געזעהען. א פערשוויצטער, פערדרוקט דאָס היטעל ארויף, מיט'ן גרויסען שטעקען און מיט די לאַנגע שטיוועל, האָט איסר געקנאָטען די בלאָטע, געשפּרייזט פון איין גבאי צום אנ־דערען, געארבייט, געפלאָכטען, געפיהרט רכילות מיט אינטריגעס, אינטריגעס, אינטריגעס אָהן א שיעור!

אויף אינטריגעס פיהרען איז איסר פון תמיד אָן געווען איין בריה אין דער וועלט. א וואנד מיט א וואנד האָט ער גע־קאָנט צונויפפיהרען, פערקאָכען א קאשע אזוי קונציג, אז דער גאנ־צער עולם זאָל זיך בלאָזען אייגער אויפ'ן אנדערען, זיך קריעגען און זידלען, און עס זאָל דערגעהן אַזש צו פּעטש — און ער, איסר, גאָרנישט, גאָט די נשמה! איסר, פערשטעהט איהר מיך, האָט געפיהרט דאָס רעדעל דוקא ניט שלעכט. ער האָט זיך געטראַכט: „רייסט זיך, רייסט זיך, בעלי־בתים, ביי די נעז, וועט איהר פער־געסען אינ'ם שמש"...

פערגעסען אינ'ם שמש — דאָס איז געווען פאר אונזער איסר'ען זעהר א נויטיגע זאך, מחמת פון א צייט אז מע האָט זיך אָנגעהויבען צו איהם נעמען, דולען א ספּאָדיק, ער זאָל אָפּגעבען דין־וחשבון, וואו קומט אהין דאָס גאנצע געלד פון שוהל? און ווער? דוקא די יונגע־לייט, דוקא יונגווארג, דוקא אָט די „ממזרים", וואָס ער האָט זיי אזוי פיינט געהאט פון תמיד, וואָס ער פלעגט זיי אמאָל דערגעהן די יאָהר!

פון קינדער, זאָגט מען, ווערען לייט, און פון לייט ווערען קינדער. היבשע עטליכע דורות זענען געוואכסען, אויסגעוואכסען און אוועקגעגאנגען. פון די קליינע ציעגעלעך זענען געוואָרען גרוי־סע צאַפּעס, פון די קליינע ממזרים זענען געוואָרען בעלי־בית'לעך; די בעלי־בית'לעך האָבען חתונה געהאט, געוואָרען בעלי־בתים; די בעלי־בתים זענען געוואָרען אַלטע אידען, און איסר איז אַלץ געווען איסר. נאָר מיט א מאָל איז עפּיס אויסגעוואכסען א דור, א נייער, א יונגער, א משונה־מאָדנער דור, א דור פון סאמע

שקצים, עכברושים, עזות־מחוצפ־פּנים׳ער, מזיקים, הולטייעס — מע זאָל בעהיט און בעוואָהרענט ווערען!

— וואָס איז איסר פאַר איין אויבערהאַר? איסר איז נישט מעהר ווי אַ שמש, וואָס דיענט ביי אונז, ניט מיר ביי איהם! ביז וואַנען וועט געוועלטיגען אויף אונז אָט דער אַלטער איסר מיט די לאַנגע פּיס און מיט׳ן גרויסען שטעקען? חשבון! וואו איז חשבון? דין־וחשבון!!...

אזוי האָט גע׳טענה׳ט אָט דער נייער דור פון סאַמע שקצים, עכברושים, עזות־מחוצף־פּנים׳ער, מזיקים, הולטייעס, און דוקא אין מיטען שוהלהויף, און דוקא הויך אויף אַ קול... תחילת האָט איסר געמאַכט זיך כלא ידע, אַביסעל טויבליך שוין; נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבען זיי טרייבען פון שוהל, פערלעשען די ליכט, פערשליסען די טהיר; נאָכדעם האָט ער אָנגערייצט אויף זיי די בעלי־בתים פון שטאָדט, דערצעהלט אויף זיי המנ׳ס מסירות, אז די הולטייעס מאַכען חוזק פון עלטערע מענשען, אז זיי לאַכען אָפּ פון די גבאים, — אַ סימן: אָט האָט ער ניט לאַנג געפונען אַ פּאַפּיערעל, עפּיס אַ ליעדעל, וואָס איינער פון די הולטייעס האָט פערלאָרען.

דאַכט זיך, וואָס? אַ נאַריש ליעדעל? וואָס פאַר אַ חתונה האָט אָבער דאָס דאָזיגע נאַרישע ליעדעל אָנגעמאַכט אין שטאָדט! וואָס פאַר איין איבערקעהרעניש — אײַ־אײַ־אײַ! הלואי וואָלט דאָס איסר בעסער נישט געפונען און נישט בעוויזען דאָס די גבאים, וואָלט געווען פאַר איהם אַ סך געזינדער! דאָס דאָזיגע ליעדעל, קאָן מען זאָגען, איז געווען דער אָנהויב פון זיין מפּלה. די נאַרישע גבאים, אָנשטאָט דעם, מע זאָל דאָס ליעדעל אראָפּשלינגען און מאַכען אַ שווייג, האָבען זיי דאָס אליין צעשמירט. זיי האָבען זיך אזוי לאַנג ארומגעטראָגען מיט דעם פון איינעם צום אַנדערען, ביז דער עולם האָט דאָס אויסגעלערענט אויף אויסווענינג, לצים האָבען צוגעזעצט צו דעם אַ ניגון פון איין אַלט בעקאַנט ליעדעל, און מע האָט דאָס ליעדעל געזונגען אויף אַלע

שטרעקען: בעלי־מלאכות האָבען עס געזונגען ביי׳ם ווארשטאַט, קעכינס — ביי׳ם אויווען, מיידלעך — אויף די פּריזבעס, מוטערס האָבען מיט דעם פערוויעגט קינדער... אַ נאַריש ליעדעל האָט אין זיך אַ כח: בשעת דער האַלז זינגט, טראַכט דער קאָפּ; קלערט, קלערט אזוי לאַנג, ביז עס דערקלערט זיך עפּיס; מחשבות דרעהען זיך, דרעהען זיך, פּיקען אין מוח אזוי לאַנג, ביז עס פּיקט זיך עפּיס אויס, און פון אַ מחשבה ווערד אַ מעשה.

די מעשה, וואָס איז ארויס פון דעם ליעדעל, איז געווען אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע. איהר מעגט דאָס האָרכען. עס קאָן אייך צו־נוץ קומען.

## IV

שקצים, עכברושים, עזות־מחוצף־פּנימ׳ער, לצים, וויסע־חברה׳ניקעס, הולטייעס האָבען אזוי לאַנג געגראָבען אויף איסר׳ען, געזוכט און גענישטערט, ביז מע האָט זיך ארויפגעשלאָגען אויף אַ שטיקעל דרך. איינמאָל אין אַ שענעם פריהמאָרגען איז מען ארויף אויפ׳ן בוידעם פונ׳ם אַלטען בית־המדרש און מע האָט אַנטדעקט דאָרטען אַ גאַנצען אוצר: סטערינאָווע ליכט אַ גוזמא, עטליכע פוד וואַכס, אַ פּאָר צעהנדליג טליתים נאָך גאָר נייע, אַ גאַנצען סקלאַד פון מחזורים נאָך נישט קיין געניצטע, סדורים מיט סליחות מיט קינות מיט נאָך גוטע זאַכען, וואָס ביי אייך, קאָן זיין, האָט דאָס נישט אַזאַ ווערטה, ווי ביי אַ שמש פון אַ שוהל. מיט גרויס פּאַראַד האָט מען דעם דאָזיגען אוצר אַראָפּגעטראָגען פונ׳ם בוידעם — און לאָז אייך שוין אייער פאַנטאַזיע אַליין פאָרשטעלען אָט דאָס בילד: פון איין זייט איסר מיט דער האָר־באַטער נאָז, מיט די מורא׳דיגע ברעמען, מיט דער מעשענער באָרד, וואָס הויבען הויבט זי זיך אָן, דאַכט זיך, אזוי געדיכט און גראָב, און לאָזען לאָזט זי זיך אויס דוקא מיט עטליכע שיטערע לאַנגע בייזע האָר... און פון דער אנדערער זייט די שקצים,

עכברושים, עזות־מחוצף־פנימ'ער, לצים, ווייסע־חברה'ניקעס, הול־טייעס, מיט'ן אוצר פון סטערינגאָווע ליכט, וואכס, טליתים, סדורים, מחזורים, סליחות און קינות א גאַנצער סקלאַד! מיינט נישט פון דעסטוועגן, אז איסר האָט זיך חלילה פעריאָרען. איסר איז נישט פון די מענשלעך, וואָס באַלד עפּיס פער־לירען זיי זיך. ער איז נאָר געשטאַנען, געקוקט און גע'חידוש'ט זיך, ווי קומט דאָס גאָר אהער, אין שוהל אויפ'ן בוידעם?!...

---

אויף מאָרגען גאַנץ פריה האָט זיך בעוויזען אויפ'ן פּאַרקאַן פון דער שוהל אזא מין אנאָנס, מיט קרייד אויפגעשריבען:

„בכאן פערקויפט מען יאָהרצייט־ליכט במקח השוה".

אויפ'ן אנדערען טאָג איז שוין געווען איין אנדער אויפשריפט. אויפ'ן דריטען טאָג — ווידער איין אנדער אויפשריפט. און איסר האָט געהאַט א גוט שטיקעל ארבייט: אַלע פריהמאָרגען פלעגט ער שטעהן מיט א נאַסער שמאַטע אָפּרייבען די דאָזיגע שענע אנאָנסען, וואָס זענען געוואַכסען אין דער לענג און אין דער ברייט אויפ'ן פּאַרקאַן פונ'ם אַלטען בית־המדרש. אויך אין די סטענדערס האָבען בעלי־בתים געפונען אַלע שבת גאַנצע פּעק מיט בריוועלעך, וואָס לצים האָבען אונטערגעוואָרפען אויף איסר דעם שמש און אויף דעם בינטעל גבאים, וואָס איסר האָט געשלאָגען מיט זיי בלאָט.

א שווער שטיקעל צייט האָט דעמאָלט איבערגעלעבט איסר. ער האָט אָרויפגעפיהרט די גבאים, מע זאָל אויסהענגען אין בית־המדרש א מודעה, אויף פּאַרמעט געשריבען, מיט גרויסע אותיות, בזה הלשון:

„היות ווי עס האָבען זיך בעוויזען ביי אונז, בעונותינו הרבים, יונגע לייט, ריקים ופוחזים, פערדאָרבענע מענשלעך, וואָס טרע־

טען־ארוים מיט פאַלשע מסירות קענען די פּאַרנעמסטע לייט פון שטאָדט, לכן זענען מיר מוסר מודעה בשם הגבאים דבית־המדרש הגדול, אַז מהיום והלאה וועלען מיר געבען השגחה אויף די דאָזיגע ענינים זעהר און זעהר, און דעם, וואָס מע וועט חאַפּען, וועט מען מיט איהם טהון על־פּי הזאַקאָן"...

פערשטעהט זיך, אַז די מודעה האָבען חברה באַלד אַראָפּגעריסען, און אויף איהר אָרט איז אַרויסגעוואַכסען איין אַנדער מודעה. האָט מען זיך ניט געפוילט און מע האָט די נייע מודעה אויך אַראָפּגעריסען, און עס איז אויף איהר אָרט אויסגעוואַכסען אַ פרישע מודעה, און די בעלי־בתים האָבען געפונען אין די סטענדערס פרישע בריוועלעך אויפ'ן שמש מיט די גבאים. הכלל, דאָס איז געווען אַ שטיקעל צייט, וואָס דער עולם האָט געהאַלטען אין איין שרייבען: די גבאים האָבען געשריבען מודעות, און די לצים די ווייסע־חברה'ניקעס האָבען געשריבען בריוועלעך — אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז עס זענען געקומען די טעג פון ימים נוראים, די צייט פון דער קלפּי, פון קלויבען גבאים הייסט עס, און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטרייט צווישען ביידע צדדים: פון איין זייט איסר מיט זיינע פּאַטראָנען, די אַלטע גבאים, און פון דער אַנדערער זייט די שקצים, עכברושים, לצים, ווייסע־חברה'ניקעס מיט זייערע קאַנדידאַטען. איטליכער צד האָט געצויגען צו זיך דעם גאַנצען איבעריגען עולם, יעדער מיט וואָס גאָט האָט איהם געבענשט: דער מיט הייסע ווערטער, פלאַם־פייעריגע דרשות, דער גלאַט מיט זיסע רעד, און דער מיט געבראָטענע קאַטשקעס, פּופּעקלעך, גוטע הבטחות, צוזאָגעכצען אויף שפּעטער, — און שטעלט אייך פאָר, אַז גובר געווען האָבען — איהר וועט גאָרניט טרעפען! — דוקא די שקצים, עכברושים, לצים, ווייסע־חברה'־ניקעס! און אויסגעקליבען האָט מען נייע גבאים, און דוקא פון די יונגעלייטלעך, קורצע ווייטיקלעך, לצים, קבצנים און — אוי־וועה, אַ שאַנד צו דערצעהלען! — בעלי־מלאכות, פּראָסטע בעלי־מלאכות!...

## V

איך האָב מורא, אַז איהר שטויסט זיך אָן, אַז די מעשה נעמט אַ סוף. ביז וואַנען איז דער שיעור צו ציהען? צי איהר ווילט, איך זאָל אייך טאַקי דערצעהלען, ווי אַזוי אונזערע נייע גבאים האָבען זיך גערעכענט מיט'ן אַלטען שמש? ווי אַזוי מע האָט נעבאַך דעם אַלטען איסר'ען געפיהרט יענעם שמחת־תורה מיט כבוד און מיט געזאַנג איבער אַלע גאַסען, און קונדסים, לצים, ווייסע־חברה'ניקעס האָבען געטראָגען אויף צו־פריהער, מיט גרויס פּאַראַד, דעם גאַנצען אוצר מיט סטערינאָווע ליכט, מיט וואַכס און מיט די אַלע טליתים, סדורים, מחזורים, קינות און סליחות, וואָס מע האָט געפונען אויפ'ן בוידעם פון'ם אַלטען בית־המדרש? — ניין, איך מיין, אַז איהר וועט פון מיר אַזאַ זאַך ניט פערלאַנגען.

דערלעבען אַ נקמה אינ'ם שונא — מהכתיתי; נאָר באָדען זיך אין זיין בלוט — דאָס נישט. איך קאָן אייך גאָר דערצעהלען נישט מעהר ווי עטליכע ווערטער:

אויף היינטיגע ימים־טובים בין איך מיך דורכגעפאָהרען אַהיים, אין מיין געבורט־שטאָדט. שוין לאַנג נישט געווען. אַ סך, אַ סך וואַסערען זענען פון יענער צייט דורכגעלאָפען. פון דעסטוועגען האָב איך געטראָפען דאָס אַלטע בית־המדרש אויפ'ן זעלביגען אָרט; דער אייגענער אָרון־קודש מיט'ן זעלבען פּרוכת, מיט דער אייגענער בימה, מיט די אייגענע הענגלייכטער. נאָר די מענשען — די מענשען האָבען זיך איבערגעביטען, שטאַרק פערענדערט געוואָרען, אַזוי, אַז ס'איז כמעט נישט צו דערקענען זיי. די אַלטע לייט זענען שוין לאַנג אויסגעשטאָרבען, און אויפ'ן הייליגען אָרט זענען מסתמא צוגעקומען אַ שען ביסעל מצבות מיט שענע אויפשריפטען. די יונגעלייט האָבען בעקומען גרויע בערדלעך. די גבאים זענען נייע, אַ חזן אַ נייער, אַ שמש אַ נייער,

מיט נייע ניגונים, מנהגים נייע — גאָלע נייעס און נייעס !...

איינמאָל — הושענא־רבה איז דאָס געווען — דער נייער חזן מיט'ן נייעם כאָהר האָט זעהר שען געזונגען דעם „קול מבשר מבשר ואומר", און דער עולם האָט זיך אַ נעם געטהאָן אָפּשלאָגען די בלעטלעך פון די הושענות (דער דאָזיגער מנהג איז, אַפּנים, פערבליבען אויף שטענדיג), און איך האָב בעמערקט פון דערווייטען איין אַלטעטשקען, אַ גרייז־גרויען, איין איינגעהויקערטען מיט אַ האָרבאַטער נאָז, מיט מורא'דיגע געדיכטע ברעמען און מיט אַ באָרד, וואָס אָנהויבען הויבט זי זיך אָן, דאַכט זיך, גראָב און געדיכט, און אויסלאָזען לאָזט זי זיך אויס דוקא דין, מיט עטליכע שיטערע לאַנגע בייזע האָר, — און עס האָט מיך געטהאָן אַ ציה צום דאָזיגען אַלטעטשקען, און איך בין צו איהם צוגעגאַנגען און האָב איהם אויסגעצויגען די האַנד:

— שלום עליכם אייך... דאַכט זיך, רב איסר... דער שמש ?

— דער שמש ? וואָסער שמש ? שוין לאַנג אוים שמש. שוין לאַנג איין אָפּגעשלאָגענע הושענא — חע־חע !...

אזוי האָט מיר דער אַלטעטשקער אַ זאָג געטהאָן מיט אַ ציטעריג קול און אַ ווייז געטהאָן מיט אַ ציטעריגער האַנד אויף דער אָפּגעשלאָגענער הושענא, וואָס האָט זיך געוואַלגערט פאַר זיינע פיס, און אַ ביטער שמייכעל האָט זיך געשפּיעלט אויף דער גרייז־גרויער באָרד, וואָס אָנהויבען הויבט זי זיך אָן, דאַכט זיך, גראָב און געדיכט, און לאָזען לאָזט זי זיך אויס דוקא דין, מיט עטליכע שיטערע לאַנגע נאָך אַלץ בייזע האָר...

ב.

# בועז דער מלמד.

I.

דאָס וואָס איך האָב געפיהלט דעם ערשטען טאָג, בשעת די מאַמע האָט מיך אָפּגעפיהרט פאַר א האַנד צו בועז'ען אין חדר אריין, בעדאַרף פיהלען א יונג עופ'עלע, בשעת מע שלאָגט־אָפּ מיט דעם כפרות און מע טראָגט דאָס אָפּ צום שוחט. עס צאַפּעלט דאָס יונגע עופ'עלע, פלאַטערט נעבאַך; פערשטעהן פערשטעהט דאָס ניט, נאָר פיהלען פיהלט דאָס, אז דאָ שמעקט נישט מיט קיין פראַסע, נאָר מיט עפּיס אַנדערש... ניט אומזיסט האָט זי מיך געטרייסט, די מאַמע מיינע, אז דער גוטער מלאך וועט מיר וואַרפען א גראָשען פון דער סטעלי; ניט אומזיסט האָט זי מיר געשענקט א גאַנצען עפּעל מיט א קוש אין שטערן אריין; ניט אומזיסט האָט זי געבעטען בועז'ען, ער זאָל געהן מיט מיר א ביסעלע ווייכער, האָטש א ב י ס ע ל ע ווייכער, מחמת „דאָס קינד האָט ערשט ניט לאַנג געמאָזעלט"...

אזוי האָט א זאָג געטהאָן די מאַמע און א ווייז געטהאָן מיט דער האַנד אויף מיר, גלייך ווי זי וואָלט איבערגעבען בועז'ען אין די הענד אריין עפּיס זעהר א טהייערע כלי פון קרישטאָל, וואָס טאָמער חלילה איין ריהר — איז אויס כלי!

א צופריעדענע, א גליקליכע איז די מאַמע געגאַנגען אהיים, און „דאָס קינד וואָס האָט ערשט ניט לאַנג געמאָזעלט" איז איבערגעבליבען אליין. תחילת א ביסעל א ווייז געטהאָן, נאָכדעם אויס־

געווישט די אויגלעך און מקבל געווען אויף זיך דעם עול פון דער תורה און פון דרך־ארץ, און ארויסגעקוקט אויף דעם גוטען מלאך, וואָס וועט איהם וואַרפען מסתמא באלד א גראָשען פון דער סטעלי.

אוי, אָט דער גוטער מלאך! אָט דער גוטער מלאך! בעסער וואָלט די מאמע נישט דערמאָנט דעם נאָמען זיינעם! וואָרום אַז בועז איז צוגעגאַנגען צו מיר, מיך געגעבען אַ נעם מיט זיין טרו־קענער בעוואַכסענער האַנד און אַ זעץ־אַנידער צום טיש, איז מיר שוין געוואָרען נישט גוט אויף צו חלש'ען, און איך האָב שוין אויפגעהויבען דעם קאָפּ ארויף צו דער סטעלי, און האָב שוין גע־חאַפּט דעם שענעם פּסק פון'ם רבין מיט'ן רעכטען ציה פאַר'ן אויהער: „ממזר! וואוהין קוקסט דו?"

אודאי האָט זיך „דאָס קינד וואָס האָט ערשט ניט לאַנג גע־מאָזעלט" אַ ביסעלע צעפּעסטעט: „מאַ־מע!" און ערשט דע־מאָלט פערזוכט דעם אמת'ען טעם פון'ם רבינ'ס שמיץ: „אַ יונ־געלע זאָל נישט קוקען אַהין וואו מע דאַרף ניט!"... „אַ יונגעלע זאָל ניט רעווען ווי אַ קעלבעל מאַ־מע!"...

II

די מעטאָדע פון'ם רבי'ן בועז איז בעשטאַנען אין איין זאַך: שמיץ. פאַר וואָס עפּים שמיץ? ער האָט דאָס געגעבען צו פערשטעהן מיט'ן שכל און געבראַכט אַ משל פון, להבדיל, אַ פערד: איבער וואָס געהט אַ פערד? ווייל ער האָט מורא. פאַר וואָס האָט מורא אַ פערד? פאַר אַ שמיץ. פונקט אַזוי איז מיט אַ קינד. אַ קינד בעדאַרף האָבען מורא: מורא פאַר גאָט, מורא פאַר'ן רבי'ן, מורא פאַר טאַטע־מאַמע, מורא פאַר איין עבירה, מורא פאַר אַ שלעכטע מחשבה... און בכדי אַ קינד זאָל טאַקי מורא האָבען וואָס מורא הייסט, בעדאַרף מען דאָס גאַנץ פיין אָפּשפּיליען, בעל־הבתיש אַנידערלעגען און אריינציִמבלען אַ פּאָר

צעהנדליג שמיצלעך. „אוי, שמיצלעך־מוצלח! ניטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט, ווי אַ רוט, און לעבען זאָל דער קאַנטשיק!"

אַזוי זאָגט בועז און נעמט דעם קאַנטשיק אין האַנד אַריין פּאַוואָלינקע, נישט געהאַפּט, בעטראַכט איהם פון אַלע זייטען, ווי מע בעטראַכט איין אתרוג, נאָכדעם נעמט ער זיך צו דער מלאָכה ערנסט, מיט ישוב־הדעת, זינגט־צו בשעת מעשה און שאָקעלט־צו מיט'ן קאָפּ:

שמיצלעך!
מוצלח!
שמיצלעך!
מוצלח!

חדושים ונפלאות! בועז צעהלט נישט און האָט קיינמאָל נישט קיין טעות. בועז שמייסט און איז קיינמאָל נישט אין כעס. בועז איז נישט קיין מענש פון כעס; אין כעס איז ער נאָר דעמאָלט, ווען אַ קינד לאָזט זיך ניט שמייסען, רייסט זיך פון די הענד, דריגעט מיט די פיסלעך. זעהט איהר, דעמאָלט איז עפּיס אַנדערש. דעמאָלט ווערען די אויגען אָנגעגאָסען מיט בלוט, און ער שמייסט שוין אָהן אַ ניגון און אָהן אַ צאָהל: „אַ יונגעלע דאַרף ליגען שטיל, אַז אַ רבי שמייסט!... אַ יונגעלע דאַרף האָבען דרך־ארץ אפילו דעמאָלט, ווען מע שמייסט איהם!"...

אויך איז בועז אין כעס, טאָמער לאַכט אַ קינד בשעת מע שמייסט דאָס (פאַרהאַן אַזעלכע קינדער, וואָס לאַכען בשעת מע שמייסט זיי; אַ חולאת, זאָגט מען...). ביי בועז'ען לאַכען — איז סכנת־נפשות! בועז האָט אַליין נישט געלאַכט זינט ער לעבט, און האָט פיינט, אַז דער אַנדערער לאַכט. מע האָט געקאָנט צוזאָגען די גרעסטע פּרעמיע יענעם מענשען, וואָס וועט שווערען בנאמנות, אַז ער האָט אַליין געזעהען בועז'ען לאַכען. בועז איז נישט קיין מענש פון לאַכען. זיין פּנים איז גאָר נישט מסוגל דערצו. בועז'ס פּנים זאָל אָנהויבען לאַכען, וואָלט דאָס געוויס אויסזעהן אַ סך ערגער ווי ביי איינעם וואָס וויינט (פאַרהאַן,

פאַרהאַן אַזעלכע פּנים׳ער אויף דער וועלט !). און וואָס איז טאַקי באמת פאַר איין עובדא לאַכען? לאַכען — לאַכען דאָך מענשען לעדיגגעהערס, פּוסטע קעפּ, לצים, הולטייעס. אָבער מענשען, וואָס האָבען אויף זיך דאגות פרנסה, וואָס טראָגען אויף זיך דעם עול פון תורה און פון דרך־ארץ, האָבען נישט קיין צייט אויף צו לאַכען. בועז האָט קיינמאָל קיין צייט ניט. בועז אָדער ער קנעלט, אָדער ער שמייסט, דאָס הייסט, ער קנעלט שמייסענדיג, אָדער ער שמייסט קנעלענדיג — שווער אָפּצוטיילען איינס פון׳ם אנדערען און זאָגען: וואו לאָזט זיך אויס ביי איהם „געקנעלט” און וואו הויבט זיך אָן „געשמיסען”.

און געשמיסען האָט אונז בועז, דאַרפט איהר וויסען, קיינמאָל נישט אומזיסט. ס׳איז תמיד געווען אַ טעם פאַר וואָס: פאַר נישט גוט געלערענט, פאַר נישט גוט געוואָלט דאַווענען, פאַר נישט געפּאָלגט טאַטע־מאַמע, פאַר ניט אַריינגעקוקט, פאַר אַרויס־געקוקט, פאַר גלאַט געקוקט, פאַר צו גיך געדאַווענט, פאַר צו פּאַוואָלי געדאַווענט, פאַר צו הויך גערעדט, פאַר צו שטיל גע־רעדט, פאַר איין אָפּגעריסענעם לאַץ, פאַר אַ קנעפּעל, פאַר אַ ריס, פאַר אַ דראַפּ, פאַר אויסגעשמירטע הענד, פאַר אַ פערפלעקטען סדור, פאַר אַ נאַשעריי, פאַר אַ לויפעריי, פאַר אַ שטיפעריי, און אַזוי ווייטער און ווייטער, אָהן איין עק.

דאָס זענען געווען, קאָן מען זאָגען, שמיץ פאַר „על חטא שחטאנו לפניך ביודעים”. היינט זענען געווען שמיץ פאַר „על חטא שחטאנו לפניך בלא יודעים”, דהיינו: שמיץ אויף להבא, אַלע ערב שבת און אַלע ערב יום־טוב און אַלע ערב בין־הזמנים, מיט אַ פּירוש דערויף: „טאָמער האָט איהר די שמיץ נאָך ניט פאַרדיענט, וועט איהר זיי, אם ירצה השם, כשר פאַר־דיענען”... אָדער שמיץ אַזעלכע, וואָס עמיצער, איין אייגענער אָדער אַ פרעמדער, האָט אייך געוואָלט אַ טובה טהון, צוגעשטעלט אַ בענקעלע פאַר׳ן רבי׳ן. אָדער שמיץ מיט איין אָנצוהערעניש פון׳ם רבי׳ן אַליין: „דו ווייסט שוין אַליין מסתמא, פאַר וואָסערע

מעשים טובים"... אָדער שמיץ אויף אַ ציקאַווּעסט: „לאָם איך זעהן אַקאָרשט, ווי אַזוי אַ יונגעלע לאָזט זיך שמייסען"... מיט איינעם וואָרט: „שמיץ", „קאַנטשיק", „מורא", „טרערען" — אָט וואָס אין יענער צייט האָט געטהאָן געוועלטיגען אין אונזער קליין נאַריש קינדערש וועלטעל, אָהן אַ שום עצה, אָהן אַ שום רפואה, אָהן אַ שום שטראַהל פון האָפענונג אויף פּטור צו ווערען פון דעם גיהנם!...

און דער גוטער מלאך, וואָס די מאַמע האָט געזאָגט? וואו איז ער ערגיץ, יענער גוטער מלאך?

III

איך מוז מיך מודה זיין פאַר אייך, אַז איך האָב צייטענווייז געקוויינקעלט זיך אין דער שענער מעשה מיט'ן גוטען מלאך. אַ פונק פון אפיקורסות האָט זיך אַ ביסעל צו פריה אריינגע'גנב'עט צו מיר אינ'ם קינדערש הערצעל אריין. צו פריה האָב איך אָנגעהויבען צו קלערען: אפשר האָט מיך די מאַמע אָפּגענאַרט? צו פריה האָב איך מיך בעקענט מיט'ן געפיהל, וואָס ווערד אָנגערופען „שנאה". צו פריה, צו פריה האָב איך פיינט געקראָגען דעם רבי'ן בועז!

און ווי אַזוי זאָל מען איהם ניט פיינט האָבען? ווי אַזוי, פרעג איך אייך, זאָל מען ניט פיינט האָבען אַ רבי'ן, וואָס לאָזט נישט קיין קאָפּ אויפהויבען: דאָס טאָרסט דו ניט! דאָרט שטעה ניט! אַהין געה ניט! מיט דעם רעד ניט!?... ווי אַזוי זאָל מען ניט פיינט האָבען אַ מענשען, וואָס האָט ניט אין זיך קיין קאָפּ רחמנות, וואָס האָט הנאה, אַז יענעם טהוט וועה, וואָס באָדט זיך אין יענעמ'ס טרערען, שמירט זיך מיט יענעמ'ס בלוט?... דאַכט זיך, וואָס קאָן שוין זיין מעהר בזיון פונ'ם וואָרט „שמייסען"?... וואָס קאָן שוין זיין מעהר בושה, ווי אַז מע טהוט־אויס אַ מענשען אָדם־נאַקעט און מע שטעלט איהם אַוועק אין אַ ווינקעלע, ווי די

מאַמע האָט איהם געהאַט? ניין, בועז'ען איז דאָס קאַרג! בועז פאַדערט פון אייך, אַז איהר זאָלט אַליין זיך אויסטהון, אַליין אַראָפּציהען, מחילה, די תחתונים'לעך, אַליין נעמען דאָס העמ־דעלע איבער'ן קאָפּ, אַליין זיך אַנידערלעגען, איך בעט איבער אייער כבוד, מיט'ן פּנים אַראָפּ, — און דאָס איבעריגע וועט שוין בועז אַליין טהון:

שמיצלעך,
מוצלח!
שמיצלעך,
מוצלח!...

און נישט נאָר בועז אַליין האָט געשמיסען, עס האָבען געה־האָלפען שמייסען אויך די בעהעלפערס זיינע, די „משוררים", ווי ער האָט זיי גערופען, געוויינטליך, אונטער דער השגחה פון בועז'ען, מע זאָל חלילה ניט פערפעהלען קיין שמיצעל. „וויינ־ציגער מיט אַ ביסעל תורה און מעהר מיט אַ שמיצעל" — אַזוי האָט געדרונגען בועז און גענעבען צו פערשטעהן די דאָזיגע טעאָריע מיט'ן שכל־הישר: אַז מיט צו פיעל תורה פערשלאָגט מען אַ קינד דעם קאָפּ, און איין איבעריג שמיצעל שאַדט ניט. „וואָרום לאָמיר דאָס נאָר פאַרשטעהן, זאָגט בועז, על־פּי חקירה: דאָס לערנען, וואָס מע לערענט מיט אַ קינד, געהט דאָס גלייך אין קאָפּ אַריין, לכן איז דאָס מבלבל די רעיונות און מטמטם דעם מוח; און דאָס שמייסען, וואָס מע שמייסט, איז אדרבה־פאַרקעהרט: ביז עס דערגעהט פון יענעם חלק דורכ'ן גאַנצען גוף ביז'ן קאָפּ, רייניגט דאָס דערווייל די געבליטען און עס לייטערט דעם מוח. היינט פאַרשטעהט איהר שוין?"

און בועז האָט נישט אויפגעהערט צו רייניגען אונז די גע־בליטען און צו לייטערען אונזערע מוחות. און — אוי־וועה! מיר האָבען שוין מעהר נישט געגלויבט אין יענעם גוטען מלאך, וואָס קומט פון אויבען! מיר האָבען שוין צעקיים, אַז דאָס איז נאָר

געווען אַ פּזמון, איין אויסגעטראַכטע מעשה אויף צו פערגאַרען אונז צו בועז׳ען אין חדר אַריין, און מיר האָבען אָנגעהויבען צו זיפצען און צו קרעכצען אויף אונזער גלות פון בועז׳ען, צו מומלען און צו רעדען און צו זוכען מיטלען, ווי אַזוי ווערד מען פּטור פון׳ם דאָזיגען שווערן ביטערען גלות?...

IV

אין די מרה־שחורה׳דיגע מינוטען וואָס צווישען טאָג און נאַכט, בשעת די רויטפאַרביגע פייעריגע זון בעדאַרף זיך געזעגענען מיט דער טונקעלער קאַלטער ערד אויף אַ גאַנצער נאַכט; אין די מרה־שחורה׳דיגע מינוטען, ווען דער פרייליכער, הילכיגער טאָג מאַכט אַ ויברח, און אויף זיין אָרט טרעט־צו מיט שטילע טריט די אומעטיגע שטילע נאַכט מיט איהר אומעטיגען שטילען סוד; אין די מרה־שחורה׳דיגע מינוטען, ווען דער שאָטען קלעטערט אויף די גלייכע ווענד, וואַכסט אין דער לענג און אין דער ברייט; אין די מרה־שחורה׳דיגע מינוטען וואָס בין מנחה למעריב, בשעת דער רבי איז אין שוהל און די רביצין האָט צו טהון מיט דער ציעג, מיט די קריגלעך אָדער מיט דער דייזשע באָרשטש — דעמאָלט זאַמלען מיר זיך צונויף, קליינוואַרג, אין חדר, אַלע אינאיינעם צווישען אויוועז, זעצען זיך אוים אויף דער ערד, די פיסלעך אונ־טער זיך, שלאָגען זיך צונויף, ווי די אומשולדיגע שעפעלעך, כשר׳ע לעמעלעך, און דאָרטען, אין דער פינסטער, רעדען מיר פון אונזער מורא׳דיגען טיטוס, פון אונזער מלאך־המות בועז. יונגלעך עלטערע, פון דער גרויסער כתה, וואָס לערנען ביי בועז׳ען שוין ניט דעם ערשטען זמן, דערצעהלען זיך אָן פון איהם מורא׳־דיגע מעשיות און שווערען מיט כל השבועות שבעולם, אַז בועז האָט פערשמיסען ניט איין יונגעל ביז צום טוידט, אַז בועז האָט אַריינגעטריבען אין דער ערד אַריין שוין דריי ווייבער, אַז בועז האָט בעגראָבען זיין איין־און־איינציגען זוהן, וכדומה אַזעלכע ווילדע

זאַכען, פון וואָס די האָר שטעלען זיך קאַפּויר! עלטערע יונגלעך דערצעהלען, און די קלענערע האָרכען, האָרכען מיט קאָפּ. שוואַרצע אויגלעך אין דער פינסטער גלאַנצען, יונגע הערצלעך קלאַפּען, און עס בלייבט ביי אונז דער הסכם, אז בועז דער רבי איז אָהן א נשמה, א מענש אָהן א נשמה, און אזא מענש איז דאָך געגליכען צו א חיה, צו א מזיק, וואָס ס'איז א מצוה איהם צו פּטר'ען... און טוויזענדער פּלאַנען, נאַרישע קינדערשע פּלאַנען, וועבען זיך ביי אונז אין די קינדערשע מוחות, ווי אזוי מיר זאָלען פּטור ווערען פונ'ם דאָזיגען מלאך־המות... נאַרישע קינדער! די דאָזיגע נאַרישע קינדערשע פּלאַנען האַלטען זיי איטליכער בעזונדער טיעף פערבאָרגען ביי זיך אין הארצען. זיי בעטען גאָט, ער זאָל טהון א נס: אָדער דער סדור זאָל פערברענט ווערען, אָדער דעם קאַנטשיק זאָל צונעמען דער רוח, אָדער... אָדער... דעם לעצטען „אָדער" וויל קיינער ניט ארויסזאָגען; מע האָט דאָס מורא ברענגען פאַר'ן מויל. און דער כוח־הדמיון ביי די קינדער ארבייט, די יונגע פאַנטאַזיע טראָגט, און חלומות, גוטע זיסע חלומות, פּלאָנטען זיך אין דער וואָהר, חלומות פון פריי־זיין, פון לויפען אראָפּ־א־באַרג, פון פּאַליאָסקען זיך מיט באָרוויסע פיס אין טייך, פון שפּיעלען אין פערדלעך, פון שפּרינגען איבער פּלויטען — גוטע, זיסע, נאַרישע חלומות, וואָס ס'איז ניט בעשערט, זיי זאָלען מקוים ווערען; וואָרום אָט הערט זיך א בעקאַנטער הוסט פון א בעקאַנטען פּארשוין, א קלאַפּען פון בעקאַנטע פּאָדעשוועס, א שליאָפּען פון בעקאַנטע שקראַבעס — און עס ווערען אונז פערקיהלט די געבליטען, און עס ווערען אונז פערגליווערט, פערשטאָרבען אַלע אברים, און מיר זעצען זיך אוועק צו דער תורה און צו עבודת־הבורא, צום לערנען און צום דאַווגען, — פּונקט מיט אזא חשק, ווי געהן צום עשאַפאָט, צו דער תליה! מיר לערנען, און אונזערע ליפּען שעפּטשען: „רבונו של עולם! צי עס וועט קומען אמאָל א צייט אויף דעם דאָזיגען עמלק, אויף דעם פּרעה, אויף דעם המן, אויף דעם גוג־ומגוג? צי עס וועט

קומען אמאָל אַ צייט, וואָס מיר וועלען פּטור ווערען פונ'ם דאָזיגען שווערען, וויסטען, פינסטערען גלות? ניין, קיינמאָל נישט! קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט!"...

אַזוי האָבען מיר אָפּגעפּסק'ענט — אומשולדיגע, נאַרישע קינדער.

## V

— קינדער! איהר ווילט הערען אַ שענעם פּלאַן, ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון אונזער גוג־ומגוג?

אַזוי האָט זיך אָנגערופען איינמאָל אין די אויבענדערמאָנטע מרה־שחורה'דיגע מינוטען איינער פון דער עלטערער כתה, מיט'ן נאָמען וועלוועל ליב־אריה'ס, אַ יונגעל אַ שייגעץ, און די אויגען האָבען איהם בשעת מעשה געבלישטשעט אין דער פינסטער, ווי ביי אַ וואָלף, און די גאַנצע חברה קליינוואַרג האָט אַרומגערינגעלט וועלוועלען אויסצוהערען דעם שענעם פּלאַן, וואָס ער האָט צוגעקלערט, ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון אונזער גוג־ומגוג. און וועלוועל ליב־אריה'ס האָט גענומען אונז פאָרלעגען זיין שענעם פּלאַן פריהער מיט אַ גאַנצער דרשה: ווי אַזוי ס'איז שוין פון דעם בועז'ען ניט אויסצוהאַלטען, ווי אַזוי דער אשמדאי באָדט זיך אין אונזער בלוט, ווי אַזוי מיר זענען פעררעכענט ביי איהם ערגער פון הינד, וואָרום אַ הונד, אַז מע דערלאַנגט איהם מיט'ן שטעקען, האָט ער חאָטש אַ ברירה צו קוויטשען, און מיר טאָרען דאָס אויך ניט; און אַזוי ווייטער און ווייטער... און נאָכדעם רופט זיך אָן צו אונז וועלוועל:

— הערט, קינדער, וואָס איך וועל אייך פרעגען? איך וויל אייך עפּיס פרעגען.

— פרעג! — זאָגען מיר איהם אַלע אין איין קול.

— ווי איז דער דין, אַשטייגער, אַז אויף איינעם פון אונז קומט פּלוצים אַ קרענק?

— איז ניט גוט! — ענטפערען מיר איהם אָפּ.

— ניין, נימ דאָס מיין איך. איך מיין עפּיס אנדערש: למשל, אַז איינער פון אונז ווערד קראַנק — געהט ער אין חדר אַריין, צי ער בלייבט זיצען אין דער היים?

— פארשטעהט זיך, אַז ער בלייבט זיצען אין דער היים! — שרייען מיר אויס אַלע אין איין קול, און וועלוועל פרעגט ווייטער:

— ווי זשע איז אָבער דער דין, אַז אויף צוויי פון אונז קומט אַ קרענק?

— זיצען צוויי אין דער היים.

— נו, און אַז אויף דריי? — הערט וועלוועל ניט אויף צו פרעגען, און מיר מיעדען זיך ניט איין צו ענטפערען איהם:

— זיצען דריי אין דער היים.

— ווי זשע איז אָבער דער דין, כדומה למשל, אַז אויף אונז אַלע איז געקומען אַ קרענק?

— זיצען מיר אַלע אין דער היים.

— לאָז זשע קומען אַ קרענק אויף אונז אַלע! — זאָגט וועל־וועל מלא גדולה. און מיר ענטפערען איהם מיט כעס:

— לאָז גאָט היטען! ביזט משוגע, צי חסר־דעה?

— איך בין ניט משוגע און ניט חסר־דעה; נאָר איהר זענט בהמות — דאָס יאָ. איך מיין דען, מיר זאָלען קרענקען אויף דער אמת'ען? אויף צו־כלומרשט מיין איך, בכדי מיר זאָלען ניט געהן אין חדר אַריין. היינט פאַרשטעהט איהר שוין?

אזוי גיט אונז צו פערשטעהן אונזער חבר וועלוועל, און מיר הויבען אָן דעם פּלאַן צו פערשטעהן, און דער פּלאַן הויבט אונז אָן צו געפעלען, און מיר הויבען אָן צו טראַכטען, וואָס פאַר אַ מין קרענק זאָל אויף אונז קומען? דער זאָגט: ציינווערטיג. דער זאָגט: קאָפּווערטיג. דער זאָגט: בויכווערטיג. דער זאָגט: ווערעם. נאָר בלייבען בלייבט, אַז ניט קיין ציינווערטיג, און ניט קיין קאָפּווערטיג, און ניט קיין בויכווערטיג, און ניט קיין ווערעם. נאָר וואָס דען? עס דאַרפען אונז אַלעמען מיט אַ מאָל

אָנהויבען וועה־טהון די פיס — ווארום אויף די אַלע אויסגערע־
כענטע קרענק איז דער דאָקטאָר אַ מבין; און אַז איהר זאָגט
איהם: די פיס טהוען אייך וועה, איהר קאָנט ניט ריהרען מיט
די פיס — לאָז ער געהן טאַפּען!...

— געדענקט זשע, קינדער, מאָרגען אין דער פריה זאָלט
איהר ניט אויפשטעהן פון אייערע געלעגערס! און בכדי מיר
זאָלען זיין זיכער, אַז מיר האָבען געמאַכט יד אחת און קיינער פון
אונז וועט ניט קומען מאָרגען אין חדר אַריין, לאָמיר זיך געבען
איינס דאָס אַנדערע תקיעת־כּף און איבערשלאָגען מיט אַ ציצה!

אַזוי האָט אויסגערופען אונזער חבר וועלוועל, און מיר האָ־
בען זיך געגעבען איינס דאָס אַנדערע תקיעת־כּף און איבערגע־
שלאָגען מיט אַ ציצה, און זענען געגאַנגען יענעם אויף דער נאַכט
פון חדר אַהיים לעבעדיג, פריילין, און געזונגען לידער, ווי די
גבורים, וואָס האָבען אַ מיטעל ווי אַזוי גובר צו זיין דעם שונא,
איינצונעמען די מלחמה.

---

קינדער! מיר געהען־צו צום סאַמע העכסטען אינטערעס פון
אונזער געשיכטע, און איך פערשטעה, אַז איהר זענט נייגעהריג
צו וויסען, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פון׳ם דאָזיגען נאַרישען
קינדערשען פּלאַן, פון׳ם דאָזיגען משוגענעם סטרייק? איך פער־
שטעה, אַז איהר ווילט וויסען, צי איז דאָס תקיעת־כּף געווען אַ
תקיעת־כּף? צי האָבען מיר געהאַלטען וואָרט? ווי אַזוי האָבען
אויסגעזעהען אַזוי פיעל קינדער, וואָס האָבען פּלוצים זיך אוועק־
געלעגט אַלע אויף איין קרענק? וואָס האָבען געזאָגט די עלטע־
רען? וואָס האָט געטהאָן דער רבי? און צי האָבען מיר אויסגע־
פיהרט דאָס, וואָס מיר האָבען געוואָלט?...

שאַדע, וואָס איך קאָן אייך איצט מעהר ניט דערצעהלען,
קינדערלעך, — ס׳איז ערב יום־טוב, און איך מוז איבעררייסען
סאַמע ביי׳ם רעכטען שפּיץ, און איבערלאָזען דעם סוף אויף איין

אַנדערש מאָל... און מחמת מיר האַלטען שוין ביי'ם געזעגענען זיך, וויל איך אייך איבערגעבען אין קורצען, אַז בועז לעבט נאָך. נאָך אַז אָך און אַז וועה איז צו זיין לעבען! ער איז שוין לאַנג אוים מלמד... וואָס טהוט ער? פון וואָס לעבט ער? ער געהט איבער די הייזער. אפשר וועט איהר איהם אַמאָל בעגעגענען (איך וועל אייך זאָגען אַ סימן: עס שלעפּט זיך איהם נאָך אַ פּום), גיט איהם אַ נדבה; נעבאַך אַ **רחמנות — איין אָפּגעשלאָגענע הושענא!...**

## מען איז זיך מוחל

טיפען, וואָס שטאַרבען־אָפּ.

געשריבען לכבוד עשרת־ימי־תשובה (אין יאָהר 1911).

# א קורצע הקדמה.

צווישען די פערשיעדענע טיפּען, וואָס דאָס אידי־שע לעבען גיט־ארויס, געפינען זיך אַזעלכע, וואָס האַל־טען ביי'ם אוועקגעהן, וואָס שטאַרבען־אָפּ. מאָהלען לע־בעדיגע מענשען איז אַ תענוג; בעשרייבען די טיפּען, וואָס שטאַרבען־אָפּ, איז אַ מצוה. זיי בעטען זיך: „מאָהלט אונז, בעשרייבט אונז; לאָמיר נישט פער־געסען ווערען פונ'ם קומענדיגען דור"... אַזעלכע טי־פּען געב איך אַ גאַנץ בינטעל, אַ סעריע. אייניגע פון זיי — אָט דאָ, צוליעב עשרת ימי תשובה; די איבע־ריגע — ביי אַנדערע געלעגענהייטען.

# מען איז זיך מוחל

## א.

## נח־וואָלף דער קצב.

דער טאָג פון ערב יום־כפור זאָל זיין דריי מאָל אזוי גרויס ווי ער איז, וואָלט ער אויך געווען קאַרג פאַר נח־וואָלף דעם קצב, ער זאָל פאַרטיג ווערען מיט זיין אַרבייט ביז דער גרויסער ערב־יום־כפור׳דיגער מנחה.

אין אַרבייט האָט נח־וואָלף געננוג — ער דאַרף זיך איבער־בעטען מיט אַ שטאָדט אידען, בעטען מחילה ביי אַלע זיינע קונים, וואָס קויפען ביי איהם פלייש, און ביי אַלע זיינע שכנים, וואָס וואָהנען מיט איהם אויף איין גאַס, וואָס שטעהען מיט איהם אַ קלייט נעבען אַ קלייט, און וואָס זיצען מיט איהם אַ שטאָדט נעבען אַ שטאָדט אין דער קצב׳ישער קלויז.

ס׳איז נישטאָ אין שטאָדט אַ מענש, וואָס נח־וואָלף דער קצב זאָל מיט איהם נישט האָבען געהאַט עפּיס אַ סטיטשקע. נישט מחמת נח־וואָלף דער קצב איז, חלילה, אַזאַ שלעכטער מענש, נאָר ס׳איז ביי איהם, ווי ער אַליין זאָגט אויף זיך, אַ פאָדלער כאַראַק־טער — זיך קריעגען מיט דער וועלט.

קומט איהר צו איהם אין יאַטקע נאָך פלייש, זאָל ער אייך אָפּבאָדען מיט אַ שעפעל קאַלט וואַסער, ער ווייסט אַליין נישט, פאַר וואָס.

עס קומט אריין א בעל־הבית'טע.

— רב נח־וואָלף, האָט איהר פריש פלייש?

ענטפערט איהר נח־וואָלף:

— ווי קומט צו מיר פריש? פארשטונקען פלייש, אויב איהר דארפט, קאָנט איהר ביי מיר קריגען...

אָדער:

— רב נח־וואָלף, גיט מיר עפּים א גוטען חלק.

— איך וועל אייך געבען סאַמע דעם חלק, וועלכען איהר פארדיענט...

אָדער:

— וואָס גיט איהר עס מיר פאר א נבלה, וואָלט איך וועלען ווימען?

— ווי קומט א נבלה זיין א מבין אויף א נבלה?...

אָט אזוי גראָב בעגעהט זיך נח־וואָלף מיט זיינע קונה'טעס די בעל־הבית'טעס. פון דיענסטען שמועסט מען נישט. א דיענסט, אז זי דארף געהן אין יאטקע אריין, פערשעלט זי זיך איהר געביין. זי ווייסט פריהער, אז פון נח־וואָלף דעם קצב וועט זי נישט גוט אָפּשניידען: אָדער ער וועט איהר דערלאַנגען מיט א לעקער איבער'ן פנים פון אויבען אראָפּ, אָדער ער וועט איהר אָנטהון דעם קויש אויפ'ן קאָפּ, אָדער ער וועט זי גאָר דורכטרייבען:

— געה דיר, געה געזונטערהייד צו איין אנדערען, פארהאַן געננוג קצבים אָהן מיר.

פון דעסטוועגען, איינס צום אנדערען געהער זיך נישט אָן. נח־וואָלף דער קצב איז טאַקי א כעסן, א משוגע'נער, און דאָך זועט מען צו קיין אנדערען נישט געהן, וואָרום נח־וואָלף דער קצב איז דער עהרליכסטער פון אלע קצבים. אלע ווייסען, אז זיין וואָג איז א וואָג און זיין וואָרט איז א וואָרט. זאָגט ער אייך, אז דאָס פלייש איז נעכטען געקוילעט, דאַרפט איהר איהם דאָס אנדערע מאָל נישט איבערפרעגען. זאָגט ער אייך צו א מילץ, א לונג־און־לעבער אָדער א פּוס אויף שבת — קאָנט איהר

שלאָפען רוהיג. היינט וועט ער אייך נישט אריינגעהן אין קיין גנבה'שע שטיק מיט דער דיענסט און נישט מאַכען יד־אחת מיט די קצבים, און דעריבער גראָבען אויף איהם די דיענסטען, ווי ווייט זיי קאָנען, און די קצבים וואַלטען איהם דערטרונקען אין א לעפעל וואסער. ווי א ביין אין האלז שטעהט זיי נח־וואָלף. א איד איין עקשן, שפּארט ער זיך איין — איז ווי איין אָכס פאר דער שחיטה, פונ'ם אָרט נישט צו ריהרען.

און אליין זעהט ער אויס אויך ווי איין אָכס, ווי א וויזעל־טיער. א הויכער, א ברייטער, מיט א רויט פּנים און א פּאָר ידים. אז ער נעמט האקען פלייש, איז מיט אזא רציחה, גלייך ווי דער אָכס אָדער די בהמה האָט עפּיס חוטא געווען און איז פער'משפּט געוואָרען צעהאקט און צעשניטען צו ווערען פון זיינע הענד.

— א איד א רוצח! — זאָגט מען אויף איהם אין שטאָדט און מע האָט פאר איהם מורא.

נאָר אויב א גאַנץ יאָהר עסט זיך נח־וואָלף דער קצב איין איטליכען אין די ביינער אריין, איז דאָס נאָר ביז תשובה־טעג; און קומען אָן די תשובה־טעג, איז איהם נישט צו דערקענען. פונ'ם ערשטען טאָג ראש־חודש אלול ווערד ער שוין איין אנדער מענש. ער ווערד פרום, האָט מורא פאר גאָט און פאר איין עבירה און פאר א בייזען חלום; הערט אויף צו קריעגען זיך מיט די קצבים; צו די בעל־הבית'טעס ווערד ער ווייך ווי פּוטער, צו די דיענסטען — גוט, האָטש לעג איהם צו צו א מכה — גאָר נישט דער נח־וואָלף. אפילו דאָס פלייש האַקען האַקט ער אָהן רציחה, ווי אלע מאָל, נאָר פּאַוואָלינקע, מיט רחמים. גאָר נישט דער נח־וואָלף.

ערב יום־כּפּור ווערד ער פּאַרטיג פאר פריה; פערשלאָסען די יאַטקע, דאַוונען האָט ער געדאַוועגט מיט'ן ערשטען מנין, טהוט ער אָן די יום־טוב'דיגע קאַפּאָטע און געהט פון שטוב צו שטוב

צו אַלע זיינע קונים און שכנים, פריינד און בעקאַנטע, זיי איבער־בעטן, זיך מוחל זיין:

— אַ גוט יום־טוב! טאָמער האָב איך אייך אַנגעריהרט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער און ווינש אייך אַ חתימה טובה.

דערויף ענטפערט מען איהם: „גם אתם, לאָז גאָט מוחל זיין". — און מע בעט איהם זיצען און מען איז איהם מכבד מיט לעקאַך.

ב.

# עזריאל דער פיליער.

זינט די וועלט שטעהט, האָט זי נאָך נישט געזעהען אזא בייזען נפש, ווי עזריאל דער פיליער.

א בייזער איד מיט בייזע אויגען, מיט גרויסע ברעמען, און וואָנסים אזעלכע, וואָס שטעכען זיך, און מיט א באָרד, ווי איין אָנגעקלעפּטע, און א וואַטענע לייבעל טראָגט ער זומער און ווינ־טער, וואָס סע זעהען זיך ארוים פון דעם די ציצית פון טלית־קטן און סע שמעקט מיט רויהע פיש פאַר א מייל.

א גאַנצע וואָך זעהט מען איהם נישט. נאָר אַלע ערב־שבת און אַלע ערב־יום־טוב קומט ער ארוים אין מאַרק אריין מיט א הויכען וואָגען פיש. אויפ׳ן וואָגען זיצט ביי איהם א מיידעל מיט א שווארץ געשטופּעלט פּנים און גיט אכטונג אויף די פיש. און זיין ווייב, מייטע די פיליערין, א אידינע א געשוואָלענע, שטעהט ביי׳ם וואָגען מיט א בעזמען אין האַנד און גיט אכטונג אויף די פיש.

— פיש — פיש — פרישע — צאַפּעלדיגע — ווייבעלעך — אויף שבת!

אזוי קלינגט אוים עזריאל דער פיליער אויף א קול מיט א שענעם ניגון איבער׳ן גאַנצען מאַרק און לאָזט נישט אראָפּ קיין אויג פון די ווייבער, וואָס האָבען בעלעגערט דעם וואָגען פון אַלע זייטען און האַפּען די פיש ביי די קעפּלעך, פערקוקען אין די זשאַב־רעס, טיטשען מיט׳ן פינגער אין די אויגען אָדער אין די בייכלעך אריין — און דאָס האָט עזריאל דער פיליער פיינט, ווי חזיר, טרייבט ער אָפּ די ווייבער פונ׳ם וואָגען:

— אין דער ערד אריין! געגנוג טאפּען!

אָפּגעזאָגט דאָס דאָזיגע שטיל און גיך, רופט עזריאל דער פּיליער ווידער אויס אויף אַ ניגון מיט זיין קלינגענדיגען קול:

— פיש — פיש — פרישע — צאַפּעלדיגע — ווייבעלעך — אויף שבת!

איטליכע אידינע, זי מעג זיין אַ בעל־הבית'טע אָדער אַ דיענסט, איז ביי עזריאל דעם פּיליער פּעררעכענט, אז מע בעדאַרף אויף איהר האָבען איין אויג. דאָס הייסט, ער איז זי נישט חושד, חלילה, אז זי איז אַ גנב'טע, נאָר ביי פיש איז נישט שייך. עזריאל דער פּיליער האַלט, אז די שענסטע נגידית און די עהרליכסטע צדקנית וועט זיך קוואַפּען אַמאָל, צווישען יאָ און ניין, בשעת בהלה, אַוועק'לקח'ענען אַ פישעל, אז קיינער וועט נישט זעהען. „פיש, זאָגט ער, איז אַ נסיון, וואָס פּאַר אַ בעל־הבית'טע איז שווער אויסצושטעהן"... עס טרעפט אַלע יאָהר אַ סקאַנדאַל: אַ ווייבעל קריגט פון איהם געפּאַטשט מיט אַ העכטעל איבער די פּיסקעס. לויפט מען זיך צונויף, און עס ווערד אַ געטומעל. מענשען שטעלען זיך איין פאַר'ן ווייבעל, געבען איהר איין עצה, זי זאָל איינגעבען צום מיראַוואָי אָדער שלעפּען צום רב, נאָר ווייל דער בזיון איז גרויס, גרעסער פונ'ם וועהטיג, צעגעהט זיך עס מיט גאָרנישט.

אַ סך ווייבער קענען שוין עזריאל'ען. זיי ווייסען, אז אַליין טאָר מען זיך צו זיינע פיש נישט צוריהרען, אזוי ווי, להבדיל, צו גאָלד אָדער צו טייערע שטיינער.

— ווי טייער איז ביי אייך היינט אַ פונט בריליאַנטען? — פרעגט איהם אַ ווייבעל, שטעהענדיג מיט'ן קויש פון דערווייטען און ווייזענדיג מיט'ן מינדסטען פינגערעל אויפ'ן וואַגען.

— איך האַנדעל מיט פיש, נישט מיט בריליאַנטען. — ענטפערט איהר עזריאל און איז זי נישט מזכה אפילו מיט אַ קוק פון

זיינע בייזע אויגען, און לאָזט אויס מיט א ניגון: „פיש — פיש — פרישע — צאַפּעלדיגע — ווייבעלעך!"

— א איד א נבפה'ניק! — זאָגען אויף איהם די ווייבער. זיי וואָלטען וועלען איהם אויסמיידען, איז אונמעגליך: נישטאָ מעהר קיין פיליערס אין שטאָדט, אויסער עזריאל דעם פיליער, חאָטש ציהט זיך אויס און שטארבט, אָדער בלייבט, חלילה, אָהן פיש אויף שבת, וועלכעס איז נאָך ערגער ווי געשטאָרבען, וואָרום א מענש, אז ער שטארבט, ווייסט ער, אז ער איז געשטאָרבען — און איין עק; און א ווייב, אז זי קומט אהיים אָהן פיש אויף שבת, וועט זי שוין האָבען א וואָך פון איהר מאן — אויף אלע שונאים געזאָגט געוואָרען!

— ער זאָל וועלען אָנלעגען מיט'ן קאָפּ, נישט אום ערב־יום־טוב דערמאָנענדיג!

אזוי זאָגען אויף איהם די ווייבער דעם טאָג, וואָס ערב־יום־כפור, און לויפען מיט די קאָשעקלעך אין מארק אריין, האָבען מורא, חלילה, נישט פערשפּעטיגען, וואָרום ערב־יום־כפור איז עזריאל זיך נוהג אויפשטעהן כאור, אז גאָט אליין שלאָפט נאָך, און אז אידען קלויבען זיך נאָך אין שוהל אריין און קוקען־ארוים אויף לעקאך פונ'ם גבאי, איז שוין עזריאל א יום־טוב'דיגער. דאָס וואָטאָווע לייבעל האָט ער אראָפּגעוואָרפען און אָנגעטהאָן א גראָבע לאַסטיקענע קאפּאָטע, וואָס ער טראָגט נאָר שבת און יום־טוב און וואָס סע שמעקט פון דעסטוועגען דורך און דורך מיט רויהע פיש.

פריהער פון אלע וועט זיך עזריאל דער פיליער פערפאַסטען. פריהער פון אלע וועט ער קומען אין שוהל אריין, וועט זיך אוועקשטעלען מיט'ן פּנים צו דער וואנד אויף איינעם פון די לעצטע ערטער אין דרום־זייט, און איבערגעדעקט מיט'ן טלית איבער'ן קאָפּ, וועט ער אויסשטעהן א מעת־לעת אויף די פיס, נישט צוגעזעצט זיך אפילו אויף א ווייל. און דאַוונען וועט ער אין דער שטיל, קיינער וועט פון איהם א וואָרט נישט הערען. און וויינען וועט ער א סך, קיינער וועט ביי איהם קיין טרער נישט זעהען.

נאָר דאָס וועט זיין ערשט אויף דער נאַכט. דעם גאַנצען טאָג דאַרף ער אַרומגעהן צו זיינע קונים און קונה׳טעס, זיי איבערבעטען, זיך מוחל זיין:

— אַ גוט יום־טוב! טאָמער האָב איך אייך אָנגעריהרט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער און ווינש אייך אַ חתימה טובה.

ענטפערט מען איהם: „גם אתם, לאָז גאָט מוחל זיין", — און מע בעט איהם זיצען און מען איז איהם מכבד מיט לעקאַך.

ג.

# גאַנטע דער מלמד.

הייסען הייסט ער זימעל, נאָר רופען רופט מען איהם „גאַנטע“. און גאַנטע רופט מען איהם איבער דעם, וואָס ער איז אַ גאַנטע, אַ גזלן.

זימעל איז טאַקי אַ בעריהמטער מלמד, אַ גוטער בעל־תנ"ך און אַ שענער בעל־לשון־קודש; קיינער שלאָגט אָבער נישט אַזוי זיינע תלמידים, ווי זימעל־גאַנטע. אַלץ הייסט געשלאָגען! זימעל הרג'עט, ממית'ט, מאַכט ברוין און בלוי. און שמייסען שמייסט ער — זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען! און מחמת זימעל איז שוין אַ זקן, אַריבער שמונים, וואָס האָט אויסגעהאַלטען אויף זיין שוים עטליכע דורות, איז נישטאָ אין שטעדטעל כמעט איינער, וואָס זאָל זיך קאָנען בעריהמען, אַז ער איז נישט געווען אַ געשמיסענער פון זימעל־גאַנטע... זימעל־גאַנטע — דעם שבח מוז מען איהם נאָכ־זאָגען — לעגט נישט קיין כבוד אויף קיינעם נישט: „יאָ שולדיג, נישט שולדיג, אַ נגיד'ס אַ יונגעל, אַ קבצנ'ס אַ יונגעל — לעג זיך, וועל איך דיר אַריינצימבלען“.

אַריינצימבלען איז ביי איהם אַ שמעק טאַבעקע. ס'איז גע־ווען צייטען, אַז גאַנטע איז נאָך געווען יונגער, פלעגט ער ברעכען ביינער, מאַכען אידישע קינדער פאַר קאַליקעס. אַ ווערטעלע — גאַנטע? אַ איד אַ גבר, אַ הויכער און אַ ביינערדיגער. רויכערט נישט, שמעקט נישט קיין טאַבעקע, טרינקט נישט קיין בראָנפען, קוקט אָהן אַ בריל, האָט נאָך כמעט אַלע צייהן אין מויל. אַ בער־דעל איז ביי איהם אַ שיטערס, געצעהלטע האָר, ווייס ווי זילבער. די הויט טרוקען און גלאַנציג, געל ווי פאַרמעט. פון די באַקען

שטעקען ארוים צוויי ביינער. אויפ׳ן שטערן מורא׳דיגע קנייטשען, אויף די הענד אָדערען, און אַ קול איז ביי איהם פון אַ לעמפּערט. קיין לעבעדיגער מענש האָט נאָך נישט זוכה געווען אויף דעם דאָזיגען מורא׳דיגען פּנים צו זעהן אַ שמייכעל. זיין אייגען ווייב מיט זיינע אייגענע קינדער האָבען פון איהם קיינמאָל קיין גוט וואָרט נישט געהערט. נישטאָ קיין מעהר מורא׳דיגע זאַך פאַר אָפּצושרעקען קליינע קינדער, ווי: „אָט געב איך דיך אָפּ צו זימעל־גאַנטע אין חדר אריין!" „גאַנטע־גזלן" — אזוי רופט מען איהם אין שטאָדט.

נאָר איין טאָג אין יאָהר איז פאַרהאַן, וואָס גאַנטע ווערד ווייך ווי וואַכס. די מורא׳דיגע קנייטשען פונ׳ם שטערן ווערען עטוואָס אויסגעגלעט, דאָס טרויעריגע גלאַנצענדיג־געל־פּאַרמעטענע פּנים ווערד עטוואָס פערדרויטעלט און אויף די אייביג שטרענגע ליפּען בעווייזט זיך ווי אַ מין טרויעריג שמייכעלע, ווי ביי אַ קליין קינד, בעת עס קלויבט זיך אָנהויבען צו וויינען. דאָס איז דער טאָג פון ערב יום־כפור.

געקומען פון מרחץ איין אויסגעצוואָגענער און איין אָפּגע־וואַשענער, צעקעמט די געצעהלטע זילבערנע האָר אויף אַלע זייטען און אָנגעטהאָן די יום־טוב׳דיגע צעהאקטע נאָר אַטלאַסענע קאַפּאָטע און דאָס פּליושענע היטעל מיט׳ן מורא׳דיג ברייטען דעניק, געהט ער אום, שאַרענדיג מיט די פּאַנטאָפּעל, פון שטוב צו שטוב, צו אַלע זיינע בעלי־בתים, וואָס זענען אַלע אמאָל געווען זיינע תלמידים, זיי איבערבעטען, זיך מוחל זיין:

— אַ גוט יום־טוב! טאָמער האָב איך אייך אָנגעריהרט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער און ווינש אייך אַ חתימה טובה.

ענטפערט מען איהם: „גם אתם, לאָז גאָט מוחל זיין". — בעט מען איהם זיצען און מען איז איהם מכבד מיט לעקאַך.

## ד.

# רב משה־וועלוועל בעל־עגלה.

דער וואָס מיינט, אז א בעל־עגלה איז א מענש, וואָס קיינער איז נישט מחויב צו ליידען פון איהם גלות, האָט א טעות.

רב משה־וועלוועל בעל־עגלה איז נישט גלייך צו אלע אנדערע בעלי־עגלות. דער נאָמען אליין: „רב משה־וועלוועל" — זאָגט שוין געגוג. און בסך הכל איז ער גאָר א איד א בעל־הבית, און א איד וואָס דאווענט, און א איד וואָס קוקט אריין אין די קליינע אותיות, און א איד וואָס פערשטעהט א פסוק חומש מיט רש"י און קאָן טרעפען א שטיקעל „באר מים חיים".

קומט ער אויף איין אכסניה, אָדער אין א קרעטשמע, און ס'איז דאָ א מנין, בינדט ער ארום די פערסמאָלעוועטע חלאַמידע מיט א רויטער פאטשיילע, שטעלט זיך אוועק מיט'ן פנים צו דער וואנד, דאווענט אָפּ א מנחה'לע, אפילו אויף א הייזעריג פערדומפען קול און א ביסעל אונטער דער נאָז, נאָר מיט אלע דריידלעך, מעשה חזן.

בטבע איז רב משה־וועלוועל א איד דוקא א פריילּיכער און א שטיק ווערטעלזאָגער, און אויף א שמחה — א הוליאק, א גאנצער ליץ, א פערשלעפטע קרענק. א פנים איז ביי איהם ווי פון מעטאַל — נישט מעש, נישט בלעך, נאָר גלאַנצענדיג־רויטליך, און א נאָז כמו ווי א צעפּלעצטע אָדער א צעשלאָגענע, וואָס דערפאר קומט־אוים ביי איהם דאָס לשון א ביסעלע דאָסיג, פאָנפּעוואטע. באָרד און פאות טראָגט ער, ווי א גוטער איד, א חלאַמידע א לייוועגטענע, נאָר א לאנגע ביז דער ערד, מיט א בייטש פון דעסטוועגען אין די הענד א לאנגע, שטיוועל — גוט אָנגע־

שמירטע מיט סמאָלע, ווי אַ בעל־עגלה שטעהט אָן, און איין עזות־פּנים איז ער, ווי דרייסיג בעלי־עגלות אינאיינעם.

לאָז עמיצער זיך איינשטעלען איהם זאָגען גלאַט „משה־וועלוועל", נישט „רב משה־וועלוועל", איז חיות נישט זיכער!

אָדער, אַשטייגער, זייט אַ בריה, אויב איהר זענט אַ דאָר־טיגער בעל־הבית, און פּרובט אַוועקזעצען זיך ביי דער באַהן, למשל, אויף איין אַנדער בעל־עגלה, בעת ער, רב משה־וועלוועל, איז דאָ און קוקט־אַרוים אויף פּאַרשוינען, איז דעמאָלט אַז אָך און וועה צו אַייך און צו יענעם בעל־עגלה און צו זיינע סוסים. ער וועט אייך נאַכען מיט דער בלאָטע גלייך. און איהר וועט שוין פערזאָגען אַ צעהנטען, אַז איהר קומט מיט דער באַהן, זאָלט איהר אייך קודם גוט אַרומזעהען, צי איז נישטאָ ערגיץ רב משה־וועלוועל מיט זיינע סוסים.

אָדער פּרובט זיך שאַפען מיט איהם, ווי מע שאַפט זיך מיט אַ בעל־עגלה, און זאָגט איהם נישט: „זייט זשע מוחל, רב משה־וועלוועל!" אָדער: „איהר וועט אייך מטריח זיין, רב משה־וועלוועל"... און האָט איהר זיך אַרויפגעזעצט ביי איהם אין וואָגען, בעדאַרפט איהר געדענקען, אַז איהר זיצט נישט ביי אַבי וועמען, נאָר ביי רב משה־וועלוועלען, און אַז רב משה־וועלוועל וועט אייך הייסען קריכען אין בויד, וועט איהר קריכען, און אַז ער וועט אייך הייסען אַוועקזעצען זיך פּאָריטש, אקעגען, וועט איהר זיצען, און אַז ער וועט אייך הייסען געהן אַרויף־אַ־באַרג מחילה צו־פוס, וועט איהר געהן. קיין דעות, וועמען ער זאָל נעמען אין וואָגען אַריין, וועט איהר איהם נישט זאָגען. און אַז איהר וועט איהם זאָגען, וועט זיך אייך נישט העלפען. איהר וועט נאָך ווערען אָפּגעזידעלט פון קאָפּ ביז פיס און וועט זיין געהרען, אַז ער וועט אייך נישט אַרויסזעצען פון וואָגען אין מיטען וועג.

שולדיג אין דעם איז נישט רב משה־וועלוועל, נאָר טאַקי די שטאָדט גופא. ווי אַזוי מע פערוויעגט אַ מענשען, אַזוי פיהרט ער זיך אויף. די שטאָדט האָט געמאַכט פון איהם אַ גאַנצען יש,

טראָגט זיך אַרום מיט זיין תורה, בעריהמט זיך מיט זיין פרומ־קייט און אידישקייט, מיינט ער, אַז לעקיש איז זיין פעטער, און קריכט אַלעמען אויפ'ן קאָפּ און זידעלט איטליכען בעזונדער, מאַכט איהם מיט דער בלאָטע גלייך.

— אַ מכה אשר לא כתובה בתורה! — רופט מען איהם אין שטאָדט און מע היט זיך פאַר איהם, ווי פאַר פייער. מיט איין איבעריג וואָרט איז מען מיט איהם נישט זיכער. סכנת־נפשות!

נאָר איין טאָג אין יאָהר איז פאַרהאַן אַזעלכער, — דאָס איז דער טאָג פון ערב יום־כפור — וואָס דעמאָלט קאָנט איהר זיין זיכער, אַז ער וועט אייך נישט זאַטשעפּען. אדרבה, ער קומט צו אייך אַ יום־טוב'דיגער מיט אַ קנאַקענדיגער ליוסטרינענער קאַ־פאָטע און מיט אַ נייעם קאַשקעט אויפ'ן קאָפּ. פונ'ם ווייסען העמד קוקט־אַרויס אַ מאָדנער ברייטער קאָלנער, אָפּגעלעגט מיט צוויי שפּיצעכיגע עקען אויפ'ן האַלז. אויף זיין בלעכען־מעשען פּנים איז אויסגעגאָסען דאָס וואָרט „יום־טוב", און אַליין קומט ער אַריין צו איטליכען מיט אַ ברייטען „גוט יום־טוב", איבערבעטען, זיך מוחל זיין:

— אַ גוט יום־טוב! טאָמער האָב איך אייך אָנגעריהרט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער און ווינש אייך אַ חתימה טובה.

ענטפערט מען איהם: „גם אתם, לאָז גאָט מוחל זיין". — און מע בעט איהם זיצען און מען איז איהם מכבד מיט לעקאַך.

## ה.

# סאַנע דער וואַסער־פיהרער.

— די גאַנצע שטאָדט איז ביי מיר אין די הענד, כחומר ביד היוצר — ווי אַ פערדעל אין אַ וואָגען. ברצותו מקצר וברצותו מפצר — וויל ער — געהט, וויל ער — שטעהט ער. אַ רוח זיי אין טאַטען אריין, די בעלי־בתים. ווילען זיי וואַסער, זאָלען זיי צו־רעכט מאַכען די גרעבלי. אַניט — זאָלען זיי טרינקען קדחת מיט רביעית און נישט האָבען קיין טענות צו סאַנע דעם וואַסער־פיהרער: „רב סאַנע, וואַסער! רב סאַנע, וואַסער!"

אַזוי טענה'ט זיך אויס סאַנע דער וואַסערפיהרער מיט זיך אַליין, זיצענדיג אויפ'ן לעדיגען פעסעל, און אונטערשמייסענדיג דאָס פערדעל, קרימט ער איבער די בעל־הבית'טעס, ווי זיי שטעהען ביי דער שוועל פון זייערע הייזער און שלעפען איהם יעדע צו זיך: „רב סאַנע, וואַסער! רב סאַנע, וואַסער!"

סאַנע ענטפערט זיי נישט דאָס אַנדערע וואָרט. סאַנע איז בכלל אַ איד אַ שוויינער. רעדען רעדט ער נאָר אָדער מיט'ן פער־דעל, אָדער מיט זיך אַליין. זיצענדיג אויפ'ן פעסעל, זאָגט ער תהלים אַ קאַפּיטעל נאָך אַ קאַפּיטעל, און אַז ער קומט צווישען מענשען, שווייגט ער. איהר קאָנט איהם זידלען, איהר קאָנט איהם חנפה'ענען — פאַר איהם איז אַלץ איינס. האָט ער וואַסער אין קעסעל — וועט ער אייך אָנגיסען אַ פולע דייזשע. האָט ער נישט — מעגט איהר רעדען פון היינט ביז מאָרגען. חאַפּען זיך, לויפען, מקריב זיין צוליעב אייך זיך און דאָס פערדעל — דאָס איז ער נישט מחויב.

דערפאַר אָבער אַז עס קומט פרייטאָג, איז די צוויי גילדען מיט'ן קוילעטש — דאָס מוז זיין. אַניט — וועט ער בלייבען

שטעהן נעבען אייער שטוב, נישט ריהרען זיך פונ'ם אָרט ביז מאָר־גען, אזוי אז די גאנצע גאס וועט וויסען, אז איהר האָט נישט צו צאָהלען דעם וואסערפיהרער פאר וואסער...

א מאָדנער איד אָט דער סאָנע דער וואסערפיהרער. אליין איז ער א קורצינקער און א גראָבינקער, חאפּט דעם אָפּבליק פון זיין פעסעל מיט וואסער. טראָגען טראָגט ער א גוי'יש פּעלצעל מיט א שמויסען־היטעל. די שטיוועל זענען ביי איהם שטענדיג חרוב, די חאָליוועס — מיט א שטריקעל ארומגעבונדען. ווינטער טראָגט ער געפּלאָכטענע הענטשקעס אויף די הענד מיט גרויסע לעכער. וואָנסים האָט ער האלבע, נאָר סימנים פון וואָנסים, און אויגען האָט ער קליינע, קוקט בלינדליך און זעהט נישט, ווי העכער האלב וואסער ווערד ביי איהם אויסגעפּלעסקעט פונ'ם שפּונט.

דאָס איז דערפאר, וואָס די גאסען זענען נישט געפּלאסטערט, טאנצט דאָס וועגעלע אהין און אהער; און מחמת די רעדער זענען ביי איהם קיינמאָל נישט געשמירט, קאָן מען הערען פאר א מייל, אז סאָנע דער וואסערפיהרער פאָהרט מיט'ן פעסעל. קומען־ארויס צו איהם די בעל־הבית'טעס אקעגען, איטליכע מיט איין אנדער טענה:

— איהר האָט מיר אָנגעגאָסען א האלבע דייזשע מיט וואסער!

— ווען וועט איהר שוין ברענגען מיר אויך אמאָל וואסער?

סאָנע קוקט אויף זיי מיט די קליינע בלינדליכע אויגען, ענט־פערט נישט דאָס צווייטע וואָרט, גלייך ווי נישט איהם מיינט מען.

— שלים־מזל! — רופט מען איהם אין שטאָדט און מע ליידט פון איהם דעם גיהנם.

נאָר איין טאָג אין יאָהר דארף מען סאָנע דעם וואסערפיהרער נישט דערמאנען וועגען וואסער. דאָס איז דער טאָג פון ערב יום־כפּור.

פון כאור הבוקר ביז האלבען טאָג ווערען ביי איהם אלע דייזשעס אָנגעפילט מיט וואסער, און סאָנע ווארפט־אראָפּ פון זיך דאָס גוי'ישע פּעלצעל מיט'ן שמויסען־היטעל, טהוט אָן די שבת'־

דיגע קאנגארענע קאפאטע מיט'ן קאלינקארענעם קאשקעט. איין אויסגעצוואָגענער און אַ צוגעקעמטער, זעהט ער אויס ווי אַ בע־יאָהרטער אלמן צו דער צווייטער חופּה. פון שטוב צו שטוב געהט ער צו זיינע בעלי־הבית'טעם איבערבעטען, זיך מוחל זיין:

— אַ גוט יום טוב! טאָמער האָב איך אייך אָנגעריהרט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער און ווינש אייך אַ חתימה טובה.

ענטפערט מען איהם: „גם אתם, לאָז גאָט מוחל זיין". — מע בעט איהם זיצען און מען איז איהם מכבד מיט לעקאך.

ו.

# רפאל בעל־משגיח.

רפאל איז א משגיח. ער גיט אכטונג.

אויף וואס גיט ער אכטונג? אויף אלסדינג. ער גיט אכטונג אויף דער תלמוד תורה, די קינדער זאלען נישט געהן נאקעט און באָרפים; אויפ׳ן ביקור־חולים, אָרעמע לייט זאלען דאָרט נישט אויסגעהן פון הונגער; היינט גיט ער אכטונג אויף די בחורים, וואס זיצען אין בית־המדרש און לערנען, זיי זאלען האָבען וואס צו עסען און נישט געהן אין צעריסענע שטיוועל. און גלאט אויף אָרעמע לייט אין שטאָדט גיט ער אכטונג, זיי זאלען האָבען אויף שבת און אויף יום־טוב.

ער אליין טאקי געהט דאָס פון זייערטווענען איבער די הייזער, קלויבט קאָפּיקעס, נעמט צונויף פון זייערטוועגען אויף חתונות, אויף ברית׳ען, אויף פדיון־הבנ׳ס און אויף אנדערע שמחות, לאָזט נישט דורך קיינעם, רייסט פון טוידט און פון לעבעדיג און קריגט זיך, זידעלט זיך און שלאָגט זיך פאַר „זיינע" אָרעמע לייט.

א גאנצע וואָך געהט ער אום מיט א שטעקען. און ערב שבת און ערב יום־טוב — מיט א זאק אויף די פּלייצעס. אין דעם דאָזיגען זאק ווארפט איהר איהם אריין וואס איהר האָט: א שטיקעל ברויט, א פולקע פון איין עוף, א געבאקענעם קארטאָפעל, איין אוגערקע, א קנאָבעל, א ציבעלקע, א ביינדעל — אלסדינג איז א סחורה. און פּרובט, אדרבה, ווארפט נישט אריין רב רפאל׳ען אין זאק אריין גאָרנישט נישט, וועט איהר קריגען געזידעלט, און אז איהר וועט זיך שטעלען אוים׳טענה׳ן, קאָנט איהר איהם נאָך אריינברענגען אין כעס, און ער קאָן אייך געבען מיט׳ן שטעקען.

רפאל איז איין אויסגעדיענטער סאָלדאַט, אַ ניקאָלאַיעווסקער, און האַלט זיך גלייך, ווי אַ סטרונע, און געהט, ווי אַ סאָלדאַט. אז איהר ווילט, קאָנט איהר זעהען ביי איהם אונטער דער קאַפּאָטע, אויפ'ן לייבעל, אַ מעדאַל פון ניקאָלאַיען. צוויי מעדאַלען: איינע אַ זילבערנע, די אַנדערע אַ בראָנזענע. און ער האָט צו דערצעהלען פון ניקאָלאַי פּאַוולאָוויטשען מעשיות מיט מעשיות. נאָר וואו האָט ער צייט צו דערצעהלען מעשיות, אז ער האָט אויף זיך אזוי פיעל ארבייט? אַ קליינינקייט — אַ מענש אַ משגיח!

ווער האָט איהם געמאַכט פאַר אַ משגיח — ווייסט קיינער נישט. ווער צאָהלט איהם און וויפיעל בעקומט ער פאַר זיין ארבייט — ווייסט קיינער נישט. קיינער ווייסט נישט און קיינער נעמט נישט אָפּ ביי איהם קיין דין וחשבון. מע גלויבט איהם. מע ווייסט, אז וואָס רפאל פערדיענט פאַר זיין ארבייט — מעגען דאָס די שונאים האָבען אויף זייער פערמעגען, וואָרום ער אויף זיך אליין בעדאַרף גאָרנישט. און ער געהט מיט דעם גאַנג, אז איהר בעדאַרפט אויך גאָרנישט. ער קאָן זיך פערגינען אייך זאָגען מוסר, למאי איהר גיט אויס געלד אויף דער רוח ווייסט וואָס, בעת אין שטאָדט זענען דאָ אזוי פיעל אָרעמע לייט. די גאַנצע וועלט איז ביי איהם בעשאַפען געוואָרען נאָר פון די אָרעמע לייט'ס וועגען. דערזעהט ער אויף אייך אַ ניי מלבוש, וועט ער עס אַ טאַפּ טהון און וועט אייך אַ פרעג טהון: „וואָס קאָסט?" און וועט נעמען אויסרעכענען אייך, וויפיעל אָרעמע לייט וואָלט מען געקאָנט דער־מיט אויסקליידען. קומט ער צו געהן אויף אַ חתונה, אַ ברית, אַ פדיון־הבן אָדער אזוי אַ שמחה, איז דאָס ערשטע, וואָס קומט איהם אויפ'ן זינען: „וויפיעל אָרעמע לייט וואָלט מען מיט אזא סעודה געקאָנט אָנהאָדעווען?"... און ער וואָרט־אָפּ, ווען וועט דער עולם אָפּבענטשען און צעועהן זיך, בכדי ער זאָל קאָנען צונויפנעמען די איבערגעבליבענע שטיקלעך פאַר זיינע אָרעמע לייט.

ווי אַלט איז ער? — דאָס ווייסט קיינער נישט, און ער אליין — אויך נישט. ער איז שוין אַ ביסעל טויבליך. אז איהר

רעדט צו איהם און ער דערהערט נישט, צעשרייט ער זיך אויף אייך, אז „איהר שפרעכט איהם אפּ א גוט אויג", און איהר מוזט רעדען העכער. אויך די ראיה איז ביי איהם די לעצטע צייט א ביסעל געשלאָגען. אז ער געהט, קוקט ער גלייך און טאַפּט מיט'ן שטעקען. ער טרעפט אָבער אהין, וואו מע דאַרף, און אז מע גיט איהם, דערזעהט ער, און אז מע גיט איהם נישט, בייזערט ער זיך, קלאַפּט מיט'ן שטעקען:

— איהר האָט שוין היינט זיך אָנגעפרעסען, דאנקען גאָט, און אָנגעזליאָקעט, און איצט רויכערט איהר זיך א פּאַפּיראָסעל. אייך איז, קיין עין־הרע, גאנץ גוט! און דאָס ווייסט איהר, אז מיינע אָרעמע לייט פאַסטען נאָך פון נעכטען גאָן, יאדראָ וואָשי קאַטשקי!...

דאָס איז זיין יונ'ישע קללה, וואָס ער איז מכבד מיט איהר קליין און גרויס. ענטפערען איהם עפּיס דערויף איז ארויסגע־וואָרפען — מע קאָן נאָך הערען פון איהם ערגערע ווערטער...

— נאַט אייך אזא מין אָנשיקעניש! — זאָגט מען אויף איהם אין שטאָדט, און מע בעהאַלט זיך אוים פון איהם, טאָמער וועט ער נישט געפינען.

קיין קינדער האָט ער נישט. ער האָט זיי אַלעמען איבער־געלעבט. ער האָט נאָר אייניקלעך, וואָס האַלטען איהם אוים מיט גרויסע צרות — און דאָס גיט איהם די מעגליכקייט, ער זאָל זיך קאָנען אינגאנצען אָפּגעבען צו זיינע אָרעמע לייט און טאָג ווי נאַכט ארומגעהן איבער דער שטאָדט, זשעברעווען, שלעפּען, רייסען, ־יע־קוטשען, איינעסען זיך אין די ביינער אריין, זידלען זיך און שעל־טען זיך אויף יונ'יש.

נאָר איין טאָג אין יאָהר איז פאַרהאַן, וואָס אונזער בעל־משגיח לאָזט צו־רוה דעם עולם. דאָס איז דער טאָג פון ערב יום־כפור.

ער האָט שוין בעזאָרגט זיינע אָרעמע לייט נאָך פון נעכטען, זיך איבערגעקריעגט מיט דער גאנצער שטאָדט, אויסגעוויזען מיט

ראיות, אז אָרעמע לייט בעדאַרפֿען אויך שלאָגען כפּרות, אז אָרעמע לייט בעדאַרפֿען אויך האָבען מיט וואָס צו פֿערפֿאַסטען זיך — עס געהט אזא הייליגער טאָג, יאדרא וואשי קאַטשקי!... און איצט מאַרשירט ער מיט זיינע אַלטע סאָלדאַטסקע פֿיס איבער דער שטאָדט, שוין אָהן אַ זאק און אָהן אַ שטעקען, יום־טוב'דיג, מיט ביידע ניקאָלאַיעווסקי מעדאַלען אויף דער ברייטער ברוסט. און מחמת דעם שטעקען האָט ער געלאָזט אין דער היים, געהט ער האַרט ביי די ווענד, פֿון שטוב צו שטוב, איבערבעטען דעם עולם, זיך מוחל זיין:

— אַ גוט יום־טוב! טאָמער האָב איך אייך אָנגעריהרט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער, און ווינש אייך אַ חתימה טובה.

ענטפֿערט מען איהם: „גם אתם, לאָז גאָט מוחל זיין". — מע בעט איהם זיצען און מען איז איהם מכבד מיט לעקאַך.

ז.

# געצי־גובערנאַטאָר.

געצי־גובערנאַטאָר — דאָס איז דער שמש פון אַלטען בית־המדרש.

אומעטום, אין אַלע בתי־מדרשים פון דער גאַנצער וועלט, זענען אפשר די שמשים — שמשים. געצי דער שמש פון אונזער אַלטען בית־המדרש איז מעהר בעל־הבית, ווי שמש. וואָס זאָג איך? ער איז בעל־הבית איבער אַלע בעלי־בתים.

געצי לאָזט נישט פיהרען קיין וועלטען אין בית־המדרש. ער זאָגט, אז א שוהל איז א מקום־קדוש. ווילט איהר רעדען גע־שעפט — קאָנט איהר געהן אין מאַרק. ווילט איהר שמועסען פּאָליטיקע — איז דאָ, להבדיל, א מרחץ. בשום אופן וועט איהר ביי איהם נישט פּועל'ען, ער זאָל אייך לאָזען רעדען אפילו שבת צו אויסנעמעניש. געצי איז א איד, וואָס לעגט נישט קיין כבוד אויף קיינעם. איהר קאָנט אייך שטעהן אויבענאָן אין מזרח־וואַנד און מעגט אייך האָבען זיעבעצעהן זילבערנע עטרות אויפ'ן טלית, ווערד ער פאַר אייך נישט בטל. איהר קאָנט אייך זיין דער גרעס־טער גביר פון שטאָדט, רב יהושע־העשעל אַליין, ווילט איהר נאָר אויסרעדען א וואָרט, אַזוי דערהערט איהר א זעץ איבער'ן שלחן און א געשריי „ששששא!" — אז איהר ווערד פערטויבט.

אָדער פּרובט נעמען א ספר פון דער בית־המדרש־שאַפע און נישט צוריקברענגען צו דער צייט, וועט איהר האָבען פון געצי'ן דעם גרעסטען בזיון.

אָדער זייט מנדר שבת צו עלית־התורה א חצי פונט נרות על הבית־מדרש, אָדער ח"י פּרוטות אויף אָרעמע לייט, און ווילט נישט

אָפּגעבען — זענט איהר שוין איין אָנזעצער. סיידען איהר האַלט ביי עוקר זיין און אַוועקלאָזען זיך קיין אַמעריקאַ.

אָדער לאָז עמיצער איינשטעלען זיך שיקען געצי׳ן מיט אַ שליחות, וואָס איז נישט שייך מיט בית־המדרש, וועט ער אויס־הערען און אַ זאָג טהון:

— פיס האָט איהר? זייט זיך מטריח און געהט אַליין! — אָט אַזאַ מענש איז געצי.

די איינציגע, וואָס דערוועגען זיך אַרויסטרעטען מיט עזות קעגען געצי דעם שמש, איז נאָר יונגוואַרג. ציקאַווע בחורים׳לעך, חדר־יונגלעך, קונדסים, שטאָדט־שקצים — פון זיי האָט ער דעם טוידט. זיי טהוען איהם, וואָס מע טהוט קיין אידען נישט: זיי קעהרען איהם איבער די סטענדערס, אַז קיינער זעהט נישט. זיי לאָזען איהם אַרויס דאָס וואַסער פונ׳ם האַנטפאַס. פערקניפּען איהם דעם האַנטוך. קאַפּען איהם אָן חלב אויף די בית־המדרש־גמרות. רייסען־אַרויס דעם צווייטען „יקום פורקן״ פון אַלע קהל׳־שע סדורים, אַזוי אַז וואָס פאַר אַ סדור מע זאָל נישט עפענען, איז ער נאָר מיט איין „יקום־פורקן״.

פון די דאָזיגע ווייסע־חברה׳ניקעס האָט געצי אָפּגעשניטענע יאָהר, דעם גיהנם! און ער קוקט זיי נאָך, טאָמער וועט ער עמיצען פּאַקען. און האָט ער געפּאַקט אַ חברה־מאַן, רעכענט ער זיך שוין אָפּ מיט איהם פאַר אַלע. אַרוים פון געצי׳ס הענד מיט אַ בייל, מיט אַ בלוי אויג אָדער אָהן איין אויער — הייסט נאָך גוט אָפּ־געשניטען. געצי האָט פיינט לאַנגע מחזקות, גבית־עדות מיט פּוסטע ספּראַוועקעס: אַ נגיד׳ס אַ יונגעל, איין אָרעמער יתום — אויסגעפּאַטשט, פאַרפאַלען!

געצי קאָן פּאַטשען. אַז ער לאָזט אַראָפּ אַ האַנד, קאָן מען דערזעהען דעם זיידען פון יענער וועלט. אַ איד אַ גבר (אַ משפּחה פון גבורים), חאָטש אפילו אַזוי, אויפ׳ן קוק, וועט איהר פאַר איהם נישט געבען קיין צוויי צעבראָכענע גראָשען. דאַר, אויס־געטריקענט, הויט און ביינער. נאָר פאות צוויי גראָבע, שוואַרצע,

און אליין איז ער א שווארצער, שווארץ ווי א טאָטער, מיט שווארצע אויגען, בייזע, וואָס קאָנען נישט קוקען גלייך אין פּנים אריין, נאָר אראָפּ. באַקען איינגעפאלענע, א נאָז א פערלעגטע און וואָנסים שווארצע, אראָפּגעלאָזטע אראָפּ. די אלע זאכען אינאיינעם מאכען דעם איינדרוק, אז אָדער ער וויל געבען א נים און קאָן נישט, אָדער ער האָט אייך עפּיס צו זאָגען און וויל נישט, אָדער ער איז גלאָט א רע, א רשע.

— א רשע מרושע! — זאָגט מען אויף איהם אין שטאָדט. — איין איינגעגעסענע בריאה, א איד א צו־להכעיס'ניק, א מה־יעשה'־ניק, האָט נישט אויף זיך קיין אויבערהאר, טהוט וואָס ער וויל. וויל ער עפענען די שוהל — עפענט ער. וויל ער פערמאכען — פערמאכט ער. קומט ווינטער, דארף מען זיך אויסציהען פאר איהם, ער זאָל דורכהייצען דאָס בית־מדרש. און אמאָל, אז עס קומט איהם אָן, זאָל ער אייך אָנהייצען, ווי, להבדיל, אין א באָד.

אשטייגער, לאָז איין אָרעמאן אויסגעהן, געצי זאָל איהם לאָזען איבערנעכטיגען אין בית־מדרש. „א שוהל איז נישט קיין הקדש!" — זאָגט ער און טרייבט־ארוים אין דרויסען אָהן א טראָפּען רחמנות.

אז עס קומט די צייט פון ימים־נוראים, פיהרט געצי די ממשלה אין בית־מדרש ביד רמה. האָט ער אויף אייך געוואָרפען איין אומחן, וועט איהר נישט פּועל'ען ביי איהם, אז אייער זוהן אָדער אייער איידעם זאָלען זיצען דאָרטען, וואו איהר ווילט; זייט זיכער, אז זיי וועלען שוין זיצען דאָרט, וואו ער וויל. און אז איהר וועט קומען צום גבאי מיט טענות, וועט מען אייך ענטפערען:

— געהט צום גובערנאַטאָר.

דארפט איהר שוין וויסען, אז דאָס מיינט מען געצי דעם שמש. אין די אויגען זאָגט מען איהם „דו", און הינטער די אויגען רופט מען איהם „גובערנאַטאָר".

דאָס אייגענע איז סוכות מיט'ן אתרוג. איהר ווילט, ער זאָל אייך ברענגגען דעם אתרוג אין סוכה אריין וואָס פריהער — אָט דוקא ווייל איהר ווילט, וויל ער נישט; און אז איהר שרייט־אָן אויף איהם, שרייט ער נאָך העכער:

— איהר קאָנט וואַרטען! איך האָב אויף אייך מעהר גע־וואַרט!

קומט איהר אין שוהל אריין און שטעלט איהם צו א בענקעלע פאר'ן גבאי. זאָגט אייך דער גבאי:

— וואָס קאָן מען טהון מיט א גובערנאַטאָר?

און אזוי איז הושענא־רבה מיט די הושענות. און אזוי איז חנוכה מיט די חנוכה־ליכטלעך, פורים מיט'ן גראַגער, פסח מיט מצה־שמורה, שבועות מיט גרינס. אומעטום איז געצי. אלסדינג איז ביי געצי'ן אין די הענד. געצי דער שמש פיהרט די גאַנצע שטאָדט, געוועלטיגט איבער דער שטאָדט.

און די שטאָדט ליידט פון איהם גלות. די שטאָדט ליידט, חאָטש מע וויל נישט ליידען. א מענש האָט א גאַל. קומט שבת אָדער יום־טוב, בין מנחה למעריב, מע קלויבט זיך צונויף אין שוהל און מע שמועסט. כל־זמן מע דאַווענט נישט, האָט מען קיין מורא נישט פאר'ן שמש און מע קאָן שמועסען פראַנק און פריי. קומט מען אַרויף אויף גלות־געצי. פרעגט מען זיך אייגם ביי'ם אנ־דערען: „עד מתי? ביז וואַנען וועט מען טראָגען אויף זיך דעם דאָזיגען גלות?"... און דערביי בלייבט מען. וואָס קאָן מען טהון? עלעהיי א רשע א גובערנאַטאָר, חאַ־חאַ!

נאָר איין טאָג אין יאָהר איז פאַרהאַן, וואָס געצי־גובערנאַ־טאָר ווערד אויס רשע. נישט קיין טאָג, נאָר א האַלבען טאָג. עטליכע שעה. דאָס איז דער טאָג פון ערב יום־כפור, באַלד נאָכ'ן אינדערפריהיגען דאַוונען, איידער דער עולם וועט קומען אין שוהל צו דער גרויסער מנחה און זיך לאָזען פון איהם שלאָגען מלקות. דעמאָלט ווערד געצי אויס שמש, אויס גובערנאַטאָר. ער איז

אָנגעטהאָן יום־טוב׳דיג און לויפט פון שטוב צו שטוב, צעלאָזט די גראָבע שווארצע פאות, איבערבעטען די בעלי־בתים, זיך מוחל זיין.

— א גוט יום־טוב! טאָמער האָב איך אייך אָנגעריהרט מיט א קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער און ווינש אייך א חתימה טובה.

ענטפערט מען איהם מיט א האַלבען מויל: „גם אתם, לאָז גאָט מוחל זיין". — מע בעט איהם זיצען און מען איז איהם מכבד מיט לעקאך.

## ח.

# זיסעל דער יורד.

זיסעל איז איין אלטער בחור, א בלאסער, שוין מיט א גרויליך בערדעל. ער זיצט אין בית־מדרש מיט אלע בחורים, וואס לער־נען. נאר ער אליין לערענט נישט. ער זיצט גלאט אזוי. ער האלט זיך אויף אין בית־המדרש. ער איז איין עלענדער. ער איז א יורד.

נישט ער. זיין טאטע איז געווען א יורד, א געפאלענער נע־באך. קומט ארויס פון דער שענסטער משפחה. סאמע נגידים, גבירים, אדירים.

זיסעל דער יורד האט נאך היינט אויך רייכע פריינד. כמעט אלע פיינסטע בעלי־בתים פון שטאדט זענען זיינע קרובים.

א סברה, אז דער נגיד רב יהושע־העשעל אליין איז זיינער א שני־בשלישי, טאקי איין אייגענער גליעד־גליעד־געשוועסטער־קינד. לאז ער נאר ועלען, יהושע־העשעל הייסט דאס, אויס־רעכענען זיך, וועט איהם שוין זיסעל בעווייזען, וואס פאר נאהענטע קרובים זיי זענען.

ערשטענס, פון טאטענ'ס צד. זיסעל'ס זיידע, דאס הייסט, זיין טאטענ'ס טאטע, אברהם־מרדכי, און יהושע־העשעל'ס באבע, דאס הייסט, זיין מאמע'ס מאמע, פייגע־עטעל, האבען זיך אנגע־קעהרט...

נאר וואס קומט ארויס, אז מע לאזט איהם נישט רעדען? מע גיט איהם א נדבה און מע הייסט איהם געהן, ארויסגעהן זאל פון זיי די פארע, טאקי פון זיינע רייכע קרובים! אויף קיין גוט ארט זאלען זיי נישט שטעהן! ס'זאל זיי אנהויבען געהן פון היינט

אָן און ווייטער שלים־שלים־מזל און זיי זאָלען אריבערקומען אויף זיין שטאַנד, רבונו של עולם!

אזוי בענטשט זיסעל דער יורד זיינע רייכע קרובים, וואָס העלפען העלפען זיי איהם, נאָר זיי לאָזען איהם נישט אויף די אויגען, זיי האָבען איהם פיינט. איין אָרעמאַן האָט מען פיינט — דאָס איז שוין איין אַלטער כלל.

זיצט ער אין בית־מדרש און נעמט קצבה און שעלט מיט טוידטע קללות. ער שווערט, אז ער וואָלט בעסער געגאַנגען אר־בייטען, האָלץ האַקען, וואַסער טראָגען, נאָר וואו?

ערשטענס, איז ער אַ יורד, אַ טאַטענ׳ס אַ קינד, קומט ארויס פון סאַמע נגידים, גבירים, אדירים. רב יהושע־העשעל אַליין גע־הער איהם אָן אַ שני־בשלישי...

און צווייטענס, איז ער אַ קאַליקע. איין פוס איז ביי איהם, נישט פאַר אייך געדאַכט, מאָדנע אויסגעבויגען. אַז ער געהט, וואַרפט ער מיט אַ פוס. עס מאָהלט זיך אוים, אַז ער איז אין כעס און שליידערט, וויל געבען מיט׳ן פוס אין די צייהן אריין.

און אין כעס איז זיסעל טאַקי שטענדיג. ער איז אַ כעסן בטבע. אויף דער גאַנצער וועלט איז ער אָנגעשטויסען. און איז אפשר גאָר נישט אומגערעכט אויך. קיין עין־הרע, אַזאַ משפחה פון סאַמע נגידים, גבירים, אדירים, זענען זיי קראַנק אויסהאַלטען אַ געפאַלענעם קרוב אַ קאַליקע, נישט לאָזען איהם געהן איבער די הייזער, נישט לאָזען איהם וואַלגערען זיך אויף דער הוילער באַנק אין בית־מדרש, אַז פרעמדע בחורים זאָלען דאַרפען געהן פון זיינעטוועגען צונויפנעמען אַמאָל אויף אַ מלבוש, אַמאָל אויף אַ פאָר שיך, — ס׳זאָל אַ רוח אין זייער פאָטער און מוטער אריין, טאַקי די דאָזיגע בחורים! איידער מע בעט זיי איין, זיי זאָלען איהם מאַכען אַ נייע קאַפּאָטע, יענע איז שוין צעריסען־צעפּיצעלט! אָדער אָננעמען זאָגע אויף אַ העמד, נייהען וועט ער שוין אַליין אוועקגעבען, נייהען זאָל מען זיי תכריכים אַלעמען, אַלע אידען פון

שטאָדט! א שטאָדט פון סאַמע רשעים! סדום! סדום איז א הונט אקעגען איהר!

איין אנדער שטאָדט וואָלט אין זינען געהאט: עס זיצט איין אַלטער בחור, א יורד — וואָס וועט ער אויסזיצען? זיי זאָלען זיין לייטישע מענשען, מיט א ברעקעל יושר אין הארצען, וואָלטען זיי געזאָרגט פאר זיסלען עפּיס א שידוך...

די משפּחה איז נישט קליין צו געבען נדן, געבען זאָל זיי גאָט קרענק מיט קדחת, און א כלה וואָלט זיך שוין געפונען... נישטאָ דען קיין גרעסערע קאַליקעס פון איהם, קרומע, שטומע, בלינדע? פון דעסטוועגען, האָבען זיי דען נישט חתונה געהאַט?

אויף איהם, אויף זיסלען, וואָלטען זיך געפונען צעהן בעלנים פאר איינעם. וועז זשע? אז עמיצער זאָל איהם טראָגען אויפ'ן קאָפּ, זיך אָפּגעבען מיט איהם.

אָט, למשל, דרעהט זיך ארום ביי געצי דעם שמש א מויד, אסנע רופט מען זי. זי קומט אמאָל אויסקעהרען דאָס בית־המדרש, אמאָל וואשען די בענק. א געזונדע מויד, א שווארצע, דער רוח זאָל זי נעמען...

אָן זיסלען וואָלט זיך געצי אָנגעחאַפּט מיטביידע הענד. ווער איז געצי דער שמש, און ווער איז זיסעל דער יורד? ער וואָלט נאָך געמעגט אויסשלאָגען ביי איהם א קניע ערד, אָט דער שמש, א רוח אין זיין טאַטענ'ס טאַטען אריין!

בלאָטע! זיסעל וועט אָבער נישט געהן צום שמש זיך אָנ־שלאָגען, נישט דערהארען וועט דאָס די שטאָדט, קומען זאָל אויף איהר א שרפה, א מגפה און א חלירע היינטיגען טאָג, רבונו של עולם, ס'זאָל זיי אויסקויקלען פון איין עק ביז'ן אנדערען!...

אָט אַזוי שעלט זיסעל דער יורד זיין משפּחה און די גאַנצע שטאָדט, וואָס האַלט איהם אויס מיט קצבה.

— א רעשטעל צו די צרות! — זאָגט מען אויף איהם אין שטאָדט און מע לאָזט איהם נישט פאַלען. מע זעהט איהם נעמען אויף שבת און אויף יום־טוב, אַלע מאָל צו איין אנדער בעל־הבית.

מע וויל יוצא זיין פאר איהם — פארט א יורד, נעבאך א גע־פאלענער...

און טאמער פערגעסט מען זיך אן זיסלען, איז דא א רפאל בעל־משגיח אין שטאדט, וואס דערמאנט, לאזט נישט, מע זאל פערגעסען אן דעם יורד.

און דער יורד איז אין כעס. עס מאהלט זיך איהם אויס, אז נישט זיין משפחה, נישט די בחורים פון בית־מדרש, נישט רפאל דער בעל־משגיח — קיינער, קיינער איז נישט גענוג יוצא קעגען איהם. און ער שעלט, שעלט זיי אלעמען מיט דער תוכחה!

איין טאג אין יאהר נאר איז פארהאן, ווען זיסעל דער יורד שעלט זיך נישט. דאס איז דער טאג פון ערב יום־כפור.

דעם טאג פון ערב יום־כפור טהוט זיסעל אן דאס נייע העמד, וואס ער אליין האט זיך געגעבען נייהען, און די נייע קאפאטע, וואס די בחורים האבען איהם געמאכט, מיט א פאר גאנצע, כמעט נאך גאר נייע שטיבלעטען, וואס רפאל בעל־משגיח האט ערגיץ אויסגעמאנטאטשעט פון זיינעטוועגען, און ער לאזט זיך געהן פון שטוב צו שטוב צו אייגענע און צו פרעמדע, שליידערענדיג מיט'ן קראנקען פוס, צו איבערבעטען דעם עולם, זיך מוחל זיין. אלע אידען געהען זיך מוחל זיין — מיט וואס איז ער ערגער פון אלע?

דאס פנים איז ביי איהם בלאס, ווי תמיד. דער קוק איז בייז. און ער רעדט מיט כעס, ווי תמיד, און גיט־אפ דעם „גוט־יום־טוב" מיט אזא טאן, ווי ער וואלט געשאלטען אין טאטען אריין.

— א גוט יום־טוב! טאמער האב איך אייך אנגעריהרט מיט א קרום ווארט, בעט איך אייך איבער, און ווינש אייך א חתימה טובה.

זיסעל הוסט און קוקט אין האנד אריין, טאמער וועט מען איהם עפּיס געבען.

ענטפערט מען איהם מיט א שמייכעל: „גם אתם, לאז גאט מוחל זיין". — מע גיט איהם א נדבה און מען איז איהם מכבד מיט לעקאך.

## מע הוליעט

מיפּען וואָס שטאַרבען־אָפּ.

געשריבען לכבוד שמחת־תורה (אין יאָהר 1911).

# עטליכע ווערטער וועגען די „הוליאַקעס״.

---

„חברה הוליאַקעס״ — אַזוי רופט מען זיי ביי אונז. דאָס זענען אידען דוקא שטילע מענשלעך און דוקא נישקשה פון אָרעמע לייט און געהערען זיך נישט אָן אַ גאַנץ יאָהר איינס מיט׳ן אַנ־דערען גאָרנישט נישט; נאָר אַז עס קומט שמחת־תורה, ווערד מען לעבעדיג־פריילי‍ך, און גלייך ווי מע וואָלט זיך אויפגערעדט: מע נעמט זיך אָרום גאַנץ ברידערליך און מע געהט איבער די גאַסען, טאַנצענדיג און זינגענדיג פריילי‍כע ניגונים און מע מאַכט פריילי‍ך די גאַנצע שטאָדט. מע קומט אַריין צו אַלע בעלי־בתים גוט יום־טוב בעטען, מע רייסט זיך אַריין אויך צו די נגידים און מע מאַכט זיי דעם פריילי‍כען שמחת־תורה׳דיגען קידוש, און באַין ברירה מוז געשטעלט ווערען וויין אויפ׳ן טיש, אָדער ביער, אָדער פּשוט׳ער בראָנפען מיט פערבייסען, אַניט קאָנען די הוליאַקעס אַליין נעמען. זיי ווייסען, וואו וואָס עס שטעהט. זיי קאָנען טרעפען צום אויווען און ארויסנעמען וואָס ס׳איז דאָ, אַרויסציהען פון די שאַפעס די איינגעמאַכטסען, אַראָפּלאָזען זיך אין קעלער און אַרויפטראָגען פון דאָרטען די גוטע „נאַליווקעס״ מיט די שענע געזאַלצענע אוגערקעס מיט די קלוגע געזייערטע אַרבוזעס, וואָס שטעהען ביי די נגידים צוגעגרייט אויפ׳ן ווינטער, און נאָך אַזעלכע זאַכען, וואָס ס׳איז גאָרנישט צו גלויבען, אַז אידען קאָנען אַזעלכעס טהון...

דאָס אַליין איז נאָך גאָרנישט. אַמאָל (אוי, אַמאָל!) פלעגט מען אַליין זיין שכור, ווי לוט, און אויך די „נאַטשאַלסטווע״

אַנ׳שכור׳ען אזוי, אז זי פלעגט טאנצען מיט אַלע אידען, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, אָהן קאפאָטעס ביי׳ם נגיד אויפ׳ן דאַך. איצט איז שוין אַנדערע יאָהרען מיט אַנדערע „נאַטשאַל־סטווע״. מען איז געהרען, אז זי לאָזט חאָטש אידען איין מאָל אין יאָהר זיין שכור און געהן פראַנק און פריי פון שטוב צו שטוב און זינגען פרייליכע ניגונים. וואָרום אין אַנדערע שטעדט, זאָגט מען, טאָר מען דאָס אויך נישט...

פערשטעהט זיך, אז פון יאָהר צו יאָהר ווערד ביי אונז די „חברה הוליאַקעס״ שיטערער און ווינציגער. אַ סך זענען אויס־געשטאָרבען, און די, וואָס זענען געבליבען, האַלטען ביי׳ם אָפּ־שטאַרבען. דעריבער אייל איך מיך די דאָזיגע בעריהמטע הוליאַקעס צו בעשרייבען, יעדען איינציגען מיט זיין טיפּ און ביי זיין נאָמען — לאָז חאָטש בלייבען אַ זכר, אַ סימן פון דעם, ווי מע הוליעט ביי אידען אין גלות, אז עס קומט שמחת־תורה.

# מע הוליעט

## א.

## אליק דער מעכאַניק.

פערשטעהט זיך, אז ער איז א שניידער. און נישט נאָר א שניידער, נאָר א שניידערעל, דאָס מיינט, אז ער איז א קליינישטש־קער מיט קורצע פיסעלעך, מיט קליינישטשקע הענטעלעך, מיט א קליין בערדעלע. נאָר א קול האָט ער דוקא א געמבע, א באַסאָווע שטימע. אלע וואונדערען זיך: ווי קומט צו אזא קליין אידעלע אזא געדיכטע באַסאָווע שטימע? נאָר קשיות פרעגען איז קיין קונץ נישט. למאי ווי קומט צו אזא קליין אידעלע, ער זאָל ארייננגיסען אין זיך אזוי פיעל בראָנפען, אז עס קומט שמחת־תורה?

אָבער טאַקי נאָר שמחת־תורה. א גאַנץ יאָהר טרינקט ער נישט — נישט קיין בראָנפען, נישט קיין וויין. נישט מחמת ער האַלט ניט פונ'ם ביטערען טראָפּען, נאָר איבער איין אנדער טעם — ער האָט נישט. ער איז נעבאַך א גרויסער אָרעמאַן. מע קאָן זאָגען, איין אביון. קינדער, קיין עין־הרע, א סך. און ארבייט — וואָס א יאָהר, וואָס א יאָהר ווינציגער. איין אויס־האַפּעניש זאָל קומען אויפ'ן „גאַטאָוויך פּלאַטיעוו"! זינט עס האָט זיך געעפּענט אין שטאָדט דער „גאַטאָוויך פּלאַטיעוו", איינ־געזונקען זאָל ער ווערען, און ס'איז געוואָרען א מאָדע פּאַרטיגע

קליידער, און נאָך אויף אויסצאָהלען דערצו, האָט אליק דער מעכאַניק פערלוירען איינציגוויין אלע זיינע בעלי־בתים.

וואָלט חאָטש דער „גאַטאָוויך פּלאַטיעוו", א מיתה־פּאָהיבעל זאָל אויף איהם קומען, וועלען צושאַרען א מאָל א שטיקעל אַרבייט. איז ווי לאַנג קרענקט ער! למאי זאָל א איד פּערדיענען א שטי־קעל ברויט? אמעהר, לאָז א גוי האָבען פּרנסה. א גוי איז בילכער. חאָטש אפילו ס'איז א פּערדראָסיגע זאַך. מילא, אז ער האַלט א צושניידער א גוי, איז חאַפּט איהם בעני. א גוי א צושניידער שניידט אויף איין אַנדער פאַסאָן. אָבער שטעפּעכטס? פּערוואַרפּעכטס? אונטערנייהעכטס? דערויף מוז מען שוין אויך קומען צום גוי? איין עק! אייננייהען א קנעפּעל, צוסטריגעווען א בענדעל, אויספּרעסען א קאָלנער — דאָס קאָן שוין אויך נישט א איד?

וואָלט דער „גאַטאָוויך פּלאַטיעוו", דער שלאָג זאָל איהם טרעפען, חאָטש אליין געווען א גוי. איז ניין! דוקא א איד, און נאָך וואָסער א איד! א כשר'ער איד און הייסט רב לייזער. ער איז א געוועזענער חייט, נאָר היינט איז ער א בעל־הבית, א חשוב ביי נאַטשאַלסטווע, און פּאָהרט אלע זומער „זאַגראַניצע" און ברענגט פון דאָרטען צו פיהרען אלע יאָהר נייע מאָדעס מיט נייע זשורנאַלען. אין שוהל זיצט ער אויבענאָן. עליות קויפט ער זיך די פעטסטע. שידוכים טהוט ער די שענסטע. אז ער איז געוועזען אמאָל א שניידער, האָט ער שוין לאַנג פּערגעסען. דעם נאָמען חייט קאָן ער גאָר נישט הערען. א „נאַש־בראַט" לאָזט ער נישט אויף די אויגען. טרייבט אָרעמע לייט מיט שטעקענס. און גאָט זעהט און שווייגט!

אדרבה, וואָס א יאָהר, ווערד „לייזער גאַטאָוויך פּלאַטיעוו" רייכער. צו איהם צוצוטרעטען — דאַרף מען שוין גאָר האָבען א זכיה: א גלעקעל ביי דער טהיר!

א גליק, וואָס ס'איז חאָטש פּאַרהאַן איין טאָג אין יאָהר אזעלכער, וואָס מע קאָן דעמאָלט צו איהם צוטרעטען; אָהן זכות־

אָבות'ען, אָהן גלעקלעך, אָהן קלינגעניש. דאָס איז דער טאָג פון שמחת־תורה.

שוין אין דערפריה, בעת אַנדערע אידען זענען נאָך אין שוהל, איז אליק דער מעכאַניק, ווי די גאַנצע חברה הוליאַקעס, לאַנג איין אָפּגעדאַווענטער, איין אויסגעטרונקענער און איין איבערגעבי־סענער. און מע געהט שוין ארומגענומען אַלע מיט אַ געזאַנג איבער די גאַסען, פון איין נגיד צום אַנדערען, גוט יום־טוב בעטען. און צום אַלעם ערשטען געהט מען צום נייעם נגיד, „רב לייזער גאַטאָוויך פּלאַטיעוו" (לכבוד שמחת־תורה האָט מען אראָפּגע־נומען דאָס גלעקעל פון טהיר). פון גאַנץ פריה אָן שטעהט צו־געגרייט אויפ'ן טיש בראָנפען און ביער און ווייַן אַ פלעשעל מיט אַלערליי פערבייסעכצען. רב לייזער אַליין געהט זיי אַקעגען מיט אַ פּארטיג שמייכעלע און בעט אליק'ען, ער זאָל מאַכען קידוש. טהוט איהם אליק צוליעב און מאַכט דעם ברייטען יום־טוב'דיגען קידוש אויף זיין גראָבער באַסאָווער שטימע, דרעהט און ציקעלט זיך מעשה חזן, און די חברה הוליאַקעס ענטפערט איהם מיט'ן כאָהר, ווי זינגערלעך דעם חזן:

— אָ־אָ־אָ־מ־ן!

„לייזער גאַטאָוויך פּלאַטיעוו" קלויבט כלומרשט נחת פונ'ם קידוש, און לייזעריכע כלומרשט קוועלט אויך, ציטערט, מע זאָל איהר נישט פערגיסען דאָס טישטוך, נישט צעברעכען אַ גלעזעל, אָדער חלילה איין אַנדער שאָדען. אוןביידע שעצען זיי זיך גליקליך, אַז זיי דרעהען זיך ארוים פון אליק'ען אָהן אַ סקאַנדאַל. וואָרום אליק דער מעכאַניק, אַז ער איז רעכט אונטער'ן גלעזעל און ווערד גוט פערקנאַקט, קאָן ער דערצעהלען דעם נייעם נגיד מיאוסע מעשיות. ער קאָן איהם אָננעמען פאַר אַ האַנד און זאָגען איהם דעם גאַנצען פסוק גאַנץ איידעל און פערשטעלט:

— הער זשע אויס, ברודער גאַטאָוויך פּלאַטיעוו! חאָטש דו ביזט די כפרה פאַר אַ גוי, די כפרה מעגסט דו זיין פאַר אַלע גויים, און חאָטש דו האָסט פיינט אַ אידען ערגער ווי אַ איד חזיר,

נאָר אזוי ווי מיר האָבען היינט יום־טוב אויף דער גאנצער וועלט, און אזוי ווי דו האָסט אונז מכבד געווען מיט לעקאך און בראָנפען, טאָ לאָמיר טרינקען לחיים, און לאָמיר זיך ווינשעווען דערלעבען איבעראיאָהר שמחת־תורה, און זיין די אייגענע אידען וואָס מיר זענען, און לאָמיר זיך צעקושען אין די פּיסקלעך, און לאָז די וועלט נישט וויסען, אז דו ביזט א חייט בן חייט, און א פּארך, און א שונא־ישראל, און א רוח אין די שונאים׳ס טאטענ׳ס טאטען אריין!

אָפּגעפּארטיגט זיך מיט׳ן נייעם נגיד, לאָזט זיך חברה הור־ליאקעם מיט א געזאנג צו די איבעריגע נגידים. דאָרט ווערד דער קידוש איבערגע׳חזר׳ט נאָך א מאָל מיט׳ן זעלבען פּאראד און מיט׳ן כאָהר. דערצו ווערד צוגעזעצט נאָך א פּאָר שטיקלעך פון ימים נוראים, וואָס אליק איז דערויף א גרויסער קינצלער, און אז איהר וועט איהם שטארק בעטען, וועט ער אייך בעווייזען, ווי אזוי איין ערשטלינג געהט צו קינד, און נאָך אזעלכע שטיק, אבי צו משמח זיין דעם עולם, מאכען איהם לעבעדיג־פריייליך, וואָרום ס׳איז שמחת־תורה — און שמחת־תורה דארף מען הוליען און הוליען.

## ב.

# קאַפּעל בעל־מות.

אזוי רופט מען איהם דערפאַר, ווייל ער האָט א גרויסען שטערן און א גלאַנצענדיגען. „א שטערן, ווי ביי א מיניסטער", — זאָגט מען אויף איהם. קאַפּעל איז אָבער נישט קיין מיניסטער. קאַפּעל איז א בעל־מלאכה. א שוסטער איז ער.

בטבע איז קאַפּעל א איד א בעל מרה־שחורה. שטענדיג פערזאָרגט, פער'חושכ'ט, אָפּגעריסען, געשטימט טרויעריג, פעסי־מיסטיש.

פון וואַנען נעמט זיך עס? אפשר דערפון, וואָס ער קוקט אויף דער וועלט כל ימיו פון א פינסטערען קעלער? דאָרט איז זיין ווארשטאַט, דאָרט קלאַפּט ער פלעקלעך. דאָרט איז זיין היים, דאָרט לעבט ער. שוסטעריי איז נישט שניידעריי. א שניידער מוז האָבען ליכט; א שוסטער קאָן זיך בעגעהן אין דער פינסטער.

דאָס הייסט, אז מע וויל צוריק, בעדאַרף א שוסטער אויך צו זעהען, וואוהין ער שטעכט מיט דער נאָל און וואוהין ער קלאַפּט א פלעקעל. נאָר דערצו איז גענוג א קליין פענסטערעל, א קוואַ־טירעל, וואָס קוקט דורך א געל־גרינבליך גלאָז אין דרויסען אַרוים. א מענש, וואָס זיצט־אָפּ אזוי פיעל יאָהרען אויף א קיילעכיג לעדערן זעסעל און קלאַפּט מיט'ן האמער אין דער פינסטער, קאָן נישט זיין קיין אָפּטימיסט.

און אפשר נעמט זיך זיין מרה־שחורה דערפון, וואָס גאָט האָט איהם געבענשט מיט א ווייב א צרה, וואָס אחוץ דעם, וואָס זי בעגראָבט איהם א לעבעדיגען, האָט זי אין זיך נייען מאָס רעד, דאָס מויל מאַכט זיך איהר נישט צו?

„שרה די זאָגערין" — אזוי רופט מען זי צווישען די שכנים, וואָרום זי האָט אַ מענה־לשון און רעדט אָהן איין אָפּשטעל. עס געהט ביי איהר געבונדען און געקייטעלט, און עס לאָזט זיך ביי איהר נישט אוים, ווי פון אַ קוואַל.

מיר קאָנען נישט פאָדערען פון אונזער פריינד לעזער, אז ער זאָל אונז גלויבען אויף נאמנות. ער איז עס נישט מחויב. דעַ־דיבער געבען מיר דאָ אַ מוסטער פונ'ם מענה־לשון, וואָס „שרה די זאָגערין" לעגט־אַוועק אין אַ שענעם פריהמאָרגען, בעת קאָפּעל קלאָפּט מיט'ן האמער און זיינע צוויי שוסטער־יונגען העלפען איהם אונטער, איינער ציהט אַ דראַטווע און דער אַנדערער פוצט אַ פּאָדעשווע. מיינט נישט: שרה אליין זיצט אויך נישט צונויפ־געלעגט די הענד. זי טהוט דריי ארבייט מיט אַ מאָל: מיט די הענד שיילט זי קאַרטאָפלים, מיט די פיס וויעגט זי אַ קינד און מיט'ן מויל רעדט זי, און דוקא צו זיך אליין.

— גיט זיך אוים אַ טאָג, איז חאָטש עפען טהיר און טהויער, ווי אין אַ מאַהנהויז, פון כאור אָן הו־האַ, אויף און אָפּ, טאָ דער, טאָ יענער, טאָמער איז קאַרג דאָם קלאָפּען, קלאָפּען זאָל איהם אין קאָפּ, ווי ער קלאָפּט מיט'ן האמער, איז זי אויך דאָ, טאַקי די שוועסטער זיינע, די קלאַפּעטיריכע מיט'ן צינגעל, ווי אַ גלעקעל דזין־דזין־דזין, אַ גדולה אויף דער באבע, זי האָט אַ בריוועל פון איהר דאָלי, אָנגעקומען אַזש פון אַמעריקע, קומט איהם אַ דאַנק, ער האָט נאָך נישט חאַסלירע געהאַט, דער שענער מאַנדיוק, פאַר איין אַנדערע דאָרטען, אַ מכה איהם, ווי חיה־קיילע'ס מאַן האָט דאָרטען אָפּגעטהאָן, פאַרחאַפּט זאָל עס ווערען, אָט דאָם אַמעריקע טאַקי! וואָרום אז מע קומט אַהין, פאַרגעסט מען, אז מע האָט געלאָזט אַ ווייב אין דער היים, גרינגע פייגעלעך, אַ קיש־קיש מיט'ן קאָפּ אין דער ערד! נישט אויסצוהאַלטען פון דער קורע־לאַפּניטשקע מיט איהרע עופות! געהען־אַרום הונגעריגע און וויל האָבען פון זיי שמאַלץ, חאָטש וועלען אַמאָל זיך לעגען אויף אַ טשיקאַוועס, שענקען איין איי אויף דער חלה צו באַשמירען ביי

דעם דאָזיגען יקרות, וואָס נישט צוצוריהרען זיך, נישט צו קיין איי, נישט צו קיין קארטאָפלי, נישט צו קיין ציבעלע, האָטש לויף אין דער וועלט אריין, א סיפּע איהם אין פּנים אריין און א געשוויר איהם אין זייט, טאַקי דעם גוי, ווי ער איז קליגער געוואָרען, און וויל שוין אָפּנארען א אידען. קאָפּוי או מענע קאורקו נא שאבעם — לאָזט זיך אוים, אז ס'איז אזוי א קאורקו, ווי דו ביזט א רב. א דע טוואָיא קאורקא? — שטופּט זי אין פּנים אריין א קורטשאַטקע די גרוים ווי א מייזעל. חיבא צע קאורקא? צע בלאָכא! — ווערד זי נאָך מלא גזלן און רייצט זיך: או טעבע ראָשע נעמא! און באהאלט דאָס שענע היהנדעל אין בוזעם. א קאָטא, צו אלדי שווארצע יאָהר! נא דיר נאָך טאָמער איז קארג, ברוך הבא, א קאָטער האָט זיך פארנאדעט צו די קעץ, ווי פּייסי חיים'ס צו ריווע־לאה די מאָדניצע, אלע אין דערפריה און אויף דערנאכט, ווי א זייגער, שמעקט אין אלע טעפּ. נישטאָ גאָרנישט! אויסגעטריקענט! טרוקען זאָל דיר זיין אין הארצען, און אין קאָפּ, און...

— ווענען שעלסט דו דאָס? — טהוט ביי איהר קאָפּעל א פרעג אויף א טשיקאוועס, הערט־אויף א ווײַלע קלאָפּען מיט'ן האמער און שטעלט־אוועק אויף זיין ווייב דעם גרויסען גלאַנצענדיגען מיניסטערשען שטערן.

— טאַקי דיך מיט דיינע ממזרים! — ענטפערט איהם שרה, גאָרנישט לאנג געטראכט, און טהוט זיך איהרע דריי מלאכות ווי פריהער, און איז צופריעדען, וואָס זי האָט פרישען שטאָף אויף איהר מענה־לשון, וואָס ציהט זיך ביי איהר אָהן א סוף און אָהן א ברעג, ווי דער ים, ווי דער אידישער גלות, ווי קאָפּעל'ס דלות. אָרעמער קאָפּעל! וואוהין וואָלט ער נישט געלאָפען, ער זאָל נישט זיין צוגעבונדען אָט צו דעם לעדערנעם זעסעל? מוז ער אָבער פערענדיגען א שטיקעל ארבייט, אניט — וועט ער נישט האָבען אויף שבת, און אז ער וועט נישט האָבען אויף שבת, וועט זיין אָפּגעשניטענע יאָהר פון שרה'ן מיט איהר מענה־לשון.

שוואַרץ, חושך ווי די ערד, זעהט אויס קאַפּעל דער שוסטער, און דערשלאָגען. מע הערט פון איהם קיין פּיפּס. שטיל טראָגט ער אויף זיך דעם גלות מיט'ן דלות מיט אַלע צרות, שטיל האַלט ער עס אין זיך. מע בעדאַרף זיין אַ פילאָזאָף, מע זאָל קאָנען האַלטען אין זיך אַזוי פיעל. קאַפּעל בעל-מוח איז אַ פילאָזאָף. אַ שטילער פילאָזאָף און אַ פערזאָרגטער.

נאָר אויב קאַפּעל איז אַ גאַנץ יאָהר פערזאָרגט, איז דאָ אַ טאָג, — און דער טאָג איז שמחת-תורה — וואָס ער איז פריילין. וואָס זאָג איך פריילין? נייגעבוירען, אויסער זיך, משוגע, ריין משוגע! שטעלט אייך פאָר קאַפּעל בעל-מוח צווישען חברה הור-ליאַקעס מעהר הוליאַק פון אַלע הוליאַקעס! ער האָט זיך גע-ביטען מיט אליק דעם מעכאַניק מיט די היטלען, — אַז דער האָט אַ היטעל, ווי אַ שיסעל, און יענער האָט אַ היטעלע, ווי אַ פיינ די גרויס — קאָן מען נישט פּלאַצען פאַר געלעכטער? טשעפּעט נישט, זיי האָבען זיך געוואָלט בייטען מיט די קאַפּאָטעס אויך, קריכט ניט אליק'ס קאַפּאָטקעלע אויף קאַפּעל'ס געזונדע פּלייצעס.

קאַפּעל דער שוסטער זעהט אויס קעגען אליק דעם שניידער, ווי אַ גלית הפּלשתי. עס איז דעריבער אַ קאָמעדיע אָנצוקוקען, ווי די צוויי נעמען זיך אַרום ברידערליך, געהען טאַנצען איבער די גאַסען. און חאָטש קאַפּעל האָט אַ קול פון אַ ריקבעט, מע קאָן זאָגען, כמעט גאָר קיין שטימע נישט, פון דעסטוועגען טהוט ער זיך אָן אַ כוח און העלפט אליק'ען זינגען, ווי אַ געטרייער משורר דעם חזן. און אַז אליק שטעלט זיך אוועק מאַכען דעם פריילינען קידוש, האַלט איהם קאַפּעל אונטער: „באָם!“ און אַז אליק האָט נעענדיגט דעם קידוש אויף זיין באַסאָווער שטימע מיט אַ גע-דרעהטען „מקדש ישראל“ און מיט אַ ציקעלדיגען „ו-ה-ז-מ-נ-י-ם“, און ווייל צוטראָגען דעם כוס צו די ליפּען, חאַפּט-אויס קאַפּעל ביי איהם דאָס גלעזעל פון די הענד, און איידער מע קוקט זיך אַרום, איז שוין קאַפּעל מיט'ן כוס פאַרטיג. ער האַלט שוין נאָר ביי לאָזען זיך אין אַ טענצעל. דערווייל טרייבט ער אונטער

אליק'ען, אז אליק זאָל זינגען, וועט ער איהם העלפען. טהוט איהם אליק צוליעב, אוןביידע זינגען זיי אַ יום־טוב'דיג ליעד און די גאַנצע חברה הוליאקעס העלפען־אונטער, ווער מיט'ן קול און ווער מיט'ן פּליעסקען פון די הענד. אָט דאָס איז דאָס ליעד, וואָס זיי זינגען:

אתה בחרת־ת־נו
מכל הע־מים.
איזאָ ווסיעך נאַראָ־ראָ־ראָדאָוו
טי נאַס פּאָליוביל.

— שטאַרקער, אידען, שטאַרקער! — שרייט קאָפּעל בעל־מוח, און דער שטערן ביי אהים שוויצט סכנות. — נישט געזאָרגט, ברידער! דער עיקר — נישט געזאָרגט זיך, און נאָר געזונגען, און נאָר געטאַנצט, און נאָר געהוליעט, און נאָר געהוליעט!

ג.

## מענדעל דער בלעכענער.

ריכטיגער וועט זיין — דער בלעכער, מחמת מענדעל איז פון פאך א בלעכער. נאר מע האט איהם א נאמען געגעבען ביי אונז „דער בלעכענער", ווייל ער זעהט אוים גלייך, ווי ער וואלט געוועזען געמאכט פון בלעך.

א הויכער איד, א גלייכער, א טרוקענער, אנגעטהאן אין א לאנגער הארטער בלעכענער נאקידקע. א בלעכען פנים, א בלע־כענע בארד, און אפילו א קול אויך פון בלעך — א בלעכען קול.

זיין ארבייט — איז סאמאווארען. ער גלייזט, דאס הייסט, ער ווייסט־אנים סאמאווארען. נאר אזוי ווי סאמאווארען גלייזט מען ביי אונז, מיינסטענס, נאר אויף פסח, איז די גאנצע שפע ביי איהם ערב פסח, און אין די איבעריגע טעג פון א גאנץ יאהר קוקט ער נישט אן קיין סאמאוואר אין די אויגען. ביי אזעלכע גאל־דענע געשעפטען וואלט מענדעל דער בלעכענער געהאט א ברירה צו שטארבען א גאנץ יאהר פון הונגער, ווען ער זאל נישט האבען אין האנד נאך עטליכע פרנסות.

למשל, ער קאן היילען בהמות, מאכען, זיי זאלען זיך מעל־קען, און נאך אזעלכע זאכען. וואס פאר א שייכות האט דאס צו בלעכעריי? — קיין שום שייכות נישט. נאר אז א מענש האט א טאלאנט צו נאך עפים — וואס מאכט עס קאלי? למאי ער קאן אויסלעגען אויוועגס אויך? אויך צונויפלייטען געבראָ־כענע כלים, אז מע זאל גארנישט דערקענען? צי, אשטייגער, אין פארבעריי, מיינט איהר, האט ער שוין גאר קיין ידיעה נישט? אז מע שמועסט — א מענש קאן אלסדינג, איז דאך נישט שייך!

פון דעסטוועגען, שרעקט אייך נישט. פון די אלע פרנסות האט מענדעל דער בלעכענער קוים־קוים וואסער אויף קאשע, ווי ער אליין דריקט זיך אויס, אי דאס — מוז איהם אמאל אונטער־העלפען זיין ווייב ריסעל.

ריסעל איז א באבע (א הויבאמע), נאר אהן פראקטיקע, נישט מחמת זי איז א שלעכטע הויבאמע, נאר איבער די אקושערקעס. עס איז געווארען די לעצטע צייט ביי אונז א געדעט אויף אקושער־קעס. נישטא ביי אונז כמעט א אידישע שטוב אהן איין אקושער־קע. א איד האט דריי טעכטער, זענען צוויי פון זיי אקושערקעס און די דריטע שטודיערט אויך אויף אקושערקע.

— א שטאדט פון אקושערקעס! — זאגט מענדעל דער בלעכענער און איז אין כעס און פייערט מיט סכנת־נפשות. — אויף יעדער געווינערין צוויי אקושערקעס, און מיט דער געווינע־רין — דריי, ווארום די געווינערין אליין איז אויך איין אקושערקע.

אזוי קריטיקירט מענדעל די אקושערקעס. מענדעל איז בכלל א שארפער קריטיקער. נישטא א זאך, וואס מענדעל זאל נישט קריטיקירען. נישטא א מענש, וואס מענדעל זאל געפינען אויף איהם א זכות, זאגען א גוט ווארט. אזא טבע ביי איהם. עס גיט זיך אויס א מענש, וואס עס געפעלט איהם נישט קיינער און ער איז מיט קיין זאך נישט צופריעדען. למשל, לאז געהן א רעגען אין דרויסען, וועט אייך מענדעל נישט זאגען, אז עס געהט א רעגען, נאר א „מבול״; און, פארקעהרט, לאז נישט געהן קיין רעגען, איז אויך שלעכט: „איין אויסטריקעניש, א דערשטיקעניש, א מדבר!״ קיינמאל ווארעמט נישט ביי איהם די זון, נאר זי „ברענט״, זי „שרפה׳ט״. א שניי איז ביי איהם א „פערשיטעניש״. א פראסט אליין איז איהם קארג; ער מוז צוגעבען דאס ווארט: „א ברענענדיגער״. שטארבט, חלילה, א מענש אין שטאדט — הייסט עס ביי איהם אויף זיין לשון: „דער עולם טראגט זיך אפ, מע פאלט, ווי פליעגען״... זיין אויף א לויה, קומען יענעם מנחם־אבל זיין, אדער א קראנקען מבקר־חולה זיין — דערויף איז מענ־

דעל תמיד פונ׳ם ערשטען מנין. זיין טרייסטען, זיין אויסרעדען דאָס הארץ בעשטעהט אין דעם, אז „עס קאָן נאָך זיין א סך ערגער, ווי עס איז״. א צאָהן לאָז אייך וועה טהון, וועט אייך מענדעל זאָגען: „אָט דאָס הייסט ביי אייך צייהנוועהטיג? צייהנוועהטיג פרעגט מיך!״ און ער וועט אייך דערצעהלען, וואָס ער האָט גע־האַט פון א צאָהן, אָדער ער וועט אייך איבערגעבען פון זיינעם א בעקאַנטען, וואָס איז שיער נישט געשטאָרבען פון א צאָהן, שוין געוועזן פערביי, נאָר מע האָט איהם אָפּגעשריגען...

אָדער פּרובט זיך קלאָגען פאַר איהם, אז איהר הוסט, וועט ער אייך באַלד א פרעג טהון: „מיט בלוט?״... דאָס איז נישט, ווייל מענדעל איז אזא שלעכטער בטבע און וויל, אז איהר זאָלט, חלילה, הוסטען דוקא מיט בלוט. ניין! נאָר ס׳איז ביי איהם אזא כאראַקטער, זעהען יעדע זאַך אינ׳ם ערגסטען צושטאַנד און לעגען יענעם שטיינער אויפ׳ן הארצען. ער קאָן אנדערש נישט. א געבוירענע זאַך — פארפאַלען.

היינט געה רעכט זיך, אז אזא מיזאַנטראָפּ, ווי מענדעל דער בלעכענער, וועט ער זיין שמחת־תורה צווישען חברה הוליאַקעס א גאַנצער קונצענמאַכער, א קאָמעדיאַנט און א פערשלעפּטע קרענק!

קומט שמחת־תורה, ווערד מענדעל א דייטש. דאָס הייסט, ער פערשטעלט זיך אויף דעם טאָג פאַר א דייטש און רעדט נישט קיין אַנדער שפּראַך, אויסער דייטש. די לאַנגע בלעכענע נאַקידקע האָט ער אונטערגעבונדען, געמאַכט פון איהר א פּידזשאַק, די פּאות האָט ער פערלעגט אהינטער די אויהערען — קיין סימן פון קיין פּאה, און א קאַפּעליש האָט ער אָנגעטהאָן — אידען! פון וואַנען נעמט זיך אזא קאַפּעליש אויף דער וועלט? וואו האָט ער איהם אויסגעקראַצט? כלומרשט א צילינדער־הוט, נאָר צע־קנייטשט, צעשטעכערט, און הויך, ווי א קוימען, און אָהן א דעק, מיט א לאָך פון אויבען — טאַקי ווי א קוימען. א פאַבריטשנער קוימען. און חאָטש דער דאָזיגער קוימען איז שוין גוט בעקאַנט אין שטאָדט פון פאַר־א־יאָהרען, פון פאַר־צוויי־יאָהרען און פאַר־

דריי־יאָהרען שמחת־תורה, פון דעסטוועגען בעגעגענט מען מענדלען מיט דער זעלבער גדולה און התפעלות, וואָס פאַר־אַ־יאָהרען, פאַר־צוויי־יאָהרען און פאַר־דריי־יאָהרען, אין חברה קונדסים מאַכען איהם די אייגענע אָוואַציעס, וואָס אַלע שמחת־תורה.

— אַ גוט יום־טוב, דייטש! הורראַ, קוימען! הורראַ, קאַ־פעליש!

נאָר מענדעל דער בלעכענער ענטפערט זיי נישט. מענדעל האָט נישט צו טהון מיט קונדסים. מענדעל איז בעשאַפען געוואָרען אויף צו משמח זיין גרויסע. די גאַנצע שטאָדט בעדאַרף זיך מיט איהם פרייהען. עס ווערען אַרויסגעטראָגען אַלע טישען מיט אַלע בענקלעך פון שטוב, און מענדעל דער בלעכענער (איצט שוין „מענדעל דער טייטש") מיט'ן קוימען אויפ'ן קאָפּ, איין האַנד פאַד־באַקאָם, אין דער אַנדערער האַנד אַ פלעשעל, טאַנצט אַ „דייטש" און זינגט אַ דייטשעס ליעדעל:

זענען מיר דייטשען
און האבען קיין זאָרג.
נישטאָ קיין מזומן —
נעמען מיר אויף באָרג.

און די איבעריגע חברה הוליאַקעס האפען־אונטער:

בים־באָם, בים־באָם,
בים־בים, בים־באָם!

און מענדעל זינגט ווייטער:

זענען מיר דייטשען —
איינס, צוויי, דריי, פיער.
גיט מען נישט קיין בראָנפען,
טרינקען מיר ביער.

חאַפּט־אונטער די חברה הוליאַקעס:

בים ־ באָם, בים ־ באָם,
בים ־ בים, בים ־ באָם!

און מענדעל זינגט ווייטער:

זענען מיר דייטשען,
אונז קען גרויס און קליין;
וויל מען אונז נישט געבען,
נעמען מיר אליין.

און חברה הוליאַקעס חאַפּען־אונטער:

בים ־ באָם, בים ־ באָם,
בים ־ בים, בים ־ באָם!

און אַזוי ווייטער. פּלוצים שטעלט זיך מענדעל אָפּ:

— אידען! איך וואָלט וועלען וויסען, וואָס איז נאָך דאָ בע־סערס אויף דער וועלט, ווי אַז מען איז אַ איד? ניין. איך פרעג נאָר איין זאַך: וואָס קאָן זיין בעסער, ווי אַז מען איז אַ איד?

דער עולם איז מסכים, אַז ס'איז גאָר נישטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט, ווי אַז מען איז אַ איד, און מע ווערד וואָס ווייטער אַלץ לעבעדיגער און פרייליכער; די פּיס הויבען זיך אליין, און עס גלוסט זיך אַלעמען מיט איהם חאַפּען אַ טענצעל. נעמט מען זיך מיט איהם פאַר די הענד, און מע מאַכט אַ ראָד, און מע דרעהט זיך, און מע טאַנצט, און מע טופּעט מיט די פּיס, און מע הוליעט, און מע הוליעט.

ד.

# משה־יענקעל דער אַפּיקורס.

שוין אַ איד אין די יאָהרען, נאָר ער האַלט זיך יונג. ער האָט נאָך נישט אפילו איין גרויע האָר אין באָרד. אַזאַ משפחה ביי זיי. שטאַרבען — און ווערען נישט גרוי. איין זאַך נאָר, וואָס דאָס פּנים איז איהם חאָטש געקנייטשט. זעהט אויס, ווי אַ געזייערטער עפּעל, ווי זויערע קיסליצע. אָנגעטהאָן געהט ער אַ לאַנגע קאַפּאָטע, טראָגט שיך און זאָקען און געהט־אום אַ פערטראַכטער אין עולמות.

ער איז אַ זייגערמאַכער און הייסט משה־יענקעל, נאָר רופען רופט מען איהם „דער אפּיקורס".

מחמת ער איז אַ זייגערמאַכער און ווייסט דעם גאַנג פון די רעדלעך און פערשטעהט דעם שכל פונ׳ם מעכאַניזם, פאַר וואָס עס דרעהט זיך, האָט ער אַ ידיעה אין אַזעלכע זאַכען, וואָס פאַר איין אַנדערען איז דאָס אַ סוד. און מחמת ער האָט צו טהון מיט שקיעת־החמה, ווייסט, ווען די זון זעצט זיך און ווען זי געהט אויף, פערשטעהט ער שוין במילא דעם שכל, פאַר וואָס איז ביי־טאָג — טאָג, און ביינאַכט — נאַכט, און למאי איז זומער — זומער, און ווינטער איז — ווינטער, און פאַר וואָס געהט זומער אַ רעגען און ווינטער אַ שניי, און וואָס קומט פריהער: דער דונער אָדער דער בליץ — און נאָך אַזעלכע זאַכען. קורץ: משה־יענקעל דער זייגערמאַכער שמ׳ט פאַר אַ חקרן, אַ פילאָזאָף און איין אַפּיקורס.

נאָר לאַ די, וואָס משה־יענקעל איז אַליין אַ חקרן, אַ פילאָזאָף און איין אַפּיקורס, וואָלט ער אַ בעלן געווען, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיין אויפגעקלערטע, פילאָזאָפען און אַפּיקורסים.

צוליעב דעם האָט ער ליעב, אַז מע קומט צו איהם מיט אַ זייגער פערריכטען, זאָל ער זיך אַוועקזעצען חקירה׳ן, פילאָזאָפירען און אָפּלאַכען פון אַ גוט אויג, און פון אַ חלום, און פון בעגעגענען אַ גלח, און פון לעדיגע עמערס, און אָפּ׳לצ׳עווען, להבדיל, פון אַ גוטען אידען, מאַכען חוזק פון די חסידים.

אָפּלאַכען פון אַ גוטען אידען — דאָס איז ביי איהם אַ גאַנ־צער צימעס. ער קאָן אייך ארומקלויבען ארום זיך אַ גאַנץ רעדעל און דערצעהלען אייך אַ מאָדנע מעשה, אָהן אַיין אָנהויב און אָהן אַ סוף, און שטעלט־אַוועק דערביי איין ערנסט פּנים, קיין שמייכעל אפילו נישט צו טהון, אַזוי אַז איהר קאָנט זיכער מיינען, אַז דאָס דערצעהלט אייך אַ הייסער חסיד אַ מופת פונ׳ם רבי׳ן.

— פאָהרט ער, הייסט עס, איינמאָל אין וועג — אַזוי הויבט אָן גאַנץ שטיל משה־יענקעל צו דערצעהלען גלייך פונ׳ם מיטען, און איהר זענט שוין אליין מחויב צו וויסען, ווער איז דער „ער״ — פאָהרט ער זיך אַזוי איינמאָל אין וועג, פרייטאָג איז דאָס געווען פאַר ליכט־בענטשען, פאָהרט ער און פאָהרט, פאָהרט און פאָהרט, פאָהרט און פאָהרט. ווערד דאָך זיי קשה — ביז וואַנען? ס׳איז דאָך שוין באַלד שבת? מאַכען זיי צו איהם: וואָס וועט זיין? ענטפערט ער נישט דאָס אַנדערע וואָרט און הייסט פאָהרען וויי־טער. העלפט זיך נישט: אַז ער הייסט פאָהרען, דאַרף מען פאָהרען. פאָהרט מען און מע פאָהרט, פאָהרט מען און מע פאָהרט, פאָהרט מען און מע פאָהרט. די זון הויבט שוין אָן צו זעצען זיך. אָט־אָט, נאָך אַ שעה, נאָך אַ האַלבע שעה, און עס ווערד נאַכט. ווערד זיי קאַלעמוטנע, הויבען זיי שוין אָן אַ ביסעל שטאַרקער: גוואַלד, וואָס וועט זיין דער תכלית? מע וועט דאָך שוין באַלד־אָ נישט טאָרען! רופט ער זיך אָן: טפּררררו! בלייבט מען שטעהן, שטעהט מען און מע שטעהט, און מע שטעהט און מע שטעהט, און מע שטעהט און מע שטעהט. נוערד זיי נמאס, מאַכען זיי צו איהם: אָט דאָ וועלען מיר האַלטען שבת? זאָגט ער: פאַר וואָס נישט? זאָגען זיי: וואָס הייסט?

נו, און פיש? וואו וועט מען נעמען פיש אויף שבת? זאָגט ער: עס וועט זיין פיש. זאָגען זיי: פון וואנען? זאָגט ער: פון טייך. זאָגען זיי: וואו האָבען מיר א טייך? זאָגט ער: אָט איז דער טייך. כך הוה. מע הויבט אויף די אויגען, — א טייך, א ים, איין אוקינוס! ווערד זיי שוין אביסעל גרינגער אויפ'ן הארצען. זאָגען זיי: וואו־זשע נעמט מען א גוי? זאָגט ער: אויף וואָס דארפט איהר א גוי? זאָגען זיי: ער זאָל אונז חאפּען פיש. זאָגט ער: און וואו זענט איהר? ווערען זיי מבויש און זאָגען: מיר זאָלען חאָטש האָבען א נעץ. זאָגט ער: נאָט אייך מיין פּאטשיילע. האָבען זיי פארשטאנען, וואָס ער מיינט; האָבען זיי גענומען די פּאטשיילע, און זענען אריינגעגאנגען מיט דער פּאטשיילע אין טייך אריין, און זענען געגאנגען און געגאנגען, געגאנגען און געגאנגען, געגאנגען און געגאנגען — נישטאָ קיין סימן פון קיין פיש! דרעהען זיי אוים דעם קאָפּ צו איהם און מאכען צו איהם: סע שלעכט. זאָגט ער: וואָס איז די שלעכטיגקייט? זאָגען זיי: עס חאפּט זיך נישט. זאָגט ער: עס וועט זיך חאפּען. און כך הוה. ווי נאָר ער האָט אויסגערעדט די דאָזיגע פיער ווערטער, האָבען זיי גלייך דערפיהלט, אז די פּאטשיילע ווערד וואָס ווייטער אלץ שווערער און שווערער, שווערער און שווערער, שווערער און שווערער. איין עק. זיי בלייבען אָהן כחות. ווערד זיי שוין ווידער מארקאָטנע אויף דער נשמה. קוקען זיי צו איהם מיט די אויגען, שטויסט ער זיך אָן און זאָגט צו זיי: שלעפּט ווייטער, שלעפּט! און אז ער זאָגט: שלעפּט — דארף מען שלעפּען. האָבען זיי זיך א נעם געגעבען מיט די לעצטע כחות און האָבען גענומען שלעפּען, האָבען זיי געשלעפּט און געשלעפּט, און געשלעפּט און געשלעפּט, און געשלעפּט און געשלעפּט, און געשלעפּט און געשלעפּט...

— א, פארשלעפּען זאָל מען איהם! אז א וועלט זאָגט „אפּיקורס", זאָל מען גלויבען! — און מע שפּייט־אוים און מע טרעט־אָפּ פון דעם אפּיקורס. נאָר א אידישע נשמה קאָן מען

נישט שאַצען. דוקאַ אַט דער אַפּיקורס, אַז עס קומט שמחת־תורה, ווערד אויף איהם אַ נייע הויט. עס איז איהם גאָרנישט צו דער־קענען. זיין טרינקען האָט קיין שיעור — קיינער פון דער חברה הוליאַקעס וועט זיך נישט אונטערנעמען אַריינגיסען אין זיך אַזוי פיעל משקה, וויפיעל אַט דער משה־יענקעל. און משה־יענקעל, אַז ער שטעלט אַריין די ערשטע עטליכע כוסות, ווערד ער שכור? הס מלהזכיר! — נאָר פריילּיך. ער ווערד אַליין פריילּיך און מאַכט דעם עולם פריילּיך. אַ גאַנץ יאָהר איין אַפּיקורס, און שמחת־תורה איין עהרליכער איד. אַ גאַנץ יאָהר אַ פילאָזאָף, און שמחת־תורה אַ מאַרשעלאָק, און נאָך וואָס פאַר אַ מאַרשע־לאָק! עס איז כדאי אָנצוקוקען משה־יענקלען, ווי ער טאַנצט מיט אַ בעזעם אין דער האַנד, מיט איין שטיוועל און מיט איין באָרפוס און זינגט אַ ליטוויש ליעדעל:

האָפּ - טשוק, בערעל!
האָפּ - טשוק, שמערעל!
מיט איין באָרפוס און מיט איין זאָק,
מיט'ן לאַנגען יאַמשענשטאָק,
מיט'ן וויסען לייבסערדאָק...

דערביי ציהט־אַרויס אונזער אַפּיקורס אַ מורא'דיג לאַנגען טלית־קטן און טאַנצט אַזוי גרינג, ווי אַ פעדער, קוים־קוים וואָס ער ריהרט אָן די ערד מיט די פיס. און ער נעמט זיך אַרום מיט אַלעמען, און ער קושט זיך מיט אַלעמען, מיט חסידים און נישט מיט חסידים, און טענה'ט מיט טרערען אויף די אויגען:

— באַרעכענט נאָר, וואָס פאַר אַ גרויסען גאָט מיר האָבען! וואָס פאַר אַ גרויסען גאָט, און וואָס פאַר אַ שטאַרקען גאָט, און וואָס פאַר אַ געוואַלטיגען גאָט, וואָס מע קאָן איהם גאָרנישט משיג זיין מיט'ן שכל! נו, ווי אַזוי זאָלען מיר זיך נישט איבער־נעמען? ווי אַזוי זאָלען מיר זיך נישט פרייהען, נישט טרינקען קיין לחיים? לחיים, אידען! לחיים! לשנה הבאה בירושלים!...

דער עולם האָט גאָר פערגעסען, אז משה־יענקעל איז א חקרן, א פילאָזאָף און איין אפיקורס, און מע טרינקט מיט איהם לחיים און מע נעמט זיך מיט איהם ביי די הענד, און מען איז זיך משמח מיט'ן יום־טוב, און מע הוליעט, און מע הוליעט.

ח.

# שעיה־דוד בעל־תשובה.

מסתמא איז ער אין די יונגע יאָהרען געווען א גרויסער בעל־חטא, אז ער איז אויף דער עלטער געוואָרען א בעל־תשובה.

אמאָל האָט ער געהייסען איין אַנדער נאָמען: שעיה־דוד דער כלי־זמר. ער איז א כלי־זמר. דאָס רוב כלי־זמר זענען גע־האַפט, זאָגט מען. די פרנסה זייערע איז אזעלכע. מע האָט צו טהון מיט מיידלעך און מיט ווייבלעך. און ווען? אויף חתונות, אויף פאַרשפּיעלען און אויף חתן־מאָלס. פון פרומקייט איז מען ווייט, פון אידישקייט — אָפּגעריסען. היינט די הלבשה זייערע, דאָס אָנטהון זיך ביי זיי איז אומעטום און פון תמיד אָן מעשה פראַנט.

פאַרהאַן מענשען, וואָס געדענקען נאָך שעיה־דוד דעם כלי־זמר מיט א פאַטלע האָר אויפ'ן קאָפּ געקרייזעלטע, מיט איין אונ־טערגעהאַקטער קאַפּאָטע, און א שווארצע טענדעווערענדע האָט ער געטראָגען אויף די אַכסלען, און דאָס בערדעל — א סברא — איז געווען אונטערגעפּוצט.

היינט האָט ער זיך פערלאָזט באָרד און פאות, א קאַפּאָטע טראָגט ער א לאַנגע, א אידישע, און איז דער איינציגער צווישען די כלי־זמר, וואָס לאָזט נישט דורך אין דערפריה און אויף דער־נאַכט דאָס דאַוונען.

נאָר ס'איז פאַרהאַן אַלערליי דאַוונערס אויף דער וועלט. שעיה־דוד דאַוונט נישט, ווי אַלע מענשען. ערשטענס, שרייט ער. ער גוואַלדעוועט אזוי, גלייך ווי דער אידישער גאָט וואָלט שוין באמת געווען אזוי אַלט, אז מע דאַרף צו איהם שרייען.

היינט האָט אָט דער כלי־זמר א טבע זאָגען צוויי מאָל א וואָרט און צוויי מאָל א שורה — ער האָט מורא, טאָמער האָט ער דורכ־געלאָזט. לאָז, זאָגט ער, מיינס איבערגעהן: „ברוך ברוך, שאָמר שאָמר, והיה והיה — ברוך שאָמר והיה, ברוך שאָמר והיה... העולם העולם, ברוך ברוך, הוא הוא, ברוך ברוך, גוזר גוזר — העולם ברוך הוא ברוך גוזר, העולם ברוך הוא ברוך גוזר"... משוגע צו ווערען! די, וואָס זיצען נעבען איהם, זאָגען, אז ס'איז פון איהם נישט אויסצוהאַלטען; ער פערשרייט זיי דעם קאָפּ, און מיט זיין איבער'חזר'ען צוויי מאָל א וואָרט שלאָגט ער זיי אראָפּ, זאָגען זיי, פונ'ם וועג.

וואָס איז די מעשה, וואָס שעיה־דוד איז מיט א מאָל גע־וואָרען אזא פרומער איד — ווייסט קיינער נישט. אז איהר וועט איהם פרעגען, וועט ער אייך נישט ענטפערען. און אז איהר וועט פון איהם לאַכען, וועט ער זיך מאַכען נישט וויסענדיג. און בכלל ווייסט איהר נישט, וואָס מיט איהם טהוט זיך. א שטילער איד, א פערבאָרגענער, א בעל־תשובה.

עפּיס האָט מיט דעם מענשען בעדאַרפט פּאַרקומען. אין שטאָדט זאָגט מען, אז דאָס ווייב האָט איהם אוועקגעוואָרפען, נאָך אין דער יוגענד. און מיאוס אוועקגעוואָרפען. אנטלאָפען מיט א „פּאָמאָטשניק פּריסטאַוו". געזעסען אין שכנות, א שטי־לער גוי. ליעב געהאַט א אידען. געה ריכט זיך, אז ווען מע וועט איהם אריבערפיהרען אין איין אנדער שטאָדט, וועט ער איבעררעדען שעיה־דוד דעם כלי־זמר'ס ווייב, זי זאָל מיט איהם מיטפאָהרען. וואָלט דאָס חאָטש געווען בייטאָג, וואָלט זי אפשר שעיה־דוד איבערגערעדט צוריק, אָדער פערהאַלטען מיט גוואַלד. האָט זיך עס אָבער בעדאַרפט טרעפען ביינאַכט, און נישט אין א פּראָסטען טאָג, נאָר אין א פרייטאָג־צו־נאַכטס, — געה פאָהר איהר נאָך! דער בזיון איז געווען געוואַלדיג גרויס, און דער וועהטיג נאָך גרעסער. זי האָט איהם איבערגעלאָזט א קינד נאָך אין די וויקעלעך. אויפ'ן קינד האָט די שטאָדט געשמועסט, אז . . . נאָר

וואָס מע קאָן ביי אונז אין שטאָדט אויסטראַכטען !... דאָס קינד איז געוואַכסען און אויסגעוואַכסען. אַ מיידעל, און נאָך אַ יפת־תואר דערצו, געראָטען אין דער מאַמע, אינגאַנצען די מאַמע, אפילו מיט'ן כאַראַקטער... שוין געווען אַ כלה, געהאַט אַ גאַנץ פיינעם חתן — וועט איהר הערען. געהט זי און וואַרפט אַוועק דעם חתן מיט'ן טאַטען און טהוט אָפּ אַ זאַך, וואָס נאָר אַזאַ מיידעל, וואָס האָט אַזאַ מאַמע, קאָן אַזעלכעס טהון. לאַנג דערצעהלען אייך בעדאַרף מען נישט, עס איז שוין איין אַלטע מעשה. די שטאָדט האָט שוין לאַנג פערגעסען. נישט פערגעסען האָט עס נאָר דער פאָטער. ווי קאָן אַ פאָטער פערגעסען איין איין־און־איינציג קינד, זי מעג זיין די גרעסטע בעל־עבירה'ניצע, די שענד־ליכסטע פערברעכערין אין דער וועלט ? פאָרט אַ קינד !

אמת, שעיה־דוד האָט נאָך מיט קיין מענש דערפון נישט גערעדט. מיט וועמען וועט ער רעדען, איין עלענדער און אַ פער־באָרגענער ? און ווער וועט איהם פרעגען אַזאַ זאַך ? ווער וועט איהם געהן זאַלצען אויף די וואונדען ? און וואָס וועט העלפען דאָס רעדען ? אַ גליק, וואָס עס מאַכט זיך אַמאָל אַ חתונה, אַ פאָר־שפּיעל און אַ חתן־מאָל און מע דאַרף געהן שפּיעלען. שפּיעלען איז שעיה־דוד געגאַנגען אויף דער אַנדערער וואָך נאָכ'ן אומגליק. וואָס זאָל מען טהון ? — פרנסה ! נישט געהן שפּיעלען — וועט מען איהם אַרויסוואַרפען פון אָרקעסטער. איצט האָט ער שוין פאַר אַרויסוואַרפען קיין מורא נישט. שוין באַלד פופציג יאָהר אַז אַ מענש שפּיעלט. מאָהלט אייך, אַלץ הייסט געשפּיעלט. אַמאָל, אין דער יוגענד, קאָן זיין, האָט ער אפשר געשפּיעלט. היינט רימפּעלט ער. ער האַלט־צו אויף דער צווייטער פיעדעל, אויף דער סעקונדע.

ראַם־טאַם, טאַם־טאַם
ראַם־טאַם, טאַם־טאַם

און בשעת רימפּלען מאַכט זיך, אַז שעיה־דוד הויבט־אָן צו דרימלען, בעקומט ער מיט'ן שטעקעלע פון פּרץ דעם דיריזשאָר

איבער דער נאָז: „רב זייט־זשע־מוחל, שטעהט אויף צו סליחות". חברה כלי־זמר האָבען דען זייטען פון שעיה־דוד'ען? מע טהוט איהם, וואָס מע טהוט קיין אידען נישט. מע גנבה'ט אוועק ביי איהם די קאָנעפּאָליע, אמאָל שמירט מען איהם אָן דעם סמיטשיק מיט פּוטער, מע לעגט איהם אריין אַ קאַץ אין שיידעל — און שעיה־דוד זאָל דאָס איבערקעהרען די צונג! אַ שטילער איד, אַ „פערביסענער" — זאָגען אויף איהם חברה כלי־זמר און טהוען איהם צום טויט.

מעהר פון אַלע דעקוטשעט איהם „פּרץ דער דיריזשאָר" פאַר זיין פרומקייט. פּרץ איז אַ יונגערמאַן אַ שטשאָגעל מיט אַ געל אונטערגעשווירען בערדעל, מיט קלייען אויף די הענד, האַלט זיך פאַר אַ גרויסען מוזיקער, „סאָטשיניאַעט נאָטען" און מאַכט בעת דיריזשירען אַזעלכע אָנשטעלען מיט'ן אָרקעסטער, אַז מע קאָן שטאַרבען! ביי פּרצ'ען ארבייט נישט נאָר דאָס שטעקעלע — ביי איהם ארבייטען די הענד, און דער קאָפּ, און די אויגען, און די ברעמען, און די נאָז, און די פּיס, און וואָס איהר ווילט. דאָס שפּיעלען, זאָגט ער, מאַכט איהם נערוועז. נאָר חברה כלי־זמר רופען עם משוגע. און זיין משוגעת לאָזט ער אויס, מיינסטענס, צו שעיה־דוד'ען. איהם לאָזט ער נישט אָפּ אויף קיין מינוט. „רב זייט־זשע־מוחל" — קיין אַנדער נאָמען האָט ער נישט ביי'ם „דיריזשאָר".

— רב זייט־זשע־מוחל, פאַרשפּיליעט די קאַפּאָטע.

— רב זייט־זשע־מוחל, באַהאַלט די ציצית.

— רב זייט־זשע־מוחל, איהר קאָנט שוין געהן דאַוונען.

— רב זייט־זשע־מוחל, וויפיעל קאַפּיטלעך תהלים האָט איהר שוין היינט אריינגעשלונגען אויף'ן ניכטערען הארצען?

חברה כלי־זמר ווערען צעשמאָלצען פונ'ם געלען דיריזשאָר'ס חכמות, און שעיה־דוד דער סעקונדניק — שאַ, גלייך ווי נישט איהם מיינט מען. אַ פערטראַגענער מלאך.

וואָהנען וואָהנט שעיה־דוד אין עק שטאָדט, ערגיץ ביי א גוי, קאָכט זיך אליין אָפּ דאָס עסען אין א טעפּעלע און טהוט אליין אלסדינג, וואָס מע דאַרף. זומער קאָנט איהר איהם בעגעגענען געהן פונ׳ם מארק מיט א דיני אָדער מיט א רעטאך אונטער׳ן אָרעם. געהט שטילע טריט, דער קאָפּ אראָפּגעלאָזט אראָפּ, און געקומען אהיים, זעצט ער זיך אוועק אָדער דאַווענען, אָדער זאָגען תהלים שטילערהייד אויף א ניגון, און צוויי מאָל א וואָרט, ווי זיין שטייגער איז: „אשרי אשרי, האיש האיש, אשר אשר, לא לא, הלך הלך — אשרי האיש אשר לא הלך, אשרי האיש אשר לא הלך"... א שטילער בעל־תשובה!

פּלוצים וואַכסט־אויס אונזער שטילער בעל־תשובה מיט א גאַנצען קאָפּ העכער, און פּלוצים חאַפּט ער זיך אויף, ווערד מונ־טער, לעבעדיג און פרייליך.

דאָס איז אינ׳ם טאָג פון שמחת־תורה.

ווער רייסט זיך אריין א פאַרטיגער, א פערקנאַקטער מיט די הוליאַקעס אין שוהל אריין, בעת דער עולם איז נאָך ניכטער און דאַווענט נאָך? ווער שלעפּט־אָפּ דעם חזן פונ׳ם עמוד און שטעלט־אוועק אויף זיין אָרט אליק דעם מעכאַניק, אז ער זאָל זיך צעבאָמ־קען אויף זיין באַסאָווער שטימע און חברה הוליאַקעס זאָלען איהם אונטערהעלפען מיט׳ן גאַנצען פּאַראַד? ווער שטעלט זיך אוועק ביי׳ם אָרון־קודש אויסטיילען די פּסוקים פון „אתה־הראית" צווי־שען די הוליאַקעס?

קיינער נישט, נאָר שעיה־דוד דער כלי־זמר. אָט דער שטילער בעל־תשובה, וואָס מע הערט פון איהם קיין הויך וואָרט א גאַנץ יאָהר, איז דאָס מיט א מאָל געוואָרען א גאַנצער בּרעכער, א קאָ־מאַנדיר, א רעדעלפיהרער. ער רופט־אַרוים מיט א ניגון די חברה הוליאַקעס איינציגווייז און איז מכבד יעדען מיט א פּסוק פון „אתה־הראית":

— איז מען מכבד התורני רב אליק מעכאַניק מיט׳ן ער־שטען פּסוק פון אתה־הראית!

— איז מען מכבד התורני הסנדלר רב קאַפּעל בעל־מח מיט'ן צווייטען פּסוק פון אתה־הראית!

— איז מען מכבד התורני הסאַמאָוואַרניק רב מענדעל דער בלעכענער מיט'ן דריטען פּסוק פון אתה־הראית!

און אזוי ווייטער. מען איז שטאַרקער פון אייזען, אז מע האַלט דאָס אוים! נאָר מע האָט געדולד. מע לאַכט און מע קוקט, וואָס וועט זיין ווייטער. דער עולם ווייסט שוין פריהער, וואָס וועט זיין ווייטער. מע געדענקט דאָס פון פאַר־אַ־יאָהרען שמחת־תורה; מע ווייסט, אז נאָכ'ן אויסטיילען די פּסוקים פון אתה־הראית וועט שעיה־דוד דער כלי־זמר נעמען אויסטיילען אויך די הקפות צווישען דער חברה הוליאַקעס, מיט'ן זעלבען ניגון און מיט'ן אייגענעם סדר, וועמען די ערשטע און וועמען די צווייטע און וועמען די דריטע הקפה, נאָר זיך לאָזט ער אויפ'ן סוף און גיט זיך אליין אויך אַ פּ כבוד:

— איז מען מכבד התורני הכלי־זמר רב שעיה־דוד מיט דער לעצטער הקפה!

און נאָכדעם נעמט מען זיך אלע חברה הוליאַקעס פאַר די הענד, און מע געהט ארום באַלעמער אַ ראָד, און מע זינגט „עוזר־דלים", און מע טאַנצט, און מע פרייהט זיך מיט דער תורה, און מעהר פון אלעמען — שעיה־דוד דער בעל־תשובה. ער האַלט צוגעטוליעט די ספר־תורה נאָהענט צום האַרצען, ווי מע טוליעט צו אַ קינד אַ טרייסט.

— פרייהט זיך, אידען, מיט גאָט'ס תורה! — שרייט שעיה־דוד אויסער זיך פון התפעלות. — הוליעט, אידען, הוליעט! קיינער האָט נישט אזא תורה!

און מע פרייהט זיך מיט דער תורה, און מע טאַנצט מיט איהר, און מע הוליעט, און מע הוליעט.

ז.

## רבינו יונה.

או באניו — אין באָד אריין!
אידעלעך, פּאמיטסא,
שמייסען זיך, פּאסטריטסא,
קאָסטאָטשקי פּאפּראווים,
צרות טאם אָסטאַווים,
או באניו — אין באָד אריין!

אָט דאָס ליעדעל קאָנט איהר ביי אונז הערען יעדען ערב־שבת און יעדען ערב יום־טוב.

דאָס זינגט יונה דער בעדער, א איד איין אטלעט, א באַר־דיגער, א האָריגער, א געלער, מיט געלע געדיכטע ברעמען, מיט זעהר א זיסער שטימע, האלב אויף גוי'יש, האלב אויף אידיש — בכדי יוצא צו זיין לכל הדעות, פאר אידען ווי פאר נישט אידען, וואָרום חאָטש אונזער באָד איז א קהל'שע באָד, געבויט פאר אידיש געלד פון אידענ'ס וועגען, און ווערד געהייצט אלע ערב־שבת, אייגענטליך, פון אידענ'ס וועגען, דאָך איז אונזער באָד אָפען פאר אלעמען, אָהן א שום אונטערשיעד און אָהן א שום פּראָצענט־נאָרמע פאר „פרעמדע"... און בכדי אלע טאקי זאָלען וויסען, וואוהין מע רופט זיי, האָט יונה דער בעדער אָנגעהאָנגען אויף א גאנץ הויכען שטעקען א בעזעם — איין עמבלעם אויף אין באָד אריין.

דערזעהען דעם בעזעם און דערהערט יונה דעם בעדער'ס געזאנג, פיהלען אידישע קינדער בעצייטענס דעם טעם און דעם ריח און דעם תענוג פון באָד, און עס מאָהלט זיך זיי אוים, אז אָט

ליגען זיי שוין אויף דער אויבערשטער באנק, איינגעהילט אין א געדיכטער היץ, מע זעהט נישט איינס דאָס אנדערע, און איבער זיי, אין דער הויך, געוועלטיגט יונה מיט'ן בעזעמעל, פּאַרעט זיי, בעזעמט זיי, שמייסט זיי און דרעשט זייערע לייבער און רעדט בעת מעשה איבער זיי העכער האַלב אויף רוסיש, ווי זיין שטייגער איז: „עך, דערזשים, בראַטצי, לכבוד שבת באַודיעם פּאַרו פּאַ־דאַוואַט!"...

העכער האַלב אויף רוסיש רעדט יונה דערפאַר, ווייל ער האַלט זיך פאַר איין עכטען פּאָני, פון „טיעף ראַסעיאַ", פון „סימביר". און ס'איז טאַקי אַזוי. דאָס הייסט, אייגענטליך, איז יונה דער בעדער, אויב איהר ווילט וויסען, גאָר א אונזעריגער, טאַקי פון אונזער שטאָדט. נאָר ס'איז מיט איהם א גאַנצע מעשה, און די דאָזיגע מעשה ווילען מיר אייך איבערגעבען אין קורצע ווערטער.

אמאָל — שוין לאַנג — האָט יונה געהאַט אויף זיך א „דיעלע". וואָס — ווייס מען נישט, נאָר א דיעלע. יונה אליין זאָגט, אז די דיעלע איז געווען א „פּאָסטיאַשנע דיעלע". א פּאָסטיאַשנע, נישט קיין פּאָסטיאַשנע — מע האָט איהם געבראַכט צום געריכט, אָפּגע'משפּט און פערשיקט אויף א היבש שטיקעל צייט אהין, וואו מע לאָזט נישט אריין קיין אידען, סיידען מע האָט איהם געחאַפּט מיט א גנבה. און אז די צייט איז אוועקגעגאַנגען און יונה האָט זיך בעדאַרפט אומקעהרען צוריק, האָט איהם אונזער שטאָדט אפילו נישט אַזוי שטאַרק חשק געהאַט צוצושרייבען, און מע האָט איהם דאָך צוגעשריבען, און „יונה דער סימבירניק" איז געוואָרען צוריק א אונזעריגער. האָט ער אָבער אין שטאָדט נישט געטראָפען שוין קיינעם פון זייניגע; מען איז זיך צע־קראָכען: דער איז ארויסגעפאָהרען, דער איז אוועקגעשטאָרבען. האָט ער זיך אויפגעהאַלטען די ערשטע צייט אין בית־מדרש. נאָר וואָס קאָן מען טהון אין בית־מדרש, נישט אויסגערעדט זאָל זיין, א איד איין עם־הארץ, וואָס ווייסט נישט קיין צלם פאַר קיין אלף? עס איז נאָר געווען שטאָף פאַר די לצים אויף אָפּצולאַכען,

ווי אזוי א איד א סימבירניק זאָגט עברי, זעצט ווי א באַנדער. און ווי אויף־צו־להכעים, האָט מסתמא יונה ליעב, ווי אַלע גראָבע יונגען, דאַוונען דוקא הויך אויף א קול, בכדי די גאַנצע וועלט זאָל וויסען, אַז ער קען נישט קיין שטיקעל עברי. אָט דעמאָלט האָט דאָס איהם חברה געקרוינט מיט'ן נאָמען „ר ב י נ ו י ו נ ה", וואָס איז פאַר איהם ווי אַנגעמאָסטען.

— נו, רבינו יונה! זעצט זיך אקאָרשט, זייט מוחל, אוועק אָט דאָ ביי'ם אויוען און דערצעהלט אונז עפּיס פון די ווייטע מדינות, פון סימביר... יונגע לייט, דרך ארץ! צערוקט אייך, קוועטשט אייך, מאַכט איין אָרט פאַר רבינו יונה'ן!...

און „רבינו יונה" זעצט זיך אוועק, און חברה — אַרום איהם, און ער דערצעהלט זיי מעשיות פון די ווייטע מדינות, פון די קעלטען, וואָס דאָרטען, און פון דער ארבייט, וואָס מען ארבייט, און פונ'ם עסען, וואָס מען עסט, און פונ'ם שלאָגען, וואָס מע שלאָגט. אין די מעשיות איז דאָ א טייל אמת, א טייל צוגע־שמאָלצען פון יונה'ס פאַנטאַזיע, נאָר חברה הערט זיך צו מיט אינטערעס און מיט פערגעניגען, וואָרום „רבינו יונה" האָט אין זיך א כח — ער קאָן דערצעהלען. עס געהט ביי איהם גלאַט, נישט צו דערקענען, וואו לאָזען זיך אוים פאַקטען און וואו הויבען זיך אָן פאַנטאַזיעס... גאַנצע נעכט וואָלט מען, דאַכט זיך, אזוי געזעסען און אויסגעהערט זיינע שענע מעשיות. איז אָבער דער חסרון, וואָס עס עסט זיך צו. קרעפּלעך עסען, זאָגט מען, קאָן אויך נמאס ווערען. וואָס ווייטער, איז געוואָרען ווינציגער בעלנים אויף רבינו יונה'ס מעשיות, און רבינו יונה איז געוואָרען אוים מיוחס, און דער שמש, אונזער אַלטער בעקאַנטער „נעצי־גובער־נאַטאָר", וואָס האָט שוין לאַנג געקוקט קרום אויפ'ן „סימבירניק", חאָטש ער אַליין האָט אויך נישט פיינט געהאַט הערען זיינע מעשיות, האָט געוואָרפען אויף איהם איין אום־חן און האָט גע־זאָגט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: א מקום קדוש איז נישט קיין

הקדש. וויל אַ איד שלאָפן, זאָל ער שלאָפן אין דרויסען, זאָל ער גאָרנישט שלאָפן, אַבי נישט ביי איהם אין שוהל...

אַ שווער שטיקעל צייט איז איינגעטראָטען פאַר אונזער „רבינו יונה", אַ ביטערע צייט. וואָלט ער געווען אַ איד, וואָס קען לערנען, אָדער וואָלט ער חאָטש געווען אַ קראַנקער, אַ בעל־מום, אַ קאַליקע, צו אלדי שווארצע יאָהר, ווי, אשטייגער, „זיסעל דער יורד", וואָלט זיך שוין געפונען אַ איד, ווי, למשל, „רב רפאל בעל־משגיח", וואָס וואָלט זיך פאַר איהם געזאָרגט, ווי ער זאָרגט פאַר אַנדערע אָרעמע לייט. איז ער אָבער, אויף צו־להכעיס, גלאַט און געזונד און שטאַרק, נישט ווי איין גוי, נאָר ווי צעהן גויים, און געהן בעטלען קאָן ער נישט, חאָטש האַקט איהם אָפּ דעם קאָפּ!

ליגענדיג אין דרויסען ביי'ם בית־מדרש מיט אַ קולאַק צו־קאָפּענס, האָט אונזער „רבינו יונה", וואָס האָט זיך נישט אויף קאַטאָוועס פערבענקט נאָך „יענער ווייטער מדינה", ווי אַ קליין קינד נאָך אַ מאַמע, נישט איין מאָל געזעהען אין חלום דאָס ברייטע, דאָס פרייע, דאָס קאַלטע לאַנד פון טאַיגעס און שנייען, און ער האָט זיך פערשאָלטען דאָס געביין — „וועלכער רוח האָט איהם געבראַכט צו טראָגען אהער, אויף זיין „ראָדינאַ", אין אַזאַ העק, אַ לאָך, וואו אידען ליגען איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי די הערינג אין אַ פעסעל, אויף דערשטיקט צו ווערען?!"...

דער גוטער רבונו־של־עולם אָבער פערלאָזט נישט קיינעם. געקומען אַ צייט אויך אויפ'ן אָרעמען עלענדען „רבינו יונה". איהם האָט געטראָפען אַ גליק, וואָס נישט ער, נישט קיינער האָט זיך דערויף געריכט: רב אהרן, דער אַלטער בעדער, זאָל האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן (געווען איין עהרליכער איד), איז אוועקגע־גאַנגען, און ס'איז געבליבען אין שטאָדט אַ פרייע וואַקאַנס אויף אַ בעדער. דאַרף מען דען האָבען נאָך אַ בעסערען פערטרעטער, ווי „רבינו יונה"? ס'איז געווען טאַקי נאָר מן השמים.

— לע ראַא ע מאָר — וויוו לע ראַא! — אַזוי זאָגט דער פראַנצויז. דער טייטש איז: דער קעניג איז געשטאָרבען —

לעבען זאָל דער קעניג. איין מלך אראָפּ, דער אנדערער ארויף — אָט אזוי פיהרט זיך עס אויף גאָט'ס וועלטעל.

ווי ווייט הויך „רבינו יונה" האלט די פּאָהן פון בעדריי — דאָס האָבען מיר געזעהען אינ'ם אָנהויב פון דער דאָזיגער ערצעהל־לונג פון זיין זינגען און פון זיין רופען דעם עולם „או באניו — אין באָד אריין". נישט דאָס איז אָבער ביי אונז דער עיקר. די הויפּטזאך איז, וואָס אָט דער „רבינו יונה" איז איינער פון די סאמע פרייליכע און סאמע טיכטיגע אין אונזער בעריהמטער „חברה הוליאקעס". ווער עס האָט נישט אָנגעקוקט, ווי אזוי „רבינו יונה" הוליעט שמחת־תורה, דער האָט קיין שענס נישט געזעהען. א איד, וואָס איז אליין געווען א „פערשיקטער אויף סימביר", אליין „געארבייט טאטשקע", געטהאָן כל עבודת־פּרך, אויסגעוועזן זיין צייט און געקומען בשלום צוריק „נא ראָדינו", אין זיין שטאָדט אריין, צווישען זיינע אידען, זאָל ער נישט זיין פרייליך? זאָל ער נישט ארומהאָפּען אלעמען קושען זיך, האָליובען זיך — „עך, בראטיקי ראָדימיע, גיסט מיר אָן נאָך א גלעזעל וויין!"

א איד, וואָס איז אויסגעשטאנען אזוי פיעל אין זיין לעבען, וואָס איז שוין געווען, ווי יונה זאָגט אויף זיך, „נא קאָניע און פּיד קאָניאָם", זאָל ער נישט אויסרעדען אלעמען דאָס הארץ ביי אזא שלעכטער צייט, זיך אויסלאכען פון אלע היינטיגע צרות, יסורים און גלות?

— עך, בראטצי! — טענה'ט זיך אויס „רבינו יונה" אויף זיין געמישטער שפּראך. — צרות — ניע ביעדא! גזירות — פּוסטיאקי! גלות — נאפּליעוואט! אידען זענען מיר געווען — און אידען וועלען מיר בלייבען... א פּאָטאָמו — לחיים, און דאַ־וואיטיע לכבוד שמחת־תורה א פרייליכס!

אמת, „רבינו יונה" איז נישט מעהר טאָקי ווי א בעדער, און נאָך א „סימבירניק" דערצו. אָבער א איד איז ער דאָך! א איד גלייך מיט אלע אידען, טשאָרט פּאָבערי! איז דען זייער יום־טוב

נישט זיין יום־טוב? איז דען זייער שמחה נישט זיין שמחה? איז דען זייער תורה נישט זיין תורה?

ראדויסיא, איזראעל,
סעוואָדניא שמחת־תורה!

אזוי זינגט „רבינו יונה" דער בעדער אויף זיין העכסטער אָקטאַווע, מיט'ן קנאַק און מיט'ן קוויטש, אויפ'ן עכט פּאָנישען שטייגער, און אנו — לאָז עמיצער פון דער חברה הוליאַקעס אָדער פונ'ם איבעריגען עולם נישט וועלען מיטטאַנצען מיט איהם אָט מיט דעם פּאָנישען שמחת־תורה'דיגען ניגון! ניין, ווער וועט זיך דען איינשטעלען אזעלכעס צו טהון? סיידען דער, וואָס וויל פערזוכען „רבינו יונה'ס" האַריגע האַנד, וואָס וועט איהם אַ נעם טהון מיט גוואַלד, ער זאָל געהן אין קאָהן אריין. שוין גלייכער מיט גוטען. און אַלע געהען מיט איהם דעם דאָזיגען פריילעכען רוסישען טאַנץ. אַלע זינגען, אַלע פּליעסקען, אַלע טאַנצען, אַלע זענען זיך משמח מיט'ן יום־טוב. און מעהר פון אַלעמען און העכער פון אַלעמען הערט זיך „רבינו יונה'ס" קול, האַלב אויף רוסיש, האַלב אויף אידיש:

ראדויסיא, איזראעל,
סעוואָדניא שמחת־תורה;
דאזשע איוו סיבירי —
פאר וועמען האָב איך מורא?!...

און עס גיסט זיך בראָנפען, אזוי ווי וואַסער, און אידען טרינקען, אידען שכור'ען, אידען הוליען אָהן איין עק.